


ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## 145

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פֿאַרלאַגס-לייטער:

אַבֿרהם מיטלבערג

די רשימה פון די דערשינענע ביכער — צום סוף פונעם בוך

יאָנאַס טורקאָוו

# נאָך דער באַפרייאונג

(זכרונות)



אַרויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס איירעס, תשי״ט — 1959

# אינהאַלט:


| קאַפּיטל | | זייט |
| --- | --- | --- |
| 1 | אַ דאַך איבערן קאָפּ | 11 |
| 2 | אין די ערשטע טעג | 23 |
| 3 | די ערשטע ייִדישע ראַדיאָ־שעה אין פּוילן | 33 |
| 4 | געראַטעוועטע ייִדישע קינדער | 51 |
| 5 | אַנטוישטע פרייהייט | 65 |
| 6 | צוויי ספּעקטאַקלען: תליה און קאָנצערט | 73 |
| 7 | דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן | 79 |
| 8 | ד״ר עמיל זאָמערשטיין | 99 |
| 9 | קראָקע — געזען דורך ייִדישע אויגן | 117 |
| 10 | מיט וואָדקאָ קאָן מען אַלץ דורכפירן | 138 |
| 11 | טשענסטאָכאָוו — די הייליקע פּוילישע שטאָט | 150 |
| 12 | מיינע לעצטע טעג אין לובלין | 164 |
| 13 | לובלין - וואַרשע | 176 |
| 14 | אויף די חורבות פון וואַרשע | 183 |
| 15 | אַ קאַטוילישע לוויה פון אַ ייִדישן העלד | 193 |
| 16 | מען טרעט צו צו אָרגאַניזירן דאָס ייִדישע לעבן | 198 |
| 17 | לאָדזש — דער אַמאָליקער ייִדישער מאַנטשעסטער | 209 |
| 18 | אַ נײַער ייִדישער ישוב אין נידערשלעזיע | 228 |
| 19 | מײַן קינד — אין אַ יתומים־היים | 242 |
| 20 | באַגעגענישן | 250 |
| 21 | אומדערוואַרטע פּאַסירונגען | 261 |
| 22 | „טילו זשידקווו שיען אוראַטאָוואַלאָ!“ | 270 |
| 23 | צווישן האַמער און קאָוואַדלע | 281 |
| 24 | אַ פרײַער מענטש | 290 |
| 25 | איך פאַרלאָז פּוילן אויף שטענדיק | 301 |
| | נעמען־רעגיסטער | 311 |

מיין טייערער טאָכטער
מאַרגאַריטאַ — אַ מתנה

**
*

אין דער ליטעראַטור וועגן דעם חורבן פון אונדזער אַלטער היים פאַר־נעמט יאָנאַס טורקאָוו בלי שום ספק אַ גאַנץ אייגנאַרטיק אָרט.

פון די פיר ביכער זיינע, וואָס זענען דערשינען אין דער סעריע „דאָס פוילישע ייִדנטום", דאַרף מען קודם־כל אויסטיילן די צוויי בענד „פאַר־לאָשענע שטערן" (פּרעמירט דורך דער צבי קעסעל ליטעראַטור־פּרעמיע פאַרן יאָר 1954). די דאָזיקע צוויי בענד, וואָס זענען מאָנאָגראַפיעס וועגן ייִדישע טעאַטער־קינסטלער און טעאַטער־טוער, אומגעקומענע בעת דעם גרויסן חורבן, זענען גאָר אַ וויכטיקער בייטראָג צו דער קולטור־געשיכטע פון דעם פוילישן ייִדנטום צווישןביידע וועלט־מלחמות. געשטיצט אויף פּערזענלעכע זכרונות פון די לאַנגע יאָרן צוזאַמענלעבן און צוזאַמענאַר־בעטן מיט די געשילדערטע געשטאַלטן, אַנטהאַלטן זיי אַ שלל מיט זאַכ־לעכן מאַטעריאַל, נישט בלויז וועגן זייער לעבן און שאַפן, נאָר אויך וועגן דער אַנטוויקלונג, עליות און ירידות פון דעם ייִדישן קולטור־לעבן אין פוילן.

יאָנאַס טורקאָוו האָט דורך זיינע צוויי בענד „פאַרלאָשענע שטערן" נישט בלויז געשטעלט אַ ווירדיקע מצבה אויף די ס'רוב אומבאַקאַנטע קברים פון אַן ערך הונדערט פּאָפּולערע ייִדישע טעאַטער־געשטאַלטן, נאָר ער האָט זיי ממש אויפגעלעבט אין אונדזער זכרון, פאַר אונדז גופא און פאַר דער געשיכטע פון אונדזער חרוב־געוואָרענעם לעבן.

אָבער גאָרנישט קיין קלענערער פאַרדינסט פון יאָנאַס טורקאָוון פאַר דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער פון דעם לעצטן חורבן זענען זיינע צוויי בענד זכרונות וועגן דעם חורבן גופא, וואָס יאָנאַס טורקאָוו האָט פּערזענ־לעך דורכגעמאַכט אין וואַרשע זינט דעם ערשטן טאָג פון דעם מלחמה־אויסברוך, אין סעפּטעמבער 1939, ביז צו דער מפּלה פון דער נאַצישער אַרמיי און דער אַנדגילטיקער באַפרייאונג. יאָנאַס טורקאָוו געהערט צו די

ווייניקעביים לעבן געבליבענע עדות פון דער דאָזיקער טראַגישער עפּאָכע. ער האָט זיי געשילדערט אין זיינע ביכער „אַזוי איז עס געווען...“ (חורבן וואַרשע) און „אין קאַמף פאַרן לעבן“, וואָס זענען דערשינען אין אונדזער ביכער־סעריע.

„אַזוי איז עס געווען...“ נעמט אַרום די עפּאָכע פון דעם מלחמה־אויסברוך ביז צום אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

אין דעם בוך „אין קאַמף פאַרן לעבן“ שילדערט יאָנאַס טורקאָוו דעם פאַרלויף פונעם געטאָ־אויפשטאַנד ביז צו דער באַפרייאונג פון פוילן.

איצט גיבן מיר איבער דעם יידישן לייענער א נייעם באַנד פון זיינע זכרונות, וואָס נעמט אַרום די טראַגישע עפּאָכע, ווען די שארית הפליטה האָבן איבערגעלעבט נאָך דער באַפרייאונג ביז צום מאָמענט ווען דער מחבר האָט פאַרלאָזט זיין געבורטסלאַנד — פוילן.

אין דעם דאָזיקן בוך זיינעם שילדערט יאָנאַס טורקאָוו די טראַגישע ווירקלעכקייט פון דעם יידישן לעבן אין דעם באַפרייטן פוילן, אַ ווירקלעכקייט, וואָס האָט געצווונגען אַז פוילישע יידן זאָלן פאַרלאָזן וואָס שנע־לער זייער געבורטסלאַנד, בכדי אין ישראל און אין אַנדערע לענדער פון דער וועלט צו געפינען רו און זיכערקייט.

יאָנאַס טורקאָוו דערציילט עס פשוט, אָן שום באַפּוצונגען, אָבער מיט צער און ווייטיק. ער איז דאָך געווען איינער פון די ערשטע און אַק־טיווסטע טוער וואָס האָבן געהאָפט, אַז נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן וועלן די רעשטלעך געבליבענע ביים לעבן קענען דאָרט צוריק אָנהייבן אַ רויִק און פּראָדוקטיוו לעבן. ליידער איז שנעל געקומען די אַנטוישונג.

דאָס נייע בוך זכרונות פון יאָנאַס טורקאָוו איז דעריבער אַ ווייטער־דיקער בייטראָג פון דעם מחבר צו דער געשיכטע פון אונדזער חורבן און עס דערשיינט אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום“ צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

**די רעדאַקציע**

קאַפּיטל איינס

# אַ דאַך איבערן קאָפּ

צווישן די אומגעקומענע פונעם וואַרשעווער געטאָ געפינען זיך די באַקאַנטע יידישע אַקטיאָרן יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד, וועלכע האָבן באַגייסטערט די אויפשטענדלער מיט זייער קינסטלערישן וואָרט. די דאָזיקע צוויי אַקטיאָרן האָבן אין די יידישע קינסטלער־קרייזן פון פוילן פאַרנומען אַן ערן־אָרט. ווען די דייטשן האָבן איינגעשפּאַרט די וואַרשעווער יידן אין געטאָ, האָט זיך יאָנאַס טורקאָוו באַטייליקט אַקטיוו אינעם הילפס־קאָמיטעט וואָס איז דאָרט אָרגאַניזירט געוואָרן.

דאָס איז געווען די ערשטע ידיעה וואָס האָט זיך באַוויזן וועגן אונדז אין דער יידישער און אין אַ טייל פון דער פּוילישער פּרעסע אין ראַטן־פאַרבאַנד. דערנאָך איז געקומען אַ צווייטע ידיעה:

מאָסקווע — „איספּאַ״.

„די אַקטיאָרן יאָנאַס טורקאָוו און דיאַנאַ בלומענפעלד האָבן זיך געראַטעוועט פון דער וואַרשעווער געטאָ. טורקאָוו און בלומענפעלד איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער געטאָ, וועלכע איז איינגעהילט געווען אין פלאַמען. איצט זענען טורקאָוו און בלומענפעלד אָנגעקומען אין דער באַפרייטער לובלין.

זיי זענען דערווייל די איינציקע פאָרשטייער פון דער יידישער קולטור־וועלט, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון דער וואַרשעווער געטאָ״.

# יאָנאַס טורקאָוו

דערנאָך האָט זיך אין דער מאָסקווער „אייניקייט" פונעם סעפּטעמבער־נומער, 1944, באַוויזן פאָלגנדיקע מעלדונג:

„אינעם נומער „אייניקייט" פון דינסטיק, דעם 6טן מאַרט, איז געווען פאַרעפנטלעכט אַן אינטערוויו אונטערן נאָמען „צוריק אַ היים", מיט דער באַקאַנטער יידישער שוישפּילערין פון פּוילן, אידאַ קאַמינסקאַ.

דערציילנדיק וועגן די קדושים פונעם אויפשטאַנד אינעם וואַרשעווער געטאָ, רעדט קאַמינסקאַ מיט אַנטציקונג וועגן די טאַלאַנטפולע יידישע אַקטיאָרן טורקאָוו און זיין פרוי דינאַ בלומענפעלד.

פון דעם, ווי דער אינטערוויו איז איבערגעגעבן אין „אייניקייט", קאָן זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז צווישן די אומגעקומענע אינעם וואַרשעווער געטאָ זענען אויך פאַראַן טורקאָוו און זיין פרוי. צו דער גרעסטער פרייד פון אַלע פריינט פון יידישן טעאַטער קענען מיר מיטטיילן, אַז טורקאָוו און זיין פרוי איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון היטלערישן גיהנום: זיי געפינען זיך אויף דער באַפרייטער פּוילישער ערד. „אייניקייט" באַגריסט ביידע אַנגעזעענע קינסטלער; זאָלן זיי שעפן טרייסט און דערמוטיקונג פאַר די אַלע ליידן און פּיין, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין, אין זייער ווייטער גרויסער שעפערישער אַרבעט לטובת אונדזער פאָלק און זיין קולטור, וואָס די ניצחונות פון דער העלדישער רויטער אַרמיי פאַרזיכערן זיי אַ בייע ליכטיקע תקופה".

וועגן די דאָזיקע טעלעגראַמעס און צייטונג־באַריכטן וועגן אונדזער אומקום, און דערנאָך — וועגן אונדזער רעטונג, האָבן מיר זיך ערשט דערוווּסט סוף חודש סעפּטעמבער, 1944, אין לובלין, נאָך אונדזער אָנקומען אַהין. איינער פון אונדזערע פאַרערער האָט אפילו געהאַט מיט זיך אַ פּוילישע צייטונג פון רוסלאַנד „וואָלנאַ פּאָלסקאַ", מיט אַזאַ מעלדונג.

צווישן די פיל באַזוכער, וועלכע זענען צו אונדז געקומען צו פרייען זיך מיט אונדז, איז געווען אַ העכערער פּוילישער אָפיציר — אַ ייִד, אונטער אַ פאַרשטעלטן נאָמען — וועלכער האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּאָסטן אין דעם פּוילישן זיכערהייט־מיניסטעריום. עס איז כדאי צו באַמערקן, אַז כמעט אַלע ייִדן־אָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמיי, אָדער באַאַמטע אין די רעגירונגס־אינסטיטוציעס האָבן געלעבט אונטער פאַרשטעלטע פּוילישע נעמען.

אונדזער באַקאַנטער אָפיציר פון זיכערהייט־מיניסטעריום (זיין נאָמען גיב איך נישט אָן, ווייל עס וועט מיר נאָך אויסקומען וועגן אים צו רעדן

פיל מאָל אין שייכות מיט אַנדערע אינפאָרמאַציעס, וועלכע ער האָט מיר איבערגעגעבן, פון גאָר אַ וויכטיקער באַטייטונג) האָט אונדז, קודם כל, געפרעגט צי מיר האָבן זיך שוין פאַרשריבן אין די מעלדונג־ביכער, ווו מיר וווינען.

היות מיר האָבן נאָך נישט געהאַט קיין שטענדיקן אַדרעס, האָבן מיר זיך לעת־עתה נאָך נישט געמאָלדן. אונדזער באַקאַנטער אָפיציר האָט אונדז געראָטן צו פאַרבלייבן ביי אונדזערע אַרישע נעמען (נאָך פון די נאַצי־צייטן): טאַמאַרקעוויטש (איך) און ביאַלקעוויטש (דיאַנאַ), ווו מיר פיגורירן אין די דאָקומענטן ווי קריסטן.

ווען איך האָב אים, אַ דערשטוינטער, געפרעגט צו וואָס האָבן מיר זיך איצט, נאָך דעם ווי מיר זענען שוין ענדלעך פריי, ווידער אויסצובאַהאַלטן מיט אונדזער ייִדישקייט, האָב איך באַקומען פאָלגנדיקן ענטפער:

— ליידער איז דער סם פון אַנטיסעמיטיזם ביי די פּאָליאַקן נאָך נישט אויסגעוועפּט. אַפּנים, אַז די קליינע צאָל געראַטעוועטע ייִדן שטעכן זיי נאָך אַלץ ווי אַ דאָרן אין די אויגן. מוז מען דערווייל זיין פאָרזיכטיק. כוליגאַנעס גייען איבער די הייזער, פאָרשטעלנדיק זיך פאַר פּאָליציי־אַגענטן, און קוקן דורך די מעלדונג־ביכער אין די הייזער. זיי זוכן ייִדן. ווען זיי געפינען אַ ייִדישן נאָמען, פאַרצייכענען זיי אים, און ביינאַכט ווערט דער ייִד דערשאָסן דורך דער באַנדע, צו וועלכער דער מכלומרשטער אַגענט געהערט אויך.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע נייעס, וועלכע מיר האָבן געהערט, האָט אונדז צעשטערט די גאַנצע שמחה פון באַפרייונג. צו אונדזער זאָרג וועגן אונדזער איינציק קינד, וועלכעס מיר האָבן נאָך ביז דאַן נישט געהאַט געפונען, איז צוגעקומען אַ נייע זאָרג: מיר זענען שוין פריי, אָבער אַלץ — נישט זיכער מיטן לעבן.

דאָס וועט זיך דאַך מסתמא איינשטעלן — האָב איך געטראַכט. אין אַזאַ צייט הערשט תמיד אַ כאַאָס, אַן אַנאַרכיע. אַזוי האָבן מיר זיך אַליין געטרייסט און אַזוי האָבן אַנדערע אונדז געטרייסט.

די ערשטע פראַגע איז איצט געווען: אַ דאַך איבערן קאָפּ. מען קאָן דאָך נישט וואַנדערן פון איין אָרט אויפן צווייטן און כסדר געניסן פון דער גאַסטפריינטלעכקייט פון גוטע מענטשן, ווי עס איז ביז איצט געווען דער פאַל מיט אונדז.

די קוואַרטיר־אָפּטיילונג פון דער שטאָט לובלין האָט אונדז, נאָך לאַנגע באַמיִונגען, ענדלעך צוגעטיילט אַ וווינאָרט. מיר זענען אַהין אַוועק. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס צימער איז שוין פאַרנומען. אויף דער טיר פונעם צימער האָט געהאָנגען אַ צעטל: „רעקווירט פאַר מיליטערישע צוועקן". איך לויף צוריק אין קוואַרטיר־אַמט. פון דאָרט שיקט מען מיך אין מיליטערישן קוואַרטיר־אַמט. קומענדיק אַהין דערקלערט מען מיר, אַז היות איך בין נישט קיין מיליטערמאַן, מוז איך זיך ווענדן צום ציווילן קוואַרטיר־אַמט... אַזוי האָט מען מיך פון איין אינסטאַנץ אָפּגעשיקט צו דער צווייטער — און מיר זענען אַלץ געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אַ רעזיִגנירטער גיי איך אַוועק צו דער פּוילישער קאָמענדאַנטור פון שטאָט, ווו ס׳איז צו יענער צייט געווען אונדזער פריינט ד״ר מישאַ טעמטשין (דער פּאָפּולערער פּאַרטיזאַנער־קעמפער, מאַיאָר זנאַכאָר). איך האָב אים דערציילט די געשיכטע און געבעטן ביי אים הילף.

מאַיאָר זנאַכאָר־טעמטשין, אַן אויפגערעגטער פון דער גאַנצער האַנדלונג לגבי אונדז, האָט אַנגעהויבן זיין אינטערווענץ ביים הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער בירגער־מיליץ, פּולקאָווניק וויטאָלד יוזשוויאַק. יענער האָט זיך איבערגענומען מיט אונדזער גורל און גלייך אָנגעהויבן צו אינטערווענירן אויף פאַרשידענע פלעצער. עס זענען געגאַנגען טעלעפאָנען הין און צוריק, ביז — מיר האָבן געקריגן צוגעטיילט אַ שיין, מעבלירט צימער, אויף איינער פון די הויפּטגאַסן אין לובלין. מיר קריגן אַרויס פונעם שטאָטישן קוואַרטיר־אַמט דאָס נויטיקע רעקוויזיציע־צעטל און מיר גייען צו דעם נייעם וווינאָרט.

די באַלעבאָסטע פון דער וווינונג, זייער אַן עלעגאַנטע פרוי, לאָזט אונדז אַריין, אָבער דערזעענדיק ווי מיר זעען אויס — געווען אָנגעטאָן אין די צעריסענע מלבושים — און אַז מיר האָבן נישט קיין שום זאַכן מיט זיך, האָט זי גלייך פאַרשטאַנען, אַז מיר זענען ייִדן...

— דאָס צימער איז לײַדער פאַרנומען, — האָט די באַלעבאָסטע געזאָגט מיט אַ געמאַכטן שמייכל — מיט אַ האַלבע שעה צוריק האָט מען מיר געמאָלדן פון דער מיליטערישער קוואַרטיר־אָפּטיילונג, אַז איך זאָל דאָס צימער קיינעם נישט אָפּגעבן, ווייל מאָרגן וועט זיך אַריינציִען אַ הויכער פוי־

לישער אָפיציר... פאַרשטייט איר דאָך אַליין, אַז... ס'טוט מיר זייער לייד, באמת — אאַז״ו.

דאָס איז געווען פאַרנאַכט. מיר זענען געפאַלן פון די פיס פון אַרומ־לויפן אַ גאַנצן טאָג פון איין אַמט אין צווייטן, זוכנדיק אַ צימער. ווען מיר האָבן דערהערט דער פרויס דערקלערונג, האָבן מיר זיך געבעטן ביי איר זי זאָל אונדז לאָזן איבערנעכטיקן כאָטש די איינע נאַכט. און מאָרגן באַלד אין דער פרי וועלן מיר גיין ווייטער זוכן. עס האָט גאָרניש געהאָלפן. זי האָט אָנגעהויבן די זעלביקע טענה:

— איך באַדויער זייער... איר פאַרשטייט דאָך אַליין...

איר צו הילף זענען באַלד געקומען אירע צוויי יונגע זין, און מיט אַ ציניש שמייכל אונדז געראָטן בעסער אַוועקצוגיין, ווייל... „איר פאַרשטייט דאָך אַליין״...

איך בין ווידער געלאָפן צום שטאָט־קאָמענדאַנט, דער שטאָט־קאָ־מענדאַנט — צום הויפּט־קאָמענדאַנט, און דער הויפּט־קאָמענדאַנט האָט גע־שיקט אַ ספּעציעלן שליח צום קאָמענדאַנט פון דער ראַיאָן־מיליץ, וועלכער האָט אונדז געגעבן אַ באַוואָפנטן מיליציאָנער, ער זאָל אונדז אַריינפירן אין דעם פאַר אונדז באַשטימטן צימער.

ווען מיר זענען צוריקגעקומען מיטן באַוואָפנטן, פון קאָפּ ביז די פיס, מיליציאָנער, האָט די באַלעבאָסטע ניט געוואָלט עפענען די טיר. דער מילי־ציאָנער האָט גערדראָט אויפצורייסן די טיר. פון אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ביז — — — די טיר האָט זיך געעפנט און עס האָט זיך אין איר באַוויזן אַ העכערער פּוילישער אָפיציר, וועלכער האָט באַפוילן דעם מיליציאָנער אַוועקצוגיין און זיך נישט מישן אין נישט זיינע געשעפטן.

דער מיליציאָנער האָט דערקלערט דעם אָפיציר, אַז ער האָט אַ באַפעל פון זיין שעף און דעם באַפעל וועט ער אויספירן, ווען אַפילו ער זאָל דאָ דאַרפן זיצן אַ גאַנצע נאַכט. דער אָפיציר האָט אים אויף דעם געענטפערט, אַז דאָ איז ער פאַר אים דער שעף און ער זאָל זיך די מינוט אָפּטראָגן פון דאַנען. דער יונגער מיליציאָנער האָט זיך נישט פאַרלוירן און געזאָגט:

— מיר זאָלט איר נישט סטראַשען. הגם איר זענט אַן אָפיציר, אָבער איך האָב אַ גרעסערן יחוס פון אייך. מיין טאַטע איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן אויסגעפירט דעם אַטענטאַט אויפן ס״ס־גענעראַל קוטשערא אין

וואַרשע און ער האָט זיך די דייטשן נישט אונטערגעגעבן. ווילט איר, אַז איך זאָל זיך פאַר אייך דערשרעקן?!...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי, וואָס האָט זיך שיער נישט געענ־דיקט מיט אַ שיסעריי. איינער האָט זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער, דער צווייטער — צו זיין ביקס... דער סוף איז געווען, אַז דער העכערער אָפיציר איז אַוועק ביטן מיליציאָנער. איינער האָט געהאַלטן דעם צווייטן אַרעס־טירט...

מיר האָבן אויסגענוצט די געשאַפּענע לאַגע און מיר זענען אַריין אין צימער. ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט: „אַז די קעץ קריגן זיך, פרייען זיך די מייז!" — מיר האָבן באַשלאָסן דאָס מאָל זיך נישט צו רירן פונעם אָרט. איבעריקנס, ס'איז שוין געווען נאָך דער באַשטימטער פּאָליציי־שעה (אין שטאָט האָט געהערשט קריגס־צושטאַנד) און ס'איז געווען אַ געפאַר אַרויס־צוגיין אויף דער גאַס. עס איז אָבער אויך געווען אַ סכנה צו לייגן זיך שלאָפן. פון הינטער דער טיר זענען צו אונדז דערגאַנגען דראָונגען: אַז מען וועט אונדז אָנלערנען, אַז מען וועט...

ס'איז אונדז אָבער נישט איבערגעבליבן קיין אַנדערע ברירה ווי אי־בערצושלאָפן דאָרט די נאַכט און — פאַר מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן... עס רעדט זיך נאָר אַזוי: איבערשלאָפן. מיר האָבן זיך אַפילו נישט אויסגעטאָן, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט עס זאָל עפּעס נישט געשען מיט אונדז ביינאַכט מצד אונדזערע „גוטע" שכנים. אונדזער באַקאַנטער אָפיציר פון זיכערהייט־מיניסטעריום האָט דאָך אונדז עפּעס געהאַט געזאָגט...

מיר האָבן פאַרשלאָסן די טיר פון אונדזער זייט, נישט אָנגעצונדן אַפילו דאָס ליכטל און באַמיט זיך צו כאַפּן אַ דרימל. נישט אַוועק קיין שעה און ס'איז צוריקגעקומען דער אָפיציר (מיר האָבן דערקענט זיין קול), אַריין צו דער באַלעבאָסטע און זיך דאָרט מיט איר לאַנג געשושקעט. אונדז האָט מען שוין די נאַכט נישט געטשעפּעט.

ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג, האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס צימער, אַוועק צו אונדזער פריינט, ה. רובינליכט (וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָס מיר האָבן געטראָפן ווען מיר זענען געקומען קיין לובלין), זיך אָפּ־געוואַשן ביי אים און דערנאָך געגאַנגען אין דער סטאָליאָווקע (קיך פאַר מלוכה־באַאַמטע), וווּ מיר האָבן געקריגן אַ דערלויבעניש צו עסן. דאָרט

האָבן מיר געטראָפן אַ סך באַקאַנטע, ווי אויך אונדזער גוטן פריינט פון וואַרשע, ד״ר מאַריאַן מושקאַט — אַ הויכער באַאַמטער אין העכסטן מיליטערישן געריכט (איצט — אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר אין ישראל).

ד״ר מושקאַט, דערהערנדיק אונדזער געשיכטע מיט דער וווינונג, איז אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרן, אַז ער האָט באַשלאָסן מיט אונדז צו גיין און אַ שמועס טון מיט דער באַלעבאָסטע. קומענדיק אַהין, האָט אונדז די באַלעבאָסטע ברייט געעפנט די טיר און מיט אַ געמאַכטן שמייכל זיך אַנטשולדיקט פאַרן נעכטיקן פאַרפאַל, אָבער לײדער איז דאָס צימער — זאָגט זי — פאַרנומען, און אויב דער פּאַן מאַיאָר (דעמאָלט איז נאָך ד״ר מושקאַט געווען אין ראַנג פון מאַיאָר) וויל, זאָל ער רעדן מיטן „פּאַן אָפיצער״, וואָס האָט פאַרנומען דאָס צימער נאָך פאַר אונדז. זי בעט אַ ווייל אַנטשולדיקונג און פאַרשווינדט.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און די באַלעבאָסטע איז צוריקגעקומען מיטן „פּאַן אָפיצער״, וועלכער האָט, דערזעענדיק ד״ר מושקאַט, זיך מיט אים וואַרעם באַגריסט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דער דאָזיקער אָפיציר געווען אַ קאָלעגע פון ד״ר מושקאַט.ביידע האָבן זיי געאַרבעט אין העכסטן מיליטערישן געריכט, אין דער פּראָקוראַטור. די ביידע אָפיצירן האָבן זיך צעטענהט און פון וואָרט צו וואָרט איז די לאַגע געוואָרן גאָר אַ געשפּאַנטע. דער אָפיציר האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ רעקוויזיציע־צעטל אויף דעם צימער און ער ציט זיך היינט אין אים אַריין.

ווי ד״ר מושקאַט האָט אונדז איבערגעגעבן, איז דער אָפיציר — מאַיאָר קרוקאָווסקי — אַ געוועזענער פּראָקוראָר פון לובלינער קרייז-געריכט, — אַ באַקאַנטער אַנטיסעמיט, און ס׳איז גלייכער צו לאָזן אים לויפן. ער האָט, אגב, געוווינט מיט זיין משפחה אין דעם זעלביקן הויז פון פאַר דער מלחמה. כדי צו שיצן זיין שכנה, האָט ער אַרויסגענומען אַ רעקוויזיציע־צעטל אויך אויף איין צימער ביי איר אין וווינונג.

ד״ר מושקאַט, וואָס איז פאַקטיש געווען דעם אָפיצירס שעף אין מיליטערישן געריכט, האָט נישט געוואָלט פאַרשאַרפן די לאַגע. עס איז ביי די מיליטערלייט און מלוכה-באַאַמטע פונעם יידישן גלויבן געווען אַ טענדענץ אויסצומיידן קאָנפליקטן מיט זייערע קריסטלעכע קאָלעגן.

מיר האָבן גוט געדענקט די ווערטער פון אונדזער באַקאַנטן אָפיציר

פון זיכערהייט־מיניסטעריום, וועלכער האָט דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן אַנטיסעמיטיזם. וואָס הערשט צווישן דער גרויסער מערהייט פּאָליאַקן, און גערעדט אונדז צו פאַרשרייבן זיך אין די מעלדונג־ביכער ווי קריסטן, ווי אַ סגולה צו קאָנען לעבן רויק. און הגם אונדזער פריינט, מאַיאָר זנאַכאַר, איז ווייטער געווען גרייט צו אינטערווענירן, האָבן מיר אים דערפון אָפּ־געהאַלטן. ס׳איז פּשוט געווען אַ מורא צו ווינען ביי אַזעלכע כוליגאַנעס.

ווי נעמט מען אָבער פאַרט אַ דאַך איבערן קאָפּ?

אונדזער טראַגיקאָמישע געשיכטע האָט זיך דערווייל צעטראָגן איבער דער שטאָט. די ייִדן — די מערהייט פון זיי אין מיליטער און באַאַמטע פון פאַרשידענע אינסטיטוציעס — האָבן געהאַט אַ נייע טעמע פאַרן גע־שפּרעך פון טאָג. פון אַלע זייטן האָבן אונדזערע פריינט, וועלכע האָבן זיך דערפון דערוווּסט, אָנגעהויבן צו זוכן פאַר אונדז אַ צימער און עס האָבן זיך דערביי אָפּגעשפּילט גענוג קאָמישע סצענעס: איין באַקאַנטער פרעגט ביים צווייטן: „אפשר ווייסטו עפּעס פון אַ פריי צימער פאַר...״

— „כ׳ווייס שוין, כ׳ווייס שוין... פאַר די טורקאָווס... כ׳זוך אַליין״...

אָבער ווּהין מיר זענען אַוועק אויף אַן אָנגעוויזענעם אַדרעס, האָט אומעטום געהאָנגען אויף דער טיר אַ רעקוויזיציע־צעטל, אַז דאָס צימער איז פאַרנומען, — ביז דאָס מזל האָט אונדז צוגעשפּילט און מען האָט אונדז אָנגעוויזן אַ פריי ווינאַרט. מיר קומען אַהין, מען ווייזט אונדז דאָס צימער — גרויס ווי אַ גענעץ — און אָן שום מעבל. וועגן דעם האָבן אונדזערע טייערע פריינט אויך געזאָרגט, פּונקט ווי זיי האָבן געזאָרגט וועגן אַ העמד און אַ פּאָר שטיקלעך וועש פאַר אונדז, — מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין אָפּגעריסן, ממש אין שמאַטעס, נישט האָבנדיק וואָס אָנצוטאָן.

איך האָב געזאָגט, אַז גוטע פריינט האָבן אונדז באַזאָרגט מיט וועש און אַנדערע נויטיקע זאַכן, וואָלט איך באַגאַנגען אַן עוולה, ווען איך וואָלט נישט אָנגערופן די נעמען פון די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זענען אַליין נאָר־וואָס אַרויס פון די נאַרעס און באַהעלטענישן. דאָס זענען געווען די יונגע שריי־בער לייב ראָכמאַן, אפרים שעדלעצקי און יהודה עלבערג.

יהודה עלבערג (מחבר פונעם בוך „אונטער קופּערנע הימלען״) איז געווען אונדזער „אָפּראָוויזאַציע־מיניסטער״ אין לובלין. ער האָט מיר אויך כסדר אויסגעבאָרגט זיין ווינטער מאַנטל, ווען די וועטערס זענען געוואָרן

קיל און איך האָב געדאַרפט עפּעס דערליידיקן אין גאַס. דעמאָלט האָב איך אָנגעטאָן זיין מאַנטל און ער האָט געוואַרט אין שטוב ביז איך בין צוריק־געקומען. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז איך האָב באַקומען צוגעטיילט אַ מאַנטל פון די אויסלענדישע זאַכן, וואָס זענען אָנגעקומען שפּעטער.

לייב ראַכמאַן (מחבר פונעם בוך „אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן") און אפרים שעדלעצקי האָבן אונדז געשטאַרקט און אַריינגעהויכט אין אונדז גלויבן אינעם מענטשן; גלויבן אין בעסערע צייטן, וואָס איז שוין פאַר אונדז כמעט געווען ווי אויסגעלאָשן.

לייב ראַכמאַן, וועלכער איז אַליין געווען שווער קראַנק נאָך די אַלע איבערלעבונגען זיינע, האָט פון דער אינטענדענטור געבראַכט צו שלעפּן פאַר אונדז אַ מיליטערישע פּריטשע מיר זאָלן נישט דאַרפן שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. די פּריטשע איז אָבער געווען צו גרויס און איז ניט אַריינ־געגאַנגען אינעם קליינעם צימער, האָט מען זי געדאַרפט זעגן — אויך דאָס האָבן דורכגעפירט אונדזערע האַרציקע יונגע פריינט ראַכמאַן און שעד־לעצקי.

און נישט נאָר האָט אונדז ראַכמאַן פאַרזאָרגט מיט פּריטשעס, שטרוי־זעק און קאָצן, נייערט אויך אַנדערע געראַטעוועטע יידן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אין דעם געגנויטיקט. אין שייכות מיטן דאָזיקן פאַל, האָט מיר ראַכמאַן איבערגעגעבן פאָלגנדיקע געשיכטע:

— ווען דער סאָוועטישער אָפיציר, וואָס האָט מיר צוגעטיילט די פּרי־טשעס, איז אַוועק באַזאָרגן אַ וואָגן, כדי אָפּצופירן די זאַכן אויפן באַשטימטן אָרט, בין איך שטיין געבליבן פאַרן הויפּט־טויער אויף דער גאַס. וואַרטנ־דיק אַזוי אויפן אָפיציר, איז צו מיר צוגעקומען דער יואַך־סאָלדאַט, וואָס האָט געהיטן די געביידע, און זיפצנדיק, האָט ער אַ זאָג געטון צו מיר: „ביטער, ביטער איז אייער גורל, פּאָליאַקן (ער האָט מיך, משמעות, אָנגע־נומען פאַר אַ פּאָליאַק). די גערמאַנצעס האָבן אייך געפּייניקט, האַ?"...

אָבער פּלוצים האָט ער אַ זאָג געטון: — ווייסט, מאָוואַרישטש, דאָס איז וואָס די גערמאַנצעס האָבן נישט גוט געטון, אָבער דאָס וואָס זיי האָבן אויסגעהרגעט די זשידעס האָבן זיי גוט געטון"...

— ווען איך האָב אים געפרעגט — דערציילט ווייטער ראַכמאַן —

פאַרוואָס? — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט מיט אַן ערנסטן טאָן; — ווייל די זשידעס ווילן נישט גיין אויפן פראָנט...

— און איך זע דאָך — רעדט ווייטער צו אים ראָכמאַן — אַזוי פיל יידן אין דער אַרמיי, און אַזוי פיל יידן מיט אַלערליי מיליטערישע מעדאַלן...

אויף דעם האָט דער סאָלדאַט געענטפערט:

— ע, די יידן זענען נאָר אין די מאַגאַזינען, סקלאַדעס, אָבער אויפן פראָנט איז קיין איין ייד נישטאָ...

ראָכמאַן האָט דעם גאַנצן געשפרעך איבערגעגעבן דעם אָפיציר, וועלכער איז, אַגב, געווען אַ ייד. דער אָפיציר האָט אים אויף דעם געענטפערט:

— דער זעלביקער סאָלדאַט האָט זיך ביי מיר געבעטן איך זאָל אים נישט שיקן אויפן פראָנט... איצט וועט דער חברהמאַן שוין טאַקע יאָ גיין אויפן פראָנט...

ווען איך האָב וועגן דעם פאָרפאַל שפּעטער דערציילט אונדזער קאָלעגע דער אַרטיסט, וולאַדעק גאָדיק, וואָס האָט זיך געפונען אין לובלין, ווי אַן אָפיציר פון דער פוילישער אַרמיי, האָט ער אויף זיין בייסיקן שטייגער צוגעוואָרפן:

— ביי די חברימלעך איז עס נישט קיין נאָווינע. זיי האָבן אונדז גוט פיינט. אָבער מען מוז דאָרט שווייגן. זעסטו, אין דעם פּרט הערשט אין רוסלאַנד גלייכהייט, ווייל שווייגן מוזן אַלע אָן אונטערשיד. מ׳טאָר נישט עפענען ס׳מויל, ווייל פאַר אַן איבעריק וואָרט גייט מען אַ גאַנג...

דערביי האָט אונדז גאָדיק דערציילט וועגן אַ פאַל וואָס האָט געקלונגען קאָמיש. ער איז אָבער געווען גענוג טראַגיש. מען האָט אים — זאָגט גאָדיק — אַמאָל פאַרבעטן אויפצוטרעטן אין מאָסקווער נ.ק.וו.ד. הענט און פיס האָבן אים גענוג געציטערט ווען ער איז דאָרט אַריין. ער האָט געזאָלט געבן אייניקע נומערן אין רוסיש. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך צו דעם אויפטריט גוט צוגעגרייט און, וואָס די הויפּטזאַך, קאָנטראָלירט יעדעס וואָרט וואָס ער האָט געדאַרפט אַרויסרעדן. ווען ער האָט געענדיקט זיינע פאָר נומערן איז געוואָרן אַ גרויסער אַפּלויז און מען האָט אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון דער עסטראַדע. מען האָט פאַרלאַנגט פון אים ער זאָל דורכויס געבן נאָך עפּעס. גאָדיק איז אַ ווייל געשטאַנען שטיל און דערנאָך זיך גע־

ווענדט צום נ.ק.וו.ד.־עולם מיט זייערע משפחות, וואָס האָבן איבערגעפולט דעם זאַל:

— טאָוואַרישטשי, מיין נאָמען איז גאָדיק און טאָמער רעד איך אַן איבעריק וואָרט איז... „גאָדיק" — האָט גאָדיק געזאָגט. (דאָס איז אַ וואָרט־שפּיל: גאָדיק הייסט אויף רוסיש — אַ יערעלע, פונעם וואָרט „גאָד" — יאָר).

די פאַרזאַמלטע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט פונעם געלונגענעם וויץ.

און איצט — צוריק צו אונדזער דירה. האָבנדיק שוין אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָבן מיר לייכטער אָפּגעעטעמט — איין זאָרג איז אַוועק. די שמחה האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. באַשערט געווען אויסצוטרינקען נאָך אַ פּאָר ביטערע טראָפּנס. קומענדיק אַהיים פון שטאָט, ווו מיר האָבן דער־לייזיקט אין קוואַרטיר־אַמט דאָס רעקווירזיר־צעטל פאַרן צימער, ווהין מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן, האָבן מיר באַמערקט אויף אונדזער טיר דאָס גוט־באַקאַנטע רעקוויזיציע־צעטל, — דאָס מאָל פונעם מיליטערישן קוואַרטיר־אַמט — מיט אַזאַ אויפשריפט: „דאָס דאָזיקע צימער איז רעקווירירט פאַרן שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, פּולקאָווניק..."

מיינע נערוון האָבן שוין נישט אויסגעהאַלטן. איך בין אַוועקגעלאָפן צום מאַיאָר זנאַכאָר (ד"ר טעמטשין). ער איז געוואָרן אויסער זיך, הערנדיק וואָס עס האָט מיט אונדז פּאַסירט, און ער האָט זיך גלייך געמאָלדן אויף אַן אוידיענץ, מיט מיר, צום הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער פּוילישער אַרמיי, גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקי און אים איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע. טעמטשין האָט דערציילט דעם גענעראַל זשימיערסקין וועגן מיר זענען גע־ווען פאַרן קריג און וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט בעת דער היטלער־צייט.

גענעראַל זשימיערסקי, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פאַר־אינטערעסירונג מיט אונדז, האָט זיך אַזוי איבערגענומען מיט דעם וואָס מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין שוין נאָך דער באַפרייונג, אַז ער האָט גלייך אַריינגערופן זיין אַדיוטאַנט און אים באַפוילן די זאַך תיכף ומיד צו דער־לעדיקן אויף אַזאַ אופן, אַז דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע זאָל זיך נעמען אַן אַנדער צימער און אונדז דאָרט איבערלאָזן.

רעדנדיק וועגן גענעראַל מיכאַל זשימיערסקי, איז כדאי צו באַמערקן, אַז ער איז געווען דער ערשטער גענעראַל, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער

פּאָלקס־אַרמיי און פּאַקטיש געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער נייער פּוי־לישער אַרמיי. ער איז בעתן קריג צוגעשטאַנען צו די פּאַרטיזאַנער פון דער פּאָלקס־גוואַרדיע און געקעמפט מיט זיי קעגן די דייטשן. ער איז נישט געווען און איז נישט געוואָרן קיין קאָמוניסט. אין דער פּוילישער אונטער־ערדישער וועלט איז ער פריִער געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „גענעראַל יוזעף״ און „ליפּסקי״, שפּעטער — אונטערן נאָמען „גענעראַל ראָלאַ״, וואָס איז שוין פאַרבליבן, צוזאַמען מיט זשימיערסקי, זיין שטענדיקער נאָמען. זשימיערסקי איז אינעם לעצטן עטאַפּ פונעם קריג אַריבערגעפירט געוואָרן מיט אַן עראָפּלאַן, דורכן דייטשן פראָנט, קיין מאָסקווע און דאָרט איז ער דורך סטאַלינען באַשטימט געוואָרן פאַרן הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פּוילי־שער אַרמיי. ער איז געווען דער ערשטער מאַרשאַל פונעם נייעם פּוילן. פּולקאָווניק זיגמונט בערלינג, דער שפּעטערדיקער גענעראַל, וואָס האָט אין רוסלאַנד אָרגאַניזירט די פּוילישע אַרמיי, איז געוואָרן ראָלאַ־זשימיערסקיס געהילף.

נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה איז דער מאַרשאַל גענעראַל ראָלאַ־זשי־מיערסקי געוואָרן פאַרטיידיקונג־מיניסטער און דערנאָך אַראָפּגעזעצט גע־וואָרן דורכן רוסישן מאַרשאַל גענעראַל ראָקאָסאָווסקי, וואָס האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ, ווי דער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער און הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פּוילישער אַרמיי. אַ צייט לאַנג איז דער ערשטער פּוילישער מאַרשאַל ראָלאַ־זשימיערסקי געווען אַרעסטירט און ערשט נאָך דער גאָמולקאַ־אי־בערקערעניש איז ער באַפרייט געוואָרן פון תּפֿיסה.

איצט איז דער ערשטער פּוילישער מאַרשאַל, גענעראַל מיכאַל ראָלאַ־זשימיערסקי, געהילף־דירעקטאָר פונעם מלוכה־באַנק אין פּוילן — אַן ענ־לעכן אַמט צו דעם, וואָס עס האָט באַקומען אין רוסלאַנד דער מאַרשאַל ניקאָלאַי בולגאַנין. דעם זעלביקן גורל האָבן געטיילט די ביידע מאַרשאַלן, וועלכע האָבן אַ צייט לאַנג מיטגעאַרבעט מיט זיך אין פּוילן, נאָך דער באַפרייונג.

***

צוריקקערנדיק זיך צו מיין געשיכטע מיטן דאָך איבערן קאָפּ, וויל איך צוגעבן אַז נאָך דער אינטערוועניץ ביי ראָלאַ־זשימיערסקין, האָט נישט געדויערט קיין שעה ווי דער ענין איז געוואָרן דערליידיקט לטובת אונדז.

איידער מיר זענען אַהיים געקומען, איז שוין דאָרט געווען אַ זשאַנדאַר און אַראָפּגענומען דאָס צעטל, וואָס מען האָט פריִער אַרויפגעקלעפּט אויף דער טיר פאַרן פּולקאָווניק פון דער זשאַנדאַרמעריע. דאָס צימער האָט געהערט צו אונדז, דאָס הייסט צו יאַן טאַטאַרקעוויטש און דאנוטא ביאַלקעוויטש.

קאַפּיטל צוויי

## אין די ערשטע טעג

שטייענדיק אין דער ריי נאָך אַ טאַלאָן אויף עסן אין דער „סטאָלאָווע" (קיך פאַר מלוכה־באַאַמטע), וואָס האָט זיך געפונען אין דער געבײַדע פונעם פּוילישן קאָמיטעט פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג — די צייטווײַליקע רעגי־רונג, — איז צו מיר און מײַן פרוי צוגעקומען אַ הויכער עלטערער הער, מיט אַן איידל פּנים, און אונדז פאַרבעטן זיך צוזעצן צו זײַן טיש. ער האָט זיך פאַר אונדז פאָרגעשטעלט:

— איך בין זשימאָנסקי. כ'וואָלט מיט אײַך געוואָלט אַ שמועס טון. איך האָב געהערט וועגן אײַערע קאָמפּליקאַציעס מיט דער דירה אין לובלין, אָבער איך ווייס, אַז אַלץ איז שוין דערליידיקט אויפן בעסטן אופן. האָפנט־לעך וועט אײַך שוין פון איצט אָן גיין מזלדיקער — ווי איר פאַרדינט עס, נאָך די אַלע ביטערע דערפאַרונגען בעת דער דײַטשישער אָקופּאַציע. איך וועל אײַך בעטן אַרויפצוקומען צו מיר אין ביורא, מאָרגן, 9 אַזייגער אינ־דערפרי, גוט?

צומאָרגנס, בעת אונדזער באַגעגעניש מיט דעם זעלטן איידעלן און פײַנפילנדיקן מענטשן, ווינצענטי זשימאָנסקי, דעם מיניסטער פאַר קולטור און קונסט, איז בײַגעווען ד"ר מיעטשיסלאַוו דראָבנער (דער זון פונעם גע־וועזענעם פירער פון די אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטן, באָלעסלאַוו דראָבנער, פון קראָקע), וועלכער איז געווען לײַטער פונעם מוזיק־סעקטאָר בײַם קול־טור־ און קונסט־מיניסטעריום, ווי אויך — זײַן פרוי, וועלכע איז געווען די לײַטערין פונעם מיניסטערס קאַנצעלאַריע. ביידע זענען זיי געווען אין מיליטערישע מונדירן פון דער פּוילישער אַרמיי.

ווינצענטי זשימאָווסקי, דער אַמאָל אין פּוילן באַרימטער פּובליציסט, מיטגליד פון דער ליטעראַטור-אַקאַדעמיע, האָט מיט אונדז לאַנג גערעדט, אויסגעפרעגט וועגן פאַרשידענע געשעענישן, וועגן זיינע יידישע באַקאַנטע, אָבער, קודם כל, איז ער געווען פאַראינטערעסירט צו וויסן וועגן דער באַציונג פון די פּאָליאַקן צו די פאַרפאָלגטע יידן, בעת דער אָקופּאַציע. עס האָט אים זייער וויי־געטאָן צו הערן וואָס אַזוי ווייניק פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן יידן אין די שווערע פאַר זיי טעג.

— יאָ, היטלער האָט געפונען ביי אונדז אין לאַנד אַ גלענצנדיק־צוגעגרייטן באָדן פון אונדזערע רעאַקציאָנערע עלעמענטן פון פאַר דער מלחמה. ער האָט אין זיי געפונען געטרייע שותפים. גאָט־צו־דאַנק, וואָס אונדזער פאָלק האָט אויך געהאַט צו פאַרצייכענען פיל קרבנות־גרייטקייט און אָפּפערוויליקייט לגבי זיינע יידישע מיטבירגער.

— אָבער וויפל זענען זיי געווען? זעט, הער מיניסטער, וויפל יידן עס האָבן זיך געראַטעוועט פון די דייטשן, וועט איר קאָנען אָפּשאַצן די צאָל פון די קרבנות־גרייטע און אָפּפערוויליקע מענטשן.

זשימאָווסקי האָט אַ זיפץ געטון און גאָרנישט געענטפערט אויף מיינע ווערטער.

— אין דעם טרויעריקן פאַר אונדז צייט־אָפּשניט האָט זיך ביי אונדז אויסגעפורעמט אַן אייגנאַרטיקע פילאָזאָפיע: אַ גוטער פּאָליאַק איז דער, וואָס גיט נישט אַרויס קיין ייד צו די דייטשן — האָט מיין פרוי צוגעוואָרפן.

— נו, גאָט־צו־דאַנקען, אַז דאָס איז שוין פאַריבער... און לאָמיר האָפן, אַז אויף אייביק — האָט זשימאָווסקי אומגעדולדיק איבערגעריסן די טעמע, נישט וועלנדיק דיסקוטירן דעם אָנגעווייטיקטן פּראָבלעם.

— איר ווייסט דאָך מסתמא, הער מיניסטער, אַז אויך איצט, נאָך דער באַפרייונג, איז אַ ייד ווייטער נישט זיכער מיטן לעבן. יעדן טאָג הערן מיר וועגן נייע אָנפאַלן און נייע יידן־מאָרדן.

— די צייטווייליקע רעגירונג נעמט אָן אַלע מאָסמיטלען אָפּצושטעלן די כוליגאַנישע עקסצעסן. מיר וועלן די באַנדיטן אויסראָטן ביזן שורש. ס'מוז נעמען צייט...

— צי ווייסט איר, הער מיניסטער, אַז מיר האָבן זיך מורא איינצומעלדן ווי יידן?

— אפשר איז בעסער טאַקע מיט דעם איבערצוואַרטן, ביז די צייט וועט ווערן רויקער — האָט געענטפערט דער מיניסטער נאָך אַ ווייל טראַכטן. — האָט איר זיך גליקלעכערווייז אַרויסגעריסן פון היטלערס גיהנום, איז נישט כדאי, צוליב אַ פאַרמעלער פּראָצעדור, איינצושטעלן דאָס לעבן... נו, און וואָס האָט איר איצט בדעה צו טון?

— באמת, איך וויס נישט, — האָב איך געענטפערט — מיר מוזן קודם־כל קומען צו זיך און געפינען אונדזער איינציק קינד...

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי... — האָט דער מיניסטער נאָך אַ לענגערער פּויזע אָנגעהויבן, אַקצענטירנדיק דערביי יעדעס וואָרט:

— איר מוזט זיך רעכענען מיטן געשעענעם פאַקט: נישטאָ מער קיין ייִדן אין פּוילן. דאָס ביסל ייִדן, וואָס איז על פּי נס אַרויס פונעם חורבן, וועט זיך מוזן צונויפגיסן מיט אונדז. איך גלויב נישט, אַז עס זאָל שוין אַמאָל זיין אין פּוילן אַ ייִדיש לעבן. אַ ייִדיש קולטור־לעבן — זיכער נישט... איר, הער טורקאָוו האָט, צוזאַמען מיט אייער פרוי, אַלע מעגלעכקייטן צו אַרבעטן און אויסלעבן זיך אין פּוילישן טעאַטער. איך קאָן אייך, גלייך אויפן אָרט, איבערגעבן די אָנפירונג פון אַ מלוכה־טעאַטער אין זשעשאָוו, וואָס מיר האַלטן אין אָרגאַניזירן. שפּעטער — וועט מען ווייטער זען. נאָכן באַפרייען דאָס לאַנד אויף דער צווייטער זייט ווייסל, וועלן זיין פאַר אייך גרעסערע מעגלעכקייטן. איינס איז אָבער קלאָר: קיין ייִדיש לעבן וועט שוין, ליידער, נישט זיין אין פּוילן...

איך בין געבליבן צעטומלט פון דער דאָזיקער דערקלערונג, וואָס עס האָט פאַר מיר געמאַכט אַ פאַרשטייער פון דער נייער פּוילישער רעגירונג. איך האָב אים נישט געקאָנט חושד זיין אין אַנטיסעמיטישע טענדענצן. זיין השערה האָט זיך מסתמא געשטיצט אויף דעם וואָס אין יענער צייט האָט קיינער נישט געגלייבט, אַז עס האָבן זיך געראַטעוועט נאָך ייִדן. עס איז דעמאָלט געווען די אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז מער קיין ייִדן זענען שוין נישטאָ; אַז אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן. מען האָט געקאָנט האָפן אויף איינציקע געראַטעוועטע. ווי אַ מוסטער האָט געקאָנט דינען לובלין: פון 48 טויזנט ייִדן, וואָס לובלין האָט פאַרמאָגט ביז דער מלחמה, זענען פאַרבליבן בלויז 50. מען האָט אָבער געוווסט, אַז אין רוסלאַנד זענען דאָ הונדערטער

טויזנטער געראַטעוועטע ייִדן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון פּוילן, האָב איך טאַקע געפרעגט זשימאָווסקין:

— צי גלייבט איר נישט, הער מיניסטער, אַז די ייִדן, פּוילישע בירגער, וואָס געפינען זיך אין רוסלאַנד און וועלן מסתמא בקרוב אַהיימקומען, וועלן זיין בכוח צוריק אויפצובויען דאָ זייער לעבן און זיך קאָנען אויסלעבן אין זייער אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור?

ווינצענטי זשימאָווסקי האָט אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— איך גלייב, אַז אויך זיי וועלן דעם ענין אויפנעמען רעאַל, שטיצנדיק זיך אויף דער ביטערער דערפאַרונג פון זייערע ברידער, בעת דער נישט לאַנגער פאַרגאַנגענהייט...

— און איך גלייב נישט, אַז ייִדן זאָלן אין אַזאַ פאַל יועלן פאַרבלייבן אין פּוילן — האָב איך צוגעוואָרפן.

— איבעריקנס, אונדזער שטעלונג אין דער ייִדן־פראַגע איז נאָך דערווייל נישט קלאָר דעפינירט געוואָרן. מיר האָבן נאָך די מלחמה נישט פאַרענדיקט. פריִער דאַרף מען דעם שונא פאַרטרייבן פונעם לאַנד. עס שטייען פאַר אונדז אַזוי פיל וויכטיקע מלוכה־פּראָבלעמען צו רעאַליזירן. מען וועט דאַרפן גרויסע אָנשטרענגונגען אויפצובויען צוריק דאָס חרובע לאַנד און פאַראייניקן דאָס צעריסענע פאָלק...

— אין מאָסקווע גייען איצט אָן אונטערהאַנדלונגען צווישן אונדזער רעגירונג מיט די פאָרשטייער פון דער לאָנדאָנער רעגירונג. עס זענען אַהין אָנגעקומען סטאַניסלאַוו מיקאָלאַיטשיק, טאַדעוש ראָמער און סטאַניסלאַוו גראַבסקי. סטאַלין פירט אָן מיט דער קאָנפערענץ און פון איר אויסגאַנג איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון אונדזער לאַנד. ווי איר זעט, זענען מיר אַריין אין אַ דעצידירנדיקער פאַזע פון אונדזער עקזיסטענץ. איינס קאָן איך אייך פאַרזיכערן, אַז אין פרייען פּוילן וועלן אַלע בירגער, אָן אונטערשייד פון זייער נאַציאָנאַליטעט, געניסן פון די זעלביקע רעכט און וועלן געשיצט ווערן אויפן זעלביקן אופן. וואָס שייך מיין פאַרשלאַג צו אייך, הער טורקאָוו, ראָט איך אייך: פאַרטראַכט אייך וועגן דעם גוט און גיט מיר אייער פּאָזיטיוון ענטפער אין די נאָענטסטע פאָר טעג. ווי איר פאַרשטייט אַליין — קיין קאַנדידאַטן אויפן פּאָסטן אין זשעשאָוו פעלן אונדז נישט.

ווען מיר האָבן פאַרלאָזט דעם מיניסטערס קאַבינעט, האָט אונדז פאַר־

האַלטן די פרוי דראָבנער ביי זיך און אונדז איבערגעגעבן אַ געוויסע סומע געלט, וואָס דער מיניסטער זשימאָווסקי האָט אונדז געהייסן אויסצאָלן.

— דאָס איז פאַר אייך אויף דער ערשטער צייט, אויף טעגלעכע אויסגאַבן. אויב איר וועט עפּעס דאַרפן, שטייען מיר תמיד גרייט אייך צו דינען. און פאַרטראַכט אייך גוט וועגן דעם פאָרשלאַג וואָס דער מיניסטער האָט אייך געמאַכט.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך די פרוי דראָבנער מיט אונדז שטאַרק אינטערעסירט און אונדז אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ. די דאָזיקע איידעלע פרוי פלעגט אונדז טאָג־טעגלעך באַזוכן, צוואַרפן אונדז אַ וואָרט פון טרייסט און באַמיִען זיך לייכטער צו מאַכן אונדזער שווער געמיט, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, ציטערנדיק פאַרן גורל פון אונדזער טעכטערל. אַ דאַנק דער פרוי דראָבנער האָבן מיר טאַקע באַקומען די צוטיילונג צו קענען עסן אין דער קיך פאַר מלוכה־באַאַמטע.

קיין זשעשאָוו האָבן מיר באַשלאָסן נישט צו פאָרן. ראשית, איז דער קאָפּ נישט געווען גרייט אָנצוהייבן אָן אויפבוי־אַרבעט פאַר די, וואָס האָבן אונדז אַזוי פיל ווייטיק פאַרשאַפט; והשנית, זענען כסדר אָנגעקומען ידיעות וועגן אָנפאַלן אויף די ניצול־געוואָרענע יידן אין זשעשאָוו; וועגן די אָנפאַלן אויף יידן, וועלכע פאָרן מיט דער באַן; וועגן אַרויסשלעפּן פון די וואַגאָנען יעדן אָנגעטראָפענעם ייד און דערמאָרדן אים אויף אָן אכזריות־דיקן אופן.

צו יענער צייט האָט מען אין די באַפרייטע פּוילישע געביטן פונאַנדערגעוואָרפן פלוגבלעטלעך מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט (איך גיב איבער דעם טעקסט אין יידישער איבערזעצונג, וואָרט ביי וואָרט):

„דאָס שטרעבן צו באַזייטיקן דעם יידישן עלעמענט פונעם לעבן פון די פעלקער, צווישן וועלכע דער גורל האָט זיי באַשטימט צו פאַרבלייבן, איז אַ פּראָצעס, וואָס עקזיסטירט פונעם ערשטן מאָמענט אָן פון דער אַנטשטייונג פון דער יידן־פראַגע אין גלות.

די מאַסן־פאַרפאָלגונגען פון יידן אין מיטלאַלטער האָט זיי געצוווּנגען צו זוכן נייע ווינקלען. און דעמאָלט עפנט פאַר זיי אירע טויערן דאָס אייבציקע לאַנד — פּוילן, וואָס זאָגט זיי נישט אָפּ מענטשלעכע רעכט. נעמט זיי אויף, באַשיצט זיי און שאַפט פאַר זיי רויקע לעבנסבאַדינגונגען און מעגלעכקייטן צו באַרייכערן זיך!

## יאָנאַס טורקאָוו

קיינמאָל האָבן אָבער די יידן אין פוילן נישט געזוכט און נישט געפונען קיין געמיינזאַמע פלאַטפאָרם מיטן פוילישן פאָלק. דער ייד האָט קיינמאָל ערלעך נישט אָפּגעגעבן זיינע כוחות און מעגלעכקייטן צו דינען די, וואָס האָבן אים אַריינגענומען אין זייער היים; זיי האָבן כסדר אונטערגעשטראָכן זייער עטנישע אַנדערשקייט און גייסטיקע פרעמדקייט.

דער טראַגישער פעריאָד פון דער היינטיקער צייט, פון די קוים פאַרשוווּנדענע טעג איז נאָך איין מאָטיוו אונטערצושטרייכן די דאָזיקע אַנדערשקייט. אַפילו אין מאָמענט פון זיין אונטערגאַנג האָט ישראל נישט געענדערט זיין דורותדיקע שטעלונג. שוין אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939 — ביים טייך בוג — האָבן יידן אַרויסגעוויזן אַ פולשטענדיקן מאַנגל פון געמיינזאַמע אינטערעסן מיטן פוילישן פאָלק — פאַרקערט, זיי האָבן אונטערגעשטראָכן זייער אָפּגעזונדערטקייט, שטעלנדיק זיך אויף דער זייט פון די דאָזיקע, וועלכע האָבן דעמאָלט פונאַנדערגעטיילט אונדזער לאַנד.

צוזאַמען מיט אונדז — הגם צוליב גאַנץ אַנדערע מאָטיוון — זענען יידן פאַרפאָלגט געוואָרן און האָבן געליטן שווידערלעכע קלעפּ, וועלכע האָבן זיי אָפּגעווישט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אין ערגעץ זענען אָבער די יידן נישט אומגעקומען פאַר פוילן. זיי זענען אומגעקומען פון דייטשישער פאַראַכטונג צו זיי.

ס'זענען קיינמאָל נישטאָ קיין רעזולטאַטן אָן סיבות וואָס פירן דערצו. די דורותדיקע בעמעזיס איז זיך נוקם און לאָזט נישט איבער קיין נישט־געדעקטע חשבונות.

די יידן אין פוילן, וואָס זענען ניצול געוואָרן פון דעם קאַטאַקליזם, דאַרפן זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון, אַז דער אורטייל פון דער געשיכטע איז נאָך אין זייער פאַל נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן. פון זייער איצטיקער שטעלונג, פון זייער האַנדלונג, פון זייערע טאַטן וועט אַלץ זיין אָפּהענגיק!

אויב זיי וועלן נישט אָפּטרעטן פון דעם וועג וואָס זיי האָבן, אומגליקלעכערהייט, ווידער אויסגעקליבן — דאָס דינען פרעמדע קעגן פּאָליאַקן — וועט זיי טרעפן אַ שווערע שטראָף!!! עס וועלן זיי דעמאָלט נישט העלפן און נישט ראַטעווען זייערע געענדערטע פאַלשע נעמען, זייערע איינגעהאַנדלטע פוילישע מעטריקעס. אַלע זענען זיי אונדז באַקאַנט! דורך פּאָליאַקן וועלן זיי אויסגעפינען און דעמאַסקירט ווערן.

זיי וועלן געשטעלט ווערן פאַרן מישפט פונעם פוילישן פאָלק!!!".

פונקט ווי אין אַלע אַנדערע באַפרייטע געביטן, האָט זיך די זיכערקייט פון די יידן אין לובלין אָנגעהויבן צו פאַרערגערן פון טאָג צו טאָג, נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען און פאַרהיט־מיטלען, וואָס די

העכערע מאַכט האָט דעמאָלט אָנגענומען. ביינאַכט איז אוממעגלעך געווען אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, ווייל מען איז נישט געווען זיכער מיטן לעבן. ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, האָט מען זיך געדאַרפט פאַרמאַכן און פאַרהאַקן ביי זיך אין שטוב און נישט אַרויסשטעקן די נאָז...

אין דער יידישער געגנט פון לובלין איז מען באַפאַלן יידישע היימען, זיי באַרויבט, און די יידן געמאָרדעט. צווישן די אָנפאַלער זענען געווען פּאָליאַקן אַפילו אין מונדירן פונעם פּוילישן מיליטער, ווי אויך רוסן — אין סאָוועטישע מונדירן. די זיכערהייט־אָרגאַנען האָבן געוווּסט, אַז עס זע־נען טעטיק אין לובלין צוויי גוט־אָרגאַניזירטע טעראָריסטישע גרופּעס, א״ב „ראבי״ און „מיעטעק״. דער הויפּט־אָנפירער איז געווען אַ געוויסער טשעס־לאַוו ראָשינסקי. אים צו הילף זענען געשטאַנען שידעלסקי, יאַראָשינסקי און בויאַלסקי. דער לעצטער איז געווען אַ מיליטערישער זשאַנדאַרם. נאָך זייער לעצטן אָנפאַל אויף אַ יידיש הויז, אויף קאָוואַלסקא נר. 4, וווּ זיי האָבן דערשאָסן הערש בלאַנקן, האָט מען די באַנדע געכאַפּט, משמעות, אַ דאַנק די יידישע פּאַרטיזאַנער. הגם מען האָט די באַנדיטן פאַרמשפּט צום טויט, האָט עס אָבער נישט אָפּגעשראָקן אַנדערע באַנדיטן אָנצוגיין מיט זייער בלוטיקער אַרבעט. וואָס אַמאָל זענען זיי געוואָרן דרייסטער און גע־מאָרדעט אַפילו אין מיטן העלן טאָג. זיי האָבן זיך איינמאָל אַריינגעריסן אין „שאַריטקי שפּיטאָל״ און אויסגעשאָסן דאָרט אַלע יידן, וועלכע זיי האָבן געפונען אין די בעטן, קראַנק אָדער פאַרוווּנדעט.

עס האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע אַז מען האָט שוין נישט געקאָנט אונ־טערשיידן צווישן די אמתע מיליציאָנערן און מיליטערלייט מיט געוויינ־לעכע באַנדיטן... יעדן פאַרטאָג האָט מען אויף דער גאַס געפונען ליגן אַ דערמאָרדעטן ייד, מיט אַראָפּגעצויגענע שטיול אָדער שיך, און אָפטמאָל — אין גאַנצן אויסגעטון...

דער פּוילישער שטאָט־קאָמענדאַנט האָט אינטערוועגירט ביים סאָוויע־טישן שטאָט־קאָמענדאַנט, גענעראַל סענטשילאָ, און מען האָט זיך אַפילו געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן גענעראַל בולגאַנין — דער שפּעטער באַ־רימט־געוואָרענער סאָוועטישער מאַרשאַל און פּרעמיער־מיניסטער פון דער סאָוועטישער רעפּובליק, וועלכער האָט געמאַכט אַ קאָפּשווינדלדיקע קאַריערע. ביז דער לעצטער מלחמה איז ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש בול־

גאַנין געווען פּרעזידענט פונעם מאָסקווער סאָוויעט. בעת די שלאַכטן אַרום מאָסקווע האָט זיך בולגאַנין שטאַרק אויסגעצייכנט מיט זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן און ער האָט אַוואַנסירט צום ראַנג פון אַ גענעראַל. דערנאָך איז ער געווען דער פאַרטרעטער פון דער סאָוועטן־רעגירונג צום פּוילישן קאָמיטעט פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג, און דער פאַרבינדלער צווישן דער סאָוועטישער מיליטערישער הויפּט־קאָמאַנדע און דער פּוילישער אַרמיי. דאָס איז געווען זיין פאָרמעלער אַמט. פאַקטיש האָט ער אָפּגעהיטן אין פּוילן די פּאָליטישע כשרות פון דער פּוילישער אַרמיי. זיין זיץ־אָרט איז געווען לובלין, פּונקט ווי עס איז דאָרט געווען דער זיץ־אָרט פון דער פּוילישער רעגירונג. ערשט נאָכן פאַרנעמען וואַרשע, איז ער אַריבער אַהין.

אַ חוץ בולגאַנינען, האָבן מיר געהאַט אין לובלין אויך אַ סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר — וויקטאָר זאַכאַרעוויטש יאַקאָוולעוו, וואָס האָט געהאַלטן אַן אויג אויף דער פּוילישער רעגירונג. זיין אָפיציעלער טיטל איז געווען: אויסעראָרדנטלעכער באַפולמעכטיקטער געזאַנדטער פון ראַטנפאַרבאַנד אין פּוילן.

נאָך אַ ריי אונטערהאַנדלונגען צווישן די פאָרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג מיט דער סאָוועטישער מאַכט, מיטן אָנטייל פון מיליטערישע פאָרשטייער פון בײדע צדדים, איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן איבער דער שטאָט, אַ חוץ די געוויינלעכע מיליטערישע פּאַטרולן, אויך געמישטע: פּויליש־רוסישע. די יידן־לאַגע האָט זיך אָבער צוליב דעם נישט פאַרבעסערט, נייערט פאַרקערט. מען האָט פּונקט ווי פריִער, און אַפילו נאָך עפּטער, געפונען אין גאַס דערמאָרדעטע יידן.

צו דער זעלביקער צייט איז געקומען קיין לובלין דער העלדישער פּאַרטיזאַן טוביה ביעלסקי (פון נאָוואַ יעלניאַ), וועלכער האָט מיט זיין יידישער פּאַרטיזאַנער־גרופּע געראַטעוועט איבער 1.200 מענער, פרויען און קינדער און געשאַפן, דעם אַזוי גערופענעם יידישן פאַמיליע־לאַגער. זיי זענען איצט אַלע אַרויס פון די וועלדער. ביעלסקי האָט פאַרגעלייגט צו שאַפן אין לובלין אַ יידישע זעלבסטשוץ, פון געוועזענע יידישע פּאַרטיזאַנער, כדי אַ סוף צו מאַכן צו די מערדערישע אָנפאַלן אויף די רעשטלעך יידן. איך האָב אים דעמאָלט צונויפגעבראַכט מיט אָנפירער פונעם יידישן קאָמיטעט, וועלכן ער האָט פאָרגעשטעלט אַ גענויעם פּלאַן. מען האָט אָבער

זיין פּלאַן נישט אָנגענומען, גלייבנדיק, אַז די געהעריקע מלוכה-אינסטאַנצן וועלן אַליין באַוויזן צו באַהערשן די לאַגע. הגם עס זענען געקומען אויך אַנדערע מיט די זעלביקע פאָרשלאָגן, איז אָבער ביעלסקי געווען דער ערשטער פון זיי.

מיינער אַ באַקאַנטער פון זיכערהייט־מיניסטעריום האָט מיר איבער־געגעבן, אַז בעת אַ געשפּרעך מיט זיינעם אַ פּוילישן קאָלעגע, אַ ליבעראַל, מיט וועלכן ער האָט דיסקוטירט די אומדערטרעגלעכע לאַגע פון די ייִדן; אַז אַ ייִד איז נאָך היינט נישט זיכער מיטן לעבן, — זאָל יענער האָבן גע־ענטפערט:

— פון אייך, ייִדן, איז שווער צו דערגיין אַ טאָלק. דאָ זאָגט איר, אַז די דייטשן האָבן אויסגעראָטן אַלע ייִדן, און איצט, ווידער, האַלט איר אין איין שווייען, אַז יעדן טאָג ווערן דערמאָרדעט ייִדן... איז ממה נפשך, אויב עס זענען נאָך פאַרבליבן אַזוי פיל ייִדן, איז אָדער אייער ערשטע השערה איז נישט אמת, אָדער אייערע איצטיקע טענות זענען אויסגעטראַכט. אָדער אפשר זענען גאָרביידע מעשיות — באָבע־מעשיות?!...

ביי איינעם פון די דערמאָרדעטע ייִדן אין לובלין האָט מען געפונען אַ צעטל מיט פאָלגנדיקן אויפשריפט:

„פאַר די עוולות וואָס איר, נידערטרעכטיקע ייִדן, זענט באַגאַנגען לגבי דעם פּוילישן פאָלק; פאַר מיטאַרבעטן מיט אַ פרעמדער אָנגעוואָרפּע־נער אויף אונדז ברוטאַלער מאַכט, וואָס איז קעגן די אינטערעסן פונעם פּוילישן פאָלק, ביסטו, פאַרשאָלטענער ייִד, פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט.
— אונטערגעשריבן: יונג־פּוילן".

אין די ביז־איצט באַפרייטע שטעט, ווי כעלם, זאַמאָשטש, הרוביעשאָוו, בילגאָריי, קראַשניק, קראַסניסטאַוו, זשעשאָוו, א"אַ האָבן זיך געשאַפן ייִדישע קאָמיטעטן, וועלכע שיקן זייערע דעלעגאַטן קיין לובלין, האָפנדיק דאָרט צו געפינען הילף, וואָס זאָל זיי שיצן פון די באַנדיטישע אָנפאַלן. מען שיקט די דעלעגאַטן פון איין אָרט צום צווייטן, מען קלאַפּט אָפּ די טירן פון אַלע אַמטן און מען פאָרט צוריק מיט דעם מיט וואָס מען איז געקומען... די דע־לעגאַציעס האָבן אַפילו זיך געפּרוווט צו פאַרבינדן מיט די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען אין לובלין. דער ענטפער איז געווען: מיר מישן זיך נישט אין די היגע אָנגעלעגנהייטן. אויף דעם איז דאָ אַ פּוילישע מאַכט...

די קליינע צאָל געראַטעוועטע ייִדן האָבן מורא געהאַט צו וווינען אין די קליינע ערטער. זיי האָבן זיך אַריבערגעטראָגן קיין לובלין, האָפנדיק דאָרט צו זיין זיכער מיט זייער לעבן.

עס האָט צו יענער צייט געפעלט ביי ייִדן אַ פאַרטרעטערשאַפט, וואָס זאָל לאָזן הערן אַ וואָרט אין נאָמען פון דער ייִדישער עדה; וואָס זאָל קאָאָרדינירן די אַרבעט פון די ביז איצט געשאַפענע ייִדישע קאָמיטעטן, און וואָס זאָל קאָנען זיי רעפּרעזענטירן לגבי דער מאַכט. היות לובלין איז געווען די צייטווייליקע הויפּטשטאָט פון דער צוריקגעוווּנענער פּוילישער טעריטאָריע, איז ביי אַ פּאָר ייִדישע געזעלשאַפטלעכע טוער, בראש מיט ד״ר עמיל זאָמערשטיין, וועלכער האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין לובלין, ווי אַ מיטגליד פון דער צייטווייליקער פּוילישער רעגירונג, באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ צענטראַלע אינסטיטוציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע ייִדישע קאָמיטעטן פונעם לאַנד און אַזוי-אַרום ווערן די פאַרטרעטערשאַפט פונעם פּוילישן ייִדנטום לגבי די רעגירונגס-אינסטאַנצן און לגבי דער אויסערלעכער וועלט, מיט וועלכער מען האָט געדאַרפט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט.

ד״ר ע. זאָמערשטיין האָט גענומען צו הילף ד״ר שלמה הערשנהאָרן, — אַ געוועזענעם אָנגעזעענעם מעדיצין-דאָקטער און בונדישן טוער אינעם פאַרמלחמהדיקן לובלין, וועלכער האָט איצט פאַרנומען אַ הויכן פּאָסטן, ווי דער ייִדישער ראַטגעבער ביי דער צייטווייליקער פּוילישער רעגירונג, און אים איבערגעגעבן די אויפגאַבע צוזאַמענצושטעלן די רעפּרעזענטאַנץ-קערפּערשאַפט, דאָס הייסט דעם צענטראַל-קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן.

ווי דער קערן פאַר דעם צ. ק. האָבן געדינט איינצקע מיטגלידער פונעם לובלינער קאָמיטעט, ווי מאַרק ביטער, מ. זונשיין, מ. קאָסאָווער, פּ. זעליצקי און צוזאַמען מיט ד״ר ש. הערשנהאָרן און ד״ר עמיל זאָמערשטיין — ווי דער פאָרזיצער, איז אין חודש אויגוסט 1944, געשאַפן געוואָרן דער צענטראַל-קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן.

ס׳איז נישט געווען לייכט צו געפינען אין יענער צייט און אין די געגעבענע באַדינגונגען, מענטשן, וועלכע זאָלן זיך פּאַסן פאַר אַזאַ ערנסטער און וויכטיקער אויפגאַבע. די מיטגלידער פונעם לאָקאַלן ייִדישן קאָמיטעט, וועלכע זענען אַריין אין צ. ק., האָבן געהאַט אין זייערע רייען אַזעלכע, וואָס האָבן אין זייערע פריערדיקע היימען געשפּילט אַ געוויסע ראָל אינעם

יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיי זענען אָבער סיי דער אויסערלעכער וועלט, סיי די איבעריקע יידן אין לאַנד געווען אומבאַקאַנט.

אויסער דעם נאָמען פונעם געוועזענעם דעפוטאַט פונעם פּוילישן פּאַר־לאַמענט, ד״ר עמיל זאָמערשטיין, האָט מען פון קיינעמען קיינמאָל נישט געהערט. היות, די פּוילישע געביטן פון דער מערבדיקער זייט ווייסל, מיט דער הויפּטשטאָט וואַרשע, זענען נאָך נישט געווען באַפרייט פונעם שונא, האָט מען אַזעלכע פאַרשטייער דערוויל נישט געהאַט.

נאָכן פאַרנעמען וואַרשע און די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, זענען קיין לובלין אָנגעקומען די גרעסטעוועטע העלדן פונעם וואַרשעווער געטאָ: יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), צביה לובעטקין, ד״ר אַדאָלף בערמאַן (אַ ברודער פון יאַקוב בערמאַן, — די גרויע עמינענץ פון דער נייער פּוילישער רע־גירונג), שלום גראַיעק (סטעפאַן), יוסף סאַק, שקלאַר, ס. פישגרונד (הענ־ריק) — און זיי אַלע זענען געוואָרן מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן.

קאַפּיטל דריי

## די ערשטע יידישע ראַדיאָ-שעה אין פּוילן

אין לובלין — די צייטווייליקע הויפּטשטאָט פון פּוילן — איז מיט דער הילף פון דער סאָוועטישער מאַכט, באַלד איינגעשטעלט געוואָרן אַ פּוילישע ראַדיאָ־סטאַציע, וואָס האָט געגעבן אוידיציעס אין פּויליש, רוסיש, פראַנצויזיש און ענגליש. די אוידיציעס זענען געווען באַשטימט פאַרן לאַנד, און אויף די קורצע כוואַליעס — קיין אויסלאַנד, וווהין זיי זענען טראַנס־מיטירט געוואָרן דורך מאָסקווע.

אין לאַנד איז אין אַ פּריוואַטער היים זעלטן ווען געווען אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, ווייל די דייטשן האָבן ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג קאָנ־פיסקירט אַלע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. די הויפּט־אויפמערקזאַמקייט האָט מען אָבער סיי־ווי געלייגט אויף די פּראָפּאַגאַנדע־אוידיציעס קיין אויסלאַנד.

נישט געקוקט אויף אַלע עצות מצד די העכערע אינסטאַנצן נישט אָנצוהייבן קיין יידישע קולטור־אַרבעט, האָב איך, נאָך דער גרינדונג פו־

נעם פאַראײַן פון יידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַרטיסטן, ווי אויך פון דער יידישער פּרעסע־אַגענטור „ייִפּאַ", זיך געווענדט צום דירעקטאָר פון דער לובלינער ראַדיאָ־סטאַציע, מ. ביליג, און אים פאָרגעלייגט אַ פּלאַן איינצופירן אויך אַ יידישע ראַדיאָ־שעה. איך האָב מיך באַמיט אים צו איבערצייגן, אַז אין אויסלאַנד וועט עס מאַכן אַ בעסערן איינדרוק, ווען מען וועט פונעם באַפרייטן פוילן דערהערן אויך אַ יידיש וואָרט. נאָכן חורבן וואָלט געווען מער ווי רעכט איבערצוגעבן דער וועלט אַ דירעקטן גרוס פון די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט.

די דאָזיקע אוידיציעס — האָב איך געזאָגט — וואָלטן אַזוי אַרום געהאַט אַ טאָפּלטע באַדייטונג: ראשית, די בײַם לעבן־געבליבענע יידן וועלן קאָנען אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט זייערע קרובים אין דער וועלט, וואָס וועט, אַ דאַנק דעם, אַריינברענגען הילף פאַר זיי, און ממילא שטאַרקן די עקאָנאָמיע פונעם לאַנד; והשנית, וועט עס האָבן אויך אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַדייטונג: מען וועט זען, אַז די נייע פּוילישע רעגירונג גיט איר יידישער מינאָריטעט אַ מעגלעכקייט, צום ערשטן מאָל, זיך צו באַנוצן דורך דער ראַדיאָ מיט איר אייגענעם לשון, וואָס איז בײַ די פּריערדיקע, פאַר־מלחמהדיקע, רעגירונגען אין פּוילן, געווען אוממעגלעך. דירעקטאָר ביליג, וועלכער האָט מיך געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה, האָט צוגעזאָגט אויפצונעמען מיין פּלאַן און מיך געבעטן קומען נאָך אַן ענטפער אין אַ פּאָר טעג אַרום.

אין פּוילישן מלוכה־ראַדיאָ האָבן געאַרבעט אַ צאָל יידן, אונטער פאַר־שטעלטע נעמען, פאַרשטייט זיך, וועלכע זענען געקומען קיין לובלין מיטן פּוילישן מיליטער. צווישן די געקומענע האָבן זיך געפונען קאַפּיטאַן נאַדין — אַ געוועזענער אַקטיאָר פון „יונג־טעאַטער" אין וואַרשע. זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען: גומאַן. פאַר די, וואָס האָבן אים נישט געקענט, האָט ער זיך אויסגעגעבן ווי אַ טאַטאַר... ער איז געווען דער פאַרטרעטער פונעם די־רעקטאָר ביליג.

דאָרט האָב איך באַגעגנט די צוויי ברידער אַלבערט און מיעטשיסלאַוו האַריס (אהרן און מאָטל העקעלמאַן, פון פּינסק) — מחברים פון דעם פּאָפּולערן ליד „פּיאָסענקאַ אָ מאָיעי וואַרשאַוויע" (דאָס ליד וועגן מיין וואַרשע). זיי זענען געווען די אָנפירער פונעם מוזיקאַלישן אָפּטייל פונעם ראַדיאָ.

עס האָט אויך דאָרט געאַרבעט אַ ייִדיש פּאָרל — געראַטעוועט זיך אין לובלין גופא — טעאָדאָר שנייבערג מיט זיין פרוי; ער — אַ פאַרמלחמה־דיקער פּוילישער זשורנאַליסט. זייער ראַטעווען זיך האָט צו יענער צייט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע, ווייל נישט נאָר זיי אַליין, נאָר זייערע עלטערן, ווי אויך אַנדערע מיטגלידער פון דער משפחה, צווישן זיי ד״ר שנייבערג, באַקאַנטער וואַרשעווער רענטגענאָלאָג, זענען געבליבן לעבן. ס׳איז דעמאָלט געווען אפשר דער איינציקער גליקלעכער פאַל צו פאַרצייכענען.

טעאָדאָר שנייבערג מיט זיין פרוי האָבן נאָך דער באַפרייונג געאַרבעט אינעם ראַדיאָ, אונטער קריסטלעכע נעמען. ער האָט פאַרנומען דאָרט אַ גאַנץ הויכן אַמט.

ווען איך בין געקומען צו ביליגן אין דער אָפּגערעדטער צייט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער פערזענלעך האַלט דעם געדאַנק פון אַ ייִדישער ראַדיאָ־שעה פאַר אַ גאַנץ גוטן, אָבער אַנדערע מיטגלידער פון דער אַנפירונג זענען קעגן דעם, מחמת דאָס קאָן אַרויסרופן בייז בלוט ביי די פּאָליאַקן, ווען זיי וועלן הערן אַ ייִדיש וואָרט דורכן פּוילישן ראַדיאָ. מען שרייט סיי ווי — זאָגט ער — אַז ייִדן האָבן „פאַרייִדישט״ פּוילן. אויב אָבער איך נעם זיך אונטער צו איבערצייגן די קעגנער פון דעם פּראָיעקט, האָט ער גאָרנישט קעגן דעם, אַז עס זאָלן צווישן די אַנדערע פרעמד־שפּראַכיקע אוידיציעס, אויך איינגעפירט ווערן אַ ייִדישע. מען האָט זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין דער ראַדיאָ־סטאַציע און זיך דורכשמועסן מיט אַלע, וואָס וואָלטן געקאָנט דעצידירן אין דער פראַגע.

ווען איך בין געקומען צו דער באַשטימטער אסיפה, אין קאַבינעט פונעם דירעקטאָר ביליג, האָב איך דאָרט געטראָפן די גאַנצע קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט באַשליסן וועגן דעם ענין. איך וועל דאָ אָנגעבן די נעמען פון די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער קאָנפערענץ. דאָס זענען געווען: סטעפאַן מאַטושעווסקי, מיניסטער פאַר פּראָפּאַגאַנדע און אינפאָרמאַציע, — אַ געוועזענער גלח, וואָס איז נאָך פאַר דער מלחמה אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער קאַטוילישער קירך צוליב זיינע קאָמוניסטישע איבערצייגונגען, זיין פאַרטרעטער, ווערבלאָווסקי — שפּעטערדיקער אַמבאַסאַדאָר אין טשעכאָסלאָוואַקיע; קאַראָל ווענדע — וויצעמיניסטער פאַר

קולטור און קונסט, שפּעטערדיקער אַמבאַסאַדאָר אין יוגאָסלאַוויע; פּול-קאָוניק וויקטאָר גראָש (שפּעטערדיקער גענעראַל) — שעף פון פּאָליטי־שער אויפקלערונג אין דער פּוילישער אַרמיי, דירעקטאָר ביליג און זיין פּאַרטרעטער, קאַפּיטאַן נאַדין.

איך האָב רעפערירט מיין פּראָיעקט. דער שטאַרקסטער קעגנער פון מיין פּלאַן איז געווען דער פּאַרטרעטער פונעם ראַדיאָ־דירעקטאָר ביליג — קאַפּיטאַן נאַדין, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף דער שעדלעכער ווירקונג, וואָס אַ יידישע ראַדיאָ־שעה קאָן האָבן אינעם איצטיקן מאָמענט. אנשטאָט צו באַרויקן די געמיטער פונעם פאָלק, ביי וועלכן די שטימונג לגבי יידן איז דערווייל נישט קיין גינסטיקע, וועט מען זיי נאָך מער אויפרייצן. מען דאַרף — זאָגט ער — דורך אַ סיסטעמאַטישער פּראָפּאַגאַנדע זיי פריער צוגרייטן צו דעם געדאַנק, אַז יידן האָבן, פּונקט ווי אַלע בירגער פונעם לאַנד, אַ רעכט זיך אויסצולעבן אין זייער שפּראַך. דעריבער איז ער, ווי ער האָט שוין פריער געהאַט געזאָגט ביליגן, אַ שטאַרקער קעגנער פונעם גאַנצן פּלאַן.

קאַראָל ווענדע איז מסכים מיט נאַדינען, אָבער ער וואָלט געמיינט, אַז מען זאָל די בירגער פועם יידישן גלויבן יאָ דערלויבן צו האָבן אַן אייגענע ראַדיאָ־שעה, אָבער נאָר אין דער פּוילישער שפּראַך.

וואָרבלאַווסקי האַלט, אַז „זשאַרגאָן״ — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — וואָס וועט געהערט ווערן דורכן ראַדיאָ, קאָן ביים איצטיקן מאָמענט נישט פאַרבעסערן די אַנטי־יידישע שטימונגען. מען דאַרף דעריבער, לויט זיין מיינונג, זיין זייער פּאָרזיכטיק איידער מען נעמט אָן אַזאַ ערנסטן באַשלוס.

מאַטושעווסקי — דער געוועזענער גלח — מיינט, אַז מען טאָר זיך נישט רעכענען מיט די שטימונגען פון די כוליגאַנעס, און פּונקט ווי מען דאַרף זיי באַקעמפן מיט אַ פעסטער האַנט, דאַרף מען אויך אין דעם פּרט נישט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט. פּאַרקערט, — זאָגט ער, — מען דאַרף כסדר אונטערשטרייכן, אַז די קליינע צאָל יידן, וואָס איז ניצול געוואָרן פון דער אומדערהערטער קאַטאַסטראָפע, האָבן אונדזער שוץ אין אַלע הינזיכטן, און זיי קענען זיך אין נייעם פּוילן אויך אויסלעבן קולטורעל און שפּראַכ־לעך. דורך שטעלן די יידן צו פאַרפיגונג דעם מלוכהשן ראַדיאָ, וועט מען

— האַלט ער — נאָך מער באַפעסטיקן אונדזער ווילן אַרויסצווייזן טאָלע־ראַנץ און גלייכהייט פאַר אַלע בירגער, אָן אונטערשיד פון זייער גלויבן.

וויקטאָר גראָש האָט שטאַרק אונטערשטיצט מאַטושעווסקין, דערקלערנ־דיק, אַז עס וועט אויסקומען לעכערלעך צו געבן אַ יידישע שעה אין דער פוילישער שפּראַך, ווי וועגדע האָט פאָרגעלייגט.

— מיר טאָרן נישט אין נייעם פוילן שטערן דער יידישער מינדערהייט אויסצולעבן זיך אין זייער אייגענער שפּראַך — האָט גראָש פאַרענדיקט.

נאָך אַ לענגערער דיסקוסיע פאַר און קעגן דעם פּראָיעקט, האָב איך געקריגן דאָס וואָרט. איך האָב דערקלערט:

— די וועלט האָט זיך שוין דערוווסט וועגן דער אויסראָטונג פון דעם כמעט גאַנצן פוילישן יידנטום. זי וואַרט מיט אומגעדולד אויף יעדער ידיעה פון דאַנעט. די יידישע וועלט — נאָך מער. ווילט איר זיי נישט געבן די מעגלעכקייט אויסצוהערן דירעקט פון די געליטענע וועגן דעם וואָס די דייטשן האָבן מיט זיי געטון? ווי אַזוי זיי האָבן זיך געראַטעוועט פונעם גיהנום? ווו זיי געפינען זיך איצט און וואָס זיי טוען. ווער עס איז אַלץ גע־בליבן לעבן? צי האַלט איר נישט, אַז אַזאַ דירעקטער קאָנטאַקט וועט אויפטון מער אין דער אַנטידייטשישער פּראָפּאַגאַנדע? געוויסע קרייזן אין אויסלאַנד באַמיִען זיך דורך דער פּרעסע צו פאַרקלענערן דעם פאַרנעם פון די שרעק־לעכע פאַרברעכנס, וואָס זענען דורך די דייטשישע רוצחים אָפּגעטון געוואָרן אין פוילן. זיי ווילן פאַרטונקלען דאָס קאָשמאַרע בילד פון דער גרויזאַמער, ברוטאַלער און ראַפינירטער אויסראָטונג פונעם פוילישן יידנטום. אַזאַ די־רעקטער קאָנטאַקט, ווי איך לייג פאָר, פון די אַמייסטן געליטענע מיט דער אויסערלעכער וועלט, וועט אויך געווינען די סימפּאַטיע פון דער וועלט פאַר דער נייער פוילישער רעגירונג, וועלכע איז געווען די ערשטע וואָס האָט, צווישן אַנדערע, דערלויבט זיך צו באַנוצן מיט יידיש דורכן מלוכה־ראַדיאָ. דאָס דרינגט, אגב, אויך אַרויס פונעם מאַניפעסט פון דער צייטווייליקער פוילישער רעגירונג, וואָס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן דעם 22סטן יולי (1944) אין כעלם. אין דעם מאַניפעסט, ווערט דאָך בפירוש געזאָגט, אַז „יידן מוז גאַראַנטירט ווערן דער צוריקקער פון אַלע זייערע רעכט וואָס די דייטשן האָבן ביי זיי צוגערויבט, און געבן זיי לעגאַלע און פאַקטישע גלייכהייט...“ איך בין נישט מסכים מיט די דאָ אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, אַז דער קלאַנג

פון דעם ייִדישן לשון וועט נאָך מער אויפרייצן די פּוילישע ראַדיאָ־צוהערער. אויב מען וויל זיך רעכענען מיט די כוליגאַנעס, דאַרף מען גיכער זאָרגן אויסצומיידן זיך צו באַווייזן אויף די גאַסן מיט ייִדישע נעזער, וועלכע רייצן זיי סיי ווי סיי, אומאָפּהענגיק פון דעם צי די באַזיצער פון די נעז וועלן רעדן פּויליש צי ייִדיש, און צי זיי וועלן זיך באַהאַלטן אונטער זייערע פּויליש־אַדאָפּטירטע נעמען...

ווי עס זעט אויס האָט מען אַלץ נישט געהאַט די דרייסטקייט אָנצונעמען אַ באַשלוס וועגן ייִדישע ראַדיאָ־אוידיציעס. ס׳איז אָפּגערעדט געוואָרן זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער העכסטער אינסטאַנץ, און ערשט דעמאָלט וועט מען קענען אַרויסטראָגן דעם באַשלוס. די שטימונג ביי דער מערהייט איז געווען, ווי איך האָב געקענט אָבסערווירן, אַ גינציקע פאַר מיין פאָרשלאָג. פון די אָפּגעהאַקטע ווערטער האָב איך, הערנדיק כסדר דערמאָנען דעם נאָמען „יאַקוב", פאַרשטאַנען, אַז איצט איז אַלץ אָפּהענגיק פון „דער גרויער עמינענץ" אין דער נייער רעגירונג — יאַקוב בערמאַן. אָן אים האָט מען קיין שום וויכטיקן באַשלוס נישט אָנגענומען.

אומגעפער אַ וואָך נאָך דער היסטאָרישער קאָנפערענץ אין דער געביידע פון דער ראַדיאָ־סטאַציע, האָט מען מיך אַרויסגערופן צום דירעקטאָר ביליג, וועלכער האָט מיר געמאָלדן:

— ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן איר זאָלט קריגן צוויי מאָל אַ וואָך צו פופצן מינוט פאַר דער אוידיציע אין דער ייִדישער שפּראַך. איר ווערט באַשטימט פאַרן פאַראַנטוואָרטלעכן לייטער פון דער ייִדישער שעה. עס דאַרף הייסן „זוך־ווינקל פון קרובים", וווּ איר וועט איבערגעבן די נעמען פון די געראַטעוועטע ייִדן, וואָס זוכן זייערע קרובים אין אויסלאַנד.

די ייִדישע ראַדיאָ־אוידיציע איז געגעבן געוואָרן אין נאָמען פון „פאַראיין פון ייִדישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַרטיסטן" (שפּעטער איז צום קאָפּל צוגעקומען אויך: „צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן", וועלכער האָט מיט דער צייט אין גאַנצן איבערגענומען די ייִדישע ראַדיאָ־שעה).

וויפל לעבן די ייִדישע ראַדיאָ־אוידיציעס האָבן אַריינגעבראַכט, קאָן דינען דער פאַקט, וואָס פון אַלע זייטן פלעגן אָנקומען בריוו אין אונדזער „זוך־ווינקל" מיט די נעמען פון די געראַטעוועטע, וואָס זוכן קרובים אין

אויסלאַנד. אויך די רשימות פון די יידישע קאָמיטעטן זענען דורך אונדז איבערגעגעבן געוואָרן אויף די קורצע ראַדיאָ־כוואַליעס.

ווען איך בין שוין געווען אין אויסלאַנד, האָב איך ערשט דעמאָלט דערזען דעם גרויסן באַטייט פון אונדזערע יידישע ראַדיאָ־אודיציעס. אַ דאַנק זיי, האָבן זיך הונדערטער און, שפּעטער — טויזנטער מענטשן דער־ווּסט וועגן די געראַטעוועטע יידן. סיי אין ארץ־ישראל, סיי אין לאָנדאָן, צי פּאַריז, סיי אין אַנדערע אייראָפּעיִשע שטעט און אין אַלע „די־פּי־לאַגערס", האָבן ספּעציעלע אָפּנעמער אויפגעכאַפּט אונדזערע יידישע ראַדיאָ־אודיציעס און איבערגעגעבן אין דער פּרעסע די נעמען און אַדרעסן פון די געראַטעוועטע וואָס, פאַר אַ סך מענטשן איז עס פּאַקטיש געווען דער ערשטער לעבעדיקער גרוס פון די על פּי נס געראַטעוועטע. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן יידן פון דער גאַנצער וועלט אויפגעכאַפּט אונדזער ראַדיאָ־שעה און זיך צוגעהערט צו די אויסגערופענע נעמען — אפשר וועט זיך אַ קרוב אָדער באַקאַנטער געפינען אויף דער רשימה.

די אַרבעט איז געווען זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע און גענוג שווערע, אַזוי, אַז איין מענטש איז דאָס נישט אימשטאַנד געווען אַליין דורכצופירן. מיטן צוקומען פון טאָג צו טאָג, פון נייע באַפרייטע געביטן, זענען אויך צוגעקומען נייע נעמען און נייע אַדרעסן. זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז צו אונדז האָבן זיך געווענדט נישט נאָר די געראַטעוועטע יידן, נאָר אויך סאָוועטישע יידישע אָפיצירן און סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געפונען מיט זייערע אָפּטיילונגען אין פּוילן, און זיי האָבן אַזוי־אַרום געהאַט די מעגלעכקייט צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן צו געבן אַ צייכן פון לעבן זייערע קרובים אין דער וועלט.

מיר האָבן געהאַט צו פאַרצייכענען אויך גענוג טראַגי־קאָמישע סצע־נעס, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט אונדזערע אוידיציעס. עס פלעגן צו אונדז קומען אַנגעזעענע פּוילישע מלוכה־באַאַמטע און העכערע אָפיצירן מיט דער בקשה אויפצוגעבן זייערע נעמען דורכן ראַדיאָ, — אפשר וועט זיך אַ קרוב אין אויסלאַנד אָפּרופן. מיר האָבן זיי געענטפערט, אַז מיר באַ־דינען נאָר יידן, און זיי דאַרפן זיך ווענדן צום „זוך־ווינקל" פאַר נישט־יידן. ווי איבערראַשט זענען מיר געוואָרן, אַז די דאָזיקע מענטשן, וועלכע אַלע האָבן געהאַלטן פאַר הונדערט־פּראָצענטיקע קריסטן, האָבן, נישט געקוקט

אויף זייערע פאַרשטעלטע נעמען, אונדז איינגערוימט אַ סוד: מיר זענען אויך ייִדן, און טאַקע גלייך אויפגעגעבן זייערע ריכטיקע ייִדישע נעמען...

מיין אַרבעט אין ראַדיאָ האָב איך איינגעטיילט מיט דיאַנאַן, וועלכע איז געוואָרן די שטענדיקע „ספּיקערין". איך האָב צוגעגרייט די מאַטעריאַלן און אויך גערעדט פון צייט צו צייט. ד"ר ע. זאַמערשטיין האָט דורך אונדזער ראַדיאָ־שעה געמאַכט די ערשטע ווענדונג צו דער וועלט. מיר האָבן אויך געהאַט אַנדערע געסט־רעדנער. אונדזערע ייִדישע אוידיציעס, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן מיט זוכן קרובים, זענען איצט געוואָרן אַ נויטווענדיקייט און מען האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו רעכענען מיט זיי.

איך האָב אויך איבערגעגעבן קורצע ידיעות וועגן ייִדישן לעבן אין לאַנד און, דערנאָך, ווען איך האָב צוגעקריגן אַ דריטע פּערטל־שעה (זונ־טיק, דינסטיק און דאָנערשטיק), האָב איך שוין איבערגעגעבן ידיעות וועגן דער אויסראָטונג, די נעמען פון די דייטשישע תלינים און, אויב עס איז נאָר געווען מעגלעך פעסטצושטעלן, אויך די שטעט פון וועלכע די נאַצי־באַנדיטן האָבן געשטאַמט.

עס איז מיר געלונגען צו באַקומען בריוו פון די מערדער פון מאַידאַ־נעק, וועלכע מען האָט געפונען נאָכדעם ווי די סאָוויעטישע אַרמיי האָט פאַרנומען דאָס דאָזיקע מאָרד־אָרט. זייערע בריוו, און די בריוו פון זייערע משפחות, וואָס זיי האָבן געשריבן צו די מערדערס, ווי אויך אָפיציעלע דאָ־קומענטן פון דער אינסטיטוציע „קראַפט דורך פרוידע" אין בערלין, וועלכע די אָפּטרעטנדיקע נאַצי־באַנדיטן האָבן נישט באַוויזן צו פאַרניכטן. אין די דאָזיקע בריוו בעט „קראַפט דורך פרוידע" איבערצושיקן אין רשות פון דער דייטשישער געזעלשאַפט „מוטער און קינד" אַ גאַנצע ריי זאַכן, ווי קינדער־מלבושים, קינדער־וועש, קינדער־וועגעלעך, פּופּן און שפּילצייג.

„מוטער און קינד" ביי „קראַפט דורך פרוידע" איז געווען אַ דייטשישע פרויען־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלע שיכטן פון דער דייטשי־שער באַפעלקערונג און אַרום וועלכער עס האָבן זיך גרופּירט מיליאָנען דייטשישע פרויען; אַן אָרגאַניזאַציע — ווי עס האָט געהייסן — אַן אומפּאַר־טייאישע, און וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו פאַרשאַפן פרייד נישט נאָר די דייטשישע ווערמאַכט, די ס. ס., ס. א. נ., ס. ד. א. פ., און ענלעכע כשרע פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפטן, נאָר דעם גאַנצן דייטשישן פאָלק. פון די דאָ־

קומענטן האָט מען געקאָנט אַרויסדרינגען ווי די דייטשישע באַפעלקע־רונג האָט געזאָרגט פאַר די דייטשישע קינדער. זיי האָבן זיך געווענדט אין פאַרניכטונג־לאַגער מאַידאַנעק, און מסתמא אויך אין אַנדערע לאַגערס, מען זאָל זיי פאַרזאָרגן מיט די נייטיקע זאַכן און שפּילצייג פאַר די קינדער פונעם „אויסגעוויילטן דייטשישן פאָלק״. דער מקור פון וואַנען די זאַכן האָבן גע־שטאַמט, איז זיי דאָך געווען קלאָר: “MADE IN MAIDANEK”.

איך האָב די דאָזיקע בריוו איבערגעגעבן דורכן ראַדיאָ. אין איינעם פון די בריוו, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו טראַנסמיסירן דורכן ראַדיאָ, איז געווען פון פּריוואַטן כאַראַקטער, געשריבן פון אַ דייטשישער פרוי צו איר מאַן, אַ געוויסן אונטערשאַר־פירער קערבער. די פרוי האָט זיך באַקלאָגט פאַר אים, אַז איר שכנטע, ווי עמעס מאַן „אַרבעט״ צוזאַמען מיט אים אין מאַידאַנעק, באַקומט פון אים אָפט „וווּנדערבאַרע געשענקע און ווערט־זאַכן״, און זי, זיין פרוי, נעבעך, האָט במשך פון דער גאַנצער צייט וואָס ער איז אין מאַידאַנעק, נאָר איינמאָל דערהאַלטן פון אים אַ מתנה, בעת ער איז געווען אין דער היים אויף אורלויב. זי שעמט זיך, שרייבט זי, פשוט פאַר די שכנים...

די אַלע בריוו אָדער דאָקומענטן האָט מיין פרוי אָדער איך געלייענט אויף אונדזער ראַדיאָ־שעה און איבערגעגעבן דער וועלט די נעמען פון די בריוו־שרייבער און זייערע אַדרעסן.

ווען איך האָב אויף מיינע אייגענע אחריות אָנגעהויבן איבערצוגעבן אויך פאַלן פון מאָרדן, וואָס פּאַליאַקן האָבן אויסגעפירט שוין נאָך דער באַ־פרייאונג, האָב איך באַקומען שריפטלעכע דראָאונגען. הפּנים, אַז די פּוי־לישע כוליגאַנעס האָבן זיך אויך צוגעהערט צו די פּאָפּולער־געוואָרענע יידי־שע ראַדיאָ־אוידיציעס. עס איז געווען אַ געפאַר אָנצוגעבן די אַדרעסן פון די געראַטעוועטע יידן, ווייל די מערהייט פון זיי האָט נאָך אַלץ געלעבט, פּונקט ווי איך און מיין פרוי, אויף קריסטלעכע דאָקומענטן און פרעמדע נעמען. האָבן מיר באַשלאָסן אָנצוגעבן דורכן ראַדיאָ בלויז די יידישע נעמען פון די געראַטעוועטע, נישט צוגעבנדיק זייערע ניי־אַדאָפּטירטע קריסטלעכע נעמען, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט נאָך דער באַפרייאונג. די אַדרעסן האָבן מיר שוין אויך אויפגעהערט אָנצוגעבן, נאָר געהייסן זיך ווענדן צו די יידישע קאָמיטעטן, אָדער צו אונדזער ראַדיאָ־סטאַציע. באַלד נאָך אונדזערע

ערשטע ראַדיאָ־אוידיציעס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען טעלעגראַמעס פון אויסלאַנד מיט אָנפראַגעס וועגן קרובים און פריינט. די ערשטע טעלעגראַמעס זענען געווען פון ישראל — פון זרובבל און יצחק גרינבוים. די טעלעגראַמעס זענען געגאַנגען נישט דירעקט, נאָר דורך מאָסקווע.

צוגלייך מיט אונדזער השפּעה איז אויך געוואַקסן דער טעראָר קעגן אונדז. די דירעקציע פון ראַדיאָ אין לובלין האָט דערהאַלטן אַ בריוו, אַז אויב זי וועט גלייך נישט אָפּשטעלן די אוידיציעס אין דער יידישער שפּראַך, וועט די גאַנצע געביידע אויפגעריסן ווערן. אין אַ צייט אַרום האָבן זיי זייער דראָאונג אויסגעפירט. מען האָט געוואָרפן אַ באָמבע אויף דער ראַדיאָ־סטאַציע, אָבער צום גליק האָט זי נישט אויפגעריסן. די דראָאונג־בריוו האָבן ווייטער נישט אויפגעהערט אָנצוקומען. מיר האָבן פּשוט מורא געהאַט צו גיין אין דער ראַדיאָ־געביידע אָן אַ מיליטערישער וואַך. היות אונדזערע פּראָגראַמען, פּונקט ווי די אַנדערע פרעמדשפּראַכיקע אוידיציעס, זענען געגעבן געוואָרן אָוונטצייט, זענען מיר קיינמאָל נישט אַהיימגעגאַנגען צו פוס. אַ מיליטערישער דזשיפּ האָט אונדז, אונטער אַ וואַך, געבראַכט צו אונדזער הויז, וווּ מיר האָבן געוווינט.

אין שייכות מיט דעם וויל איך איבערגעבן אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד, וואָס זאָגט עדות וועגן דער לאַגע וואָס האָט באַלד נאָך דער באַפרייאונג געהערשט אין לובלין.

אין אַ געוויסן אָוונט האָט מען אונדז געמאָלדן אין דער ראַדיאָ־געביידע, אַז דער אויטאָ (געווען דעמאָלט איין מאַשין אין רשות פון ראַדיאָ) איז קאַליע געוואָרן און דער שאָפער וועט היינט נישט קאָנען מיט אונדז פאָרן. אין דער געביידע פון דער ראַדיאָ־סטאַציע איז גראָד געווען דער פּולקאָווניק יאַקוב פּראַווין (שפּעטערדיקער גענעראַל און פּוילישער פּאַרטרעטער אין מזרח־בערלין), וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אונדז אָפּצופירן אַ היים. אויפן וועג האָט מען אונדז אייניקע מאָל אָפּגעשטעלט און געפאָדערט אונדזערע דאָקומענטן, ווי אויך צו זאָגן דעם פּאַראָל (אָפּגערעדטן ציכן), אַז מיר האָבן אַ רעכט צו גיין ביינאַכט אין גאַס. יעדע נאַכט איז געווען אַן אַנדערער פּאַראָל. דערצו נאָך צווייערליי: אַ רוסישער און אַ פּוילישער, וואָס ביידע קאָמענדאַנטורן האָבן אַרויסגעגעבן.

די מיליטערישע נאַכט־פּאַטרולן אין שטאָט זענען געווען פּוילישע און

רוסישע. ווען כ׳וואָלט געזאָגט, אַז צווישן די פּאַרשטייער פון די צוויי באַ־פריינדעטע מלוכות האָט געהערשט שלום ושלוה, וואָלט איך געזאָגט נישט אמת. געווען אַפילו אינצידענטן, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט שיסערייען צווישן די רוסישע און פּוילישע פּאַטרולן. עס זענען דערביי געווען אויך טויט־פאַלן. ווען אונדז האָט אָנגעטראָפן אַ פּאַטרול פון פּוילישן מיליטער און דערזען אַ פּולקאָווניק אין אונדזער גרזעלשאַפט, האָט מען אונדז אַפילו נישט אָפּגעשטעלט. אַנדערש איז אָבער געווען ווען מיר האָבן באַגעגנט אַ רוסישן פּאַטרול. מיט די ביקסן, אָנגעשטעלט גרייט צו שיסן, האָבן זיי אונדז פאַרהאַלטן. דער פּולקאָווניק פּראַווין איז צו זיי צוגעגאַנגען גאַנץ נאָענט און זיי איינגערוימט דעם פּאַראָל. דאָס ערשטע מאָל איז אַלץ צוגעגאַנגען כשורה.

אַ צווייט מאָל, אָבער, שוין אויף דער אָגראָדאָווע גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט, האָט אונדז ווידער אָפּגעשטעלט אַ סאָוויעטישער פּאַטרול, מיט אַ שטרענגן אויסרוף: „סטאָי!" (שטיין בלייבן). מיר זענען, פאַרשטייט זיך, מאָמענטאַל געבליבן שטיין. דער פּולקאָווניק איז אויך דאָס מאָל צו זיי צוגעגאַנגען און שטילערהייט זיי געזאָגט דעם פּאַראָל. מיר האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט און געוואַרט ביז פּראַווין וועט צו אונדז צוריקקומען. דער עלצטער פון דער וואַך האָט אים געפרעגט ווער מיר זענען. פּראַווין האָט געענטפערט, אַז מיר גייען אַהיים פון דער ראַדיאָ־סטאַציע, ווו מיר אַרבעטן. אַלץ האָט אויסגעזען צו זיין אין בעסטן אָרדענונג.

צוזאַמען מיטן פּולקאָווניק פּראַווין האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו אונדזער טויער. דער פּאַטרול, וואָס האָט אונדז דורכגעלאָזט, האָט זיך אָבער באַלד מיישב געווען און נאָך אַ שושקעריי צווישן זיך, האָבן מיר ווידער דערהערט דעם באַקאַנטן אויסרוף: „סטאָי".

מיר זענען, ווי דער שטייגער, גלייך שטיין געבליבן אויפן אָרט. אין דער צייט אָבער, ווען די סאָלדאַטן האָבן זיך צו אונדז דערנענטערט, האָב איך באַוויזן אויפצושליסן דעם טויער פונעם הויז ווו מיר האָבן געוווינט, און איך האָב געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו צוהערן צום געשפּרעך, וועלכן די סאָלדאַטן האָבן געפירט מיטן פּולקאָווניק:

— נו, גוט, דו ביסט אַ פּולקאָווניק... אָבער זיי זענען ציווילע, קאָ־

נען מיר זיי נישט דורכלאָזן, פֿאַרשטייסט? מירן גיין מיט זיי אין דער קאָמענדאַנטור און דאָרט וועט זיך אַלץ אויפֿקלערן...

דער אימפּולסיווער פּולקאָווניק פּראַווין האָט זיך אָנגעהויבן צו דע־נערווירן (מיר — נישט ווייניקער פֿון אים) און געהייסן די סאָוועטישע סאָלדאַטן אַוועקגיין.

— איך בין — זאָגט ער — אַ העכערער פּוילישער אָפֿיציר און איך בין פֿאַר זיי פֿאַראַנטוואָרטלעך. איך פֿיר זיי איצט אָפּ אַ היים.

די סאָלדאַטן האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צו דענערווירן און זייער „סטאַרשינא" (עלצטער) האָט געזאָגט:

— נו, גוט, דו ביסט טאַקע אַ פּוילישער פּולקאָווניק, אָבער אונדז האָסטו נישט צו זאָגן קיין דעות וואָס מיר דאַרפֿן טון, פֿאַרשטייסט? די ציווילע וועלן גיין מיט אונדז, און אויב דו ווילסט נישט, וועלן מיר דיך אויך אַרעסטירן...

פֿון אַ וואָרט צו אַ וואָרט, ביז — עס האָט געהאַלטן ביי אַ שיסעריי. דערזעענדיק די ערנסטקייט פֿון דער לאַגע, האָבן מיר מיט כּוח אַריינ־געשלעפּט דעם פּולקאָווניק אין טויער, וועלכן מיר האָבן שנעל פֿאַר־האַקט און פֿאַרשלאָסן הינטער זיך. גייענדיק אויף די טרעפּ אַרויף צו אונדז, האָבן מיר נאָך אַלץ געהערט זייער זידלען זיך און דעם באַרימטן רוסישן דרייגאָרנדיקן „מי שברך"...

נישט טויט, נישט לעבעדיק זענען מיר אַריין צו אונדז אין שטוב. מיר האָבן אַ פּאָר שעה פֿאַרהאַלטן ביי זיך דעם פּולקאָווניק, ווייל ס'איז געווען אַ מורא, אַז די סאָלדאַטן קאָנען אים נאָך אָפּוואַרטן פֿאַרן טויער און עס קאָן אים עפּעס געשען. אַזעלכע פֿאַלן האָבן שוין פּאַסירט אין לובלין.

אַנומלט איז אַ סאָוועטישער פּאַטרול אָנגעפֿאַלן אויף אַ הויז, וווּ עס האָט געוווינט אַ פּוילישער אָפֿיציר־פּאַרטיזאַן מיט זיין יונג ווייבל. די חבֿרה האָט זיך נאָר געוואָלט נעמען צו דער פֿרוי. זעענדיק אַז ער האָט נישט קיין אַנדערן אויסוועג, האָט דער פּוילישער אָפֿיציר אָנגעהויבן צו שיסן און דערהרגעט אַלע דריי סאָלדאַטן. באַלד נאָך דער דאָזיקער גע־שעעניש איז דער אָפֿיציר מיט דער פֿרוי אַנטלאָפֿן. דער רוסישער קאָ־

מענדאַנט האָט געפאָדערט ביי דער פּוילישער מיליטער־מאַכט מען זאָל דעם אָפיציר אַרויסגעבן. מען האָט אים, פאַרשטייט זיך, נישט אַרויס־געגעבן, ווייל ער איז שוין געווען אויסבאַהאַלטן מחוץ לובלין.

פּולקאָווניק פּראַווין האָט זיך אַלץ נישט געקאָנט באַרויִקן און ער האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז ער וועט די זאַך נישט דורכלאָזן. מאָרגן וועט ער גיין דירעקט צום גענעראַל סענטשילאָ (סאָוועטישער שטאָט־קאָמענדאַנט) און פאָדערן פון אים צו באַשטראָפן דעם פּאַטרול, וואָס האָט מיט אים געהאַט דעם אינצידענט.

צו מאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווּסט פון פּולקאָווניק פּראַווין, אַז אַרויסגייענדיק ביינאַכט פון אונדזער טויער, האָט ער גראָד באַגעגנט אַ פּוילישן פּאַטרול און די סאָלדאַטן האָבן אים אָפּגעפירט אַ היים.

**

אין שייכות מיט מיין אַרבעט אין דער ראַדיאָ־סטאַציע לובלין, וויל איך איבערגעבן נאָך אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל.

צווישן דער גרופּע סאָוועטישע צייטונג־לייט און קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין לובלין — יעדנפאַלס די, וואָס איך האָב באַגעגנט — זענען געווען אַלץ מענטשן אין סאָוועטישע מיליטערישע מונדירן. געווען אויך אייניקע אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, צווישן די ערשטע — ריימאָנד דייוויס, אַלעקסאַנדער ווערטה און פּרוי ווינטער. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַנדער גרופּע קאָרעס־פּאָנדענטן־פאָרשטייער פון ענגלישע, פראַנצויזישע און אַמעריקאַנער צייטונגען און פּרעסע־אַגענטורן. זייענדיק אין דער געביידע פון לובלינער ראַדיאָ, האָבן זיי אויך באַזוכט אונדזער יידישן אָפּטייל. איינער פון דער גרופּע האָט זיך צו מיר געווענדט אויף מאַמע־לשון. דאָס איז געווען דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון דער אַמעריקאַנער „יונייטעד פּרעס" — הענרי שאַפּיראָ.

ווען די איבעריקע קאָרעספּאָנדענטן האָבן דערהערט, אַז מיר זענען אויך פון די על־פּי־נס געראַטעוועטע, האָבן זיי דורך דער פאַרמיטלונג

פון זייער אַמעריקאַנער קאָלעגע, דער איינציקער, וועלכער האָט זיך מיט אונדז געקענט פאַרשטענדיקן — געשטעלט פאַרשידענע פראַגעס. זיי האָט, קודם כל, אינטערעסירט צו וויסן צי עס זענען טאַקע אומגעקומען מיליאָנען יידן; צי מען טרייבט נישט איבער מיט דער פראָפּאַגאַנדע...

די צווייטע זאַך, וואָס עס האָט זיי שטאַרק אינטערעסירט צו וויסן איז געווען, ווי עס באַציט זיך די נייע פּוילישע רעגירונג צו די געראַטעוועטע יידן; וואָס פאַרא שטימונג עס הערשט אין לאַנד, און נאָך און נאָך אַזעלכע פראַגעס.

היות איך האָב זיך געוואָלט דורכשמועסן אויג אויף אויג מיט דעם אַמעריקאַנער ייִדן, און אין ראַדיאָ איז עס געווען אוממעגלעך, האָב איך אים געפרעגט צי איך וואָלט זיך מיט אים געקאָנט טרעפן אויף אַן אַנדערן פּלאַץ. מר. שאַפּיראָ האָט מיר געענטפערט, אַז ער וועט זיך מיט פאַרגעניגן טרעפן מיט מיר. ער האָט גלייך אויפן אָרט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכל, נאָכגעקוקט די פרייע צייט און מיר פאָרגעלייגט צו קומען צו אים אין צוויי טעג אַרום. ער האָט מיך נאָך אַמאָל געפרעגט מיין נאָמען און אים פאַרשריבן ביי זיך אין נאָטיץ־ביכל, צוזאַמען מיטן טאָג און שעה, ווען איך האָב געדאַרפט זיין ביי אים.

איך האָב געוואָלט אויסנוצן אַזאַ גוטע געלעגנהייט און דורך אים צו וויסן טון מיינע ברידער זיגמונט, מאַרק און יצחק, ווו מיר געפינען זיך און טאַקע אָנבינדן דורך אים אַ קאָנטאַקט מיט זיי. איך האָב אים געוואָלט פרעגן וועגן לעבן פון די ייִדן אין סאָוועט־רוסלאַנד, און פאַרוואָס איז ביז איצט נישט געקומען אַהער קיין ייִדישע דעלעגאַציע פון דאָרט, ווי אויך — פאַרוואָס צווישן די אַלע קאָרעספּאָנדענטן וואָס קומען פון סאָוועט־רוסלאַנד איז נישטאָ קיין איין ייִדישער שרייבער, קיין איין פאָרשטייער פון אַ ייִדישער צייטונג. קאָרעספּאָנדענטן פון רוסישע צייטונגען, צווישן זיי אויך ייִדן, פלעגן קומען אַהער אָפט. און, בכלל, האָבן מיך אינטערעסירט אַ סך פראַגן, וועלכע איך וואָלט מיט אים, ווי אַן אַמעריקאַנער ייִד, געקאָנט פריי אַרומרעדן — אָן זייטיקע עדות.

ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן, ווען באַלד צומאָרגנס איז צו מיר געקומען אַ באַוואָפנטער פּוילישער סאָלדאַט (דעמאָלט זענען אַלע מילי־

טערלייט אַרומגעגאַנגען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס) און מיר איבער־געגעבן אַ צעטל פון מאיאָר יעזשי באַריישאַ*), מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„איך וועל אייך זיין דאַנקבאַר ווען איר וועט אַריינקומען צו מיר אין מיין ביוראָ, היינט, 12 אַזייגער בייטאָג. דער ענין איז פאַר אייך זייער וויכטיק".

מאיאָר באַריישאַ איז צו יענער צייט געווען רעדאַקטאָר פון דער אָפיציעלער רעגירונג־צייטונג „זשעטשפּאָספּאָליטאַ" און פון דער לאָקאַ־לער צייטונג, „גאַזעטאַ לובעלסקאַ", ווי אויך דער פאַקטישער דיקטאַטאָר פונעם פרעסע־דעפּאַרטאַמענט.

פאַרשטייט זיך, אַז פּונקט 12 אַזייגער בין איך שוין געווען ביי באַ־ריישאַן אין קאַבינעט. ער האָט מיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן ווי עס לעבט זיך מיר; ווי עס גייט די אַרבעט אין ראַדיאָ, און נאָך אַזעלכע זייטיקע פראַגן. פלוצים האָט ער מיך גאַנץ אומדערוואַרט אַ פרעג געטון צי איך קלייב זיך צו גיין מאָרגן צום אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט שאַפּיראָ.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט — איך דאַרף זיך מאָרגן טרעפן מיט אים.

— צי קאָן איך וויסן צו וואָס? — האָט באַריישאַ געפרעגט מיט אַ שמייכל.

— איך פאַרשטיי נישט אייער פראַגע...

— נו, גאַנץ איינפאַך... איך וויל פשוט וויסן צו וואָס איר דאַרפט זיך מיט אים טרעפן.

— אָט, סתם אַזוי... אַ שמועס טון מיט אים... אַ זשורנאַליסט... און איך בין, ווי איר ווייסט, דער פאָרזיצער פונעם יידישן ליטעראַטן, זשור־נאַליסטן און אַרטיסטן־פאַריין — האָב איך געענטפערט, פילנדיק זיך בעת־מעשה אַביסל פריקרע.

באַריישאַ האָט מסתמא באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט און וועלנדיק מיך אַרויספירן פון דער אומאַנגענעמער לאַגע, האָט ער שנעל צוגעגעבן:

— איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, פאַרשטייט זיך, איר זאָלט זיך מיט

---

*) זיין פון באַקאַנטן ציוניסטישן עסקן און געוו. רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער „היינט", אברהם גאָלדבערג.

אים טרעפן, אָבער... כ׳וואָלט אייך געראָטן, אין אייערע אייגענע אינטע־רעסן, נישט איבערצוגעבן אים קיין שום בריוו קיין אויסלאַנד... קיין שום ידיעות, און — — — ווייטער, מיין איך, קאָן מען זיך אויף אייך פאַר־לאָזן. איר פאַרשטייט דאָך אַליין... ס׳איז נאָך מלחמה... מ׳דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק...

איך בין אַרויס פון באַריישאָס קאַבינעט אַ צעטומלטער. כ׳האָב באַין אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין פון וואַנען ער האָט זיך דערוווסט וועגן מיין באַגעגעניש מיט שאַפּיראָן. ס׳איז דאָך דערביי קיינער נישט געווען און איך האָב עס קיינעם נישט דערציילט. און, בכלל, וואָס גייט אים אָן די גאַנצע זאַך?! ער איז דאָך נישט קיין מיטאַרבעטער פון זיכערהייט־מיניסטעריום. ווען אַזאַ פראַגע וואָלט מיר געשטעלט זיין ברודער יאַצעק ראָזשאַנסקי, וואָלט איך נאָך געקאָנט פאַרשטיין — עס איז געווען זיין אויפגאַבע צו היטן און צו שמעקן, אָבער באַריישאָ — דער רעדאַקטאָר, דער שעף פונעם פרעסע־דעפּאַרטאַמענט?!

ווי עס זאָל נישט זיין, בין איך אַוועק אין דער אָפּגערעדטער צייט צו העברי שאַפּיראָ, אָבער שוין מיט אַ געענדערטן פּלאַן. די פראַגן, וועלכע איך האָב געוואָלט שטעלן, האָב איך שוין נישט געשטעלט, נאָר גע־ענטפערט אים אויף זיינע פראַגן וועגן אונדזערע פּערזענלעכע איבערלע־בונגען ביי די דייטשן, וועגן דעם גליקלעכן ראַטעווען זיך, ווערנדיק אויס־געגראָבן ממש פון אונטער דער ערד דורך אַ סאָוועטישן פּאָדערשטן פּאָסטן; וועגן אונדזער קינד, וואָס געפינט זיך איצט אין וואַרשע — אין דער שטאָט וואָס גייט אָפּ מיט בלוט, בעת דעם פוילישן אויפשטאַנד, אאַז״וו.

שאַפּיראָ האָט זיך געמאַכט נאָטיצן פון אונדזער שמועס און מיט דעם האָט עס זיך געענדיקט. ביים פאַרלאָזן זיין קאַבינעט, האָב איך אים גע־בעטן, אויב עס איז פאַר אים מעגלעך, איבערצושיקן גרוסן פאַר מיינע ברידער זיגמונט און מאַרק, וועלכע געפינען זיך אין אַרגענטינע, און יצחק, וועלכער איז איצט ערגעץ אין רוסלאַנד. איך האָב אונטערגע־שטראָכן, אַז איך בעט אים עס צו טון, ווייל פון לובלין איז נאָך דערוויל נישטאָ קיין פּאָסט־פאַרבינדונג מיט דער וועלט.

שאַפּיראָ האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן וועגן דעם אַ ספּעציעלע טע־לעגראַמע פון מאָסקווע. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, האָט ער

זיין וואָרט נישט געהאַלטן. די געשיכטע מיט באַריישאַן האָט מיר אַ סך געזאָגט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָ אַן אויג, וואָס פּאַסט אויף יעדן שריט, און אַן אויער — אויף יעדן וואָרט. און הגם איך האָב נישט געהאַט קיין שום שלעכטע כוונות, בין איך פון דעמאָלט אָן שוין געווען פאָרזיכטיק און מיט קיין אויסלענדישן קאָרעספּאָנדענט נישט אָנגעבונדן מער קיין שום קאָנטאַקט. איין אויסנאַם האָב איך נאָר געמאַכט מיט איין מענטשן, וואָס איז געקומען קיין לובלין פון לאָנדאָן. דאָס איז געווען יוזעף ליטאַוער, קאָרעספּאָנדענט פון „פּאַט" (פּוילישע טעלעגראַפן־אַגענטור). ליטאַוערן האָב איך געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה. איך האָב געוווּסט, אַז ער קען זיך גוט מיט מיין ברודער מאַרק, האָב איך אים אויסגעפרעגט וועגן אים און געבעטן אַז ער זאָל אים איבערשיקן מיינעם אַ גרוס. משמעות, האָט ער אויך נישט געהאַלטן זיין וואָרט.

***

וועגן צוויי ראַדיאָ־אוידיציעס, וועלכע איך האָב איבערגעגעבן דורכן ראַדיאָ, שוין זייענדיק אין וואַרשע, איז כדאי זיך אָפּצושטעלן (אגב, האָבן מיר אין וואַרשע צוגעקריגן נאָך איין פערטל שעה־פּראָגראַם אַ וואָך, אַזוי, אַז מיר האָבן שוין געהאַט פאַר די יידישע אוידיציעס 4 פּראָגראַמען).

ד"ר עמיל זאָמערשטיין, האָט אין איינע פון זיינע אַרויסטרעטונגען אין נייעם פּוילישן פּאַרלאַמענט (קראַיאָוואַ ראַדאַ נאַראָדאָוואַ), שטאַרק קריטיקירט די רעגירונג פאַר דעם צו שוואַכן באַקעמפן די פּוילישע כוליגאַנעס וואָס האַלטן אין איין מאָרדן די רעשטלעך פון די איבערגעבליבענע יידן. זיין רעדע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. איך האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב די רעדע איבערצוגעבן דורכן ראַדיאָ — און דאָס צוליב צוויי טעמים.

ערשטנס, האָב איך געוואָלט, אַז די וועלט זאָל וויסן וועגן דער אמתער לאַגע פון די יידן אין פּוילן און ס'זאָל זיך אָנהייבן אַ שטאַרקער דרוק אויף די פּוילישע מלוכה־פאַקטאָרן צוצואיילן די עמיגראַציע פון יידן. דער צוזאָג, וועלכער איז געגעבן געוואָרן דורכן פּוילישן פּרעמיער און אַנדערע מלוכה־פאַקטאָרן, איז געבליבן אויפן פּאַפּיר; צווייטנס, האָב

איך דערמיט געוואָלט וואָרענען די ייִדן, וואָס קלייבן זיך צוריק צו קומען קיין פּוילן און האָבן בדעה דאָרט צו בויען אַ נײַ לעבן, זיי זאָלן, דורכן וואָרט פון אונדזער באַרימטן מנהיג ד״ר עמיל זאַמערשטיין, הערן דעם אמת וועגן דער ייִדישער לאַגע אין פּוילן.

נאָך אַלע געשעענישן פון אויסמאָרדן הונדערטער און הונדערטער ייִדן; נאָך דעם ווי דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען נישט געזעענע פאָרמען, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז ווינצענטי זשימאָווסקי איז געווען גערעכט: ס׳איז נישטאָ וואָס צו טראַכטן וועגן אַ צוקונפט פאַרן ייִדישן לעבן אין פּוילן, אין וועלכן איך האָב, נאָך דער באַפרייונג, געגלויבט. מײַן פרוי און איך האָבן אָבער וועגן אונדז קיין שום באַשלוס נישט געקאָנט אָננעמען, ביז מיר וועלן נישט געפינען אונדזער קינד.

די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער זאַמערשטיין־ראַדיאָ־אוידיציע האָט לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך. מען האָט מיך אַרויסגערופן אין אויסערן־מיניסטעריום און מיר געמאַכט אַ פאָרוווּרף פאַרוואָס איך האָב טראַנסמיטירט קיין אויסלאַנד אַ רעדע, וואָס האָט געקאָנט שלעכט פאַרשטאַנען ווערן (זע: קאַפּיטל ד״ר עמיל זאַמערשטיין). להבא האָט מען מיך געבעטן זיך פריִער צו פאַרשטענדיקן מיטן אויסערן־מיניסטעריום וועגן אַזעלכע ענינים. איך דאַרף זיך ווענדן צו דער פרוי גוז — סעקרעטאַרין פון יאַקוב בערמאַן.

דער צווייטער פאַל איז געווען צוליב אַ רעדע, וואָס האָט געהאַלטן דער מיניסטער וולאַדיסלאַוו קערניק, אויף אַ מאַסן־מיטינג אין אַ שטעטל, הינטער קראָקע. היות דאָס האָט געהאַט אויך אַ שייכות צו אונדז ייִדן, האָב איך די רעדע איבערגעגעבן דורך ראַדיאָ; דאָס האָט געבראַכט צו ערנסטע קאָנסעקווענצן. אָבער דאָס איז געשען אין דער צווייטער העלפט פונעם יאָר 1945, אַזוי אַז עס וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן וועגן דעם בפרטיות.

אין משך פון דער צײַט, וואָס איך האָב אָנגעפירט די ייִדישע ראַדיאָ־שעה, האָב איך דערהאַלטן בריוו פון רוסלאַנד, פון זייער נאָענטע מיר מענטשן, מיט דער אָנפראַגע וועגן די אויסזיכטן פאַר ייִדן אין פּוילן און צי עס איז כדאי צו טראַכטן וועגן אײַנאָרדענען זיך דאָרט. דורכן „זוך־ווינקל“ האָב איך די מענטשן געלאָזט וויסן, אַז זיי דאַרפן זיך אײַנשטעלן צו זען

זיך מיט זייערע קרובים אין אויסלאַנד. צוליב זיכערקייט־טעמים האָב איך נישט אָנגעגעבן דאָס לאַנד, ווו די קרובים געפינען זיך, נאָר בלויז זייערע צונעמען.

זייענדיק שוין אין וואַרשע, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיינעם אַן אַלטן פריינט, דעם זשורנאַליסט נפתלי זילבערבערג, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ „די־פי־לאַגער" אין דייטשלאַנד. צום לעצטן מאָל האָבן מיר זיך געזען אין וואַרשעווער געטאָ. איך האָב נישט געוווּסט, אַז ער איז געבליבן לעבן. די ידיעה, וועלכע איך האָב באַקומען פון אים דורך אַ צוריקגעקומענעם פון דייטשלאַנד, האָט מיך זייער דערפרייט: נאָך אַ פריינט געבליבן לעבן! מען האָט זיי דאָך געקאָנט ציילן אויף די פינגער...

זילבערבערג האָט מיר געשריבן, אַז הערנדיק מיך דורכן ראַדיאָ אויף ייִדיש, האָט ער און אַלע איבעריקע ייִדן געוויינט פאַר פרייד. ער האָט, שרייבט ער מיר, דורכגעמאַכט שבעה מדורי גהינום, און ער בעט מיך איך זאָל אים דורכן ראַדיאָ מודיע זיין, דורך אַן אָפּגערעדטן צייכן, וועלכן ער האָט מיר איבערגעגעבן, צי ער דאַרף צוריק קומען קיין פּוילן. איך האָב אים געענטפערט, פאַרשטייט זיך, אַז איך ראָט אים דאָס נישט צו טון. אַ דאַנק דעם — האָט ער מיר שפּעטער געזאָגט, בעת מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אויסלאַנד — איז ער טאַקע נישט צוריקגעפאָרן קיין פּוילן. איצט וווינט נ. זילבערבערג מיט זיין פרוי אין פּאַריז.

ווען איך האָב פאַרענדיקט מיין אַרבעט אין דער ייִדישער ראַדיאָ־שעה האָב איך געהאַט געגעבן 158 ראַדיאָ־אוידיציעס אין דער ייִדישער שפּראַך.

קאַפּיטל פיר

## געראַטעוועטע ייִדישע קינדער

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין האָבן מיר קיין ייִדישע קינדער כמעט נישט געטראָפן. ווי מען האָט אונדז איבערגעגעבן, זענען אין מאַידאַנעק געראַטעוועט געוואָרן 8 ייִדישע קינדער, וועלכע די דייטשן

האָבן, צוליב דער גרויסער רוסישער אָפענסיווע, נישט באַוויזן צו פאַרגאַזן. די קינדער האָט מען געבראַכט קיין לובלין. דער יידישער קאָמיטעט האָט גלייך אָרגאַניזירט די געהעריקע הילף און געזאָרגט פאַר די קינדערלעך. זייער ערשטע היים איז געווען אויף ווישינסקעגאָ נר. 3, אין דער געביידע פונעם רויטן קרייץ. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין האָבן זיך דאָרט געפונען שוין אַ פאָר הונדערט יידן, וואָס זענען צוריקגעקומען פון די וועלדער און באַהעלטענישן. אין לובלין גופא האָבן זיך געראַטעוועט ביי 100 יידן, צווישן זיי — 50 לובלינער.

וויפל יידישע קינדער זענען געראַטעוועט געוואָרן? שווער צו זאָגן. פונקט ווי עס איז שווער געווען פעסטצושטעלן וויפל דערוואַקסענע יידן עס האָבן זיך געראַטעוועט. די סיבה דערפון וועט דער לייענער געפינען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. ווי עס זאָל נישט זיין, זענען אין לובלין, באַלד נאָך דער באַפרייונג, געווען זייער און זייער ווייניק יידישע קינדער — ממש אויף די פינגער צו ציילן. אין יענער צייט האָט זיך יעדער געראַטעוועטער ייד אומגעקוקט אויף דער גאַס, ווען ער האָט געזען פאַרבייגיין אַ קינד. דאָס זענען אָבער געווען גוט געקליידטע און גוט אויסזעענדיקע קינדער, מיט פריילעכע פנימער. אַ יידיש קינד האָט מען באַלד געקאָנט דערקענען נאָך די טרויעריקע אייגעלעך, בלאַסן פנימל און אויסגעדאַרטן גופל. אַ קינד, וואָס האָט צו יענער צייט געשמייכלט און זאָרגלאָז געשטיפט, איז נישט געווען קיין יידיש קינד. פאַר אַזאַ קינד בין איך קיין מאָל נישט שטיין געבליבן און זיך גוט איינגעקוקט — אפשר איז דאָס מיין טעכטערל. מסתמא אַנדערע טאַטעס — אויך אַזוי. ווען איך האָב אויף דער גאַס באַמערקט אַ מענטש, — האָט ער געמעגט גיין אָנגעטאָן אין שטיוול און טראָגן לאַנגע וואָנצעס, אין פוילישן סטיל, — וואָס איז שטיין געבליבן פאַר אַ קינד און עס גוט באַטראַכט, האָב איך שוין געוווּסט, אַז דאָס איז אַ פאַרשטעלטער גוי, דאָס הייסט — אַ ייד.

געווען פאַלן, אמת זעלטענע, ווען צווישן די ווייניק ביים לעבן־אי־בערגעבליבענע יידישע קינדער, זענען איינצלנע אויסגעפונען געוואָרן דורך זייערע אייגענע טאַטעס, וועלכע האָבן געדינט אין מיליטער און זענען, על פי צופאַל, פאַרוואָרפן געוואָרן מיט זייער אַרמיי־אָפּטייל קיין לובלין. יעדער יידישער סאָלדאַט, אַפילו — פון דער סאָוועטישער אַרמיי, וואָס האָט אין

זיין היים איבערגעלאָזט אַ קינד, האָט נישט געקאָנט גלייכגילטיק פאַרביי־גיין דעם אַנשטאַלט, ווו מען האָט אויסגעהאַלטן די געציילטע, געראַטעוועטע ייִדישע קינדער, און נישט אַריינגיין אַהין, כדי צו כאַפּן אויף זיי אַ בליק. הגם זיי זענען שוין פון פריִער געווען צוגעגרייט וועגן גורל פון זייערע אייגענע קינדער, האָבן זיי אַלץ געזוכט אין יתומים־הויז — אפשר איז פאַרט געשען אַ נס...

ווייס איך פון אַ פאַל, ווען אַ ייִדישער סאָלדאַט פון דער פוילישער אַרמיי, — ז. קאָוואַרסקי פון ווילנע — האָט ממש דורך אַ נס געפונען זיין קליין טעכטערל אין דעם יתומים־אַנשטאַלט אין לובלין. זי האָט געהערט צו די געראַטעוועטע פון מאַידאַנעק. די מוטער איז אומגעקומען. עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן די סצענע פון זייער ערשטער באַגעגעניש. אַלע אַרומיקע, וואָס האָבן זיך צו דעם צוגעקוקט, האָבן צוזאַמען מיט זיי גע־וויינט פאַר פרייד און גליק. איין קליין־קייט: אַ ייִדישער טאַטע האָט געפונען זיין קינד! פון דעמאָלט אָן זענען זיי שוין געווען צוזאַמען, און צוזאַ־מען, פון די ערשטע, אַוועק קיין ארץ־ישראל.

איך וועל נישט פאַרגעסן די הימל־שרייענדיקע געוויינען פון די טעאַ־טער־מענטשן, בער שוואַרצשטיין און מ. ליבערמאַן, — ביידע פוילישע סאָלדאַטן — וועלכע האָבן דאָרט געזוכט זייערע קינדער, וואָס זענען אומ־געקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

בער שוואַרצשטיין פלעגט אָפּזיצן ביי אונדז אין לובלין גאַנצע טעג און אויספרעגן וועגן זיין געראַטענעם זון, וועלכן מיר האָבן גוט געקענט אין וואַרשעווער געטאָ. אונדזער מאַרגאַריטקעלע פלעגט דאָך אַזוי ליב האָבן צו שפּילן זיך מיטן יונגן שוואַרצשטיין. און איצט זענען זיי ביידע נישטאָ. מיין פרוי פאַרלירט אָבער אַלץ נישט די האָפענונג. זי גלייבט אַלץ, אַז אונדזער קינד לעבט. אָבער ווי קאָנען מיר טרייסטן אַ טאַטן, ווען מיר בייטיקן זיך אַליין אין טרייסט־ווערטער...

אונדזערע וועגן זענען זיך בקרוב צעגאַנגען. שוואַרצשטיין איז אַוועק אויפן פראָנט צו שלאָגן די דייטשן; מיר — אין כסדרדיקער, פיינפולער דערוואַרטונג...

אין לובלין פלעג איך זיין אַן אָפטער אַריינגייער ביי מיינעם אַ באַ־קאַנטן אַדוואָקאַט פון מעלעץ, ד״ר פערשטענדיק, — דעמאָלט אַן אָפיציר

פון דער פוילישער אַרמיי. ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי, אויך על־פּי־נס געראַטעוועטע, ביי אַ געוויסער קריסטין, מיטן נאָמען יאַנינאַ זילאָוו, וואָס האָט פאַרנומען אַ פּאַרטער־דירה פון דריי שטובן.

אַ קליין מיידעלע פון אומגעפער 5 אָדער 6 יאָר האָט פונעם ערשטן אויגנבליק צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. דאָס קינד האָט זיך כסדר געהאַלטן ביי די פאַלעס פון דער פרוי זילאָוו און נישט אָפּגעטראָטן פון איר אויף קיין איין מינוט. די מאַמע, ווי דאָס מיידעלע האָט איר גערופן, איז געווען אַ דיקע, קאָרפּולענטע פרוי, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פרוי פון פאָלק; דאָס מיידעלע — אַ צאַרט, מאָגער באַשעפעניש, מיט אַן איידל פּנימל, האָט געהאַט אַ פּאָר טרויעריקע, צעשראָקענע אויגן. דער קאָנטראַסט צווישן דער מכלומרשטער מאַמע מיט איר קינד איז געווען זייער אַ בולטער. דאָס מיידעלע האָט נישט אויסגעזען ווי אַ יידיש קינד, אָבער דער טרויעריקער בליק פון אירע אויגן איז מיר געווען באַקאַנט. צי האָב איך נישט דאָס מיידעלע שוין אַ מאָל געזען?! — דער דאָזיקער געדאַנק האָט נישט אויפגעהערט צו עגבערן מיין מוח. ווען איך האָב מיינע באַקאַנטע געפרעגט ווער עס איז דאָס מיידעלע, האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז דאָס איז פרוי זילאָווס טעכטערל.

איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דער מאָדנער באַגעגעניש. דער בליק פון דעם מיידעלע האָט מיך שוין נישט פאַרלאָזט. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך קיין אויג נישט צוגעמאַכט. צומאָרגנס בין איך ווידער געגאַנגען צו מיינע באַקאַנטע און זיי געבעטן איבערצופרעגן די פרוי זילאָוו צי דאָס מיידעלע איז באמת איר קינד. ווען מען האָט איר, אין מיין קעגנוואַרט, געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, האָט זי זיך צעלאַכט און אונדז פאַרזיכערט, אַז דאָס איז איר אייגן קינד, איר אוצר, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט, מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיקונג. דערפאַר ציטערט זי אַזוי איבער איר און היט זי אָפּ ווי אַן אויג אין קאָפּ...

— ווו איז אייער מאַן?

— געשטאָרבן, — זאָגט זי — איך בין אַן אלמנה.

איך האָב אָבער נישט אָפּגעלאָזט דעם ענין. יעדן טאָג, טיילמאָל צוויי מאָל אַ טאָג, פלעג איך אַריינגיין צו מיינע פריינט. עפּעס האָט מיך געצויגן צו זיי. איך האָב געפילט אַ נישט דערקלערבאַרע באַדערפעניש צו קוקן

אויף דעם קינד, אויף אירע אויגן, וועלכע האָבן מיך כסדר דערמאָנט די צוויי גרויסע ליכטיקע אויגן פון דעם דריי־יאָריקן ייִדישן מיידעלע, וואָס איז געזעסן אויף דער נאָסער, מיט שניי־באַדעקטער, פאַרפרוירענער ערד אין גערטנדל אין וואַרשעווער געטאָ און געוויגט אַ וויגעלע, אין וועלכן עס איז געלעגן אַ קינד פון נישט קיין גאַנץ יאָר אַלט (די דאָזיקע סצענע האָב איך באַשריבן אין מיין בוך „אַזוי איז עס געווען").

די אויגן פון דעם מיידעלע, וואָס איך האָב געטראָפן ביי מיינע באַקאַנטע אין לובלין האָבן מיך אויך דערמאָנט אין די אויגן פון די פּרעכטיקע ייִדישע קינדער, וועלכע איך האָב געזען בעת זייער לעצטן מאַרש צו די גאַז־קאַמערן.

וואָס מער איך האָב זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיטן לובלינער מיידעלע, אַלץ מער האָט יאַנינאַ זילאָוו אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט מיר. ווען איך פלעג אַריינקומען צו זיי אין שטוב, איז יאַנינאַ זילאָוו, אונטער פאַרשידענע תירוצים, אַרויסגעגאַנגען מיטן קינד. זי האָט זיך באַמיט מיך אויסצומיידן, זי האָט דאָס קינד קיינמאָל נישט איבערגעלאָזט אַליין אין שטוב. דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין חשד, אַז דאָס מיידעלע איז אַ ייִדיש קינד.

איך האָב די פרוי יאַנינאַ נישט אָפּגעלאָזט און נישט אויפגעהערט זי אויסצופרעגן: הלמאי דאַרף זי זיך אויסבאַהאַלטן. דער קריג איז דאָך אין פוילן געענדיקט. די דייטשן וועלן זיך שוין מער נישט אומקערן. אויב דאָס איז אַ ייִדיש קינד, קאָן זי איצט, אַ דאַנק דעם, נתעשר ווערן. דער ייִדישער קאָמיטעט וועט דאָס קינד אויסקויפן. מען גיט אַ סך געלט פאַר אַ ייִדיש קינד. אפשר האָט דאָס מיידעלע ערגעץ קרובים קאָן מען זיי אָפּזוכן. זי וועט זיך מער נישט דאַרפן מאַסקירן. דאָס קינד וועט אָנהייבן אַ ניי לעבן, אַ נאָרמאַל לעבן, און זי — אויך.

מיר האָבן די פרוי אַזוי לאַנג געמאַטערט, ביז זי האָט זיך מודה געווען. דאָס מיידעלע איז נישט איר קינד. עס איז אַ ייִדיש קינד. דעם מיידעלעס עלטערן האָבן די דייטשן אומגעבראַכט. זיי שטאַמען פון ביאַליסטאָק. זי, יאַנינאַ, איז געווען דאָרט דעם קינדס ניאַניע. זי האָט געשווירן דער מוטער, אַז זי וועט דאָס קינד ראַטעווען. זי איז גליקלעך וואָס עס איז איר געלונגען זי צו ראַטעווען, ווייל עס זענען געווען שווערע

צייטן און זי האָט שוין אַליין אָנגעהויבן צו צווייפלען צי עס וועט זיך איר דאָס איינגעבן. זי האָט כסדר געמוזט בייטן די דירות, ווייל די שכנים האָבן איר נישט געלאָזט צו רו, פּונקט אַזוי ווי איך: „ס׳מוז שטאַמען פון יידן״, — האָבן זיי געטענהט — „אַזעלכע טרויעריקע אויגן האָט עס...״. — יאָ, — פאַרענדיקט יאַנינאַ זילאָוו — געווען גאָר שווערע צייטן.

איך האָב זיך דערוווּסט ווער דאָס מיידעלע איז. איך האָב גוט געקענט די עלטערן פונעם קינד: טרילינג. אויך דער מוטערס שוועסטער — ראַיאַ, מיט איר מאַן, ד״ר שמעון ווישיוויאַנסקי, וועלכער האָט זיך געפונען אין וואַרשעווער געטאָ.

מיט דעם ביז גאָר איידעלן מענטשן, ד״ר שמעון ווישיוויאַנסקי (פאַרן קריג געוווינט אין לאָדזש), וואָס האָט אינעם וואַרשעווער געטאָ פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אינעם דאָרטיקן סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז מיר אויסגעקומען צוזאַמען צו אַרבעטן. אַ סך דערינערונגען זענען פאַרבונדן מיט אים. שפּעטער, זייענדיק שוין באַהאַלטן ניט ווייט פון וואַרשע, איז מיר, פון קריפּאַ־אַגענטן, וואָס זענען אונדז באַפאַלן אין זשיעלאָנקע, אויסגעקומען צו הערן, אַז זיי האָבן „דערווישט אַ געוויסן ד״ר שמעון ווישיוויאַנסקי״... איך האָב אַלץ געהאָפט, אַז אים, וועט פּונקט ווי מיר, באַשערט זיין איבערצולעבן די מלחמה.

איך האָב זיך פון יאַנינאַ זילאָוו דערוווּסט, אַז אַלע, אַ חוץ איין טאָכטער, וואָס געפינט זיך, ווי אַ פאַרשטעלטע קריסטין, אויף אַרבעט אין דייטשלאַנד, זענען אומגעקומען. זיי האָבן קרובים אין אַמעריקע. דעם גענויעם אַדרעס ווייס זי נישט.

איך האָב תיכף, אין נאָמען פונעם קאָמיטעט, אַרויסגעשיקט אַ טעלעגראַמע קיין אַמעריקע און מען האָט אויסגעפונען די משפחה טרילינג. נאָך מיין אָפּפאָרן פון פּוילן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די משפחה האָט די קליינע עלזשביעטאַ — ווי מען האָט דאָס קינד גערופן, צוזאַמען מיט איר העטערין יאַנינאַ זילאָוו, אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע. יאַנינאַ זילאָוו איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געשטאָרבן אין לאָנג־איילאַנד, ניו־יאָרק, אין עלטער פון 53 יאָר.

יואָלטן מיר געהאַט אַ סך אַזעלכע יאַנינאַס, וואָלטן זיכער מער יידישע קינדער געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום. לויט דער צאָל געראַטעוועטע

יידישע קינדער אין פּוילן, זעט מען ווי וויניק „רעטערס" דאָס פּוילישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן.

צו ביסלעך האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו דערוויסן וועגן יידישע קינדער, וואָס געפינען זיך אין קריסטלעכע הענט: אין קלויסטערס, אין יתומים־אַנשטאַלטן און ביי פּריוואַטע מענטשן. די צאָל פון די געראַטעוועטע קינדער איז געווען אַ גאַנץ קליינע, און דאָך האָט מען געמוזט פירן אַ גרויסן קאַמף, כדי זיי אַרויסצובאַקומען פון דאָרט. אויב עס איז אוממעגלעך געווען אַרויסצונעמען די קינדער פאַר אויסקויף־געלט, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן האָט צו דעם צוועק באַשטימט, האָט מען זיך באַמיט דאָס צו טון דורכן געריכט. אין די מערסטע פאַלן, אָבער, דורך יידישע מיליטערלייט פון דער סאָוועטישער אַרמיי. וועגן זיי וואָלט מען געדאַרפט אָנשרייבן אַ ספּעציעל קאַפּיטל. עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן די מסירת־נפשדיקע אַרבעט פון די סאָוועטיש־יידישע מיליטערלייט, אין שייכות מיטן צוריקגעפינען יידישע קינדער. אַ סך פון זיי האָבן דאָך אַליין פאַרלוירן זייערע משפחות בעתן קריג, און האָבן גוט געקאָנט פאַרשטיין די געפילן פון מאַמעס און טאַטעס, וואָס ווילן צוריק האָבן זייערע קינדער. ווי וויט די יידישע מיליטערלייט האָבן געזאָרגט פאַר די לובלינער קינדער קאָן דינען פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער פאַל:

אַ יידישער זעלנער, וואָס איז צוריקגעקומען פון פראָנט הינטער בערלין, איז אין אַ געוויסן טאָג אַריינגעלאָפן אַ פאַרסאַפּעטער אין קינדער־היים, אויף ווישינסקי־גאַס נר. 3, און אַרומזוכנדיק דאָרט, האָט ער אויסגעשריען צו דער גרופּע קינדער און צו די דערציער, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט:

— ווו זענען מיינע קינדער?... איך זע זיי דאָך נישט!

— ווי הייסן אייערע קינדער? — האָט מען אים געפרעגט.

— איך ווייס נישט ווי זיי הייסן, אָבער איך האָב זיי באַפרייט און אָהערגעבראַכט פון מאַידאַנעק... וווּ־זשע זענען זיי די קינדער מיינע?!... 8 קינדערלעך!

איך ווייס פון קאָנקרעטע פאַלן ווען אַזעלכע יידישע מיליטערלייט האָבן מיט געוואַלד אין האַנט זיך אַריינגעריסן אין קריסטלעכע הייזער, ווו מען האָט געהאַלטן פאַרשפּאַרט יידישע קינדער און נישט געוואָלט זיי

אַרויסגעבן, ביז מען וועט זיי נישט אויסקויפן פאַר אַ באַשטימטן פּרייז... אין דאָלאַרן. געווען אויך פאַלן, ווען מען האָט איינגעצאָלט דאָס געפאָדערטע געלט און מען האָט די קינדער ווידער אַרויסגעגעבעט, כדי צו צאַפּן פריש געלט. עס איז געוואָרן אַ נייער האַנדל מיט ייִדישע „קעפּ".

ביז מיין אַוועקפאָרן פון פּוילן, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן אויסגעצאָלט פאַר אויסבאַהאַלטן ייִדישע קינדער אַ קימאַ־לן פון 157.500 (הונדערט און זיבן און פופציק טויזנט פינפהונדערט) זלאָטעס.

עס זענען געווען פאַלן ווען ייִדישע קינדער, וועלכע מען האָט געהאַלטן אויסבאַהאַלטן אין קאַטוילישע היימען אָדער אַנשטאַלטן, ווו זיי זענען דערצויגן געוואָרן ווי קריסטן, האָבן נאָך דער באַפרייונג נישט געוואָלט צוריקגיין צו זייערע אָפּגעראַטעוועטע ייִדישע טאַטע־מאַמע. איך ווייס פון אַזעלכע פאַלן, ביי וועלכע עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס, ווען מען האָט די קינדער צוגענומען פון די גוייִשע היימען. — „מיר ווילן נישט גיין צו קיין זשידעס" — האָבן זיי געשריגן...

דאָס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען קינדער, וועלכע זענען אָפּגעגעבן געוואָרן צו די קריסטן, ווען זיי זענען קיין יאָר נישט אַלט געווען. די דאָזיקע קינדער האָבן נישט געדענקט און נישט געוווּסט פון זייער ייִדישער אָפּשטאַמונג. אין משך פון די פאַר יאָר, וואָס עס איז זיי אויסגעקומען צו זיין אונטער קריסטלעכער אויפזיכט, זענען זיי אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט דער דאָזיקער אַטמאָספער. עס איז פאַר זיי געווען פרעמד די נייע סביבה און די פרעמדע מענטשן, וועלכע מען האָט זיי פּלוצים פאָרגעשטעלט ווי זייערע עלטערן — און דערצו נאָך — ייִדן. אין משך פון דער צייט, וואָס זיי זענען געווען אין דער קריסטלעכער וועלט איז זיי אָפּט, אויב נישט כסדר, אויסגעקומען צו הערן וועגן ייִדן־פאַרפאָלגונגען און וועגן נעגאַטיווע זייטן פון ייִדישן פאָלק. איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ פאַרגוייִשט קינד האָט מורא געהאַט אַריינצוטרעטן אין דער פאַרפאָלגטער און פאַרהאַסטער וועלט, ווו מען מוז לעבן אין כסדרדיקער שרעק.

איך ווייס אויך פון פאַלן ווען קינדער, וואָס האָבן געדענקט און דערקענט זייערע געראַטעוועטע עלטערן, האָבן נאָכן פאַראייניקן זיך מיט זיי, נישט אויפגעהערט זיי צוצורעדן צום שמד, ווייל זיי האָבן גוט געוווּסט פון דער סביבה אין וועלכער זיי האָבן געלעבט, ווי פיינט מען האָט ייִדן.

זיי האָבן פשוט מורא געהאַט, אַז עס זאָלן זיך נישט איבערחזרן די זעלביקע געשעענישן, וואָס האָבן אַזוי שעדלעך געווירקט אויף זייערע יונגע מוחות און צעשטערט זייער נשמה־גלייכגעוויכט. מיט גרויס פאַרזיכטיקייט האָט מען געמוזט צוגיין און באַהאַנדלען די פּראָבלעמען פון די דאָזיקע קינדער.

ליידער זענען נישט אַלע געווען דערוואַקסן צו אַזאַ ביז גאָר פאַראַנט־וואָרטלעכער אויפגאַבע.

ווען עס איז באַפרייט געוואָרן דער גאַנצער פּוילישער געביט, ווי אויך די געביטן פון אויבער־ און נידער־שלעזיע און צוביסלעך האָבן זיך אָנ־געהויבן צו באַווייזן די פאַרשלעפטע קינדער פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פון די וועלדער, האָט מען, ביז מיין אָוועקפאָרן געשאַצט די צאָל גע־ראַטעוועטע קינדער ביי 5.000. די ציפער איז, לויט מיין מיינונג, אַן איי־בערגעטריבענע און צווייפלהאַפטע, וואָרום דאָס איז געווען די אַלגעמיינע ציפער, לויט די באַריכטן, וועלכע דער צ. ק. פון פּוילישע יידן האָט באַ־קומען פון די יידישע קאָמיטעטן איבערן גאַנצן לאַנד. נעמענדיק אין אַכט, אַז די מערהייט קינדער האָט אַרומגעוואַנדערט פון איין שטאָט אין דער צווייטער, זוכנדיק עמיצן פון דער משפּחה, איז פאַרשטענדלעך, אַז אין יעדן קאָמיטעט פון יעדער שטאָט, ווו עס איז זיי אויסגעקומען צו זיין אויף זייער וואַנדערוועג, האָבן זיי זיך רעגיסטרירט. עס איז אַלזאָ נישט אויסגעשלאָסן, אַז די מערהייט קינדער האָבן זיך געפונען אויף פאַרשידענע רשימות פון פאַרשידענע שטעט, און אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די גרויסע (אַז אַך און וויי!) צאָל פון קנאַפּע 5.000 קינדער. אין דער דאָזיקער צאָל דאַרפן אויך אַריינגערעכנט ווערן די קינדער, וואָס זענען אין יענעם צייט־אָפּשניט צוריקגעקומען מיט זייערע עלטערן פון רוסלאַנד.

איינס איז יאָ פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער אָפּטיילונג „הילף פאַר קינדער", וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָרגאַניזירט, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פרוי ד"ר סימכאָוויטש, אגב — אויף אַ גלענצנדיקן אופן, און וואָס האָט אַרומגענומען אַלע קינדער־היימען און אינטערנאַטן, איז די צאָל פון געראַטעוועטע קיילעכדיקע אָדער האַלבע יתומים, באַ־שטאַנען פון 1.130.

קינדערהיימען און אינטערנאַטן האָבן זיך געפונען אין פאָלגנדיקע ערטער:

לובלין — מיט 145 קינדער (די דאָזיקע היים איז צוליב זיכערקייט־טעמים שפּעטער אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין נידערשלעזיע: רייכנבאַך־פּעטערסוואַלדאַו. מיט דער היים האָט אָנגעפירט פון אָנהייב — ד״ר מאַריאַ שולדענפריי, דערנאָך — פרוי נאַטאַנבליט);

זאַגזשעביע, נעבן פּאַלעניץ — מיט 140 קינדער (אָנגעפירט פונעם דערציער זעלמאַנאָווסקי און ד״ר בייער);

העלענוווּעק, נעבן לאָדזש — מיט 120 קינדער;

כאָזשוּוו — 80 קינדער; ביעלסק — 10 קינדער; פּשעמישל — 60 קינדער; טשענסטאָכאָוו — 60 קינדער; שטשירק — 50 קינדער; זאַקאָפּאַנע — 100 קינדער; אין דער הייל־אַנשטאַלט פון ראַבקאַ — 100 קינדער, ווי אויך אין דער אָטוואָצקער סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע — 35 קינדער.

ווען אַפילו די אָנגעגעבענע ציפער פון 5.000 קינדער זאָל שטימען, איז געווען גענוג בלויז צו דערמאָנען, אַז אין יאָר 1941 איז אין וואַרשעווער געטאָ אַליין געווען 50 טויזנט יידישע קינדער!

די געראַטעוועטע קינדער איז געגעבן געוואָרן די ווײַטמעגלעכסטע הילף. זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט און מען האָט זיך באַמיט צו שאַפן אַרום זיי אַן אַטמאָספער פון ליבשאַפט און צערטלעכקייט, וואָס עס איז פון זיי אַזוי פרי צוגערויבט געוואָרן. מען האָט זיי אויך געגעבן פאַרוויילונג. דיאַנאַ פלעגט טאָג־טעגלעך פאַרברענגען מיט די קינדער אין דער לובלינער היים אויף ווישינקי־גאַס און דערנאָך אויך אויף ראַדזיווילאָווסקאַ, דערציילן זיי מעשהלעך און זינגען פאַר זיי קינדער־לידער, וואָס האָבן די געראַטעוועטע פאַרשאַפט אַ סך פרייד.

ליידער איז די דאָזיקע אידיליע פון וואַרעמקייט און רויִקייט גיך צעשטערט געוואָרן. די קינדער איז, לרוב, ווידער אויסגעקומען צו לעבן אין כסדרדיקער שרעק צו ווערן דערמאָרדעט דורך פּוילישע כוליגאַנעס. די קינדערהיימען פלעגן אָפט באַפאַלן ווערן ביינאַכט. מיר האָבן אַפּעלירט נאָך הילף צו דער העכערער זיכערהייט־מאַכט, וועלכע האָט פון איר זייט אַרויסגעגעבן באַפעלן צו די נידעריקערע אינסטאַנצן. די אַלע באַפעלן זענען אָבער, ווי אויך אַ געהיימען באַפעל, איגנאָרירט געוואָרן.

צוליב די דאָזיקע טרויעריקע סיבות האָט מען די לובלינער קינדער־היים, ווי געזאָגט, איבערגעפירט קיין נידערשלעזיע.

דער אַנשטאַלט אין אָטוואָצק, וואָס איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון לובאַ בלום־ביעליצקאַ און מעדיצינישער אויפזיכט פון ד״ר קאָקאָשקאָ, איז אויך נישט איין מאָל אויסגעקומען איבערצולעבן טויט־שרעק, צוליב די כסדרדיקע אָנפאַלן און שיסערייען אויף דעם אַנשטאַלט. היות, אונדזערע כסדרדיקע ווענדונגען צו דער לאָקאַלער מאַכט נאָך שוין האָט נישט גע־האָלפן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַן אייגענע שטענדיקע שמירה פון באַוואָפנטע ייִדן, געוועזענע פּאַרטיזאַנער, וועלכע דער צ״ק פון פּוילישע ייִדן האָט אויסגעהאַלטן. די פּוילישע בירגער־מיליץ האָט זיך אַרויסגעוויזן צו שוואַך ביים פּאַרטיידיקן די קינדערהיימען פון די פּוילישע באַנדיטן.

איז אָטוואָצק, למשל, האָבן ייִדישע סאָוועטישע מיליטערלייט, וועלכע האָבן זיך אַליין דאָרט געפונען: ווער פּאַרווונדעט אויפן פראָנט, ווער — צוליב קוראַציע אין אַ דאָרטיקן סאַנאַטאָריום, אויף אייגענער האַנט, פריי־וויליק, אָרגאַניזירט אַ שטענדיקע באַוואָפנטע וואַך, אָפּצוהיטן די קינדער פון כוליגאַנישע אָנפאַלן. די באַנדעס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אויס־צוראָטן אויך די קליינע צאָל לעבנגעבליבענע ייִדישע קינדער — די צו־קונפט פון אונדזער פאָלק.

אַמשטאַרקסטן האָבן זיך די כוליגאַנעס פאַרלייגט אויף די אַנשטאַלטן פון קינדער אין ראַבקאַ (מערב־גאַליציע). אייניקע מאָל איז דער אַנשטאַלט געוואָרן אַטאַקירט און באַשאָסן, און נאָר אַ דאַנק דעם העלדישן ווידער־שטאַנד, וואָס האָבן געשטעלט די ייִדישע וואַכלייט, זענען די אָנפאַלן אָפּ־געשלאָגן געוואָרן. אויך אין לעשני גראַד־זאַקאָפּאַנע האָבן כוליגאַנעס גע־עפנט אַ שיסעריי אויפן ייִדישן יתומים־הויז.

אין חודש סעפּטעמבער, 1945, האָט אונדזער ספּעציעלער שליח סיאָמאַ טעמטשין, וועלכער איז געווען אויף אַן אינספּעקציע־טור אין דער קינדער־היים איז ראַבקאַ, טעלעפאָנירט אין צענטראַל־קאָמיטעט, אַז ביינאַכט איז מען די היים באַפאַלן און זי באַוואָרפן מיט גראַנאַטן. צום גליק זענען נישט געווען קיין קרבנות.

דער פּאָרזיצער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט ד״ר עמיל זאָמערשטיין, איז צו יענער צייט געווען מיט דער ייִדישער דעלעגאַציע אין אויסלאַנד. דער וויצע־פּאָרזיצער פון צ. ק. ד״ר ש. הערשענהאָרן איז אויך נישט גע־ווען אין וואַרשע, אַזוי, אַז איך האָב אַמטירט ווי דער שטעלפאַרטרעטער

פונעם פּאַרזיצער. הערנדיק דעם באַריכט פון סיאַמאַ טעמטשין, (אַגב, אַ ברודער פון ד״ר מיכאל טעמטשין — מאַיאָר זנאַכאָר, — דעמאָלט שוין אַ פּולקאָווניק פון דער פּוילישער אַרמיי) האָב איך געהייסן אַלע קינדער פון דאָרט אַרויספירן און זיי איבערפירן אין אונדזערע אַנדערע קינדער־היימען. האָט מען טאַקע אַ טייל קינדער אַוועקגעפירט קיין זאַקאָפּאַנע און קראָקע, און די איבעריקע — צעטיילט אין פּריוואַטע היימען.

אין דער דאָזיקער אַקציע האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט לענאַ קיבּלער־זילבערמאַן, וועלכע האָט דערנאָך די ערשטע אַריבערגעפירט פון זאַקאָפּאַנע נישט לעגאַל דורך דער פּוילישער גרענעץ אַ גרופּע פון 60 קינדער, צוזאַמען מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל, אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

די דאָזיקע אַקציע האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין צענטראַל־קאָמיטעט, וווּ עס האָט שוין דאָמינירט די גרופּע, וואָס האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף נישט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט לגבי די כוליגאַנעס און נישט אָפּשטיין אין קאַמף מיט זיי. אַ גרויסע מערהייט צווישן די מיטגלידער פון צ״ק האָט אָבער אַנדערש געהאַלטן: מען טאָר נישט ריזיקירן מיטן לעבן פון אונדזערע אַזוי ווייניק איבערגעבליבענע קינדער, כדי אויסצושפּילן פּאָליטיק פאַר די, וואָס האַלטן נאָך אַלץ, אַז אין פּוילן דאַרף מען בויען אַ ייִדיש לעבן, נישט געקוקט אויף אַלע — ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט: צייטווייליקע שטערונגען. ווען די אָנהענגער פון דער דאָזיקער שיטה, פון „נישט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט און נישט אָפּטרעטן פון די פּאָזיציעס" האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך האָב, נאָכן לעצטן איבערפאַל, געהייסן ליקווידירן דעם קינדער־אַנשטאַלט אין ראַבקאַ, האָבן זיי מיך באַשולדיקט אין סאַבאָטאַזש. היות מיר איז לעצטנס זייער אָפט אויסגעקומען צו הערן די דאָזיקע באַשולדיקונג, האָב איך זיך שוין מיט דעם נישט איבערגענומען. איך האָב געהאַנדלט ווי מיין געוויסן האָט מיר דיקטירט, און זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר די דראָונגען. מעגלעך, אַז ווען איך וואָלט נאָך אַ לענגערע צייט געבליבן אין פּוילן, וואָלט איך איצט ערגעץ ווו געפוילט.

איך מוז אויך דערמאָנען דעם פאַרדינסטפולן און אומדערמידלעכן יוזשעק זשעמיאַן־זיסמאַן, — דעם זעלביקן, וואָס האָט, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, צוגעהאָלפן מיך אַרויסצוראַטעווען פונעם לאַגער. יוזשעק זשעמיאַן־זיסמאַן איז געווען דער, וועלכער האָט בעת דער אָקופּאַציע גע־

נומען אונטער זיין שוץ די פאַרוואַרלאָזטע און דאַכלאָזע ייִדישע קינדער, וואָס האָבן אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן, זייענדיק פאַרפאָלגט פון די דייטשן און אַרומגעדרינגלט מיט מענטשן־חיות, וואָס האָבן געטשאַטעוועט אויף זייערע יונגע לעבנס. אַ טייל פון די קינדער האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן צייטונגען, אַ טייל — מיט האַנדל, און אַ טייל האָבן געזונגען און געשפּילט אויף פאַרשידענע אינסטרומענטן, פאַרדינענדיק אַזוי אַרום אויפן שטיקל ברויט. ערגער איז געווען מיטן שלאָפן. זיי האָבן גענעכטיקט אויף די גאַסן, אונטער די בריקן, אויף די טרעפּ פון פרעמדע הייזער און געהאַט אויסצושטיין די גרעסטע צרות.

האָט זיך געפונען אַ „ל״וניק״, טאַקע יוזשעק זשעמאַן־זיסמאַן, וואָס איז דער ערשטער געפאַלן אויף זייער שפור, אויסגעפינען די פאַרוואָרלאָזטע ייִדישע קינדער אויף די גויִישע גאַסן און געזאָרגט אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן נעכטיקן אויף דער גאַס, אָדער אויף טרעפּ פון די נישט־גאַסטפריינטלעכע פּוילישע הייזער. די דאָזיקע גרופּע ייִדישע קינדער, האָבן, אין אַ גרויסער מאָס, אים געהאַט צו פאַרדאַנקען וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה.

נאָך דער מלחמה האָט זיסמאַן זיי ווייטער נישט פאַרלאָזט, ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיי און איינגעאָרדנט זיינע געראַטעוועטע ייִדישע קינדער אין איינעם פון די געגרינדעטע קיבוצים. היינט געפינען זיך די אַמאָליקע פאַרוואָרלאָזטע קינדער אין ישראל. דאָרט געפינט זיך איצטער אויך זייער רעטער יוזשעק זיסמאַן (זשעמיאַן).

ביים סוף פון יאָר 1945 איז געקומען פון לאָנדאָן קיין פּוילן הרב ד״ר שיינפעלד. צו זיין קרעדיט מוז צוגעגעבן ווערן, אַז ער האָט אַ סך מיטגעווירקט צו באַפרייען ייִדישע קינדער פון קריסטלעכע הענט. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך גרויסע סומעס געלט, מיט וועלכע ער האָט אויסגעקויפט די קינדער. ער איז אין באַגלייטונג פון מיטאַרבעטער פונעם צ״ק פון פּוילישע ייִדן אַרומגעפאָרן איבער פּוילן, פון שטעטל צו שטעטל, און זיך נאָכגעפרעגט וועגן אויסבאַהאַלטענע ייִדישע קינדער. ווען ער האָט שוין געהאַט צונויפגעקליבן אַ פּאָר צענדליק קינדער, פלעגט ער אויסאַרבעטן פאַר זיי לעגאַלע פּאַפּירן, מכלומרשט צו פאַראייניקן זיי מיט זייערע קרובים אין אויסלאַנד. דערנאָך ווען ער האָט אַוועקגעפירט די קינדער קיין לאָנדאָן,

איז ער צוריקגעקומען נאָך אַ נייעם טראַנספּאָרט קינדער. לאַנג איז אָבער די שיינע אַרבעט נישט אָנגעגאַנגען. ווען די מאַכט האָט באַמערקט, אַז עפּעס קומט דער „ראַבאַי" צו אָפט קיין פּוילן און געפינט עפּעס צופיל קרובים פון די געראַטעוועטע ייִדישע קינדער, האָט זי זיך מיישב געווען און געזאָגט: גענוג. מען האָט ד"ר שיינפעלד מער נישט דערלויבט אַרויסצופירן די קינדער קיין אויסלאַנד. אגב, האָט אים אין דער אַרבעט אַ סך צוגעהאָלפן דער הויפּט־ראַבינער פונעם פּוילישן מיליטער — פּולקאָווניק ד"ר כהנא.

דאָס קאַפּיטל: ייִדישע קינדער וויל איך פאַרענדיקן מיט אַ פאַל, וואָס האָט מיך און אַלע אַנדערע שטאַרק אויפגעשוידערט.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו אונדז אין צענטראַל־קאָמיטעט געקומען אַ פּויערטע פון אַ דאָרף, נישט ווייט פון וואַרשע. זי האָט געבראַכט מיט זיך אַ קעסטל, וואָס זי האָט נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט. ווען מען האָט ביי איר געפרעגט וואָס זי וויל דאָ, האָט זי געענטפערט:

— איך האָב געהערט פון די שכנים, אַז דאָ קויפט מען אויס ייִדישע קינדער. אָט, דאָ, אין קעסטל געפינט זיך אַ ייִדיש קינד...

מיר האָבן איר געהייסן עפענען דאָס קעסטל. דאָס בלוט האָט אַ זעץ געטון אין קאָפּ פון דעם געזעענעם. אין קעסטל איז געלעגן איינגעקאָרטשעט אַ קינד, וואָס האָט גיכער אויסגעזען ווי אַ פאַרזעעניש. דאָס קינד איז געלעגן אומבאַוועגלעך און מיט אַ פאַרשטיינערטן בליק געקוקט אין איין און דערזעלביקער ריכטונג. דאָס קינד־פאַרזעעניש האָט נישט געקאָנט רירן זיך פון אָרט און נישט געקאָנט באַוועגן מיט די הענטלעך אָדער פיסלעך. דאָס מיילעכל איז געווען אויסגעקרימט און נישט אַרויסגעלאָזט דעם מינדעסטן קלאַנג פון זיך. דאָס צינגל — פאַרוואַקסן און באַגאָסן מיט אַ פליסיקייט, וואָס איז גערונען אומאויפהערלעך פונעם מיילעכל אַרויס. דאָס 3־יאָריקע קינד האָט אויסגעזען ווי אַ באַוואַקסן חיהלע. אַזוי איז עס אָפּגעלעגן אין קעסטעלע די גאַנצע צייט, פון דעם מאָמענט אָן וואָס די פּויערטע האָט עס איבערגענומען פון די ייִדישע עלטערן, ווען ס'איז אַלט געווען אַ פּאָר חדשים.

ווען די פּויערטע האָט באַמערקט ווי דער מצב פונעם קינד האָט געווירקט אויף אונדז, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן, אַז היות זי האָט מורא געהאַט פאַר די שכנים זיי זאָלן איר נישט מסרן אַז זי האַלט אַ

יִדיש קינד, האָט זי עס געהאַלטן די גאַנצע צייט פאַרשפאַרט אין אַ קעסטל, וואָס איז געשטאַנען אויפן בוידעם. עס זאָל נישט בלייבן אָן לופט, האָט זי אויסגעבויערט אין קעסטל אַ פּאָר לעכער. זי פלעגט — זאָגט זי — פון צייט צו צייט אַרויפגיין אויפן בוידעם און שפייזן דאָס קינד. גוט — זאָגט זי — וואָס די מלחמה האָט זיך געענדיקט און זי קאָן עס צוריקגעבן, דאָס חיהלע, צו ייִדן...

מען האָט דער פויערטע אויסגעצאָלט אַ געוויסע סומע געלט און דאָס קינד האָט מען גלייך איבערגעשיקט אין שפּיטאָל, באַמיִענדיק זיך עס צו ראַטעווען.

קאַפּיטל פינף

## אַנטוישטע פרייהייט

מיטן באַפרייען, דורך דער רויטער אַרמיי און פּוילישן מיליטער, די שטעט וואַרשע, לאָדזש און קראָקע, און שפּעטער — די ווייטערדיקע גע־ביטן, איז לובלין געוואָרן דער זאַמלפּונקט פון ייִדן, וואָס האָבן זיך גע־ראַטעוועט.

די מויערן פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זיך ברייט צעעפנט. די רעשטלעך ביים לעבן־איבערגעבליבענע ייִדן האָבן זיך ענדלעך געפונען אויף דער פריי. אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט צו דער פרייער וועלט, זענען געווען איבערגעפולט מיט די על־פּי־נס געראַטעוועטע האַלב־נאַקעטע שאָטנס פון די, וואָס האָבן זיך אַמאָל גערופן מענטשן. באָרוועסע, איינגעוויקלטע אין שמאַטעס, אַ טייל נאָך אין די קאַצעט־געשטרייפטע „מונדירן", מיט אָפּגעגאָלטע קעפּ — שווער געווען צו אונטערשיידן מאַן פון פרוי — האָבן זיי מאַסנווייז געשטראָמט אין פאַרשידענע ריכטונגען: ווער מיט אַ ציל, ווער אָן אַ ציל. ווער עס האָט געהאַט נאָך אַ האָפענונג צו פאַראייניקן זיך מיט זיינע נאָענטסטע און ווער עס האָט שוין פאַרלוירן די האָפענונג, אַז עמיצער פון זיינע נאָענטסטע האָט זיך אָפּגעראַטעוועט. זיי אַלע זענען מיט־געריסן געוואָרן מיטן וואַנדער־שטראָם.

דער ייִדישער קאָמיטעט אין לובלין, וואָס האָט זיך געפונען אויף ריבנאַ נר. 8. איז געווען דער אַדרעס פאַרן געראַטעוועטן. אין לאַנגע רייען שטייען דאָרט די ביים לעבן־איבערגעבליבענע. אפשר וועלן זיי אין „זוך־ווינקל" זיך דערוויסן צי עמיצער פון דער משפחה איז געבליבן לעבן. יעדער איינער רעגיסטרירט זיך דאָרט און לאָזט איבער זיין צייטווייליקן אַדרעס.

און אָט טרעפט איינער זיינעם אַ לאַנדסמאַן, אַ באַקאַנטן, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד; איינער דערוויסט זיך פונעם צווייטן וועגן גורל פון זיינע נאָענטע. די מער גליקלעכע באַגעגענען עפּעס אַ קרוב, אַ פריינט, אַ חבר. טרערן פון פרייד מישן זיך צונויף מיט טרערן פון צער. מען איז באַרוישט פון די געשעענישן. די אַטראָפירטע געדאַנקען זענען נאָך אַלץ נישט ביכולת אויפצונעמען די ווירקלעכקייט. דער לעצטער סך־הכל איז נאָך נישט געמאַכט געוואָרן. הגם מען האָט שוין געוווּסט דעם אמת, אַז מען האָט שוין מער קיינעמען נישט צו דערוואַרטן; אַז מען וועט די נאָענט־סטע שוין מער קיינמאָל נישט זען, האָט דאָך כמעט ביי יעדן איינעם טיף אין האַרצן געטליעט אַ קליינער פונק פון האָפענונג: אפשר דאָך!... אפשר וועט דאָך געשען אַ נס, אַ גליקלעכער צופאַל... דאָס קליינע שטערנדל וואָס באַלייכט אונדזער וועג, אונדזער גורל, וואָס לענקט מיט אונדז, וועט אונדז אויך דאָס מאָל נישט פאַרלאָזן...

האַרצרייסנדיקע סצענעס שפילן זיך דאָרט אָפּ. איינער דערוויסט זיך, אַז זיינער אַ ברודער, צי שוועסטער, צי אַ ברודערס אַ קינד לעבט; אַ צווייטער — ווי אַזוי זיין גאַנצע משפחה איז אומגעבראַכט געוואָרן; אַ דריי־טער — אַז אָט ערשט, מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט מען דאָ, אינעם זעלביקן לובלין, געזען זיין ברודער, וועלכער האָט איבערגעלעבט דאָס געטאָ, אי־בערגעלעבט פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערס, און לסוף איז ער דאָ, אין לובלין, נאָך דער באַפרייאונג, דערשאָסן געוואָרן פון פּאָליאַקן...

די ווענט פונעם קאָמיטעט זענען פול מיט אויפשריפטן. יעדער איינער שרייבט אויף זיין נאָמען און אַדרעס אויף דער וואַנט. עס ווערט אַזוי אַרום אַ טאָפּלטע רעגיסטראַציע. די נעמען אויף די ווענט וואַקסן פון שעה צו שעה, אַ בבל־טורעם פון לשונות: ייִדיש און אונגאַריש, דייטש און רומעניש, פּויליש, גריכיש, סערביש און האָלענדיש, רוסיש און פראַנצויזיש און סלאָ־

וואַקיש און אַנדערע לשונות. אַלעמען אָבער פאַרייניקט איצט איין ווילן, איין באַגער: צו געפינען עמיצן פון די נאָענטסטע.

די אויפשריפטן אויף די ווענט ווירקן סוגעסטיווער ווי די רעגיסטראַציע־רשימות. צו די דאָזיקע אויפשריפטן האָבן די קאַצעטלער מער צוטרוי. די רעגיסטראַציע־פּאַפּירן שרעקן נאָך אַלץ. זיי דערמאָנען צו שטאַרק די נאָענטע פאַרגאַנגענהייט, ווען די רעגיסטראַציעס אין די לאַגערס האָבן דעצידירט מי לחיים ומי למוות. מען איז שוין אַזוי פיל מאָל גענאַרט געוואָרן. מען דאַרף זיך צו דעם נייעם לעבן אויף דער פריי פריַער צוגעוווינען, בעסער זי דערקענען... און אַזוי ווערן די ווענט אין אַלע קאָמיטעטן פון די שטעט, ווו מאַסן־וואַנדערער גייען פאַרביי, פול מיט פאַרשידנשפּראַכיקע אויפשריפטן.

גאָר אַ גרויסער טייל פון די על פי נס געראַטעוועטע קאָנען נישט טיילן די פרייד פון פרייהייט, ווייל זייער „לעבנס־קאַרטע" איז נאָך נישט געחתמעט. זייער גורל איז נאָך נישט באַוווּסט. דאָס זענען די אָמשטאַרקסטן געטראָפענע, די אומגליקלעכסטע פון די אומגליקלעכע — די שווער קראַנקע און פאַרקריפּלטע, — די, וואָס האָבן געדינט פאַר די נאַציש־דייטשישע פאַרברעכערס ווי עקספּערימענטאַל־קראָליקעס, — ווי אויך די, וואָס האָבן, אַ דאַנק דער אונטערדערנערונג און איבערמענטשלעכער שווערער אַרבעט, פאַרלוירן זייער געזונט. זייערע לעבנס הענגען אויף אַ האָר.

צווישן די יידישע פרויען — לרוב יונגע מיידלעך, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די לאַגערס — די מערהייט פון אונגאַרן און סלאָוואַקײַ, זענען כמעט אַלע קראַנק. זייער אַ גרויסער פּראָצענט פון זיי איז אָנגעשטעקט מיט ווענערישע קראַנקהייטן. דאָס האָבן די „באַפרייער" זיי איבערגעלאָזט אַ מתנה... עס איז געווען אַ שרעק צו קוקן אויף די קראַנקע, אויסגעמוטשעטע און פון לעבן אויסגעלאָשענע יידישע פרויען. די אַנשטעקנדיקע קראַנקע פרויען האָט מען איזאָלירט פון די איבעריקע.

אינעם קאַליידאָסקאָפּ פון דראַמאַטישע געשעענישן האָבן מיר געהאַט צו פאַרצייכענען אויך פאַלן ווען די צוריקגעקומענע יידישע מיליטערלייט האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט זייערע נייע פרויען, מיט וועלכע זיי האָבן חתונה געהאַט אין רוסלאַנד, זייענדיק איבערצייגט, אַז זייערע פריערדיקע פרויען זענען אומגעקומען אין פּוילן. גראָד האָבן זיך אין דער זעלביקער צייט

באַוויזן אין לובלין די ערשטע, געזעצלעכע פּרויען, וועלכע האָבן זיך על פּי נס געראַטעוועט. די דאָזיקע נייע אַנטוויקלונגען האָבן נאָך דער גליקלעכער באַפרייאונג, געשאַפן נייע טראַגעדיעס פאַר ביידע צדדים.

ווי־זשע האָבן אין לובלין געוווינט די אַלע צוגעקומענע ייִדן, וועלכע האָבן נישט געקריגן קיין צוגעטיילטע דירות, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין קרובים און פריינט?

באַלד נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך אין לובלין אָרגאַניזירט אַ צייט־ווייליקע היים, אין דער געביידע פונעם פּוילישן רויטן קרייץ, אויף ווי־שינסקי־גאַס נר׳ 3, — דאָרט, וווּ מען האָט איינגעאָרדנט די ערשטע ייִדישע קינדער. דאָרט האָבן שוין געוווינט אייניקע מיטגלידער פונעם ייִדישן קאָ־מיטעט אין לובלין, ווי מ. ביטער, מ. זונשיין, פּ. זעליצקי, מ. קאָסאָווער, און אויך ד״ר ר. סאפרין — פעלדשו (בן שם). דאָרט האָט שפּעטער געפונען אַ מקום מקלט דער פאַרמלחמהדיקער וואַרשעווער דזשאָינט־דירעקטאָר, דוד גוזשיק, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין וואַרשע, צוזאַמען מיטן בונדישן טוער ב. גאָלדשטיין („בערנאַרד״), וועלכער באַשרייבט זיין אויסבאַהאַלטן זיך מיט גוזשיקן אינעם בוך „5 יאָר אין וואַרשעווער געטאָ״.

אין דער היים אויף ווישינסקעגאָ נר׳ 3 האָבן, נאָך זייער אָנקומען קיין לובלין, געוווינט אַ געוויסע צייט: דער היסטאָריקער ד״ר פיליפּ פרידמאַן און ד״ר דוד כהנא — דער שפּעטערדיקער הויפּט־ראַבינער פון דער פּוילי־שער אַרמיי. אויך דער ייִדישער זינגער־אַקטיאָר דידיאָ עפּשטיין, וועלכער איז געווען צווישן די ערשטע געקומענע פונעם ראַטן־פאַרבאַנד, ווי רעוואָ־קוירטע פון לעמבערג, האָט אין דער דאָזיקער היים געפונען אַ מקום מקלט.

אויך אין דער פּרץ־געביידע איז געשאַפן געוואָרן אַ צייטווייליקער אַזיל. די פּרץ־געביידע אין לובלין איז פאַרענדיקט געוואָרן קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה, לויט די איניציאַטיוו פון די בונדישע ראַטמענער אין לובלינער שטאָטראַט. דאָס איז געווען אַ מאָדערנע געביידע, אין וועל־כער עס האָבן זיך געדאַרפט קאָנצענטרירן אַלע ייִדישע קולטור־דערציִערי־שע אינסטיטוציעס פון שטאָט.

ווען די דייטשן האָבן אין אָנהייב מלחמה פאַרנומען לובלין, האָבן זיי דאָס פּרץ־הויז פאַרוואַנדלט אין אַ מיליטערישער קאַזאַרמע. אַנטלויפנדיק פון לובלין האָבן זיי, אין גרויס איילעניש, שוין נישט באַוויזן צו פאַרניכטן די

פרץ־געביידע, האָט מען דאָרט, נאָך דער באַפרייאונג, איינגעאָרדנט די צו־ריקגעקומענע קראַנקע קאַצעטניקעס. עס האָבן אָבער אויסגעפעלט דאָקטוי־רים פאַר דער גרויסער צאָל קראַנקע. עס האָבן אויך געפעלט מעדיקאַ־מענטן. צו הילף זענען געקומען די יידישע דאָקטוירים און מעדיציניש‏ער פערסאָנאַל פון די לובלינער מיליטערישע שפּיטאָלן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

אַ גרויסע הילף האָבן מיר באַקומען פון ד״ר אננא מאַרגוליעס (פון לאָדזש), וועלכע איז צו יענער צייט געווען די אָנפירערין אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל, אויך — פון ד״ר געלבאַרט, ד״ר שנייבערג, ד״ר הערמאַן פראַנק און ד״ר ל. יאַבלאָנסקי. ערגער איז אָבער געווען ווען די מיליטערישע אָפּ־טיילונגען, מיט וועלכע די שפּיטאָלן זענען געווען פאַרבונדן, האָבן זיך גע־מוזט איבעררוקן פאָרויס, נענטער צום פראָנט. די קראַנקע האָט ממש גע־דראָט צו בלייבן אָן דאָקטוירים. אין דעם פאַל האָבן מיר געמוזט אינטער־ווענירן ביי דער העכערער מיליטערישער מאַכט, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט ד״ר פראַנק און מיט נאָך אייניקע דאָקטוירים. אויך די יידישע דאָקטוירים פון דער סאָוועטישער אַרמיי האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן צו דער אַרבעט ביי די קראַנקע.

מיר האָבן זיך שטאַרק באַמיט צוריק אָפּצונעמען די געביידע פון ישיבת חכמי לובלין, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סאָוועטישן מיליטערישן שפּיטאָל. אַלע אונדזערע באַמיונגען זענען אָבער געבליבן אָן דערפאָלג. מען האָט די געביידע באין אופן נישט געוואָלט באַפרייען. ווען מיר האָבן גע־וואָלט אינטערווענירן דורך דער פוילישער מאַכט, האָב איך פון איינעם פון די דעמאָלטיקע מלוכה־פירער, באָלעסלאַוו דראָבנער, געהערט פאָלגנדיקע ווערטער: „אויב די סאָוועט־מאַכט וועט באַפרייען די געביידע, וועלן מיר זי איבערנעמען פאַר דער פוילישער סאָציאַלער הילף״. ביז מיין פאַרלאָזן פוילן, האָט מען, נישט געקוקט אויף אַלע אונדזערע באַמיונגען, די געביידע פון ישיבת חכמי לובלין נישט אומגעקערט צוריק די יידן.

די גרופן, וואָס מיר האָבן אָפּגענומען פון די צוריקגעקומענע יידן פון רוסלאַנד, זענען נישט געווען קיין פריילעכע. דאָס, וואָס מיר האָבן געהערט פון זול. גאָדיקן, האָט זיך באַשטעטיקט. אין לעמבערג האָבן זיך צו יענער צייט, נאָך דער באַפרייאונג, געפונען אַרום 700 יידן — די מערהייט נישט

קיין לעמבערגער. ווען מיר האָבן זיך פאַר די ערשטע צוריקגעקומענע פון דאָרט באַקלאָגט אויפן שווידערלעכן אַנטיסעמיטיזם, וואָס הערשט אין די באַפרייטע געביטן פון פוילן, און מיר האָבן אַרויסגעזאָגט אונדזער השערה, צי עס איז בכלל ראַטזאַם פאַר ייִדן צוריקצוקומען קיין פוילן, האָבן זיי אַלע, ווי אין איין שטים, אונדז געענטפערט: אין רוסלאַנד איז אויך נישט בעסער...

הערנדיק זייערע אויספירלעכע דערציילונגען וועגן דער באַציִונג צו ייִדן אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָט זיך פשוט נישט געוואָלט גלייבן, אַז אין לאַנד פון זיך בויענדיקן סאָציאַליזם, ווו דער לאָזונג איז: פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע פעלקער און ראַסעס, זאָל די שנאה צו ייִדן זיין אַזוי גרויס. מיר זענען נאָך דעמאָלט געווען אַזוי נאַיִוו, אַז מיר האָבן דאָס אַלץ געלייגט אויפן חשבון פון די נישט זיכערע און שטורמישע מלחמה־יאָרן. פון דעסטוועגן האָבן מיר נאָך דעמאָלט געהאָפט, אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד איז עס, להיפוך צו פוילן, אַ פאַרבייגייענדיקע דערשיינונג...

ענדלעך האָב איך דערהאַלטן אַ ידיעה פון מיין ברודער יצחק, וועלכער האָט זיך געפונען אין פרונזע, — די הויפטשטאָט פון דער קירגיזער רעפובליק. דאָס איז געווען דער ערשטער בריוו, וואָס איך האָב פון אים באַקומען נאָך דער באַפרייאונג. דורך דער פאָסט האָט גענומען לאַנגע חדשים ביז עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון רוסלאַנד. געבראַכט האָט מיר דעם בריוו אַ מיליטערישער דאָקטאָר פון דער פוילישער אַרמיי — א. האוזמאַן, וועלכער האָט אונדז באַזוכט, צוזאַמען מיט ד״ר איראַ גינסבורג. כמעט אין דער זעלביקער צייט האָט אַדוואָקאַט ראַקאָווער מיר געבראַכט גרוסן פון אידאַ קאַמינסקאַ און מיין ברודערן־טאָכטער רות. פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין געהאַט פון זיי בריוו דורך אינזשיניער איגנאַצי סעמיאַטיצקי, אַדוואָקאַט ראַק און אַדוואָקאַט עפשטיין. פון יצחקס בריוו האָב איך זיך דערוווּסט וועגן מיינע ברידער זיגמונט און מאַרק, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דרום־אַמעריקע.

ביז גאָר אינטערעסאַנט זענען געווען די נייעסן, וואָס עס האָבן אונדז איבערגעגעבן די געקומענע פון רוסלאַנד, נייעסן וועגן ייִדישן לעבן דאָרט. די פוילישע ייִדן, וואָס האָבן זיך געפונען אין רוסלאַנד האָבן אויסגעקוקט דעם טאָג ווען זיי וועלן קאָנען צוריקקומען קיין פוילן, הגם מען האָט שוין דאָרט געוווּסט, אַז די ייִדן־לאַגע אין פוילן האָט זיך נישט געבעסערט. עס

איז אָבער געווען אַ האָפענונג צו קאָנען פאָרן ווייטער, וואָרום אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט מען אַזאַ מעגלעכקייט נישט געהאַט.

מיר האָבן אויך דערהאַלטן אַ בריוול פונעם הומאָריסט מ. נודעלמאַן, וועלכער האָט זיך געפונען, ווי אַן אָפיציר פון דער פוילישער אַרמיי, אין פשעמישל. דעם גרוס האָט אונדז געבראַכט ישראל פיינער.

גרויס אַנטוישונג האָט אַרויסגערופן דער פאַקט, אַז די פּאָליאַקן, וועל־כע מען האָט פון אָנהייב, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, אַרעסטירט פאַר אַרויסגעבן אָדער אומברענגען ייִדן, בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, זענען פּלוצים, ווי אויף אַ געהיימען באַפעל, באַפרייט געוואָרן. דאַקעגן האָט מען זיך שטאַרק גענומען צו זוכן חטאים ביי ייִדן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן אויף רעכטס און אויף לינקס. ווען מען האָט נאָר אויף עמיצן געהאַט דעם מינדסטן חשד, אָדער איינער האָט אויף אַ צווייטן עפּעס גע־זאָגט, איז ער תיכף אַרעסטירט געוואָרן — אויב ער איז נאָר געווען אַ ייִד.

אַזאַ פאַל איז געווען מיט מ. נאָמבערג, דעם זון פונעם פאַרשטאָרבענעם גרויסן ייִדישן שרייבער ה. ד. נאָמבערג. מען האָט אים אָפּגעהאַלטן אין דער לובלינער תפיסה אַ לענגערע צייט אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט מכלומרשט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן... אַזוי איז אויך געווען מיטן די־רעקטאָר פונעם וואַרשעווער „דזשאָינט“, דוד גוזשיק, וועלכער איז אַרעס־טירט געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די ייִדישע געשטאַפּאָ־לייט אַדאַם זשוראַווין, לעאָן סקאָסאָווסקי און זייע־רע שותפים. גוזשיק איז, ווי באַוווּסט, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַפע־רע פון „האָטעל פּאָלסקי“ אין וואַרשע. עס האָבן זיך געפאָדערט גרויסע אָנשטרענגונגען צו באַפרייען דעם פאַרדינסטפולן געזעלשאַפטלעכן טוער גו־זשיק, וועלכער איז אַ צייט שפּעטער טראַגיש אומגעקומען אין אַן אַעראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע.

דאָס זעלביקע איז געשען מיט פריילין פּעקער — די טאָכטער פון ד״ר מאיר פּעקער, אָנפירנדיקער פועלי ציוניסט אין דער פאַרמלחמהדיקער וואַר־שע, און דערנאָך — אין ישראל. זי איז געווען טעטיק אין דער אונטערער־דישער באַוועגונג בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע. נאָך דער באַפרייאונג איז זי אַרעסטירט געוואָרן פאַר מכלומרשטן שפּיאָנאַזש...

אין דער זעלביקער צייט האָבן זיך מאַסן פּוילישע כוליגאַנעס און

באַנדיטן, וואָס יעדער פון זיי האָט, טיילמאָל, געהאַט אויף זיין געוויסן הונ־דערטער דערמאָרדעטע ייִדן, אַרומגעדרייט אויף דער פריי. ווען זיי זענען, נאָך אַ גרויסער אינטערווענץ, אַרעסטירט געוואָרן, האָט מען זיי אין אַ קורצע צייט אַרום צוריק באַפרייט מיטן מאָטיוו, אַז... עס זענען נישטאָ קעגן זיי קיין גענוגנדיקע באַווייזן. און אויב מען האָט טענות צו זיי — איז געווען דער ענטפער — דאַרף מען זיי אָנקלאָגן אין געריכט.

אַ באַקאַנטער ייִדישער באַאַמטער פון זיכערקייט־מיניסטעריום האָט מיר דערציילט וועגן אַ פאַקט, וואָס האָט אונדז ממש אויפגעשוידערט. אַ געראַטעוועטע פונעם גיהנום האָט דערקענט אין לובלין אַ פּוילישן פּאָלי־ציאַנט, וועלכער האָט בעת אַן איבערפאַל אויף איר משפחה אין אָט־וואָצק, איבערגעגעבן איר עלטערע שוועסטער מיטן מאַן צו די דייטשן, וועלכע האָבן זיי אויפן אָרט דערשאָסן. זי האָט דער פּאָליציאַנט פאַרגוואַל־דיקט. איר קליין ברודערל, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען קיים 6 יאָר האָבן די עלטערן נאָך באַוויזן פאַר זייער טויט אַרונטערצושטופּן אונטערן בעט, און אַ דאַנק דעם איז ער געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. דאָס ייִנגעלע האָט, ליגנדיק אונטערן בעט, געזען דעם גאַנצן פאַרלויף פון די געשעענישן. נאָך דער באַפרייאונג, בעת דער אויספאָרשונג, האָט דאָס קינד דערקענט דעם פּאָליציאַנט און עדות געזאָגט קעגן אים. מען האָט דעם פּאָ־ליציאַנט אַרעסטירט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די פרוי ווידער גע־טראָפן דעם פּאָליציאַנט אויף דער גאַס. ווען מען האָט אינטערווענירט אין דער „אובע״ (זיכערקייט־אַמט), האָט מען געענטפערט, אַז מען האָט באַפרייט דעם פּאָליציאַנט, ווייל עס זענען נישטאָ קעגן אים קיין שום באַווייזן... דאָס עדות זאָגן פונעם קינד, האָבן זיי מאָטיווירט, איז נישט קיין גענוגנדיקער באַווייז, ווייל אַ קינד קאָן נישט גענוי געדענקען דעם אָנפאַלער און געדענ־קען בפּרטיות וואָס עס איז באמת פאָרגעקומען. אַי, די פרוי, דער קרבן גופא — ווייסט מען נישט, צי זי האָט נישט פון איר גוטן ווילן געלעבט מיטן פּאָליציאַנט...

בכלל איז געווען אַ טענדענץ צוליב ייִדן נישט איינצורייסן זיך צו פיל מיט פּאָליאַקן.

דאָס האָט שוין אָפּגענומען דעם חשק ביי אַנדערע ייִדן אָנצוווייזן פאַרברעכער, וועלכע האָבן זיך, נאָך דער באַפרייאונג, אַרומגעדרייט פראַנק

### נאָך דער באַפרייאונג

אין פריי און אַזוי אַרום נאָך באַקומען קוראַזש אויסצופירן ווייטערדיקע מאָרדן איבער געראַטעוועטע, אָבער ווייטער, שוצלאָזע ייִדן. אַזאַ האַנדלונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אַנטוישונג ביי די לעבנגעבליבענע ייִדן.

קאַפּיטל זעקס

## צוויי ספּעקטאַקלען: תליה און קאָנצערט

דעם 27סטן נאָוועמבער, 1944, האָט זיך אין לובלין פּאַר אַ ספּעציעלן שטראָף־געריכט אָנגעהויבן דער פּראָצעס איבער די תּליינים פון מאַידאַנעק. מען האָט געמשפּט 6 דייטשישע ס. ס.־מערדער: אַנטאָן טערנעס, הערמאַן פּאָגעל, טעאָדאָר שאָלען, ווילהעלם האַרטענמייער, היינץ שטאַלפּ און עדמונד פּאָלמאַן. דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן קינאָ־זאַל און איז געווען צוגענגלעך נאָר פאַר די, וואָס האָבן געהאַט איינטריט־בילעטן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז מיט אַ וואָך פריִער האָט מעז שוין נישט געקאָנט באַקומען קיין בילעט, וואָס איז פון פאָרויס פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן צווישן מלוכה־באַאַמטע, מיליטערלייט און פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. מיין פרוי און מיך האָט פאַרזאָרגט מיט בילעטן איינער פון די הויפּט־אָנטייל־נעמער פון דער באַשולדיקונג אינעם דאָזיקן היסטאָרישן פּראָצעס: ד״ר יעזשי סאַוויצקי־רייזער (אַן אײדעם פונעם אומגעבראַכטן באַרימטן אַדוואָ־קאָט ד״ר לייב לאַנדאו), וועלכער האָט אַ דאַנק דעם דאָזיקן פּראָצעס אָנ־געהויבן אַרויסצוּלייכטן ווי אַן אויפגייענדיקער שטערן אינעם פּוילישן גע־ריכט־וועזן און האָט זיך שפּעטער באַטייליקט אויך אין דעם היסטאָרישן משפּט קעגן די נאַצי־פירער אין נירענבערג.

יעדער איינער פון די מאַידאַנעקער פאַרברעכער, וואָס איז געזעסן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק, איז געווען אַ „ספּעציאַליסט״ אין זיין אַרט. פּאָלמאַן, למשל, איז געווען באַקאַנט ווי אַ פאַרגוואַלדיקער פון פרויען, איי־דער ער האָט זיי אַריינגעשטופּט אין די גאַז־קאַמערן. שאָלען — אַ הויכער, דאַרער יונג, מיט אַ פערדיש גרויסן קאָפּ, אָן שום אויסדרוק אויף זיין פּנים

— האָט זיך קונה שם געווען מיט רייסן ציין. מען האָט אים אין מאַידאַנעק גערופן: „דענטיסט". ער האָט מיט אַ שלאָסער־צוואַנג אַרויסגעריסן ביי די קרבנות זייערע גאָלדענע ציין פון מויל. שטאַלפּ איז פאַרן קריג געווען פון באַרוף אַ קיילער. ער איז עס אויך געבליבן בעתן קריג, נאָר אַנשטאָט בהמות האָט ער געקוילעט מענטשן...

אינעם גאַנג פון פּראָצעס האָט מען זיך דערוווּסט וועגן די אַלע רציחות אין מאַידאַנעק, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן איבער הונדערטער טויזנטער מענער, פרויען און קינדער; וועגן די דאָרטיקע עקספּערימענטן פונעם הויפּט־דאָקטאָר ד״ר בלאַנקע און זיין פאַרטרעטער ד״ר רינדפליייש, וועלכע האָבן געהייסן אַריינשפּריצן די קאַצעטלער מכלומרשט גלוקאָזע, כדי צו שטאַרקן די יידן, אָבער אין דער אמתן האָט מען זיי געמאַכט עוויפּאַן־איינ־שפּריצונגען און אַזוי אַרום זיי אומגעבראַכט. צווישן די אומגעבראַכטע אויף אַזאַ אופן האָבן זיך, צווישן אַנדערע, געפונען 11 אַמעריקאַנער יידן. זייערע נעמען זענען נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, אָבער זייערע אַמעריקאַנער פּע־סער, האָט מען אין דער קאַנצעלאַריע פון מאַידאַנעק געזען, איידער מען האָט זיי פאַרניכטעט און צוגעטיילט די לאַגער־נומערן. מען האָט אויך גע־הערט וועגן די מעשים פון די גרויזאַמע סאַדיסטן, דעם קאָמענדאַנט פון קרעמאַטאָריע — אָבער־שאַרפירער פאַאול האָפמאַן און דעם קאָמענדאַנט פונעם לאַגער אָבער־שאַרפירער טהומאַן. דער לעצטער האָט אויף זיין איי־גענער האַנט דורכגעפירט די שחיטה איבער 18 טויזנט יידן, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן דעם 3טן נאָוועמבער, 1943, ביי די קלאַנגען פון שטראַאוס וואַלץ. ביידע קאָמענדאַנטן האָט מען אין אַ צייט אַרום געכאַפּט און זיי פאַרמשפּט צום טויט.

דער מאַידאַנקער פּראָצעס האָט געדויערט ביז דעם 2טן דעצעמבער, 1944. יעדן טאָג, ווען מען האָט געבראַכט די פאַרברעכער פון דער תפיסה צום פּראָצעס, זענען די גאַסן געווען פול מיט מענטשן, וואָס האָבן זיי שוין אָפּגעוואַרט ווען מען האָט זיי געפירט צום פּראָצעס אין צוריק אין תפיסה אַריין. מען האָט זיי געשפּיגן אין פּנים אַריין און כסדר אויסגערופן: „דויטשע שווינע... דויטשע שווינע"... ווי מען וואָלט געוואָלט אין די דאָזיקע צוויי ווערטער אויסדריקן דעם גאַנצן צאָרן און פּראָטעסט קעגן די פאַרשטייער פון דער „העכערער ראַסע", וועלכע זענען באַגאַנגען אַזוי פיל שוידערלע־

כע פאַרברעכנס, וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע וואָלט גאָרנישט געקאָנט אויסטראַכטן. איצט זענען זיי, די מאַידאַנקער פאַרברעכער, געווען אַזוי נישטיק, אַזוי געפאַלן, אַזוי נידערגעשלאָגן, — ווי ענלעך זיי זענען איצט געווען צו זייערע קרבנות, איידער זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן. איצט האָבן זיי, די נעכטיקע אַליינהערשער, פחדנותדיק געוואָרפן די גאַנצע שולד פון זייערע פאַרברעכנס אויף אַנדערע און געהאַלטן אין איין טענהן, אַז זיי האָבן נאָר געהאָרכזאַם אויסגעפירט די באַפעלן, וואָס זיי האָבן באַקומען.



יריעות פון אַ ספר־תורה אַרויסגענומען פון אַ קאַלך־אויוון אין מאַידאַנעק. לינקס שטייט דער באַרימטער קונסט־מאַלער טאָלקאַטשאָוו

דער באַרימטער קונסט־מאַלער פון קיעוו, זינאָווי טאָלקאַטשאָוו — אַ טייערער, וואַרעמער ייד, וואָס איז מיט זיין מיליטער־אָפּטיילונג איינער פון די ערשטע געווען אין מאַידאַנעק, האָט איינגעאָרדנט אַ גרויסע אויסשטעלונג אין לובלין פון די צייכענונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט אין מאַידאַנעק. די אויסשטעלונג האָט טאַקע געהייסן „מאַידאַנעק", לזכר פון די קדושים פון

דעם טויט־לאַגער. טאָלקאַטשאָוו האָט מיר איבערגעגעבן אַ פאָטאָגראַפיע, ווי ער שטייט ביים קאַלך־אויוון אין מאַידאַנעק מיט יריעות פון אַ ספר־תורה, וועלכע מען האָט דאָרט אַרויסגעשלעפט, בעת מען האָט פאַרנומען דעם לאַגער. טאָלקאַטשאָוו האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין פאַרהאַנדלונג פונעם מאַידאַנעקער פּראָצעס. ער האָט געמאַכט צייכענונגען פון די פאַרברעכער און פון די עדות. איינער פון די מאַידאַנעקער באַנדיטן עדמונד פאָלמאַן האָט פאַרן אַרויסטראָגן איבער אים דעם אורטייל, זיך אייפגעהאָנגען אין תפיסה־קאַמער.

מיט גרויס פאַרלייכטערונג און סאַטיספאַקציע האָבן מיר אַלע אויפגענומען דעם טויט־אורטייל, וואָס איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן איבער די מאַידאַנקער פאַרברעכער.

דעם 3טן דעצעמבער, 1944, האָט מען זיי אויפגעהאָנגען אויפן פּלאַץ פון זייערע פאַרברעכנס, אין קעגנוואַרט פון 20.000 מענטשן. דעם זעלביקן אָוונט איז אין לובלינער קאָנסערוואַטאָריע, אויף קאָפּוציינסקאַ נר׳ 3, אין דער געביידע פונעם פּוילישן מוזיק־אינסטיטוט, פאָרגעקומען דער ערשטער רעציטאַל פונעם יידישן ליד, אויסגעפירט פון דיאַנאַ בלומענפעלד, אַקאָמפּאַנירט פונעם פּיאַניסט סקאַרבניק, וועלכער האָט דעמאָלט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי.

אינעם איבערגעפולטן קאָנצערט־זאַל האָט מען געזען די יידישע פאָרשטייער מיט ד״ר עמיל זאָמערשטיין בראש, היכע סאָוועטישע און פּוילישע מיליטער־לייט און באַאַמטע, וועלכע מען האָט ביז איצט געהאַלטן פאַר קריסטן. מען האָט דאָרט געזען די פּני פון דער פאַרטיי, די שטאַרק אַסימילירטע יידן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין מגע־ומשא מיט יידישע קולטור־דערשיינונגען, די באַקאַנטע פאַרמלחמהדיקע קאָמוניסטקע סעגאַלינוונאַ, אַ מיטגליד פון דער אין פּוילן באַרימטער סעגאַלין־משפחה פון קעפּיר, ווי אויך — די טאָכטער פון דער יחוסדיקער יידישער משפחה באַלעסלאָוו און דיאַנאַ אייגער — מאריא אייגער, וועלכע איז אין אַמאָליקן פּוילן, פאַר איר קאָמוניסטישער טעטיקייט, מער אָפּגעזעסן אין פאַרשידענע תפיסות, ווי געווען אויף דער פריי.

איצט זענען זיי אַלע געקומען הערן אַ יידיש ליד און לאָזן אַ טרער פון צער דערמאָנענדיק זיך זייערע פריצייטיק־פאַרשניטענע, נאָענטסטע, ווי

אויך — אַ טרער פון פרייד לכבוד דעם ערשטן עפנטלעכן יידישן קאָנצערט אין באַפרייטן פוילן, אין אַ זאַל, ווו מען האָט פאַרן קריג נישט דערלאָזט קיין יידיש וואָרט. עס איז געווען אינטערעסאַנט אָנצוקוקן די פאַרזאַמלטע צושויער: העכערע אָפיצירן און פשוטע סאָלדאַטן, מיניסטאָרן און באַאַמטע, פאַרטיזאַנער און לאַגער־קרבנות, אַלע האָבן זיי געווישט אַ טרער פון די אויגן, ווען דיאַנאַ האָט אויסגעזונגען אירע לידער, וואָס האָבן דערמאָנט דעם פאַרשניטענעם נעכטן. אַלע האָבן זיך געפרייט מיטן גרויסן נס, אַז דאָס יידישע ליד, דאָס יידישע וואָרט לעבט ווייטער און וועט ווייטער אי־בערלעבן די שונאים.

אין נאָמען פון „פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַר־טיסטן אין פוילן" האָט דער שרייבער גרישאַ יאשונסקי באַגריסט דיאַנאַן. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז מיט אַ מאָדנער באַשטימונג פונעם גורל, פאַלט זיך איר אויפטריט צונויף מיטן טאָג, ווען עס זענען אויפגעהאָנגען געוואָרן 5 תליינים — רעפּרעזענטאַנטן פון אַ סיסטעם, וואָס האָט זיך גע־שטעלט פאַר אַ ציל אויסצוראָטן דאָס יידישע פאָלק און זיין קולטור.

ווי נאָר דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן, איז אין זאַל און אין דער גאַנצער געביידע מיטאַמאָל פינצטער געוואָרן. בעת מען האָט אָנגעצונדן ליכטלעך, וועלכע זענען פון פריִער צוגעגרייט געוואָרן, און דיאַנאַ בלומענ־פעלד איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיטן קאָנצערט, זענען אייניקע אָפיצירן, בראש מיט אַ הויכן באַאַמטן פון זיכערקייט־מיניסטעריום, אַוועקגעפאָרן צו דער שטאָטישער סטאַנציע פון עלעקטרישער קראַפט, כדי פעסטצושטעלן ווער און אויף וועמעס איניציאַטיוו מען האָט אָפּגעשטעלט דעם עלעקטרישן שטראָם אין דער קאָנסערוואַטאָריע. מען האָט די אָנפירער און אַרבעטער פון דער סטאַנציע געגעבן אַ באַפעל, אַז אויב אין 15 מינוט אַרום וועט נישט צוריקגעשטעלט ווערן דער עלעקטרישער שטראָם, וועלן אַלע דאָרטיקע אַרבעטער אַרעסטירט ווערן פאַר סאַבאָטאַזש. איידער אָבער די אָפיצירן פון דער זיכערהייט־פאָליציי זענען צוריקגעקומען צום קאָנצערט־זאַל, איז שוין דאָרט געווען עלעקטריש ליכט...

אַפילו אין דעם סימבאָלישן טאָג פון אויפהענגען די דייטשישע באַנ־דיטן פון מאַידאַנעק, וועלכע האָבן פונקט אַזוי געמאָרדעט פאָליאַקן ווי יידן — אין דעם טאָג, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לובלין ווי אַן אַלגע־

מיינער יום טוב, האָבן פּוילישע כוליגאַנעס נישט אויפגעהערט צו שפּייען מיט שנאה און האַס צו זייערע יידישע מיטבירגער.

נאָכן קאָנצערט זענען מיר מיט אַ גרויסן עולם אַוועק צו ד״ר מ. מאַזור אין הויז, וווּ עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד דיאַנאַס ערשטן קאָנצערט אַ פייערלעכע אויפנאַמע. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען געגאַנגען צו די מאַזורס מיטן באַשלוס דאָרט צו פאַרבלייבן אַ גאַנצע נאַכט (דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן 4 אַזייגער און געענדיקט פאַר 7), כדי נישט אַהיים צו גיין נאָך דער פּאָליציי־שעה.

צוויי פון די פאַרבעטענע געסט, דער שרייבער יהודה עלבערג און דער פּאַרטיזאַן ד״ר שמעון דאַטנער — אַ גאַסט פון ביאַליסטאָק, האָבן געזאָלט קומען שפּעטער. זיי האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז זיי האָבן די געהעריקע פּאַראָלן און קאָנען גיין נאָך דער פּאָליציי־שעה. ווען מיר האָבן געזען, אַז עס איז שוין שפּעט און די צוויי געסט זענען נאָך אַלץ נישט געקומען, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן באַאומרויקן. צווישן די פאַרזאַמלטע אין הויז פון די מאַזורס האָבן זיך געפונען העכערע פּוילישע אָפיצירן, זענען אייניקע פון זיי אַוועק, כדי זיך צו דערוויסן וועגן גורל פון די צוויי מענטשן.

וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן?

מען האָט עלבערגן און ד״ר דאַטנער אַרעסטירט מיט זייערע פּאַראָלן... זיי זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער רוסישער קאָמענדאַנטור. עלבערג האָט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, געהאַט אַ רוסישן פּאַראָל, וועלכן ער האָט געקריגן פון אַ באַפריינדעטן רוסישן אָפיציר, און ד״ר דאַטנער האָט געהאַט אַ פּוילישן פּאַראָל. היות זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ פּאַטרול פון רוסישע סאָלדאַטן, וועלכע עס איז געוואָרן פאַרדעכטיק וואָס צוויי ציווילע מענטשן האָבן מיליטערישע פּאַראָלן, האָט מען זיי אַרעסטירט און אַוועקגעפירט אין דער רוסישער קאָמענדאַנטור, כדי פעסטצושטעלן צי זיי זענען נישט קיין שפּיאָנען... נאָך דער אינטערווענץ פון אַ פאָרשטייער פון זיכער־קייט־מיניסטעריום האָט מען עלבערגן באַלד אַרויסגעלאָזט, דאַקעגן ד״ר דאַטנערן האָט מען פאַרהאַלטן, כדי אויסצופאָרשן, וואָס ער טוט אין לובלין — ער האָט געהאַט דאָקומענטן, אויסגעשטעלט אין ביאַליסטאָק — און פון וועמען ער האָט אין לובלין באַקומען דעם פּאַראָל.

אַ הויכער פונקציאָנאַר פון זיכערקייט־מיניסטעריום האָט ריכטיק באַמערקט: דער בעסטער פּאַראָל איז צו זיצן ביינאַכט אין דער היים און נישט גיין איבער די גאַסן...

קאַפּיטל זיבן

## דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן

דער העכסטער ראַט פון די יידישע אינסטאַנצן, וואָס האָט געדאַרפט אויסדריקן די געפילן פון די ביים לעבנגעבליבענע יידן, זאָרגן פאַר זייערע אינטערעסן, פאַרטרעטן און באַשיצן זיי, ווי אויך זיין דער וואָרטזאָגער פונעם גאַנצן יידישן קיבוץ אין פוילן לגבי דער מלוכה און — דער אויסלענדישער וועלט, וואָלט על פּי דרך הישר געדאַרפט ווערן אויסגעקליבן דורך די פאַרטרעטער פון אַלע יידישע קאָמיטעטן אין לאַנד, אויף דער באַזע פון פּראָפּאָרציאָנעל־דורכגעפירטע וואַלן.

אויב מען קאָן נאָך פאַרשטיין, אַז אין אָנהייב, ביים אָרגאַניזירן דעם צענטראַל־קאָמיטעט איז שווער געווען דורכצופירן אַזעלכע וואַלן, איז לגמרי אומפאַרשטענדלעך פאַרוואָס דאָס איז נישט געשען שפּעטער, בעת די ווייטערדיקע עטאַפּן פון זיין טעטיקייט.

דער פּערסאָנאַלער צוזאַמענשטעל פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן איז די גאַנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ געווען, ווי מיר איז באַקאַנט, אַן אַרויפגעצוווּנגענער, נישט קיין דעמאָקראַטיש־געוויילטע קערפּערשאַפט. אַז ביי די איניציאַטאָרן פונעם שאַפן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, מיט ד״ר עמיל זאָמערשטיין בראש, זענען די כוונות געווען די בעסטע און אַז זיי האָבן בדעה געהאַט, אין די ראַמען פון זייערע מעגלעכקייטן, צו דינען די אינטערעסן פונעם פּוילישן יידנטום, איז פאַר קיינעם קיין שום ספק נישט געווען. די דאָזיקע מענטשן האָבן זיכער געגלויבט, יעדנפאַלס אין דער ערשטער פאַזע, אַז זיי וועלן קאָנען אָנהייבן אַ פּראָדוקטיווע אויפבוי־אַרבעט און זיי וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו באַפעסטיקן און שטאַרקער צו מאַכן דעם אָפּגעשוואַכטן קליינעם יידישן קיבוץ אין פוילן.

ס'איז אָבער געווען אַ צווייטער צד — פון אויבן — וועלכער האָט דיריגירט (אויב אַפילו הינטער די קוליסן) און באַשטימט אַלע־וויכטיקע גרונט־ליניעס פון דער אַרבעט און, אַפּט, גאַרנישט אין איינקלאַנג מיטן ווילן און באַדערפעניש פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אַמבולמסטן האָט עס זיך אויסגעדריקט אין דער באַציִונג מיט אויס־לאַנד. די יונגע פוילישע מלוכה האָט זיך געניייטיקט אין אַ ברייט־ פאַרמאָס־טענער הילף־אַקציע און זי איז דעריבער געווען פאַרינטערעסירט צו שאַפן פאַר זיך אַ גוטע שטימונג אין דער וועלט. דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן אַ וואָס־גרעסערע פּראָפּאַגאַנדע. היות די פּאָליאַקן האָבן געגלויבט אינעם ייִדישן כּוח און איינפלוס אויף דער וועלט, האָבן זיי געוואָלט, אַז די ייִדישע שטים פון לאַנד זאָל זיך לאָזן הערן וואָס העכער אין דער פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע לטובת דער נייער פוילישער מלוכה. מען האָט זיך געניייטיקט אין אויסלענדישע קאַפּיטאַלן, כּדי צוריק אויפצובויען דאָס צעשטערטע, חרובֿע לאַנד. און היות די פּאָליאַקן האָבן געהאַלטן, אַז דער וועלט־קאַפּיטאַל ליגט אין ייִדישע הענט, האָבן זיי געהאָפט אַזוי אַרום אַריינצוקריגן אין לאַנד וואָס מער אויסלענדישע וואַלוטע. דאָס איז כּסדר אונטערגעשטראָכן געוואָרן בעת אַלע ווענדונגען צו דער וועלט און בעת די צוזאַמענטרעפן מיט די פאָרשטייער און פּרעסע־מענטשן פון אויסלאַנד, וועלכע זענען געקומען קיין פוילן, אַז אַ מאַסן־הילף פון אויסלאַנד, ספּעציעל פון די פאַראייניקטע שטאַטן דאַרף קומען וואָס פריִער.

אָבער דער ייִדישער צד האָט, זעענדיק ווי שווער עס איז אויפצובויען אַ ניי לעבן אויף אַ צעשטערטן בית־עולם, אויף וועלכן עס לויפן נאָך אַלץ אַרום היענעס, געהאַט גאָר אַן אַנדערע איינשטעלונג. מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, אויב אַפילו פון אָנהייב באַהאַלטענערהייט, וועגן אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פון לאַנד, ווו מען האָט אַלץ און אַלע פאַרלוירן, און צו קאָנען עמיגרירן ווער קיין ארץ־ישראל, ווער — אין אַנדערע לענדער, ווו די איבערגעבליבענע ייִדן האָבן געהאַט קרובים. ביז די דאָזיקע מעגלעכקייטן וועלן אָבער געשאַפן ווערן האָט מען די ייִדן געדאַרפט פאַרזיכערן אַ רויִקע עקזיסטענץ, אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַן דער כּסדרדיקער מורא פאַרן טויט, וואָס האָט נאָך אַלץ געלויערט אויף די ייִדן, וואָס זענען צוריקגעקומען

פון די לאַגערן, וועלדער, פון דער אַרישער זייט, ווו זיי האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אָדער לעבן ווי די אנוסים.

ווער־זשע האָט געזאָלט רעפּרעזענטירן און שיצן דאָס קליינע הייפעלע איבערגעבליבענע ייִדן פונעם אויסגעשאָכטענעם פאָלק? האָט דאָך געמוזט געשאַפן ווערן אַזאַ קערפּערשאַפט ווי דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּויליש ייִדן.

אינטערעסאַנט פאַר די דעמאָלט הערשנדיקע באַדינגונגען איז דאָס, וואָס דער סטאַטוט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט מען באַווילקט אויסצואַרבעטן ערשט ביים סוף פון 1945, דאָס הייסט, — איבער אַ יאָר נאָך דעם ווי דער צ״ק איז געגרינדעט געוואָרן.

אַ פּאָר וואָכן נאָכדעם ווי מיין פרוי און איך זענען באַפרייט געוואָרן און מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין, האָט מען פון אַלע זייטן אָנגעהויבן צו ווירקן אויף מיר, אַז איך זאָל מסכים זיין צו ווערן אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. דעמאָלט האָט שוין עקזיסטירט דער „ייִדישער ליטעראַטן־, זשורנאַליסטן־ און אַרטיסטן־פאַראיין“, פון וועלכן איך בין געווען דער פאָרזיצער, ווי אויך די ייִדישע פּרעסע־אַגענטור („ייִפּאַ“) און די ייִדישע ראַדיאָ־שעה. איך בין דעריבער אויך געוואָרן אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. דערנאָך איז צוגעקומען צום צ״ק מיכאל טאַבאַטשניק־מירסקי, וועלכן מיר האָבן אַרויסבאַקומען פון דער אַרמיי, ווו ער איז געווען קולטור־און פּראָפּאַגאַנדע־אָפיציר. אויך ד״ר זאַמערשטיינס איידעם, ד״ר מיכאל טעמטשין — דער פּאָפּולערער פּאַרטיזאַן, מאַיאָר זנאַכאָר — איז באַשטימט געוואָרן אַלס אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט.

ווען דער גאַנצער פּוילישער געביט איז באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן, איז דער צוזאַמענשטעל פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן אויסגעברייטערט געוואָרן, אָבער ניט מיט פאָרשטייער פון די ראַיאָן און לאָקאַלע קאָמיטעטן *). אויך אין די דאָזיקע קאָמיטעטן זענען אַריינגעשיקט געוואָרן מענטשן, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, כדי זיי זאָלן איבערנעמען די אַמטן פון פאָרזיצער און הויפּט־אָנפירער. מיט דער צייט זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער צום צענטראַל־קאָמיטעט:

---

*) זע סוף קאַפּיטל צוויי (זייט 33).

אויפֿן אָרט פֿון ד״ר טעמטשין — אַ צוויטער, זייער פּאָפּולערער פּאַרטיזאַן־פּולקאָווניק ג. אַלעף (באַלעק), און נאָך שפּעטער — אַ געוויסער חיים קאַ־מעראַז, וועגן וועלכן עס וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן. אַזוי האָט אויס־געזען דער צוזאַמענשטעל פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט ביז מיין פֿאַרלאָזן פּוילן, סוף 1945.

נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן און בונטעווען זיך פֿון די פּאַר־שטייער פֿון אַנדערע וואָיעוואָדישע שטעט, מען זאָל פֿאַררופֿן אַ קאָנפֿערענץ פֿון אַלע קאָמיטעטן־פֿאַרשטייער איבערן גאַנצן לאַנד, כדי אויסצוקלייבן אַ נייע קערפּערשאַפֿט פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט, זענען די פּראָטעסטן נישט גענומען געוואָרן אין אַכט.

היות דער צענטראַל־קאָמיטעט איז באַשטאַנען פֿון מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו פֿאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי פּ. פּ. ר. (פּוילישע אַרבע־טער־פּאַרטיי), „בונד״, אַלגעמיינע ציוניסטן, רעכטע און לינקע פּועלי־ציוניסטן, החלוץ, השומר הצעיר, אָדער אומפּאַרטייאישע, האָט מען אַלע ענינים און פֿראַגן געמוזט באַהאַנדלען אַזוי, אַז קיין שום צד זאָל נישט בלייבן באַעוולהט. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס — באַלאַנסירן לויטן צוזאַמענגעשטעלטן פּאַרטיי־שליסל, דאָס הייסט, לויט די אָנשויאונגען און פּאַרטיי־צוגעהעריקייט, ווי אויך פֿון די איינצלנע „ווילדע״ מיטגלידער פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט.

מען האָט געהאַנדלט אויף אַן אופֿן וואָס קאָן אַלע פֿאַראייניקן און נישט פֿאַנאַנדערטיילן. זענען טאַקע אין דער ערשטער צייט פֿון צוזאַמענאַרבעט צווישן די מיטגלידער פֿון צענטראַל־קאָמיטעט נישט געווען קיין אינערלעכע רייבונגען. ס׳האָט געהערשט, פּיל ווייניק, האַרמאָניע.

פּאַרטייאישע קאָנפֿליקטן צווישן די מיטגלידער פֿונעם צענטראַל־קאָ־מיטעט האָבן זיך אָנגעהויבן ערשט אין וואַרשע, ווהין דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך אַריבערגעטראָגן דעם 28סטן פֿעברואַר 1945.

צו גרעסערע רייבונגען איז געקומען אינעם שפּעטערדיקן פּעריאָד, ווען נאָכן אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין מאָסקווע צווישן פֿאַר־שטייער פֿון די לאָנדאָנער און לובלינער רעגירונגען און ס׳איז געשאַפֿן געוואָרן די נייע רעגירונג פֿון נאַציאָנאַלער פֿאַראייניקונג, מיט אָסובקא מאָראַווסקי אַלס פּרעמיער, סטאַניסלאַוו מיקאָלייטשיק און וולאַדיסלאַוו גאָ־

מולקאַ אַלס וויצע־פּרעמיערן, מאַרשאַל ראָלאַ־זשימיערסקי אַלס פאַרטיידי־
קונגס־מיניסטער; ד״ר וולאַדיסלאַוו קערניק — עפנטלעכע אַדמיניסטראַציע,
ווינצענטי זשימאָווסקי — אויסערן־מיניסטער און יאַקוב בערמאַן — די
„גרויע עמינענץ״ פון דער רעגירונג.

ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, איז אָבער נאָך דער דאָזיקער
פאַראייניקונג און אויסברייטערונג פון דער רעגירונג פון „פאָלק־אַחדות״ די
לאַגע פון די ייִדן אין לאַנד געוואָרן נאָך ערגער. די אַנטיסעמיטישע שטי־
מונגען און כוליגאַנישע אַנטי־ייִדישע אַרויסטרעטונגען זענען געוואָרן שטאַר־
קער. אַפּנים אַז די נאַציאָנאַלע פאַראייניקונג האָט אויך פאַראייניקט די כו־
ליגאַנעס פון אַלע שיכטן פון פאָלק צו אַ פאַרשטאַרקטער אַנטי־ייִדישער
אַקציע.

טאָג־איין טאָג־אויס איז דער צענטראַל־קאָמיטעט פאַרוואַרפן געוואָרן
מיט באַריכטן וועגן מאָרדן, וואָס ווערן אויסגעפירט איבער שוצלאָזע ייִדן.
שחיטות זענען, צווישן אַנדערן, פאָרגעקומען אין ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ, שעד־
לעץ, סעמיאַטיטש, וואָהין, סאָקאָלע, ביאַליסטאָק, טשיזשעוו, זשיראַוויעטש־
קי, גראָדזשיסק, שעניאַווקאַ, דראָהיטשין, שניאַדאָוואַ, אָסטראָוויעץ־סטאָק־
שיצקי און נאָך אין פיל שטעט און שטעטלעך.

כמעט אומעטום האָבן כוליגאַנעס אויפגעפאָדערט די ייִדן צו פאַרלאָזן
זייערע היימען, אין קעגנפאַל האָט מען זיי געדראָט מיט אָנווענדן „געהערי־
קע מיטלען״. און וואָס די געהעריקע מיטלען האָבן באַטייט, האָבן אַלע
גוט געוווּסט...

מיר האָבן געהאַלטן אין איין אינטערווענירן ביי דער מאַכט, וועלכע
האָט פון איר זייט פאַנאַנדערגעשיקט צירקולאַרן צו דער מיליץ און זיכער־
קייט־אָרגאַנען אין די שטעט און שטעטלעך. אָבער מיט דעם האָט זיך די
לאַגע נישט געבעסערט. נאָכן פאַנאַנדערשיקן די צירקולאַרן זענען אָנגעקו־
מען צו אונדז נאָך מער אַלאַרמירנדיקע באַריכטן וועגן מאָרדן איבער ייִדן.

אין יאַנואַר, 1945, האָט עדוואַרד וויעזשגאַטש דערהרגעט אין טשאַרנע,
נעבן יאַסלאָ, די ייִדן ט. גאָטפריד און מענדל איינהאָרן. ווייטערדיקע מאָרדן
זענען פאָרגעקומען אין סקאָטניצאַ, זאַרעמבי־קאָשטשעלנע און שניאַדאָוואַ.

אין פעברואַר — פּאָגראָמען אין פאָלגנדיקע ערטער: כמיעלאָוו, ריקי,
ליסלעוו, יאַראָסלאַנד א״אַ.

אין מערץ — טאַרנאָבזשעג, גליוויץ, פּאָדרעמבצע, באַטשקי, בזשי־זשעוו א״אַ. אין דער נאַכט פון 26סטן און 27סטן מערץ, אַרום 12 אַזייגער, זענען באַוואָפנטע באַנדעס אָנגעפאַלן אין שטעטל מאָרדי, שעדלעצער קרייז, אויף דער וווינונג פון די ברידער גארבאזש און דערמאָרדעט צוויי מענער און צוויי פרויען. איינעם פון די ברידער גאַרבאַזש, וואָס האָט, זייענדיק פאַרוווּנדעט, סימולירט אַ טויטן, איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. אין אַנ־דערע דריי הייזער האָבן די זעלביקע באַנדיטן דערמאָרדעט 2 ייִדישע מענער און איין פּוילישע פרוי, ביי וועלכער די ייִדן האָבן געוווינט.

דעם 17טן מערץ, 1945, זענען כוליגאַנעס אָנגעפאַלן אויף דער וווינונג פונעם ייִד שיינמאַן אין בריאַנסק, ביאַליסטאָקער קרייז, און דערמאָרדעט צוויי ייִדישע פרויען, ווי אויך אַ פּוילישע פרוי, ביי וועלכער די ייִדן האָבן געוווינט.

אין דער נאַכט פון 16טן אויפן 17טן אַפּריל, 1945, זענען פּאַליאַקן באַפאַלן די ייִדן אין קלימאַנטאָוו, סאַנדאָמירער קרייז, און אויסגעמאָרדעט דאָרט 5 ייִדן, צווישן זיי איין פרוי. די קרבנות זענען געווען: די ברידער לייב יאָסל לעדערמאַן, 36 יאָר אַלט און יחיאל לעדערמאַן — 28 יאָר אַלט; יוסף טענטשינע — 30 יאָר אַלט און זיין שוואַנגערע פרוי, ווי אויך אברהם זלאָטניצקי — 28 יאָר אַלט.

פון די 5.000 ייִדן פון קלימאַנטאָוו, וואָס די דייטשן האָבן פאַרשיקט אין פאַרשידענע טויט־לאַגערן, האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז 7 ייִדן, וועלכע זענען נאָך דער באַפרייאונג צוריקגעקומען אַהיים. פינף פון זיי האָבן די פּאַליאַקן דערמאָרדעט, די איבעריקע צוויי האָבן זיך על פּי צופאַל געראַ־טעוועט אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זענען בעתן מאָרד נישט געווען אין דער היים.

אינעם זעלביקן חודש האָט יאַן קאַמינסקי — אַ פּוילישער מיליציאַנער — דערהרגעט אין טשיזשעוו און אין סולבאָש 8 ייִדן.

דאָ האָב איך אויסגערעכנט בלויז אַ קליינעם טייל פון די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט דערהאַלטן פון די ייִדישע קאָמיטעטן אויף דער פּראָווינץ. עס זענען געווען פּילצאָליק מער מאָרדן. יעדן טאָג איז אין יעדן אָרט, ווו אַ ייִד האָט זיך נאָר באַוויזן, כדי אָפּצונעמען זיין נחלה, אָדער אויסצוגעפינען צי עמעצער פון זיין משפּחה, אָדער נאָענטע האָט זיך געראַטעוועט, איז ער שוין נישט געווען זיכער צי ער וועט אַרויס

מיטן לעבן. מיט דער באַן איז פאַר אַ ייִד אוממעגלעך געווען צו פאָרן. מען האָט אָפּגעשטעלט די צוגן און אַלע ייִדן, וואָס זענען געפאָרן מיט זיי, אַפילו די, אויף וועלכע עס איז נאָר געפאַלן אַ חשד אַז זיי זענען ייִדן, האָבן געמוזט אַרויסגיין פון די וואַגאָנען. זיי זענען דורך די פּוילישע באַנדעס אויסגעשטעלט געוואָרן אין איין ריי און האָבן געמוזט אַראָפּלאָזן די הויזן, כּדי צו איבערצייגן די באַנדיטן אַז זיי זענען נישט קיין ייִדן. צו די דאָזיקע באַנדעס האָבן געהערט גאַנצע אָפּטיילן אין מונדירן פון פּוילישן מיליטער, אונטער דער אָנפירונג פון זייערע אָפיצירן.

צוליב די דאָזיקע פאַלן זענען פאָרגעקומען גאָר שטאַרקע רייבונגען צווישן די פּרעזידיום־מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, און עס האָט אָפּט געהאַלטן, אַז דער „פּאַרטיי־שליסל" פונעם צענטראַל־קאָמיטעט זאָל צוליב דעם אויפגעריסן ווערן...

אין דער צייט ווען די מערהייט, מיט ד״ר זאָמערשטיינען בראש, האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף אָננעמען אַ שטרענגערן טאָן און אויפפאָדערן די רעגירונג איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף צו מאַכן צו דער אומדערטרעגלעכער לאַגע אין וועלכער די ייִדן אין פּוילן האָבן זיך געפונען, זענען די אַנדערע מיטגלידער — צום גליק די מינדערהייט — געווען קעגן דעם. זיי האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אָננעמען אַ מילדערע רעזאָלוציע, כּדי נישט — ווי זיי האָבן געזאָגט — צו באַשווערן און שטערן די קאָנסטרוקטיווע אויפבוי־אַרבעט פונעם לאַנד, מיט וועלכער די רעגירונג פירט אָן. זיי האָבן אַפילו געפאָדערט אַרויסצולאָזן אַן אויפרוף צו דער ייִדישער באַפעלקערונג אין לאַנד נישט אַריינצופאַלן אין אַ בהלה, נייערט מיטהעלפן סטאַביליזירן דאָס לאַנד. זיי זענען געווען דערפאַר, אַז מען זאָל וועגן די מאָרדן און וועגן די מיטלען וואָס מען דאַרף אָננעמען, נישט איבערגעבן דורך דער פּרעסע און ראַדיאָ, ווייל אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע — האָבן זיי געזאָגט — קאָן שעדיקן אין אויסלאַנד די אינטערעסן פונעם נייעם פּוילן. פון דעמאָלט אָן איז יעדע זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פאַרוואַנדלט געוואָרן ממש אין אַ קאַמף־אַרענע.

ס'איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ווען די מלוכה־פירער און די העכסטע פּוילישע באַאַמטע האָבן געהאַלטן פאַר גאַנץ פאַרשטענדלעך דעם פאַקט, וואָס ייִדן ווילן, צוליב דער געשפּאַנטער לאַגע, עמיגרירן פון פּוילן,

זענען אַ טייל „יידישע פירער", און בפרט די מיטגלידער פון דער מינדער־הייט פון צענטראַל־קאָמיטעט — אגב, צו יענער צייט שוין אָנגעהויבן צו ווערן אַ דאָמינירנדיקע גרופּע — געווען קעגן אַן עמיגראַציע פון יידן, און זיי האָבן אַלץ געטון, כדי אין דעם צו שטערן. אַ באַקאַנטער יידישער אָפיציר פון זיכערקייט־מיניסטעריום האָט מיר אַמאָל געוויזן אַ מעמאָראַנדום, אונ־טערגעשריבן פון אַ פּאָר צ"ק־מיטגלידער, וועגן דער אומלעגאַלער עמיגראַ־ציע פון יידן און וועגן די מיטלען, וואָס מען דאַרף אָנגעמען, כדי דערין צו שטערן.

די דאָזיקע גרופּע האָט אונדז אויך געמאַכט שטערונגען צו פּאַרעפנט־לעכן אין דער צייטונג „דאָס נייע לעבן" — אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן און פונעם „פּאַראיין פון יידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַרטיסטן" — אַ באַריכט וועגן דער אַנטיסעמיטישער טעטיקייט אין לאַנד. דאָס האָבן מיר אָבער מיט אַ מערהייט שטימען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט דורכגעפירט און איבערגעגעבן וועגן די אַלע פאַלן אין דער עפנטלעכקייט.

אַ גרויסער סקאַנדאַל איז אויסגעבראָכן בעת איינער פון די זיצונגען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט נאָך אַ רעדע וואָס ד"ר ע. זאָמערשטיין, אַלס אַ דעפּוטאַט פונעם פּוילישן פּאַרלאַמענט, האָט געהאַלטן אין שייכות מיט דער אַנטיייִדישער אַקציע און געפאָדערט פון דער רעגירונג קאָנקרעטע מעשים. די „מינדערהייט־גרופּע" פון אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט האָט שטאַרק אַטאַקירט דעם פאַרדינסטפולן יידישן מנהיג. זיי האָבן בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די רעדע זאָל דערגיין קיין אויסלאַנד, ווייל זי קאָן ברענגען שאָדן דער פּוילישער רעגירונג. היות די רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דער צייטונג „דאָס נייע לעבן" איז באַשטאַנען פון אַ טייל פּרעזידיום־מיט־גלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט, איז דער גאַנצער מאַטעריאַל פון יעדן נו־מער באַטראַכט געוואָרן אויף אַ זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, וווּ ער האָט געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורכן גאַנצן פּרעזידיום. ווען איך האָב אויף איינע פון די זיצונגען פאָרגעלייגט אָפּצודרוקן ד"ר זאָמערשטיינס סיים־רעדע, איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם. די „מינדערהייט" האָט שאַרף פּראָטעסטירט און בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזן דערצו. היות אָבער מיין פאָרשלאַג איז בעת דער אָפּשטימונג דורכגעגאַנגען מיט אַ מער־

הייט שטימען, האָט די אָפּאָזיציע געפאָדערט, אַז אין דעם זעלביקן נומער פון דער צייטונג זאָל זיין גלייכצייטיק אָפּגעדרוקט אַ קעגן־אַרטיקל וועגן דער זעלביקער פראַגע.

להיפוך צו די יידישע היפּער־פּאַטריאָטישע „וואַרטזאַגער“, האָבן די רעגירונגס־אינסטאַנצן, בראש מיטן פרעמיער־מיניסטער פון דער פּוילישער רעגירונג אָנגענומען אַ מער ליבעראַלע שטעלונג. איך ברענג דאָ אַן אויסצוג פון אַ שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיטן פרעמיער־מיניסטער פון דער פּוילישער רעפּובליק, עדוואַרד אָסובקא־מאָראַווסקי. איך גיב אים איבער וואָרט ביי וואָרט:

איך: — עס וועט אוממעגלעך זיין צוריק־אויפצובויען אונדזער לעבן אויף די חורבות, ווען מיר פילן נאָך אַלץ אין דער לופט דעם ריח פונעם פאַרברענטן פלייש פון אונדזערע נאָענטסטע... אַפילו די פּרוּוון, וועלכע עס באַמיִען זיך צו מאַכן די געראַטעוועטע יידן, ווערן אויך צו נישט געמאַכט דורך די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן אין לאַנד, וואָס זייער צאָל האַלט זיך, ליידער, אין איין פאַרגרעסערן.

אָסובקא־מאָראַווסקי: — מיר טוען אַלץ וואָס איז אין אונדזער מאַכט צו באַקעמפן די אַנטי־יידישע כוואַליע. פאַרגעסט אָבער נישט, אַז נישט נאָר יידן ווערן געמאָרדעט. די רעאַקציע שוינט נישט אויך די, וואָס אַרבעטן מיט מיט אונדזער רעגירונג. אמת, די צייטן זענען שווערע, אָבער יעדער אָנהייב איז דאָך אַ שווערער...

איך: — מיר זענען נאָך דער היטלער־אויסראָטונג געבליבן, ווי איר ווייסט, אין אַ גאַנץ קליינער צאָל. מיר קאָנען זיך נישט דערלויבן אויף מער קרבנות... דעריבער זאָל אייך נישט וווּנדערן, הער מיניסטער־פּרעזידענט, אַז די גרעסטע מערהייט יידן טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק צו עמיגרירן פון פּוילן.

אָסובקאַ־מאָראַווסקי: — מיר וועלן נישט שטערן צו עמיגרירן די יידישע בירגער, וואָס ווילן אַוועק פון פּוילן. נאָך דער טראַגישער צייט, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט, איז אונדזער הוֹב צו פאַרלייכטערן די יידן, וועלכע פאַרלאַנגען דאָס, כדי צו פאַרווירקלעכן זייערע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס אין פּאַלעסטינע.

דאָס איז געווען די שטעלונג פון די מערסטע פּוילישע רעגירונגס־

מענטשן און פון די קריסטלעכע פּאַרטיי־פירער פון פּ. פּ. ר., ווי, למשל, גאָמולקאָ, אָכאַב א״אַ. אָבער ביז מיין פאַרלאָזן פוילן, איז קיין יידישע לע־גאַלע מאַסן־עמיגראַציע נישט דערלויבט געוואָרן. מען איז געבליבן ביי די הבטחות...

בעת איינע פון מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט די מלוכה־פירער איז מיר אויסגעקומען, ווי אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, צו רעדן מיטן מיניס־טער פאַר עפנטלעכע אַדמיניסטראַציע, ד״ר וולאַדיסלאַוו קערניק (אַ פויערים־פירער) וועגן דער פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד און וואָס דראָט אויסצוראָטן די רעשטלעך ניצול־געוואָרענע פון די גאַז־קאַמערן. קערניק האָט מיר געזאָגט פאָלגנדיקעס:

— די דאָזיקע פראַגע ליגט נישט אין מיין קאָמפּעטענץ... מיך אינטע־רעסירן איצט די לאַנד־רעפאָרמען און דער פּראָבלעם צו פאַרבעסערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרט פון די פויערים.

— אָבער מיר ווייסן, ה׳ מיניסטער, אַז איר האָט אַ גרויסע השפעה אויף דער פויערים־מאַסע, און אייער אַ וואָרט וואָלט געקאָנט לינדערן אַ ביסל די אַנטי־יידישע שטימונגען צווישן זיי... אָט האָבן מיר ידיעות, אַז אויף אַ מאַסן־מיטינג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן נישט ווייט פון קראָקע, האָט איינער פון די רעדנער זיך באַנוצט מיט אַנטיסעמיטישע אויסדריקן. דאָס קאָן נישט העלפן מילדער צו מאַכן די אַנטי־יידישע שטימונגען...

— איך האָב וועגן דעם נישט געהערט — האָט קערניק געענטפערט.

איך דאַרף דאָ צוגעבן, אַז דער רעדנער, וועגן וועלכן איך האָב דער־מאָנט, איז געווען וולאַדיסלאַוו קערניק, בכבודו ובעצמו...

נאָך דעם געשפּרעך מיינעם מיט קערניקן, האָב איך זיך באַמיט אַרויס־צובאַקומען פון עדות דעם אינהאַלט פון זיין רעדע, וועלכע ער האָט גע־האַלטן בעת דער פויערים־פאַרזאַמלונג אין קראָקעווער געגנט, היינטער דעמביצע. האָבנדיק דעם טעקסט פון זיין אַרויסטריט, בין איך אַוועק צום זיכערקייט־מיניסטער, סטאַניסלאַוו ראַדקעוויטש און דיסקוטירט מיט אים דעם ענין. דער ענטפער וואָס איך האָב באַקומען איז געווען:

— וואָס ווילט איר, איך זאָל אַרעסטירן קערניקן? ער איז דאָך אַ מיניסטער פון אונדזער רעגירונג... עס וועט ליידער נעמען אַ סך צייט, ביז

מען וועט איבערדערציִען דעם טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס איז אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם.

— הייסט עס, — האָב איך געזאָגט, — אַז ביז מען וועט זיי „איבער־דערציִען" דאַרפן מיר דערווייל זיצן רויִק און צוקוקן זיך ביז מען וועט אויסמאָרדן דעם לעצטן ייִדן?!

מיין רעאַגירן האָט שטאַרק אויפגערעגט ראַדקעוויטשן און ער האָט כמעט ווי אויסגעשריִען:

— וואָס־זשע ווילט איר, איך זאָל 18 מיליאָן פּאָליאַקן פאַרשיקן קיין סיביר?!

זעענדיק אַז אַזעלכע געשפּרעכן וועלן קיין שום נוצן נישט ברענגען, האָבן מיר באַשלאָסן צו רעאַגירן אויף אַן אַנדער אופן. מיר האָבן געהאַלטן, אַז די וועלט דאַרף וויסן דעם אמת וואָס עס טוט זיך אין פּוילן נאָך דער באַפרייאונג. אפשר וועט דאָס ווירקן אויף די רעגירונג־קרייזן נישט צו באַגאַטעליזירן די געפאַר, וואָס עס דראָט דעם קליינעם ייִדישן קיבוץ אין פּוילן. דער אויסוועג איז, לויט מיין מיינונג, געווען: עפענען די טויערן פאַר אַ מאַסן־עמיגראַציע.

איך האָב די גאַנצע רעדע, וואָס קערניק האָט געהאַלטן אויף דער פּויע־רים־פאַרזאַמלונג, איבערגעגעבן דורך דער ייִדישער ראַדיאָ־שעה. דער רושם איז געווען אַן אומגעהייערער. פון אויסלאַנד זענען אָנגעקומען מעלדונגען פון די פּוילישע קאָנסולאַטן וועגן דעם שלעכטן איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט די רעדע פון מיניסטער קערניק אויף דער עפנטלעכער מיינונג אין דער וועלט, און אַז דאָס וועט קיין נוצן נישט ברענגען דער פּוילישער רע־גירונג. דער דאָזיקער פאַל האָט אַרויסגערופן גרויס פאַרביטערונג אין די רעגירונגס־קרייזן און אויפן באַפעל פון אויסערן־מיניסטעריום איז איינגע־פירט געוואָרן אַ שטרענגע צענזור אויף די פּראָגראַמען אין דער ייִדישער שפּראַך. אָבער וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן באַזונדער.

***

אין חודש סעפּטעמבער, 1944, איז געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך וועגן מאַסן־אויסטויש פון דער באַפעלקערונג, וואָס וווינט אין די גרענעץ־שטעט און שטעטלעך ווי אויך אין די דערפער. דער אָפּמאַך איז געשלאָסן געוואָרן צווישן סאָוועט־ווייסרוסלאַנד און סאָוועט־אוקראַינע פון איין זייט און פּוילן

— פון דער צווייטער זייט. לויטן דאָזיקן אָפּמאַך האָט די באַפעלקערונג פון די געגעבענע געביטן געהאַט דאָס רעכט, אויב זי האָט אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג, צו באַזעצן זיך אין לענדער, צו וועלכע זיי האָבן געהערט לויט זייער נאַציאָנאַליטעט. פּאַקטיש האָט עס אויסגעזען אַזוי: אַ פּאָליאַק, וואָס האָט געוווינט אין מזרח־גאַליציע אָדער ווייסרוסלאַנד, האָט געקאָנט, אויב ער האָט אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג, באַזעצן זיך אין פּוילן; אַן אוקראַינער — אין גאַליציע; אַ ווייסרוס, וואָס האָט געוווינט אין פּוילן — אין ווייס־רוסלאַנד.

די דאָזיקע איבערזידלונג איז צוגעגאַנגען זייער שנעל. ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין די זעלביקע לענדער, האָבן זיך אויך גערעכנט צו די פריִער־אָנגעגעבענע נאַציאָנאַליטעטן. ליידער האָבן שוין אין די דאָזיקע מקומות נישט געוווינט קיין ייִדן, ווייל די דייטשן, אָדער די אייגענע שכנים האָבן זיי באַוויזן צו ליקווידירן פריִער. די ווייניק געראַטעוועטע ייִדן, אָדער די, וואָס האָבן זיך, נאָך דער באַפרייאונג, צופעליק דאָרט געפונען, האָבן אַזוי אַרום אויך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אומצוקערן אין זייערע פריִערדיקע היימען.

אַ צווייטער אָפּמאַך וועגן רעפּאַטריאַציע פון פּוילישע בירגער פון רוס־לאַנד קיין פּוילן, איז אונטערגעשריבן געוואָרן צווישן דער נייער פּוילישער רעגירונג און די סאָוועטן, דעם 6טן יולי, 1945. לויטן דאָזיקן אָפּמאַך, וואָס איז פון פּוילנס זייט אונטערגעשריבן געוואָרן אין מאָסקווע דורך ד״ר וואָלפּע — פאָרזיצער פון דער געמישטער קאָמיסיע, האָבן אַלע פּאָליאַקן, אַריינגע־רעכנט אויך פּוילישע ייִדן, (וועלכע מ׳האָט געשאַצט לערך 170 טויזנט נפשות), וואָס זענען ביזן 17טן סעפּטעמבער 1939, געווען פּוילישע בירגער, אָבער צוליב די קריג־אָפּעראַציעס האָבן זיי זיך געפונען אין רוסלאַנד, געהאַט איצט דאָס רעכט, אַלס פּוילישע בירגער, אומצוקערן זיך צוריק קיין פּוילן.

להיפּוך צום פריִערדיקן גרענעץ־אָפּמאַך, וואָס איז תּיכּף דורכגעפירט געוואָרן, איז דער נייער רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך, ביז מייז אַוועקפאָרן פון פּוילן, סוף 1945, נישט אויסגעפירט געוואָרן. קיין שום אינטערווענצן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט אין דעם ענין האָבן נישט געהאָלפן. ביז דעמאָלט האָבן מיר נאָר געהאַט פאַלן, ווען מענטשן זענען געקומען פון רוסלאַנד ווי מיליי־טערלייט, אָדער אויף אייגענער אַחריות, וואָס איז נישט אַלעמען אַלעמאָל

געלונגען. אָנשטאָט קיין פּוילן איז מען אַריינגעפאַלן אין תפיסה, אונטערן חשד פון שפּיאָנאַזש.

זייענדיק שוין אין אויסלאַנד האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די אָרגאַני־זירטע טראַנספּאָרטן, אויפן סמך פון רעפּאַטריאַציע־אָפּמאַך, האָבן ערשט אָנגעהויבן אָנצוקומען קיין פּוילן אין חודש פעברואַר, 1946.

נאָך דעם ווי דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, האָבן מיר דערהאַלטן אַ בריוו פון די יידישע שרייבער און קינסט־לער פון פּוילן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין רוסלאַנד, אין וועלכן זיי האָבן אונדז געבעטן מען זאָל זיי וואָס שנעלער אַרויספאָדערן קיין פּוילן. צוזאַמען מיט ד״ר זאַמערשטיין האָבן מיר צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון די דערמאָנטע שרייבער און קינסטלער און זי צוגעשטעלט אין אויסערן־מיניסטעריום אין וואַרשע. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף דער דרינגלעכקייט פון דעם ענין און געבעטן אים צוצואיילן, ווייל מיר נייטיקן זיך אין די מענטשן, כדי צו קאָנען צוזוטרעטן צו אונדזער אויפבוי־אַרבעט אויפן אָפּשניט פון יידישער קולטור.

היות ס׳איז אַוועק אַ לאַנגע צייט און מיר האָבן נישט געקריגן קיין ענטפער, בין איך אַוועק אין מיניסטעריום, כדי זיך צו דערוויסן וועגן רע־זולטאַט. אַ באַאַמטער האָט אויסגעזוכט די אַקטן, אין וועלכע איך האָב אַריינגעקוקט און באַמערקט אונדזער בקשה. פון דער רשימה, וואָס מיר האָבן אויפגעגעבן, זענען געווען אויסגעשטראָכן די נעמען: משה בראָדערזאָן, משה גראָסמאַן און לעאָ פינקעלשטיין. אויף זייער אָרט זענען אָנגעגעבן גע־וואָרן אַנדערע נעמען פון מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות צו דער ליטעראַרישער אָדער קינסטלערישער וועלט אינעם פאַרמלחמהדיקן פּוילן. זיי זענען אָבער געווען מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז די רשימה, אין דער „פון אויבן״ געענדערטער פאָרעם, ענדלעך אַוועק קיין מאָסקווע. ביז מיין אַוועקפאָרן פונעם לאַנד זענען אָבער די דורך אונדז רעקלאַמירטע שרייבער און קינסט־לער, נאָך נישט געווען אין פּוילן.

**
*

## יאָנאַס טורקאָוו

ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן זענען געגרינדעט געוואָרן פאָלגנדיקע דעפּאַרטאַמענטן: פינאַנץ, סאָציאַלע הילף, קינדער־הילף, יוגנט־הילף, פּראָדוקטיוויזאַציע, געזונט, רעפּאַטריאַציע, קולטור און פּראָפּאַגאַנדע (שפּעטער — אויך שולן), עווידענץ און סטאַטיסטיק, צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע און צענטראַלע ייִדישע ביבליאָטעק.

די דאָזיקע אָפּטיילן האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו געבן דער ייִדישער באַפעלקערונג:

1. מאַטעריעלע הילף, אַפּראָוויזאַציע, דירות, הלוואות;
2. דורכפירן אַ רעגיסטראַציע פון די לעבנגעבליבענע ייִדן און קאָנטאַקטירן זיי מיט די קרובים, וואָס זענען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט;
3. מעדיצינישע הילף;
4. שאַפן וואָס שנעלער קינדער־אַנשטאַלטן פאַר די, וואָס וואַלגערן זיך אַרום אָן אויפזיכט;
5. פּראָדוקטיוויזירן די ייִדן אין פאַבריקן, וואַרשטאַטן און קאָאָפּעראַטיוון;
6. געבן הילף די רעפּאַטריאַנטן;
7. שאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די פאַרברעכנס איבער דער שוצלאָזער ייִדישער באַפעלקערונג;
8. אינפאָרמירן די פּרעסע און געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין לאַנד און אין אויסלאַנד וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין פוילן.

אין משך פון מיין זיין אין פוילן האָבן די פאָלקס־קיכן וועלכע מיר האָבן אָרגאַניזירט איבערן גאַנצן לאַנד, אַרויסגעגעבן דורכשניטלעך יעדן חודש 750.000 מאָלצייטן — דריי מאָל אַ טאָג. פון די דאָזיקע מאָלצייטן האָבן גענאָסן נישט נאָר פּליטים, נאָר אויך די באַאַמטע פון אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס, און אַפילו מענטשן, וואָס האָבן נישט געוווינט אין די פּליטים־הייזער, נאָר זענען געווען אויסלענדישע ייִדן, פאַרשלעפּט אין די פּוילישע לאַגערס, אָדער אַזעלכע וואָס זענען דורכגעגאַנגען פוילן אויפן וועג צו זיך אַהיים. לרוב זענען דאָס געווען אונגאַרישע און סלאָוואַקישע ייִדן. 35.000 (פינף און דרייסיק טויזנט) ייִדן האָבן פון אונדז באַקומען קליידער און שיך, ווי אויך שפּייז־פּעקלעך, וואָס זענען אָנגעקומען פון אויסלאַנד.

פון דעם וואָלט מען אייגנטלעך גערדאַרפט קאָנען אויספירן וויפל יידן עס זענען אין יאָר 1945 געווען אין פוילן. די דאָזיקע, אויבנגעבראַכטע, ציפערן זאָגן אָבער נאָך נישט אַלץ, ווייל נישט אַלע יידן, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין פוילן, האָבן געגאַסן פון די מאַלצייטן, און אויך — נישט אַלע יידן, וואָס האָבן געקריגן די מאַלצייטן זענען געווען פוילישע יידן. אַ סך מאַלצייטן, פעקלעך און קליידער האָט מען אַרויסגעגעבן אויך יידן, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער און האָבן זיך צופעליק געפונען אין די געגעבענע שטעט. קאָן מען זיך אין דעם פאַל נאָר רעכענען מיט די ציפערן, וועלכע זענען אָנגעגעבן געוואָרן בעת דער רעגיסטראַציע פון די יידן אין די שטאָט־קאָמיטעטן. קיין צענטראַלע קאַרטאָטעקע האָט נאָך אין יענער צייט נישט עקזיסטירט. דאָס האָט מען ערשט שפּעטער אָרגאַניזירט.

דעם 1טן מאַי, 1945, האָבן מיר געהאַט רעגיסטרירט 42.662 (צוויי און פערציק טויזנט זעקס הונדערט צוויי און זעכציק) יידן, פון וועלכע עס האָבן זיך געפונען אין לאָדזש און אין דער אומגעבונג 13.885, און אין דעם גאַנצן וואַרשעווער ראַיאָן — 5.051 יידן.

עס איז כדאַי צו ברענגען אַ פּאָר ציפערן אויך פון אַנדערע שטעט. אַט למשל, אין אַזאַ שטאָט ווי ראַדאָם, וווּ ביזן קריג זענען געווען קנאַפּע 30.000 יידן, זענען נאָכן חורבן פאַרבליבן 263 יידן — דערין 13 קינדער; קעלץ ביזן קריג: 20.942 יידן, נאָך דער באַפרייאונג — 201 יידן, צווישן זיי 16 קינדער. אין דער גאַנצער קעלצער וואָיעוואָדזטווע, איינשליסנדיק ראַדאָם און קעלץ, זענען פון 311.390 יידן, איבערגעבליבן נאָך דער באַפרייאונג — סך־הכל צווישן 6 און 7 טויזנט יידן. אין מעזריטש, למשל, איז ביזן קריג געווען 13.000 יידן, נאָכן קריג — 71, אַריינגערעכנט שוין די 11 קינדער. אין וולאָצלאַוועק — ביזן קריג — 12.000 יידן און נאָכן — אַרום 100 יידן.

פון וואַנען האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט געהאַט געלט צו פינאַנסירן די גאַנצע אַרבעט?

איך מוז דאָ פעסטשטעלן, אַז פון אויסלאַנד האָט מען ביזן אָרגאַניזירן דעם „דזשאָינט" אין פוילן קיין געלט נישט באַקומען. אַלע הוצאות פונעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט געדעקט די פוילישע רעגירונג. די הילף וואָס מען האָט יאָ באַקומען פון אויסלאַנד איז באַשטאַנען פון טראַנספּאָרטן קליידער, קאָלדרעס, שפּייז־פּראָדוקטן און מעדיקאַמענטן.

צווישן די גרעסטע־וועטע יידן זענען כמעט אַ העלפט, דאָס הייסט אַרום 20.000 געווען קראַנק און גענויטיקט זיך אין אַ שטענדיקער מעדיצינישער באַהאַנדלונג.

אַ נישט אָפּשאַצבאַרע הילף זענען געווען די מעדיקאַמענטן, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון אויסלאַנד, אָבער דאָס איז געשען ערשט אין אָנהייב פון 1945. ביז דעמאָלט פלעגט מען באַקומען צוגעטיילט די מעדיקאַמענטן פונעם פוילישן רויטן קרייץ און פון די שפּיטאָלן. איך וועל דאָ אויסרע־כענען אַלע טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָנגעקומען, לויט דער ריי פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין אויסלאַנד.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פון שוועדן — — — — — — | 39 | קאַסטנס | מיט | מעדיקאַמענטן |
| פון ארץ־ישראל — — — — — | 9 | " | " | " |
| פון אַמעריקע (דורך טעהעראַן) | 55 | " | " | " |
| פון שווייץ־„אָזע“ (דורך באָמביי) | 170 | " | " | " |
| דורכן רויטן קרייץ: | | | | |
| פון שווייץ און אַמעריקע — — | 72 | " | " | " |
| פון פּאַריז („אָזע“) — — — | 81 | " | " | " |
| פון יידישן וועלט־קאָנגרעס — | 4 | " | " | " |
| פון אינטערנאַצ. רויטן קרייץ | 59 | " | " | " |
| פון דזשאָינט — — — — — — | 40 | " | " | " |
| אָפּגענומען פון ד"ר ווייכערט | | | | |
| אין קראָקע — — — — — | 52 | " | " | " |
| צוזאַמען — | 581 | " | " | " |

די דאָזיקע מעדיקאַמענטן זענען דעמאָלט געווען פאַר אונדז ממש אַן אוצר.

מיר האָבן אויך דערהאַלטן גרויסע טראַנספּאָרטן קליידער, וואָס זענען

מיר האָבן אויך דערהאַלטן גרויסע טראַנספּאָרטן קליידער, וואָס זענען פון אָנהייב אָנגעקומען דורך טעהעראַן. און זאָל דאָ געזאָגט ווערן, אַז דער ערש־טער טראַנספּאָרט, וועלכן מיר האָבן דערהאַלטן נאָך אין לובלין, איז געווען פון

שוועדן, צפון און דרום־אַמעריקע און פון אנדערע לענדער. דער „דזשאָינט" אַליין האָט אַרויסגעשיקט דורך טעהעראַן 50 טאָן שפייז און קליידער. די טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען דורך רוסלאַנד און הגם די העלפט פון די טראַנספּאָרטן זענען אויפן וועג פאַרלוירן געוואָרן, ווי אויך אַ סך קליידער זענען געגעבן געוואָרן פאַר ז. פּ. פּ. (פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן) אין רוסלאַנד, איז די דאָזיקע הילף פאַרן יידישן קיבוץ אין פּוילן געווען גאַר־נישט אָפּצושאַצן. די מערהייט פון אונדז איז אין לובלין אַרומגעגאַנגען אָפּ־געריסן און ממש באָרוועס. אין דערנעבן־ליגנדיקן מאַידאַנעק זענען געשטאַ־נען אויססאָרטירט 820 טויזנט פּאָר שיך...

נישט ר'עדנדיק וועגן די קאַצעטלער, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען אין זייערע געשטרייפטע (פּאַשיאַקעס) קליידער, אין וועלכע זיי זענען געקומען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

פון די פיל הונדערט אויסלענדישע טעלעגראַמעס, וואָס זענען אָנגעקו־מען אין צענטראַל־קאָמיטעט, לרוב אויפן נאָמען פון ד״ר עמיל זאָמערשטיין, איז כדאי איבערצוגעבן אייניקע פון זיי.

דער אינהאַלט פון יצחק גרינבוימס ערשטע טעלעגראַמע:

„מיר האָבן אַרויסגעשיקט צו מאַרשאַל סטאַלין קיין מאָסקווע פאָלגנ־דיקע טעלעגראַמע: צוזאַמען מיט אַלע פאַראייניקטע פעלקער פרייען מיר זיך האַרציק מיט די גלאָרייכע זיגן פון דער רויטער אַרמיי אין דער נייער אָפענסיווע. דערהאַלטן שוידערלעכע באַריכטן וועגן די אָפּטרעטנדיקע דייַ־טשן, וואָס פירן כסדר דורך מאַסן־מאָרדן איבער יידן אין די קאַלך־אויוונס און קרעמאַטאָריעס פון די טויט־לאַגערס אָשוויענטשים און בירקענאַו. כדי אָפּצושטעלן די אָרגאַניזירטע מאַסן־מאָרדן וואָלטן מיר, מיטן גאַנצן דרך־ארץ, פאָרגעלייגט, אַז די לאַגערס זאָלן ווירקזאַם באָמבאַרדירט ווערן דורך דער רויטער לופט־מאַכט. דאָס וואָלט אויך דערמעגלעכט פיל יידן וואָס זע־נען אין געפאַר פון אַ זיכערן טויט אין די דאָזיקע לאַגערס, צו אַנטלויפן און זיך פאַראייניקן מיט די אַנטי־נאַצישע כוחות. אין נאָמען פון די מיליאָ־נען יידן וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס, בעטן מיר אייך צו טון דאָס מעגלעכסטע נישט צו דערלאָזן צו דער מאַסן־אויסראָטונג פון די פאַרבליבענע יידן, וואָס געפינען זיך נאָך אין שונאס הענט".

די דאָזיקע טעלעגראַמע איז אָנגעקומען קיין לובלין דורך מאָסקווע.

ד״ר זאַמערשטיין, וועלכער האָט דערהאַלטן די טעלעגראַמע מיט אַ גרויי־סער פאַרשפּעטיקונג, האָט אויף איר נישט געקאָנט ענטפערן, מחמת... נישט מיר האָבן דעצידירט אין לובלין.

אין אַ צייט אַרום איז אָנגעקומען אַ צווייטע טעלעגראַמע פון יצחק גרינבוים:

„מיר האָפן בקרוב אַרויסצושיקן טראַנספּאָרטן פאַר די ייִדן פון די באַפרייטע געביטן פון פּוילן, הגם איר האָט ביז איצט נישט באַשטעטיקט צי איר האָט דערהאַלטן אונדזער ערשטן טראַנספּאָרט דורך טעהעראַן. מיר בעטן אונדז מודיע צו זיין צי עס וואָלט מעגלעך געווען צו שיקן סחורה דורך די פּאָרטן פון שוואַרצן ים. מיר זענען שטאַרק באַאומרויִקט איבערן גורל פון די ייִדן, וואָס געפינען זיך אין לאָדזשער געטאָ און אין די אַר־בעט־לאַגערן אין אויבערשלעזיע. מיר האָפן, אַז איר טוט אַלץ, כדי נישט צו דערלאָזן צו קיין שחיטה. מיט אומגעדולד וואַרטן מיר אויף אייער ענט־פער אויף דער דאָזיקער און אויף דער פריִערדיקער טעלעגראַמע".

כמעט אין דער זעלביקער צייט האָבן מיר דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון ירושלים פון רב הכולל ר׳ יצחק הערצאָג, מיט דער בקשה צו דער־מעגלעכן אַריינצוקומען קיין פּוילן אַ דעלעגאַציע פונעם הויפּט־ראַבינאַט וועגן עגונות, אַז זיי זאָלן קאָנען חתונה האָבן און אַ היתר פאַרן מאַן ער זאָל קאָנען נאָך אַמאָל חתונה האָבן אויף אַ געזעצלעכן אופן, ווי אויך צו קאָנען אויפן אָרט אויסהערן און אויפנעמען גבית־עדות.

פון ניו־יאָרק — אַ טעלעגראַמע פון ד״ר נחום גאָלדמאַן וועגן דער לויבן ייִדישע פאַרשטייער צו קומען קיין פּוילן. ד״ר גאָלדמאַן האָט פאַר־געלייגט: „ברוך צוקערמאַן און לויִס סיגאַל, ווי די פאַרטרעטער פונעם ציוניסטישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע". צוויי מאָל האָט ד״ר גאָלד־מאַן טעלעגראַפירט וועגן דעם ענין, אָבער — — —

ביז מיין אַוועקפאָרן פון פּוילן האָט מען פון מאָסקווע די דערלויבעניש נישט געגעבן.

וויטערדיקע טעלעגראַמעס זענען אָנגעקומען: פון שוועדן — יעזשי פאַנסקי — אין נאָמען פון דער שוועדישער סעקציע פונעם ייִדישן וועלט־קאָנגרעס; יוזעף ביכאָווסקי — פאַרשטייער פון דער פעדעראַציע פון פּוי־לישע ייִדן אין שוועדן. זיי האָבן אָנגעזאָגט די אַרויסגעשיקטע טראַנספּאָרטן

פון מלבושים און מעדיקאַמענטן; פון ד״ר יוסף טענענבוים — אין נאָמען פון דער פעדעראַציע פון פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע; סאַמועל וואָהל — פון די וואַרשעווער ייִדן אין ניו־יאָרק; ל. טאַרנאָפּאָלער — אין נאָמען פונעם פּרעזידיום פון פּוילישע ייִדן אין ארץ־ישראל; פון צענטראַל־פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע; ד״ר סאַמועל עדעלמאַן — פון די פּוילישע ייִדן אין פּאַריז, און פיל, פיל אַנדערע.

פון אַלע עקן וועלט האָט מען זיך געריסן צו שיקן אונדז ווי אַמ־שנעלסטן הילף. עס זענען אָבער געווען אויסערלעכע שוועריקייטן, וואָס האָבן פאַרלאַנגזאַמט דעם גאַנצן פּראָצעס פון הילף.

סוף אָקטאָבער, 1944, האָבן מיר זיך דערוווּסט פון פאַרלעסלעכע קרייזן, אַז נישט געקוקט אויפן צוזאָג, האָט די סאָוועטישע מאַכט נישט געוואָלט געבן די נייטיקע דערלויבעניש. סטאַלין איז נישט געווען פאַר־אינטערעסירט עס זאָל אָנקומען קיין פּוילן אויסלענדישע הילף אין אַ גרע־סערן מאַסשטאַב, ווייל מיט דער עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג פונעם לאַנד, וואָלטן זיך די סימפּאַטיעס לטובת דער מערב־וועלט נאָך מער פאַרגרע־סערט. אין דעם זענען די סאָוועטן נישט געווען פאַראינטערעסירט. האָבן זיי אויף שנעל אָרגאַניזירט הילף פון רוסלאַנד און זי איבערגעשיקט מיט סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען. מען האָט געבראַכט קיין לובלין צוקער, מעל, ווייץ, און אַפילו... חזרים. דאָס אַלץ האָט מען אויף גיך פאַנאַנדערגעטיילט צווישן דער אויסגעהונגערטער באַפעלקערונג, ווי אַ מתנה פון אונדזערע באַפרייער. די דאָזיקע הילף איז אָבער געווען ווי אַ טראָפּן אינעם ים.

פון די רעגירונג־קרייזן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַ דעלעגאַציע פון פּוילישע ייִדן (ז.פּ.פּ.), וועלכע געפינען זיך אין רוסלאַנד, האָט געקריגן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין אַמעריקע, וווּהין זי איז פאַרבעטן געוואָרן דורך דער דאָרטיקער פעדעראַציע פון פּוילישע ייִדן. די דעלעגאַציע האָט שוין אַפילו געהאַט געמאָלדן, אַז זי קומט קיין אַמעריקע צו דער גרויסער קאָנפערענץ, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען מיטן אָנטייל פון דעלעגאַציעס פון פּוילישע ייִדן אויך פון אַנדערע לענדער, דעם 6טן יאַנואַר 1945. ווי דעלעגאַטן פון מאָסקווע האָבן געזאָלט פאָרן צו דער קאָנפערענץ: יאַקוב פּראַווין — שפּעטערדיקער גענעראַל פון דער פּוילישער אַרמיי, די קינסט־לערין אידאַ קאַמינסקאַ, דער שרייבער בערל מאַרק און דער פּאָליטישער

טוער שמעון זאַכאַריאַש. בראש פון דער דעלעגאַציע האָט געזאָלט שטיין אונדזער ד״ר עמיל זאָמערשטיין, — פון לובלינער צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן. הגם אַלע אַראַנזשירונגען צום אָפּפאָר זענען שוין געווען געמאַכט, איז אויף אַ באַפעל פון מאָסקווע צוריקגעצויגן געוואָרן די דערלויבעניש.

אַ ייִדישע דעלעגאַציע איז ערשט דערלויבט געוואָרן אַרויסצופאָרן צו דער קאָנפערענץ פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין דער צווייטער העלפט אויגוסט 1945. אַלס דעלעגאַטן צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ זענען באַשטימט געוואָרן שוין נישט פון דער גרופּע, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אין מאָסקווע, אַ חוץ דעם פּולקאָווניק פּראַווין, נאָר — פון פּוילן גופא. דאָס זענען געווען: ד״ר עמיל זאָמערשטיין, ד״ר אַדאָלף בערמאַן, יוסף סאַק, יצחק צוקערמאַן (אַנטעק), שלום גראַיעק (סטעפּאַן), ד״ר פיליפּ פרידמאַן, באַשע בערמאַן־טעמקין, מאַרק ביטער, פּ. זעליצקי, מ. מירסקי, רחל אויערבאַך, מ. באָרוכאָוויטש (באָרוויטש), יאָנאַס טורקאָוו, אַדוואָקאַט ווערטהיים, יהודה עלבערג, גרישאַ יאַשונסקי און מ. זונשיין.

ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מען האָט מיך באַשטימט אין דער דעלעגאַציע קיין לאָנדאָן און שפּעטער — קיין אַמעריקע, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן. איך האָב געוואָלט אַרויספאָרן נישט ווי אַ פאָרשטייער פון די פּוילישע ייִדן, נאָר ווי אַ פּריוואַטער מענטש. מיין אָפּזאָגן זיך צו פאָרן האָט מיר אָבער נישט געהאָלפן. איך האָב ווידער געהערט פאַלן דאָס וואָרט: סאַבאָטאַזש, און אַפילו — נאָך שאַרפערע ווערטער...

אָנהייב אויגוסט, 1945, האָט מען מיר איבערגעגעבן דעם אויסלענדישן פּאַס, וואָס האָט געהאַט דעם לויפנדיקן נומער: 13. און מען האָט מיך געהייסן גרייטן זיך אין וועג אַריין. צו יענער צייט זענען נאָך נישט געווען קיין נאָרמאַלע אויסלענדישע פּעסער. אַזעלכע האָט מען איינגעפירט אַ סך שפּעטער. אונדזערע פּעסער זענען באַשטאַנען פון לאַנגע בויגנס פּאַפּיר, אויסגעפילט מיט אַ שרייב־מאַשין, צוגעקלעפּט אַ פאָטאָגראַפיע, באַשטעמפּלט מיטן סטעמפּל פון אויסערן־מיניסטעריום. אויפן דאָזיקן פּאַפּיר האָבן די קאָנסולן פון די לענדער, וווהין מיר האָבן געדאַרפט פאָרן, צוגעלייגט די וויזעס פון די באַטרעפנדע לענדער.

קאַפּיטל אַכט

# ד״ר עמיל זאָמערשטיין

באַלד נאָך אונדזער באַפרייאונג אין זשעליאָנקע, האָבן מיר זיך דער־וווּסט פון די סאָוועטישע מיליטער־לייט, אַז אין לובלין געפינט זיך שוין אַ פּוילישע רעגירונג מיט וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ בראש.

קומענדיק קיין לובלין, האָבן מיר איבערגעלייענט די גרויסע פּלאַ־קאַטן, וואָס האָבן געהאָנגען אויף די גאַסן, וועגן דער גרינדונג פון דער צייטווייליקער פּוילישער רעגירונג. צווישן די אויסגערעכנטע מיטגלידער פון דער רעגירונג האָט אונדזער אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן דער נאָמען פון גענעם געוועזענעם סיים־דעפּוטאַט און באַרימטן ציוניסטישן מנהיג, ד״ר עמיל זאָמערשטיין. עס האָט אונדז זייער דערפרייט צו לייענען, אַז ד״ר זאָמער־שטיין איז אַ מיטגליד פון דער רעגירונג. מיר האָבן געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך מיט אים צו טרעפן.

זיין קאַנצעלאַריע אין דער געביידע, ווו עס האָט זיך געפונען די צייט־ווייליקע רעגירונג (פּ.ק.וו.נ.) איז ממש געווען באַלאַגערט מיט מענטשן. זיין צימער נומער 52 איז מיט דער צייט געוואָרן אַ שם־דבר. נישט נאָר דווקא ייִדן, נאָר אַלע מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפט אָנקומען צו אים, האָבן שוין נישט געדאַרפט זאָגן אַז זיי גייען זען דעם מיניסטער זאָמער־שטיין, ווייל עס איז גענוג געווען בלויז אַרויסצוזאָגן „צום צימער נר. 52״.

פיל מיליטערלייט — די מערסטע פון זיי ייִדן — האָבן געוואַרט אין לאַנגן קאָרידאָר אויף דער ריי אָנצוקומען צום צימער נר. 52, ווו עס האָט אויך אַמטירט אַלס סעקרעטאַרין, זיין טאָכטער, מיראַ. כדי נישט צו פיל צו באַלעסטיקן דעם אויסגעמאַטערטן פאָטער, האָט פרוי מיראַ זיך באַמיט אַליין צו דערליידיקן פיל אינטערעסאַנטן. דאָס איז איר אָבער נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, מחמת יעדער איינער האָט געהאַלטן פאַר אַ זכיה צו דריקן די האַנט פונעם פאַרדינסטפולן ייִדישן מנהיג און אים אָפּגעבן אַ האַרציקן שלום־עליכם.

וועגן ד״ר זאַמערשטיינס איבערלעבונגען בעת דער מלחמה, האָבן מיר זיך דערוווּסט אין לובלין. פּרטים וועגן די טראַגישע געשעענישן, וואָס זענען געווען דערמיט פאַרבונדן, האָבן מיר אָבער באַקומען ערשט שפּע־טער פון אים אַליין, ווי אויך פון זיין טאָכטער מירע.

ד״ר עמיל זאַמערשטיין האָט דורכגעמאַכט אַ שווערן, פּיינפולן וועג, וואָס האָט געלאָזט שטאַרקע שפּורן אויף זיין געזונט. דער נאָך דעמאָלט גאָר נישט אַלטער מאַן האָט אויסגעזען ווי אַ זקן, באַוואָקסן מיט אַ גרויסער, ווייסער באָרד. צוליב זיין שוואַכן געזונט האָט ער געמוזט גיין אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטעקן.

וואָס איז געשען מיט אים, אַז ער האָט זיך אין משך פון די פּאָר יאָר, וואָס איך האָב אים נישט געזען, אַזוי שטאַרק פאַרעלטערט?

דאָס איז טאַקע כדאי איבערצוגעבן.

באַלד נאָכן אויסברוך פונעם קריג, בעת די דייטשן האָבן באָמבאַר־דירט לעמבערג, האָט זיך דאָרט געפונען דער דעפּוטאַט ד״ר עמיל זאַ־מערשטיין, צוזאַמען מיט זיין משפחה. אַ פריינט, וועלכער האָט זיך צוזאַמען מיט אים אויסבאַהאַלטן בעת דער באָמבאַרדירונג אין אַ שוץ־קעלער, האָט פאָרגעלייגט ד״ר זאַמערשטיינען און זיין משפחה צו אַנטלויפן מיט אים קיין רומעניע, כדי זיך אַזוי אַרום צו ראַטעווען. דאָס איז געווען זייער אַ רייכער מענטש און ער האָט געוואָלט די גאַנצע נסיעה אַליין פינאַנסירן. ד״ר זאַמערשטיינס ענטפער איז אָבער געווען:

— איך האָב קיינמאָל נישט דעזערטירט און איך וועל אויך דאָס מאָל נישט דעזערטירן פון מיין פּאָסטן. איך וועל בלייבן צוזאַמען מיט אַלע ייִדן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און לעמבערג איז פאַרנומען געוואָרן דורכן רוסישן מיליטער. די פריינט פון ד״ר זאַמערשטיין האָבן אים גע־וואָרנט, אַז ער זאָל זיך אויסבאַהאַלטן, ווייל די באָלשעוויקעס וועלן אים אַרעסטירן. נישט פילנדיק קיין שום חטא אויף זיך, האָט ער נישט געגלייבט אין דעם. פאַרקערט, ער איז געווען זיכער, אַז אים וועט קיין שום שלעכטס נישט געשען, ווייל ער פלעגט דאָך נישט איין מאָל פאַרטיידיקן אין פּוילישן געריכט פּאָליטישע אַרעסטירטע.

און פּונקט ווי מען האָט אים געוואָרנט — דאָס איז געווען דעם 27סטן סעפּטעמבער, 1939, 9 אַזייגער אין דערפרי — זענען צום הויז, וווּ ד״ר

זאַמערשטיין מיט זיין משפּחה האָבן געוווינט, אָנגעקומען אַ פּאָר אָפיצירן פון דער „נ.ק.וו.ד." און אַרויפגעשיקט דעם הויזוועכטער נאָך ד"ר זאַמער־שטיינען. ווען ער איז אַראָפּגעקומען אָן דעם מאַנטל און אָן אַ הוט איז ער דורך זיי, אַזוי ווי ער שטייט און גייט, אַרעסטירט געוואָרן. די איבערגע־שראָקענע משפּחה האָט געבעטן מען זאָל אים כאָטש לאָזן נעמען זיין מאַנטל און הוט. די „נ.ק.וו.ד." האָט עס אָבער נישט דערלויבט.

עס האָט געדויערט אַ גאַנצן חודש, ביז ד"ר זאַמערשטיינס פרוי און טאָכטער האָבן זיך דערוווּסט ווו ער געפינט זיך: „ער זיצט אין דער ברי־גידקע־תפיסה"... מען האָט אים דאָרט געהאַלטן 13 חדשים צייט. פון לעמ־בערג האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין אַנדערע תפיסות, ביז ער איז מגולגל געוואָרן אין דער באַרימטער בוטירקי־תפיסה אין מאָסקווע. דאָרט ערשט האָט מען אים פאָרגעלייענט דעם אורטייל: 8 יאָר תפיסה פאַר קאָנטר־רעוואָלוציע... דאָס איז געשען נאָך 31 חדשים אָפּזיצן אין פאַרשידענע תפיסות. בסך־הכל איז ער געווען אין 9 תפיסות.

דער משפּט איבער אים איז פאָרגעקומען, פאַרשטייט זיך, אין זיין אָפּוועזנהייט, אַזוי, אַז ער האָט אַפילו נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן. די אויספאָרשונגען זענען געווען שוידערלעכע. הגם מען האָט אים נישט געשלאָגן, זענען די מעטאָדן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט, געווען ברוטאַלע. די אויספאָרשונגען זענען תמיד פאָרגעקומען אין די שפּעטע נאַכט־שעהן. ווי נאָר ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן האָט מען אים אויפגעוועקט און גערופן צום אויספאָרשונג־ריכטער. ווען ער איז צו־ריקגעקומען אַן אויסגעשעפּטער און געלייגט זיך שלאָפן, האָט מען אים ווידער געוועקט. און דאָס האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט נאַכט־ביי־נאַכט, דערפירנדיק אים צו אַזאַ פּסיכישן צושטאַנד, אַז ער וואָלט זיך געקאָנט מודה זיין אין די גרעסטע פאַרברעכנס, וועלכע ער איז קיינמאָל נישט באַ־גאַנגען, — אַבי מען זאָל אים לאָזן אַביסל שלאָפן...

אין די פאַרשידענע תפיסות איז ד"ר זאַמערשטיין אויסגעקומען צו זיצן מיט קרימינעלע פאַרברעכער, וועלכע האָבן אים באַלעסטיקט, גע־רעדט צו אים די געמיינסטע רייד און חוזק געמאַכט פון אים. אַ חוץ דעם האָט ער זייער געליטן פון דער אומדערטרעגלעכער שמוץ: לייז און וואַנצן האָבן מאַסנווייז באַדעקט זיין קערפּער. פון דער פייכטקייט אין די קאַלטע,

נאַסע תפיסה־צעלן, האָבן אים די פיס אָנגעהויבן געשוואָלן ווערן און ווייטון, אַזוי, אַז ער האָט קוים געקאָנט שטעלן אַ פוס.

ערשט נאָכן אָנקומען אין דער מאָסקווער בוטירקי־תפיסה האָט ער זיך דערפילט ווי ער וואָלט געלעבט אין אַ פּאַרלאָזענעם שלאָס — אַזאַ שטילקייט האָט דאָרט געהערשט. ער איז געזעסן איינער אַליין אין אַ באַזונדערער צעל. פון אָנהייב האָט די שטילקייט געווירקט אויף אים ווי באַלזאַם. נישט לאַנג האָט עס אָבער געדויערט. די כסדרדיקע שטילקייט האָט אָנגעהויבן אַזוי צו ווירקן אויף די נערוון און אַרויסצופירן אים פון גלייכגעוויכט, אַז עס איז אים באַפאַלן אַ שרעק, אַז ער גייט אַראָפּ פון זינען. אין בוטירקי איז געווען אַזאַ סיסטעם, אַז קיינער האָט נישט געטאָרט עפענען דאָס מויל, כדי אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַלע וואָלטן דאָרט שטום געווען. די תפיסה־שומרים זענען געגאַנגען איבער די קאָרידאָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט נישט געהערט קיין שאָרך, גלייך ווי קיין לעבעדיקער מענטש וואָלט זיך דאָרט נישט געפונען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט ד״ר זאָמערשטיין פּלוצים דערהערט אַ הוסטן. דער הוסט האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין באַקאַנט. צום צווייטן מאָל האָט ער זיך שוין בעסער צוגעהערט צום כאַראַקטעריסטישן הוסט און ער האָט אין אים דערקענט פּראָפעסאָר ד״ר משה שאָר. ער איז, ווי ד״ר זאָמערשטיין האָט זיך דערוווּסט נאָכן פאַרלאָזן די בוטירקי־תפיסה, געזעסן צוזאַמען מיט אים אין דער זעלביקער תפיסה, אויפן זעלביקן שטאָק. פּראָפעסאָר ד״ר משה שאָר איז שוין, ליידער, נישט באַשערט געווען צו פאַרלאָזן די תפיסה — אַ לעבעדיקער.

בעת דער עוואַקואַציע פון מאָסקווע, האָט מען אַלע אַרעסטירטע פון בוטירקי־תפיסה אויך אַרויסגעפירט. מען האָט זיי טראַנספּאָרטירט פון איין שטאָט אין דער צווייטער. ד״ר זאָמערשטיינס לעצטע תפיסה — די 9טע — איז געווען אין סיזראַן, אויף יענער זייט אוראַל. ער איז באַפרייט געוואָרן אויפן סמך פון דעם „פּאַקט פון 30סטן יולי 1941״.

אין לאָנדאָן איז דעם 30סטן יולי 1941, געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן דעם דעמאָלטיקן פּוילישן פּרעמיער־מיניסטער גענעראַל שיקאָרסקי מיטן סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד, י. מאַיסקי. דער אָפּמאַך איז באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען „פּאַקט פונעם 30סטן יולי״.

דעם 12טן אויגוסט, 1941, האָט דער העכסטער סאָוועט אַרויסגעגעבן, דורך אַ ספּעציעלן דעקרעט, אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך געפונען אין רוסלאַנד — צו יענער צייט 800.000. אין דער דאָזיקער צאָל זענען געווען אַריינגערעכנט די פּוילישע יידן. ווי נאָר מען האָט דער־קלערט די אַמנעסטיע, זענען גלייך באַפרייט געוואָרן פון די תפיסות און לאַגערס... פון 12 ביז 15 פּאָליאַקן. דאָס זענען געווען די אַממייסטן באַקאַנ־טע פּאָליאַקן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער שפּעטער באַרימט־געוואָרענער גענעראַל אַנדערס. די איבעריקע האָבן... געוואַרט. ד״ר זאַמער־שטיין — אויך.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס גענעראַל שיקאָרסקי איז געווען אין מאָסקווע דריי מאָל (דאָס ערשטע מאָל סוף 1941, דערנאָך צוויי מאָל, אין יאָר 1942), איז ד״ר זאַמערשטיין באַפרייט געוואָרן ערשט אין מיטן פון 1944סטן יאָר.

צוליב דער נישט־דערנערונג און שרעקלעכער פייכטקייט אין וועלכער עס איז דעם ד״ר זאַמערשטיין אויסגעקומען צו זיצן אין די פאַרשידענע תפיסות, האָט ער באַקומען ווונדן מיט גאַנגרענע איןביידע פיס און ער האָט זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. אַ חוץ דעם האָט ער נישט געהאַט ווּהין צו גיין און צו וועמען צו גיין. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן ביי דער תפיסה־פאַרוואַלטונג מען זאָל אים אַריבערפירן אין תפיסה־שפּיטאָל. איינער פון די דאָקטוירים, אגב — אַ ייד, האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן ד״ר זאַמערשטיין און געהאָלפן אים אַריבערפירן אין שפּיטאָל אַריין.

די באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אים אויסגעקומען דאָרט צו ליגן זענען אויך געווען שלעכטע. נישט רעדנדיק וועגן דעם וואָס די קראַנקע האָבן נישט געהאַט וואָס צו עסן, זענען זיי געלעגן אין אַנטי־היגיעניִשע באַדינ־גונגען אויף הוילע שמוציקע מאַטראַצן, אָן ליילעכער, ווּ לייז און וואַנצן האָבן אַרומשפּאַצירט פראַנק און פריי. די שויבן זענען געווען אויסגעהאַקט און דער ווינט האָט געבלאָזן פון אַלע זייטן, אַזוי, אַז לונגען־אָנצינדונגען זענען דאָרט געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

זיצנדיק אין תפיסה האָט זיך ד״ר זאַמערשטיין דערוווּסט וועגן דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס האָט געטראָפן דעם פּוילישן יידנטום; אַז די דייַ־טשן האָבן אויסגעראָטן די זין און טעכטער פון זיין פאָלק. און טראַכטנדיק

וועגן זיינע נאָענטסטע, האָט ער זיך אין גאַנצן איינגעבראָכן און פאַרלוירן דעם אינטערעס צום לעבן. ווי אַ צייכן פון טרויער האָט ער זיך מער נישט געלאָזט אָפּשערן די באָרד און ראַזירן. פון דעמאָלט אָן האָט ער טאַקע פאַרלאָזט זיין לאַנגע באָרד, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין נישט געשיידט ביזן סוף פון זיין לעבן.

די גאַנצע צייט נאָך דער אַמנעסטיע, אין יאָר 1941, און שפּעטער — נאָך זיין באַפרייאונג, האָט מען ד״ר זאָמערשטיינען כסדר געדופן אין נ. ק. וו. ד. און געפאָדערט פון אים אָנצונעמען אַ סאָוועטישן פּאַס. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, נישט געקוקט אויף די דראָונגען מצד דער „נ.ק.וו.ד.״, אַז ער וועט פון רוסלאַנד סיי ווי נישט אַרויס.

עס האָט אָבער נישט לאַנג גענומען און עס זענען פאָרגעקומען געשעענישן גאַנץ אומדערוואַרטעטע פאַר אים. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אים איבערגעגעבן אַ טעלעגראַמע פון וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ, ער זאָל תיכף ומיד קומען קיין מאָסקווע. ד״ר זאָמערשטיין האָט געענטפערט, אַז ער איז קראַנק און קאָן דערפאַר נישט קומען. אַוועק אַ פּאָר טעג און עס האָט זיך געמאָלדן צו אים אַ שליח, וואָס איז ספּעציעל געקומען צו פליִען נאָך אים פון מאָסקווע — אַ געוויסער ק—ן, וועלכער האָט געשטאַמט פון לאָדזש. ער האָט אים איבערגעגעבן, אַז אין מאָסקווע איז פאַראַן די „ז.פּ.פּ.״ (קאָמיטעט פון פּוילישע פּאַטריאָטן), וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דעם 27סטן נאָוועמבער 1941, אין סאַראַטאָוו, און עס פאָרמירט זיך שוין אַ פּוילישע רעגירונג, וווּ מען האָט אים, ד״ר זאָמערשטיינען, באַשטימט ווי אַ מיטגליד פונעם צוקונפטיקן קאַבינעט...

די ידיעה האָט אים געטראָפן ווי אַ דונער. ער האָט באַיין אופן נישט געוואָלט אָננעמען דעם פאָרשלאָג. ער האָט געענטפערט אַז ער פילט זיך נישט בכוח, אַז ער איז קראַנק און צעבראָכן און זעט נישט די נוצן וואָס ער וועט קאָנען ברענגען דעם לאַנד, וווּ עס זענען שוין נישטאָ מער קיין ייִדן.

אין דער זעלביקער צייט האָט מען אים מודיע געווען פון „נ.ק.וו.ד.״, אַז די דערלויבעניש פאַר אים צו פאָרן קיין מאָסקווע איז שוין פאַרטיק...

אין מאָסקווע האָט מען אים איינגעאָרדנט אין אַן ערשטקלאַסיקן האָטעל, באַקליידט אים און געגעבן גוט צו עסן. אינעם זעלביקן האָטעל האָבן געוווינט אַלע אָנפירער פונעם קאָמיטעט פון פּוילישע פּאַטריאָטן (ז.פּ.פּ.)

און די מיטגלידער פון דער צוקונפטיקער פוילישער רעגירונג. דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט זיינע נייע קאָלעגן, בראש מיט וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ, וועלכע איז דאָרט געווען די טאָנגעבעריך. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז הגם וואַשילעווסקאַ האָט אויף דער ליסטע פון דער רעגירונג פיגורירט ווי איינע פון די וויצע־פרעמיערס, האָט זי זיך אין לובלין כמעט ווי נישט באַוויזן. יעדנפאַלס אין דער אַרבעט פון דער ציטווייליקער רעגירונג אין לובלין האָט זי זיך לגמרי נישט באַטייליקט. איר אָרט האָט פאַרנומען וולאַדיסלאַוו גאָמולקאַ (וויעסלאַוו) — דער סעקרעטאַר פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

צווישן די מיניסטאָרן זענען געווען די געוועזענע הויפט־פירער פונעם פאַרבאַנד פון פוילישע פאַטריאָטן, ווי סטעפאַן יענדריכאָווסקי, יעזשי שטאַכעלסקי, שוואַלבע, זיגמונט מאָדזעלעווסקי — ערשטער פוילישער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע און שפּעטערדיקער אויסערן־מיניסטער, סטאַניסלאַוו ראַדקעוויטש, באָלעסלאַוו דראָבנער, וול. קאָוואַלסקי, סטעפאַן סקזשעשעווסקי, קאָנסטאַנטי דאָמבראָווסקי, טשעסלאַוו וויצעך, יאַן האַנעמאַן, מיכאַל גרובעצקי, באָלעסלאַוו ביערוט — פאָרזיצער פונעם אונטערערדישן פאַרלאַמענט און שפּעטערדיקער פרעזידענט פון פוילן, עדוואַרד אָסובקאַמאָראַווסקי — דער שפּעטערדיקער פרעמיער־מיניסטער פון פוילן, אַנדזשעי וויטאָס, וועלכער איז, פונקט ווי ד״ר זאָמערשטיין, נאָר־וואָס אַרויס פון תפיסה, און איז באַשטימט געוואָרן פאַרן צווייטן וויצע־פרעמיער, ווי אויך דער גענעראַל מיכאַל ראָלאַ־זשימיערסקי.

דערזעענדיק ד״ר זאָמערשטיינס גרויסע באָרד, האָט גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקי מיט אַ שמייכל אים צוגעוואָרפן:

„ווי צייטן בייטן זיך... ווען מיר האָבן זיך צום לעצטן מאָל געזען, מיט 18 יאָר צוריק, האָב איך געטראָגן אַ באָרד און איר זענט געווען ראַזירט. איצט טראָגט איר אַ באָרד און איך בין אַן אָפּגעראַזירטער"...

ווען די רויטע אַרמיי איז אַריין קיין פוילן און די ניי־באַשטימטע פוילישע רעגירונג האָט געקראָגן אַ באַפעל צו פאָרן קיין כעלעם — דער ערשטער זיץ־אָרט פון דער פוילישער רעגירונג, האָט סטאַלין געהייסן אויפנייען פאַר די נייע מיטגלידער פונעם פוילישן קאַבינעט, גראַנאַטענע אָנצוגן — אַלע פונעם זעלביקן שטאָף און פונעם זעלביקן שניט. דאָס איז

געווען אַ מתּנה פון סטאַלינען פאַר די פּוילישע מיניסטאָרן...

אין דער צווייטער העלפט יולי 1944, זענען זיי אָפּגעפלויגן קיין כעלעם. צוויי טעג פאַרן אָפּפאָרן פון די פּוילישע מיניסטאָרן האָט מען אין קרעמל איינגעאָרדנט אַ באַנקעט און סטאַלין האָט געטרונקען פאַרן געזונט פונעם נייעם פּוילן און פון זיינע מיניסטאָרן, און זיי געווונטשן גליק אין זייער אַרבעט.

בעתן באַנקעט איז ד״ר זאָמערשטיין אויסגעקומען צו זיצן נעבן לאַזאַר קאַגאַנאָוויטשן, וועלכער האָט גערעדט מיט אים די גאַנצע צייט, באַמיִענדיק זיך אויסצומיידן די ייִדן־פראַגע. ד״ר זאָמערשטיין האָט אָבער דווקא געוואָלט וויסן די באַציִונג פונעם קרעמל צו דער ייִדן־פראַגע. קאַגאַנאָוויטשעס ענטפער איז דעמאָלט אויך געווען אַן אויסמיידנדיקער. ד״ר זאָמערשטיין האָט געבעטן קאַגאַנאָוויטשן ער זאָל אים פאָרשטעלן פאַר סטאַלינען, אָבער קאַגאַנאָוויטש האָט אויך דאָס אויסגעמיטן צו טון.

ווען סטאַלין האָט זיך אויפגעשטעלט פונעם טיש — דער גאַנצער עולם נאָך אים — און האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין, האָט ד״ר זאָמערשטיין, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף זיין שטעקן, אונטערהינקענדיק, זיך דערנענטערט צו סטאַלינען. ד״ר זאָמערשטיין האָט אים געפרעגט וואָס ער האָט בדעה צו טון מיטן ביסל אָפּגעראַטעוועטע ייִדן און וואָס ער טראַכט וועגן ארץ־ישׂראל. סטאַלין האָט געענטפערט, אַז ער טראַכט וועגן דעם זייער ערנסט, דאָס הייסט, — וועגן פּאַלעסטינע ווי אַ ייִדישע מלוכה...

די צווייטע פראַגע, וואָס ד״ר זאָמערשטיין האָט געשטעלט סטאַלינען איז געווען, וואָס ער האָט בדעה צו טון אין שייכות מיט דער אויסראָטונג פון מיליאָנען ייִדן. סטאַלין האָט אויף דעם געענטפערט: „נקמה נעמען!“...

דעם 27סטן יולי 1944, האָט מען די ביי־באַשטימטע מיטגלידער פון דער פּוילישער רעגירונג געבראַכט, גרופּעסווייז, מיט אַעראָפּלאַנען קיין כעלעם. צווישן די ערשטע, וואָס זענען אַראָפּ פונעם אַעראָפּלאַן איז געווען סטאַניסלאַוו ראַדקעוויטש. עס איז צו אים צוגעגאַנגען אַ יונגע שיינע פרוי און געפרעגט ביי אים, צי ער ווייסט נישט עפּעס וועגן גורל פון ד״ר זאָמערשטיין. דאָס איז געווען די טאָכטער פון ד״ר זאָמערשטיין, מיראַ, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון די דייטשן, אויסבאַהאַלטנדיק זיך נישט ווייט פון כעלם.

אַ טיף־רירנדיקע סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט ווען זי האָט זיך דער־וווּסט פון ראַדקעוויטשן, אַז איר פאָטער, ד״ר עמיל זאַמערשטיין, לעבט און דאַרף טאַקע באַלד קומען צו פליִען קיין כעלעם, ווי אַ מיטגליד פון דער נייער רעגירונג...

נאָך רירנדיקער איז אָבער געווען די סצענע, ווען ס׳איז אָנגעקומען דער עראָפּלאַן אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען ד״ר זאַמערשטיין און ער האָט זיך דערוווּסט פון ראַדקעוויטשן, וואָס האָט אויף אים געוואַרט אויפן פלי־פּלאַץ, אַז זיין איינציקע טאָכטער מיראַ לעבט און געפינט זיך אין כעלם...

וועגן דער באַגעגעניש פון די על־פּי־נס געראַטעוועטע פאָטער און טאָכטער איז פּשוט אוממעגלעך צו שרייבן...

פון דעמאָלט אָן זענען זיי שוין שטענדיק געווען צוזאַמען.

פון זיין טאָכטער האָט זיך ד״ר זאַמערשטיין דערוווּסט וועגן די טרויע־ריקע געשעענישן, וועלכע זיין פרוי און טאָכטער האָבן איבערגעלעבט נאָך זיין אַרעסט אין לעמבערג; ווי מען האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון זייער דירה; ווי מען האָט זיי כסדר פאַרפאָלגט און צוגענומען ביי זיי אַלע בירגערלעכע חזקות; ווי מען האָט זיי נישט געוואָלט אינפאָרמירן וועגן גורל פון ד״ר זאַמערשטיין. ערשט זייענדיק אין רוסלאַנד האָט זיין פרוי, אַרומזוכנדיק אים, זיך דערוווּסט פון דער סאָוועטישער מאַכט, אַז ד״ר זאַמערשטיין איז געשטאָרבן אין תפיסה, נאָך אַ לענגערער קראַנקייט... די דאָזיקע ידיעה האָט זי ממש דערהרגעט. זי איז אַוועק מיט גענעראַל אַנדערס אַרמיי קיין אויסלאַנד און זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. פון דעמאָלט אָן האָט זי שוין אָבער כסדר געקרענקט און נישט געקאָנט קומען מער צו זיך. אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז זי, אין טראַגישע אומשטענדן, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

נאָכן אַריבערפירן די רעגירונג קיין לובלין האָט ד״ר זאַמערשטיין געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט. ווי אַ מיטגליד פון דער צייטווייליקער רעגירונג, האָט ער אָנגעפירט מיטן רעסאָרט פון קריג־אַנטשעדיקונג, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ סך פון זיין צייט און כוחות.

ווען דער מיניסטאָרן־קאַבינעט האָט דורך אַ דעקרעט פונעם 6טן יאַ־נואַר, 1945, באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען דאָס מיניסטעריום פון קריג־אַנט־שעדיקונג אין אַ ביוראָ פון קריג־אַנטשעדיקונג ביים פּרעזידיום פון מי־

ניסטאָרן־קאַבינעט, איז ד״ר זאַמערשטיין ווייטער פאַרבליבן ווי דער אָנ־פירער פון דעם ביוראָ, מיט אַלע פּריווילעגיעס פון אַ מיניסטער. אין שייכות מיט זיין אַרבעט וועגן דער קריג־אָנטשעדיקונג, איז אינטערעסאַנט דער באַריכט, וועלכן ד״ר זאַמערשטיין האָט אין די שפּעטערע צייטן, זייענדיק שוין אין וואַרשע, צוגעשטעלט די געהעריקע אינסטאַנצן. איך וועל דאָ ברענגען נאָר אייניקע ציפערן פון זיין באַריכט, וואָס האָט אַ שייכות צו אונדז יידן.

לויט דער אויסרעכענונג פון ד״ר זאַמערשטיין, האָבן די דייטשן אומגע־בראַכט 40 פּראָצענט פונעם גאַנצן וועלט־יידנטום; 70 פּראָצענט — פונעם אייראָפּעישן יידנטום; 98 פּראָצענט — פון אַלע פּוילישע יידן, וואָס האָבן געלעבט אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע. לויט ד״ר זאַמערשטיינס אויס־רעכענונג האָבן יידן אין פּוילן געליטן אין מאַטעריעלע שדנות 4 ביליאָן אין גאָלד־דאָלאַר.

היות אין דער נייער רעגירונג איז ד״ר זאַמערשטיין געווען דער איינ־ציקער פאַרמלחמהדיקער פּאַרלאַמענטאַריער, האָבן זיך אַלע קאַבינעט־מיט־גלידער פריער מיט אים באַראָטן איידער זיי האָבן אָנגענומען אַ וויכטיקן באַשלוס. ד״ר זאַמערשטיין איז דאָך געווען אַ לאַנג־יאָריקער סיים־דעפּוטאַט פון מזרח־גאַליציע — פון 1922 ביזן אויסברוך פונעם לעצטן קריג — און ווי אַ יוריסט איז ער דערגאַנגען צו גאָר אַ הויכער מדרגה אין זיין פּאַר־לאַמענטאַרישער טעטיקייט. ער איז געווען דער פאַרפאַסער פונעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן לאָקאַטאָרן־שוץ, וואָס איז אַריין אין דער פּוילישער גע־זעצגעבונג אונטער זיין נאָמען, אַלס „לעקס־זאַמערשטיין״ (דאָס זאַמערשטיין־געזעץ). גלייכצייטיק איז ער געווען וויצע־פּרעזידענט פון דער לעמבערגער אַדוואָקאַטן־קאַמער און מיטגליד פונעם העכסטן אַדוואָקאַטן־ראַט אין פּוילן.

דערפאַר איז פאַרשטענדלעך, אַז זיין צימער נר׳ 52, אין וועלכן ער האָט אַמטירט אין לובלין, האָט זיך נישט צופעליק געגרענעצט מיט די קאַ־בינעטן פונעם פּרעזידענט פון ק. ר. נ. (פּוילישער פאַרלאַמענט), באָלעסלאַוו ביערוט און פונעם פּרעמיער־מיניסטער אָסובקאַ־מאָראַווסקי, ווי אויך — פון דער „גרויער עמינענץ״ — יאַקוב בערמאַן. זיי האָבן זיך שטענדיק גענויי־טיקט אין ד״ר זאַמערשטיינס אַן עצה.

זייענדיק נאָך אין רוסלאַנד, נאָך זיין באַפרייאונג, אַ מיטגליד פונעם

פּוילישן פּאַרלאַמענט און פון ז. פּ. פּ. (פּאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן) האָט ער געהאָלפן אויסאַרבעטן די קאָדיפיקאַציע־פּראָיעקטן פאַר די געזעצן פון ז. פּ. פּ., וועלכע באָלעסלאַוו דראָבנער האָט צוגעגרייט. ער האָט אויך געהאָלפן אויסאַרבעטן די נייע קאָנסטיטוציע פון דער פּוילישער מלוכה.

ווען ס׳איז אין יאָר 1945 אָנגעקומען קיין פּוילן די ענגליש־אַמעריקאַנער קאָמיסיע פאַר פּאַלעסטינע, האָט זי באַזוכט אין וואַרשע דעם שווער־קראַנקן דעמאָלט ד״ר זאַמערשטיין, וועלכער האָט נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט אויסצודריקן אין נאָמען פון די יידן אין פּוילן דעם שטאַרקן ווילן צו שאַפן אַן אייגענע מדינה אין ארץ־ישראל.

איז דען אַ וווּנדער, אַז האָבנדיק אין דער רעגירונג אַ פאָרשטייער מיט אַזאַ גלענצנדיקן פּאַרלאַמענטאַרישן סטאַזש, האָט מען ווי געהעריק אויסגענוצט זיינע קענטענישן און דערפאַרונגען? דערביי אָבער האָט ד״ר זאַמערשטיין קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע פליכטן לגבי די יידן. פּונקט ווי ער האָט ביזן קריג מיט מסירת נפש פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן און זיי אָפּגעהיטן קעגן צעיושעטן פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, האָט ער דאָס זעלביקע געטון אינעם נייעם פּוילן. ער איז איצט, פּונקט ווי פריער, אַרויסגעטראָטן קעגן די עוולות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן לגבי יידן און געפאָדערט אָפּצוהיטן די קאָנסטיטוציע, וואָס גאַראַנטירט זיי אַלע רעכט ווי גלייכע בירגער פון דעם לאַנד און ווי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט. עס וועט, מיין איך, זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן ד״ר זאַמערשטיינס רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן ווי אַ דעפּוטאַט פונעם נייעם פּוילישן פּאַרלאַמענט (ק.ר.נ.). איך וועל אַרויסנעמען בלויז די טיילן, וואָס האָבן אַ דירעקטן שייכות צו אונדז יידן:

„נישטאָ די פעדער, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין צו באַשרייבן דעם גיהנום, וואָס דאָס יידישע פאָלק איז דורכגעגאַנגען. נישטאָ דער טריבונאַל, וואָס זאָל קאָנען אַרויסטראָגן אַ פולשטענדיק גערעכטן אורטייל.

... אויפן מאַניפעסט, וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזט צום פאָלק איז אויך דאָ דער אונטערשריפט פון אַ ייד. מיר קעמפן צוזאַמען מיט די באַוואָפנטע כוחות און אין די פּאַרטיזאַנער־רייען. די העלדישע פאַרטיידיקונג פונעם וואַרשעווער געטאָ וועט אַריין אין דער געשיכטע. ס׳האָבן זיך אין אים באַטייליקט אַלע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט, אָנהייבנדיק פון די סאַמע לינקע — ביז די אָרטאָדאָקסן. מיר זענען פאַרבליבן אין

אַ קלייגער צאָל. מיר קאָנען זיך הייגט נישט דערלויבן אויף איגערלעכע פּאַרטייאישע מחלוקתן. הייגט פאַראייניקט איצט איין געדאַנק: קאָנצענט־רירן אַלע אָנשטרענגונגען, כדי ווי אַמשנעלסטן צו צעשמעטערן און פאַר־טרייבן דעם אָקופּאַנט. אָבער זאָגן דאַרף מען: ס'איז נישט גענוג בלויז דעקלאַראַציעס וועגן גלייכבאַרעכטיקונג, וועגן גלייכהייט און פרייהייט פאַר אַלע. מיר — יידן — זאָגן: די צייט פון דעקלאַראַציעס איז פאַרביי; אַז נאָך וווערטער מוזן קומען מעשים. דער ייד, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון דעם טאָטאַלן היטלעריסטישן שעכט־הויז, וואָס האָט געלעבט אין די פעלדער, פילט זיך נישט ווי אַ פולבאַרעכטיקטער בירגער. היטלער איז אַוועק, אָבער דער היטלעריזם איז נאָך פאַרבליבן, וואָס די רעאַקציע האָט אַריינגעשפריצט ביזן יאָר 1939, און וואָס האָט זיך איינגעפונדעוועט אין משך פון די פינף יאָר אָקופּאַציע און פאַרסמט די הערצער און נשמות. אויף אַ ייד קוקט מען קרום, היטלערס אַגענטן זענען טעטיק. סודן זיך צווישן זיך, אַז „איין גוטע זאַך האָט היטלער געטון — ער האָט געלייזט די „יידן־פראַגע" אַזוי ראַדיקאַל, ווי דאָס האָט נישט געקאָנט דורכפירן די פוילישע רעאַקציע... אָבער ליידער זענען נאָך פאַרבליבן יידן און מען דאַרף מיט זיי מאַכן אַ סוף". דער ייד פילט נישט קיין פערזענלעכע זיכערקייט. אויף די וועגן, אין די וועלדער, אין די שטעט, פון די באַרעט און די לעכער — ווערן זיי אין מיטן העלן טאָג דערשאָסן און דערמאָרדעט. דער ייד געפינט נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ.

אין קראַשניק האָט דער בירגערמייסטער אויפגעפאָדערט די געראַ־טעוועטע 300 יידן זיי זאָלן אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן די שטאָט, אין קעגנפאַל וועט ער נוצן קעגן זיי צוואַנג־מיטלען.

דער ייד קאָן נישט אָפּנעמען זיין פאַרמעגן, וואָס די דייטשן האָבן ביי אים קאָנפיסקירט. אין פשעמישל האָט דאָס געריכט אָפּגעזאָגט אָנצוהייבן אַ ירושה־פראָצעס נאָך אַ דערמאָרדעטן ייד. איך וויל נישט צוגעבן נאָך ביישפּילן. פון טאָג ביז נאַכט — גאַנצע וואָכן האַלטן אין איין קומען צו מיר יידן מיט אָנקלאַגעס.

„בירגער דעפּוטאַטן! אַזוי קאָן ווייטער נישט גיין. אַזוי האַנדלען אָפּט נישט נאָר ביוראָקראַטישע באַאַמטע, נאָר אויך העכערע אינסטאַנצן. אויף וועלכע עס שטיצט זיך די דעמאָקראַטישע געביידע, די אָרגאַנען פון געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל. נישט גענוג קיין דעקלאַראַציעס און דעקלאַ־מאַציעס — עס זענען נייטיק ממשותדיקע טאַטן. דאָ גייט נישט בלויז אין די אינטערעסן פון יידן, דאָ גייט איך גוטן נאָמען פון דער פוילישער דע־מאָקראַטיע, אויף וועלכער עס פאַלט אַ טרויעריקער שאָטן פון קאָנטינואירן די בעסטיאַלישע פּראַקטיק פון די היטלעריסטן. איך פאָדער פון אייך טאַטן — עס זאָל נישט זיין צו שפּעט!"

נישט געווען, ווי געזאָגט קיין ייִד, וואָס זאָל נישט האָבן דורכגעגאַנגען לובלין, ער זאָל נישט אַריינקומען אין צימער נר׳ 52 צו הערן אַ גוט וואָרט פונעם מיניסטער זאַמערשטיין. זיין טאָכטער, וואָס איז אַליין אַ יוריסטין האָט מיר געזאָגט: ווען מען וואָלט צונויפגענומען אַלע טרערן פון די געראַ־טעוועטע, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן אין צימער נר׳ 52, וואָלטן זיי דאָס גאַנצע גרויסע צימער אָנגעפילט...

הגם די באַמיִונגען אַראָפּצובערענגען פון סאָוועט־רוסלאַנד דעם איבער־געבליבענעם קולטור־אַקטיוו איז אים נישט געלונגען, האָט ער ביי יעדער געלעגנהייט באַמיט זיך אַרויסצוקריגן פון יענער זייט גרענעץ ווער עס האָט זיך נאָר געלאָזט און ווי אַזוי עס האָט זיך נאָר געלאָזט: צי אויף אַ לעגאַלן, צי אומלעגאַלן וועג.

ווען ד״ר זאַמערשטיין האָט זיך דערוווּסט, אַז אין לעמבערג האָט זיך געראַטעוועט דער היסטאָריקער ד״ר פיליפּ פרידמאַן און ד״ר דוד כהנא, האָט ער געזוכט וועגן ווי אַזוי זיי אַראָפּצוברענגען קיין לובלין.

נאָכן ד״ר פרידמאַן האָט ער געשיקט אַ באַקאַנטן קאַפּיטאַן, וועלכער איז געפאָרן קיין לעמבערג דינסטלעך, ער זאָל אים מיטברענגען מיט זיך. היות ד״ר פרידמאַן איז שוין געווען אויף דער אויסטויש־ליסטע, האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין לובלין אויף אַ לעגאַלן וועג — מיט דער ערשטער רעפּאַטריאַציע־גרופּע.

וועגן ד״ר כהנא, וואָס איז פריִער פאַר ד״ר פרידמאַן געקומען קיין לובלין, איז כדאי איבערצוגעבן דעם אופן ווי אַזוי מען האָט אים געבראַכט פון לעמבערג. אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין רוסלאַנד דורכן גענעראַל זיגמונט בערלינג, אין יאָר 1943, איז דער מילי־טערישער ראַבינער געווען הרב שטשעקאַטש. איצט האָט די נייע מיליטעַ־רישע אָנפירונג געזוכט אַן אַנדערן קאַנדידאַט, וואָס זאָל פאַרנעמען דעם פּאָסטן פונעם הויפּט־ראַבינער אין דער פּוילישער אַרמיי.

ד״ר סאַפרין־פעלדשו (בן שם), וועלכן מען האָט אין לובלין פאָרגע־לייגט דעם פּאָסטן, האָט זיך אָפּגעזאָגט. איז ד״ר זאַמערשטיינען איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַראָפּצוברענגען פון לעמבערג דעם ד״ר דוד כהנא. ער האָט זיך דורך דער פאַרמיטלונג פון מאַיאָר זנאַכאָר פאַרשטענדיקט וועגן דעם מיטן גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקי, וועלכער האָט געשיקט אַ ספּעציעלן אַעראָ־

פּלאַן און געבראַכט מיט אים ד״ר ד. כהנא קיין לובלין. ער איז באַשטימט געוואָרן פאַרן הויפּט־ראַבינער פון דער פּוילישער אַרמיי, אין ראַנג פון קאַפּיטאַן. שפּעטער איז ער דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון פּולקאָווניק אויפן דאָזיקן פּאָסטן איז ער פאַרבליבן, ביז ער האָט עולה געווען קיין ישראל, ווו ער איז איצט אויך דאָרט אַ מיליטערישער ראַבינער.

נישט אין ד״ר זאָמערשטיינס מאַכט איז געלעגן צו קאָנען דורכפירן די לעגאַלע וואַלן צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן, וואָס זאָל זיין געשטיצט אויף די שטימען פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין לאַנד. נישט אין זיין מאַכט איז געלעגן צו קאָנען אָפּשטעלן די כוואַליע פון פּאָגראָמען און אַנטיייִדישע אַרויסטרעטונגען. אויך נישט אין זיין מאַכט איז געלעגן דאָס צוזיילן, אַז די ייִדישע רעפּאַטריאַנטן זאָלן קאָנען פריִער קומען פון רוסלאַנד.

עס איז אים אויך אוממעגלעך געווען אויסצופועלן, אַז די אויסלענדישע הילף זאָל קאָנען זיין מער ממשותדיק און מען זאָל אַריינלאָזן קיין פּוילן די פאָרשטייער פון „אונראַ״. נישט ער, און נישט אַפילו די רעגירונג פון פּוילן, האָט צו יענער צייט געקאָנט עפּעס אויפטון אין שייכות מיט אויסלאַנד. אין אַלע אויסלענדישע, פּאָליטישע, ווי עקאָנאָמישע פראַגן האָט דעמאָלט נישט דעצידירט דער גוטמוטיקער מיניסטער ווינצענטי זשימאָווסקי און נישט דער גאַנצער קאַבינעט, נאָר — איין מענטש, וועלכער האָט געהאַנדלט לויט דער ליניע, וואָס איז פאַר אים אָנגעצייכנט געוואָרן אין מאָסקווע...

**
*

ד״ר זאָמערשטיין, האָט פונקט ווי יעדער אַנדערער מיניסטער פונעם קאַבינעט, געהאַט אַרום זיך אַ שטענדיקע וואַך. אַ באַוואָפנטער סאָלדאַט איז אים נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט און אויף קיין איין מינוט אים נישט איי־בערגעלאָזט אַליין. דאָס האָט מען מכלומרשט געטון, כדי אים צו באַשיצן. אַפילו אין זיין פּריוואַט־היים האָט זיך געפונען דער „באַשיצער״ און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון אים. די דאָזיקע וואַך איז באַשטאַנען פון מיט־אַרבעטער פון „אובע״ (מיניסטעריום פון זיכערקייט), אָדער, ווי די מיניס־טאָרן אַליין האָבן זיי גערופן: „אונדזערע מלאכימלעך״. זייער אויפגאַבע איז געווען נישט נאָר צו באַשיצן די מיניסטאָרן פון אַן אַטענטאַט, נאָר אויך

פון אַ נישט געוווּנטשענער באַגעגעניש... דער באַוואָפנטער וועכטער האָט געוווּסט פון יעדן איינעם וואָס האָט דעם מיניסטער באַזוכט, אָדער וועמען דער מיניסטער האָט באַזוכט, אַפילו פון יעדן טעלעפאָן. דער שומר האָט דאָס אַלץ פאַרשריבן און שפּעטער איבערגעגעבן דעם ראַפּאָרט אין זיכער־קייט־מיניסטעריום.

מען האָט זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די „לייב־וועכטער" — די „מלאכימלעך", אַז זיי זענען באַשטימט אַכטונג צו געבן, אַז דער מיניסטער זאָל אַמאָל נישט אַנטלויפן. און דאָך איז איין מיניסטער געלונגען צו אַנ־טלויפן, נאָך אין די לובלינער צייטן, נישט געקוקט אויף דעם שאַרפן וועכ־טער־אויג, וואָס האָט אים געהיטן. דאָס איז געווען יאַן האַבעמאַן, אַ געוועזענער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט פון לאָדזש, וועלכער איז געווען ווירט־שאַפט־מיניסטער אין דער ערשטער צייטווייליקער לובלינער רעגירונג. ווען עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו אַרעסטירן האַבעמאַנען, איז ער שוין נישט געווען אין דער היים. משמעות, האָט אים איינער פון די „הויכע פענצטער" באַצייטנס געוואָרנט, אַז מ׳גרייט זיך אים צו אַרעסטירן.

אַ צווייטער פאַל איז געווען מיטן וויצע־פּרעמיער און מיניסטער פאַר אַגריקולטור און רעפאָרמעס אין דער לובלינער רעגירונג — אַנדזשעי ווי־טאָס. ער האָט, אַגב, לאַנג נישט אָנגעוואַרעמט די בענקלעך: סיי ווי אַ וויצע־פּרעמיער, סיי ווי אַ מיניסטער. ווען מען האָט אים „באַפרייט" פון די הויכע אַמטן, האָט מען אָבער דעם „מלאכל" פון אים נישט אַוועקגענומען. מען האָט אים נאָך אַ צייט לאַנג געזען גיין איבער די לובלינער גאַסן ווי אַ פּריוואַטער מענטש, באַגלייט פון אַן „אובע". דער דאָזיקער שומר האָט אים נישט פאַרלאָזט, ביז אַנדזשעי וויטאָס איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון דער אויבערפלאַך...

איך װיל איבערגעבן אַ צווייטן פאַל מיט אַזאַ „אובע"־מאַן, וואָס קלינגט טאַקע ווי אַ וויץ, אָבער ס׳איז אַן אמתע פאַסירונג. דאָס איז שוין פאָרגע־קומען אין וואַרשע־פּראַגע, אינעם רעגירונג־הויז, וווּ עס האָבן געוווינט אַלע מיניסטאָרן און זייערע פאַרטרעטער. אין דעם הויז, אין אַ פאַרטער־דירה, האָט געוווינט ד״ר זאַמערשטיין מיט זיין טאָכטער מירא. אים האָט געהיטן אַ „מלאכל" פון „אובע", וואָס איז אַלט געווען אפשר 18 יאָר. דער דאָזיקער איבערגעגעבענער „באַשיצער" האָט פאַרשריבן ביי זיך אין נאָטיץ־ביכל מיט

ווען ד״ר זאַמערשטיין טרעפט זיך, און ער האָט אַפילו אונטערגעהערט הינטער דער טיר וואָס ד״ר זאַמערשטיין האָט גערעדט. אַפילו ווען דער דאָקטאָר איז געגאַנגען אין בית־הכסא האָט ער אים געהיטן, אַז קיין שום שלעכטס זאָל אים דאָרט נישט געשען...

אין דער צייט ווען ד״ר זאַמערשטיין איז געלעגן צוגעשמידט קראַנק צום בעט, נאָך אַ לונגען־אָנצינדונג, איז געקומען קיין וואַרשע זרובבל פון ישראל. ער האָט, קודם כל, באַזוכט ד״ר זאַמערשטיינען אין שטוב (דערצו האָט זיך געפאָדערט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער זיכערקייט־מאַכט), צופעליק האָט אין דער צייט דער „מלאכל״ פון ד״ר זאַמערשטיין געדאַרפט דערליידיקן — ווי ער האָט געזאָגט — אַ וויכטיקע זאַך. ד״ר זאַמערשטיין האָט אים געגעבן „אורלויב״. נאָך אַ לאַנגן, אויספירלעכן געשפּרעך, האָט זיך זרובבל געזעגנט מיט ד״ר זאַמערשטיינען און ער איז אַוועק. גראָד אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען דער „מלאכל״ און אין קאָרידאָר, וואָס איז געווען שוואַך באַלויכטן, האָט ער באַמערקט אַ מענטש מיט אַ לאַנגער באָרד. מיינענדיק אַז דאָס איז ד״ר זאַמערשטיין, האָט ער אויסגעשריען: „גייט די מינוט צוריק אין בעט אַריין״...

מען האָט אין יענער צייט אויך אַ סך געלאַכט פון אַ געשיכטע וואָס האָט פּאַסירט מיט גאָמולקא, וועלכער האָט אויך געוווינט אינעם זעלביקן רעגירונג־הויז, וואָס ד״ר זאַמערשטיין, נאָר אויף אַ העכערן שטאָק. גאָמול־קא — דער היינטיקער פירער פון פּוילן, איז דעמאָלט געווען וויצע־פּרע־מיער און האָט, פאַרשטייט זיך, אויך געהאַט אַן „אובעניק״, וואָס האָט אויף אים אַכטונג געגעבן. מאַכט זיך אַמאָל, אַז דער דאָזיקער „לייב־וועכטער״ איז אַראָפּ אויף דער גאַס עפּעס קויפן. ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער גאָמולקאן נישט געטראָפן אין שטוב. דער אומגליקלעכער „מלאכל״ איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ ווי אַ ווילדער און, אַ פאַרצווייפלטער, געשריען: „גאָמולקא איז פאַרשוווּנדן... ווו איז גאָמולקא?!... גאָמולקאַ!!!...״ און גאָמול־קא איז אין דער צייט געזעסן ביי זיינס אַ שכן, אין דער זעלביקער געביידע...

אַ חוץ זיינע פונקציעס אַלס דער פאָרזיצער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, איז ד״ר זאַמערשטיין געווען אויך מיטרעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער צייטונג נאָך דער באַפרייאונג „דאָס נייע לעבן״, אין וועל־כער ער האָט אויך געשריבן אַרטיקלען. ווי אַן אַלטער ציוניסטישער טוער

— פון יאָר 1900 אין דער באַוועגונג — האָט ער זיך באַטייליקט, הגם נישט אָפיציעל — צוליב זיין אַמט, וואָס ער האָט פאַרנומען אין דער רעגירונג, אויף אַלע אָפּשניטן פונעם יידישן לעבן.

ווען די דעלעגאַציע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן איז דערלויבט געוואָרן צו פאָרן קיין אויסלאַנד (פאַריז־לאָנדאָן־ניו־יאָרק) אין יאָר 1945, איז ד״ר זאַמערשטיין געשטאַנען בראש פון דער דעלעגאַציע. צום צווייטן מאָל איז ד״ר זאַמערשטיין אַרויסגעפאָרן מיט אַ דעלעגאַציע פון פוילישע יידן קיין אַמעריקע און קאַנאַדע, אַרויסטרעטנדיק אויף צענדליקער מיטינגען, ווו ער האָט געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די איבערגע־בליבענע רעשטלעך פונעם פוילישן יידנטום און אַפּעלירט נאָך הילף.

דעם 2טן אויגוסט, 1946, האָט ד״ר זאַמערשטיין געדאַרפט צוריק פאָרן קיין פוילן, כדי ווייטער אָנצוגיין מיט דער רעטונג־אַרבעט. ער האָט זיך אָבער, זייענדיק אין ניו־יאָרק, איינגעבראָכן און שטאַרק קראַנק געוואָרן. מען האָט אַרויסגערופן פון וואַרשע זיין איינציקע טאָכטער מירא, מיטן מאַן — דעם באַרימט־געוואָרענעם מאַיאָר זנאַכאָר (ד״ר מיכאל טעמטשין), וועל־כע זענען שוין נישט אָפּגעטראָטן פונעם קראַנקן פאָטער.

ד״ר זאַמערשטיין איז שוין ליידער מער נישט צוריקגעקומען צו די כוחות. איבער צען יאָר האָט ער געקרענקט, ביז ער איז אַוועק פון דער וועלט, דעם 24סטן מאַי 1957.

ד״ר זאַמערשטיין האָט זיין גאַנץ לעבן ווירדיק פאַרטראָטן די פוילישע יידן, איז תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך און מיט מסירת נפש פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן — סיי אויפן פּאָליטישן, סיי אויפן סאָציאַלן און סיי אויפן עקאָנאָמישן געביט.

די אַלע, וועלכע זענען מיט דעם קלוגן, איידעלן, פּאָלקסטימלעכן און תמיד הילפס־באַרייטן ד״ר זאַמערשטיין געקומען אין נענטערן קאָנטאַקט, האָבן אים ליב געהאַט, הויך געשעצט, באַוואונדערט, ווי אויך זייער אַ סך פון אים געלערנט.

זאָל דאָס דאָזיקע קאַפּיטל דינען ווי אַ דערמאָנונג וועגן דעם גרויסן פוילישן ייד און מיין פערזענלעכן פריינט, מיט וועלכן עס איז מיר באַשערט געווען מיטצואַרבעטן, ליידער בלויז אַ קורצע צייט אין פוילן, — נאָך דער באַפרייאונג.

קאַפּיטל נײַן

# קראָקע — געזען דורך יידישע אויגן

סוף יאַנואַר, 1945, בין איך צוריקגעקומען קיין לובלין פון מיין ערשטן באַזוך אין וואַרשע, פּרושקאָוו און אַנדערע פּלעצער, ווו איך האָב געזוכט אַ שפּור נאָך אונדזער קינד. איצט האָב איך זיך געגרייט צו פאָרן קיין קראָקע און אָשוויענטשים, וואָס איז נישט לאַנג צוריק באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן, — אפשר וועל איך דאָרט עפּעס הערן וועגן גורל פון מיין קינד.

קיין קראָקע האָט מען דעמאָלט נאָר געקאָנט פליִען מיט אַן אַעראָפּלאַן — קיין אַנדערע פאַרבינדונג איז נישט געווען צו יענער צייט. ס׳איז אָבער אויך נישט געווען לייכט צו קריגן אַ פּלאַץ אינעם אַעראָפּלאַן. לרוב זענען אַהין געפלויגן מיליטערלייט און מלוכה־באַאַמטע — און, קודם כל, האָט מען פאַר זיי רעזערווירט פּלעצער. היות איך בין געווען אַ מיטאַר־בעטער פונעם ראַדיאָ, און, ממילא, אַ מלוכה־באַאַמטער, האָב איך געהאַט אַ רעכט צו פאַרשרייבן זיך אויף אַ פלי מיטן אַעראָפּלאַן. דערנאָך האָב איך געדאַרפט וואַרטן ביז עס וועט קומען אויף מיר די ריי.

מיין ראַדיאָ־דירעקטאָר, ביליג, וועלכער איז אַליין געווען אַ קראָקע־ווער, און האָט געהאַט דאָרט אַ שוועסטער — אַ פּוילישע שוישפּילערין, האָט מיך געבעטן עפּעס צו דערליידיקן פאַר איר, און בינו לבינו אויך אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיטן אָנפירער פון דער ראַדיאָ־סטאַציע אין קראָקע, ז. שאָר. שוין צוליב דעם אַליין האָט זיך ביליג שטאַרק באַמיט איך זאָל קאָנען אַהין פאָרן ווי אַמשנעלסטן.

כמעט אין דער זעלביקער צייט איז לאָדזש באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן. מען האָט איבערגעגעבן, אַז אַרום 800 יידן האָבן זיך דאָרט געראַטעוועט. מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז אין באַלוט, ווו עס איז געווען דאָס לאָדזשער געטאָ, האָט מען געפונען אַ נישט־באַשעדיקטע יידישע דרוקעריי. האָט מען זי געדאַרפט ווי אַמשנעלסטן איבערנעמען. מיר האָבן

דאָך בדעה געהאַט צו גרינדן אַ ייִדישע צייטונג, און ביז איצט האָבן מיר אין ערגעץ נישט געפונען קיין ייִדישע שריפט. דעם ביולעטין פון דער ייִדישער פּרעסע־אַגענטור („ייִפּאַ“), וועלכן מען האָט אַרויסגעגעבן אין לובלין, האָבן מיר פון אָנהייב געשריבן מיט דער האַנט — ביז יהודה עלבערג האָט פון ביאַליסטאָק געבראַכט אַ ייִדישע שרייבמאַשין.

אפרים שעדלעצקי האָט איינער אַליין אויסגעפּאַרטיקט די ערשטע פּאָר נומערן. ער איז ממש געווען אַ מייסטער אויסצושטעלן מיט דער האַנט אַ גאַנצן נומער ידיעות, מיט האַנט־געצכטיבעטע אותיות. רעדאַקטירט דעם ביולעטין האָבן מיכאל האַפּמאַן, ג. יאַשונסקי און ג. אלעף. ביז מיין פּאַרלאָזן פּוילן האָט „ייִפּאַ“ אַרויסגעלאָזט 120 נומערן.

איידער איך בין אָפּגעפאָרן קיין קראָקע, האָבן מיר אויף אַ זיצונג פונעם שרייבער־ און אַרטיסטן־פאַראיין באַשלאָסן צו דעלעגירן יהודה עלבערגן קיין לאָדזש, ער זאָל דאָרט איבערנעמען די גרעסטעוועטע דרוקעריי. ד״ר פיליפּ פרידמאַן איז באַפולמעכטיקט געוואָרן דורכן צ״ק פון פּוילישע ייִדן אויך צו פאָרן קיין לאָדזש און צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט פון די גרעסטעוועטע לאָדזשער ייִדן. ביידע שליחים האָבן זייער אויפגאַבע דערפילט גלענצנדיק. מען האָט געגרינדעט דעם קאָמיטעט, אָרגאַניזירט די דרוקעריי, פאַרשאַפן אַ לאָקאַל פאַר דער היסטאָרישער קאָמיסיע, ווי אויך וווינונגען פאַר די מיטאַרבעטער פון די אינסטיטוציעס.

ענדלעך איז געקומען מיין ריי אָפּצופליִען קיין קראָקע. מיט אַ רוסישן מיליטערישן אַעראָפּלאַן (פּוילישע אַעראָפּלאַנען זענען נאָך דעמאָלט נישט געפלויגן) זענען מיר אָנגעקומען קיין קראָקע אויפן לופט־פעלד, וואָס האָט זיך געפונען זייער ווייט פון שטאָט. מיין אַדרעס איז געווען — צום ייִדישן קאָמיטעט, אויף דלוגאַ 38.

צוקומענדיק צו דער שטאָט, בין איך איבערראַשט געוואָרן, זעענדיק די ערשטע שטאָט אין פּוילן, וואָס איז נישט צעשטערט אָדער באַשעדיקט געוואָרן דורך די דייטשן. דאָ און דאָרט וואַרפן זיך אין די אויגן די אין מיטן גאַס אויסגעבויטע בעטאָן־באַריקאַדן צו פאַרהאַלטן אָנקומענדיקע טאַנקן. זיי זענען אָבער לגמרי נישט באַנוצט געוואָרן, וואָרים די רויטע אַרמיי האָט אַרומגערינגלט די שטאָט פון אַלע זייטן. די דייטשן זענען געווען

גליקלעך, ווען זיי האָבן געפונען אַ וועג צו אַנטלויפן און אַזוי אַרום נישט באַוויזן צו צעשטערן די היסטאָרישע, שיינע שטאָט קראָקע.

איך האָב צו דער שטאָט תמיד געהאַט אַ גרויסן סענטימענט. איך האָב ליב געהאַט דאָס ראָמאַנטישע און מאָלערישע קראָקע, מיטן קעניגלעכן שלאָס אויפן וואַוועל, מיט די צוצי׳ענדיקע פּלאַנטן. איך האָב ליב געהאַט אירע מענטשן. אַ צייט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו לעבן און צו אַרבעטן אין דער דאָזיקער שטאָט. געהאַט דאָרט אַ וועלט מיט פריינט, חברים, און איצט — איז קראָקע געוועזן פאַר מיר ווי אויסגעשטאָרבן, הגם די גאַסן זענען געווען פול מיט מענטשן, אָבער — אָן ייִדן. אויסגעלאָשן געוואָרן יעדער שפּור פון ייִדישקייט. דאָס קאַטוילישע קראָקע איז פאַר מיר איצט געווען קאַלט, פרעמד, און האָט פאַרלוירן פאַר מיר יעטווערן חן. מיינע דערי׳נערונגען וועגן קראָקע זענען געווען פאַרבונדן מיט די 60 טויזנט דאָר־טיקע ייִדן, מיט די ייִדישע גאַסן, מיטן קאַזשימיעזש פול מיט לעבן — ייִדיש לעבן. דאָס אַלץ איז אין קראָקע שוין מער נישטאָ. ס׳זענען געבליבן בלויז געציילטע ייִדן...

איך בין אַריין אין ייִדישן קאָמיטעט, וועלכער איז געווען איבערגע־פולט מיט אָפּגעריסענע, קראַנקע, דורכגעפרוירענע און אויסגעדאַרטע מענטשן־סקעלעטן — די מערהייט פון זיי נאָך אין געשטרייפטע קליידער פון די לאַגערן. — זיי האָבן געהאַט נאָר איין ציל: אָפּצועסן צו דער זאַט און אַוועקלייגן זיך שלאָפן... שלאָפן מיטן געדאַנק, אַז מען איז באַפרייט, אַז עס דראָט שוין מער נישט קיין שום סכנה; אַז מער וועט מען שוין נישט וועקן צו די אַפּעלן; אַז מער וועט מען שוין נישט דאַרפן שטיין שעהן לאַנג, כמעט נאַקעטערהייט, אויפן אַפּעל־פּלאַץ און שטייענדיק פאַרפרוירן ווערן.

אין קאָמיטעט — פרויען, מענער און — ווייניקער — קינדער. דאָס זענען אַלץ צוריקגעקומענע פון אָשוויענטשים און פון אַנדערע לאַגערן. אויך מענטשן, וואָס גייען ווייטער אין די לענדער פון וואַנען זיי שטאַמען.

ווי מען האָט מיר דאָרט איבערגעגעבן, איז די ערשטע גרופּע פון אָשוויענטשים באַשטאַנען פון 17 קינדער. דערנאָך האָבן אָנגעהויבן אָנקו־מען גרופּן קינדער, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אונגאַרן און סלאָוואַקיי. זיי אַלע האָבן געוואַרט אינעם קאָמיטעט אויף אַ מעגלעכקייט ווייטער צו פאָרן אין זייערע היימען. געטראָפן דאָרט אויך אַ ייִנגל, וואָס האָט גע־

שטאַמט פון האָלאַנד. ער איז געווען אין אַ שטערבלעכן צושטאַנד: טובער־קולאָז פון די קישקעס.

דער יידישער קאָמיטעט האָט זיך געוואָנדן צו דער לאָקאַלער מאַכט, מען זאָל באַשטימען אַ ספּעציעל אָרט פאַר די צוריקגעקומענע יידישע קינ־דער. דער ענטפער איז געווען: נישטאָ קיין פּלאַץ... אין די שפּיטעלער האָט מען זיך צו יידישע קינדער ספּעציעל שלעכט באַצויגן.

בלויז ביז אַפּריל, 1945, זענען דורכן קאָמיטעט אין קראָקע דורכגע־גאַנגען 818 יידישע קינדער, צווישן זיי 556 האַלבע יתומים, 22 קיילעכדיקע יתומים און 170 — מיט זייערע עלטערן.

דער קראָקעווער יידישער קאָמיטעט האָט זיך מיט זיי אַלע פאַרנומען, אַלע באַשפּייזט, און די קראַנקע האָבן באַקומען מעדיצינישע באַהאַנדלונג. די באַפרייטע פון די לאַגערן דאָקטוירים האָבן מיט מסירת נפש געאַרבעט טאָג און נאַכט אין סאַניטאַר־פּונקט, וועלכן מען האָט באַלד געגרינדעט.

די שרייבערין מאַריאַ האָכבערג (מאַריאַנסקאַ) — אַ געוועזענע מיט־אַרבעטערין פונעם קראָקעווער „נאָווי דזשענניק" (אַ יידיש־פּוילישע צייַ־טונג), וועלכע האָט שוין פון פריער געהאַט פאַרשריבן אַ העלדיש קאַפּיטל מיט איר העראָישער אונטערערדישער אַרבעט בעת דער דייטשישער אָקו־פּאַציע, האָט זיך איצט, נאָך דער באַפרייאונג, ווידער איינע פון די ערשטע געשטעלט אין דינסט פון די קראַנקע, אויסגעמוטשעטע מענטשן, און בפרט — פון די קינדער, וועלכע זי האָט אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער וואַרעם־האַרציקייט. די קאַצעטלער, די על פּי נס געראַטעוועטע, וועלכע זענען גע־קומען קיין קראָקע, האָבן דער איידעלער מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנסקאַ זייער אַ סך צו פאַרדאַנקען.

רעדנדיק וועגן מאַריאַ האָכבערג דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז זייענ־דיק בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, איז זי אויך געווען די פאָרשטייערין פון יידן אין קראָקעווער ראַט פון הילף פאַר יידן. נישט איין ייד האָט איר צו פאַרדאַנקען וואָס ער האָט אי־בערגעלעבט די מלחמה, נישט איין ייד האָט זי אַרויסגעראַטעוועט פון די לאַגערן.

נאָך דער באַפרייאונג זענען דורך קראָקע דורכגעגאַנגען קינדער־טראַנספּאָרטן פון אָשוויענטשים און אַנדערע לאַגערן. 30 פּראָצענט פון די

קינדער זענען קראַנק געווען אויף טובערקולאָז. ווען מען האָט אַפילו געפּו־נען אַ קליינעם פּראָצענט צווישן די קינדער וואָס האָבן נישט געהאַט צו פאַרצייכענען קיין געפערלעכע קראַנקהייט, איז אָבער קיין איין קינד נישט געווען פולקאָם געזונט.

— ווער ווייסט וויפל יאָרן עס וועט איצט נעמען — האָט געזאָגט פרוי האָכבערג־מאַריאַנסקאַ — ביז עס וועלן אויסגעמעקט ווערן אין די צאַרטע קינדער־נשמות די שפורן, וואָס עס האָבן אויף זיי געלאָזן די יאָרן פון קנעכטשאַפט און דעמאָראַליזאַציע, פאַרבראַכטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אין קראָקעווער קאָמיטעט, ווי אויך אין שטאָט האָט מען געטראָפן ווייניק ייִדן, און נאָך ווייניקער פּוילישע ייִדן, און אַמווינציקסטן — קראָ־קעווער ייִדן. יעדער ייִד איז אָבער געווען טייער: צי ער איז געווען פון סלאָוואַקיי, צי פון גריכנלאַנד, צי פון ליטע — ער איז אויפגענומען גע־וואָרן מיט אָפענע אָרעמס.

איך האָב אין קאָמיטעט געטראָפן אַ גאַנצע משפחה ייִדישע קאַרליקעס פון סלאָוואַקיי. אַלע זענען זיי געווען פּראָפעסיאָנעלע קלעזמאָרים. פון סלאָ־וואַקיי האָט מען זיי געבראַכט, בעת דער אויסזידלונג, קיין אָשוויענטשים — און אַלע האָבן זיי דאָרט איבערגעלעבט די מלחמה און קיין האָר פון קאָפּ איז זיי נישט אַראָפּגעפאַלן. מען האָט זיי, ווי איך האָב זיך דערוווּסט פון אַנדערע „אָשוויענטשימער״, געהאַלטן צו פאַרשידענע עקספּערימענטן...

איך האָב, זייענדיק אין קראָקע, געגנעכטיקט ביי אַ באַקאַנטער קראָ־קעווער משפחה, וואָס האָט איבערגעלעבט די מלחמה, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין אַ בונקער אונטער דער געביידע, ווו עס האָט אַמטירט די געשטאַפּאָ. אין דער וווינונג ביי מיינע באַקאַנטע איז אויך געווען זייערס אַ קרובה, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט פון אָשוויענטשים 1. זי איז געווען זייער אַ שיינע און יונגע פרוי. אָן בושות האָט זי מיר דערציילט ווי איבער איר האָט אין 10טן פּאַוויליאָן געמאַכט פאַרשידענע גינעקאָלאָגישע עקספּערי־מענטן דער נאַצי־באַנדיט, דער דייטשישער וויסנשאַפטלער פּראָפ׳ בלאַאו־בערג, מיט אַנדערע זיינע געהילפן — אויך דייטשישע וויסנשאַפטלער. זיי האָבן דאָרט איינגעאָרדנט אַ „וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטאַלע״ סטאַציע

און אין דעם באַראַק האָבן זיי דורכגעפירט די עקספּערימענטן נאָר אויף יונגע און געזונטע ייִדישע מיידלעך.

גייענדיק איבער די קראָקעווער גאַסן, האָב איך, צווישן אַנדערע, זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט אַ יונגער ייִדישער פרוי, וועלכע איך האָב זייער גוט געקענט פונעם וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען די טאָכטער פון אַ באַקאַנטן וואַרשעווער געזעלשאַפטלעכן טוער: פּלוצער־סאַרנאַ. זי איז אויף מיר אַרויפגעפאַלן און היסטעריש זיך צעוויינט. זי איז — האָט זי מיר געזאָגט — געבליבן איינע אַליין פון איר גאַנצער משפחה.

— איר זענט נישט אַליין, — האָב איך איר באַרויִקט — אייער פאָטער לעבט און געפינט זיך אין לובלין, אויך אייער מומע העלענאַ — די פרוי פונעם דאָקטאָר פּזשיגאָדאַ — לעבט און געפינט זיך אין אָמוואָצק...

דאָס איז געווען פאַר איר דער ערשטער גרוס, וועלכן זי האָט געהאַט וועגן איר פאָטער און מומע. ווען איך בין צוריקגעקומען קיין לובלין, האָב איך דעם גליקלעכן פאָטער איבערגעגעבן די גוטע בשורה, אַז זיין טאָכ־טער האָט זיך געראַטעוועט.

נאָך מיין צוריקקומען פון אָשוויענטשים, ווו איך האָב פאַרבראַכט אַ טאָג און געזען די שרעקלעכע אַנטי־היגיענישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך נאָך אַלץ דאָרט געפונען די קראַנקע מענטשן — כמעט סקעלעטן, אָדער, ווי מען האָט זיי גערופן, „מוזולמאַנען”, האָב איך גלייך אינטערוועניִרט ביי דער מאַכט אין קראָקע און געבעטן זיי זאָלן זיך צואיילן מיט הילף פאַר די דאָזיקע אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע האָבן נאָך אַלץ נישט גע־האַט דאָס געפיל אַז זיי זענען פריי.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום, ווען מען האָט שוין געהאַט אַרויסגעפירט פון דאָרט אַלע קראַנקע און מען האָט געפּלאַנט צו פאַרוואַנדלען אָשוויענ־טשים אין אַ גרויסן מוזיי מיט אַ דענקמאָל נאָך די אומגעבראַכטע קרבנות, האָט מען באַשלאָסן אויפצוקלאַפּן לזכרון פון יעדן פאָלק אַן אָנדענק־טאָוול. ווען איינער פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן, האָט געפרעגט פאַרוואָס עס איז נישטאָ קיין טאָוול צום אָנדענק פון די ייִדישע קרבנות, וואָס זענען דאָרט געווען אין דער מערהייט, האָט מען געענטפערט: עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז היות דאָרט זענען געווען ייִדן פון פאַרשידענע לענדער, ווערן זיי ממילא פאַררעכנט צו דעם

לאַנד פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט. אין דער פּראַקטיק הייסט עס: אַ פראַנ־צויזישער ייִד איז אַ פראַנצויז, אַ פּוילישער ייִד — אַ פּאָליאַק, אאַז״וו. איך ווייס נישט צי די דאָזיקע באַגאַנגענע עוולה לגבי די ייִדישע קרבנות אין אָשוויענטשים איז שפּעטער, נאָך מיין פאַרלאָזן דאָס לאַנד, פאַרריכט געוואָרן.

צווישן די באַקאַנטע מיינע, וועלכע איך האָב באַגעגנט אין קראָקע, איז כדאי זיך אויף אייניקע אָפּצושטעלן. פון יעדן איינעם האָב איך זיך דערוווּסט געשיכטעס — ממש מעשׂיות פון טויזנט־און־איין־נאַכט. יעדער איי־נער פון זיי וואָלט געהאַט שטאָף נישט פאַר איין בוך.

צעלינא ניעדזשוויעצקא — אַ פּוילישע שוישפּילערין פון וואַרשע, איז אַ דאַנק איר הונדערט־פּראָצענטיקן אַרישן אויסזען, נאָך פאַרן קריג נישט אָנגעגאַנגען פאַר אַ ייִדישע. בלויז געציילטע מענטשן האָבן געוווּסט וועגן איר אָפּשטאַם. איר מאַן, אַ באַקאַנטער פּוילישער רעזשיסער, ד״ר ר. בו־יאַנסקי, איז געווען אַ קריסט, — איז איר געלונגען צו ראַטעווען זיך אין קראָקע.

אַנקאַ ריטשקע, פון קאָלאָ, — די געוועזענע סעקרעטאַרין פון אַדוואָ־קאַט ד״ר גוסטאַוו וויעליקאָווסקי, אין וואַרשעווער געטאָ, האָט זיך אויך געראַטעוועט אין קראָקע אַ דאַנק איר גלענצנדיקן אַרישן אויסזען. געראַ־טעוועט זיך, כדי אין אַ קורצער צייט אַרום אומצוקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע.

דער וואַרשעווער אַדוואָקאַט מיעטשיסלאַוו ווארם, וועלכער האָט גע־האַט אַ גלענצנדיקן אַרישן אויסזען, האָט זיך געראַטעוועט ווי אַ קראַנקער פּוילישער אונטערערדישער טוער אין אַ קראָקעווער שפּיטאָל, ווו זיין פרוי לילי באַנקער־ווארם, אַ באַקאַנטע פּיאַניסטין האָט געשפּילט... די ראָל פון — אַ קראַנקן־שוועסטער. ביידע האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים און לסוף זיך געראַטעוועט. איצט וווינען זיי אין דער שווייץ.

יוסף וואָלף, וועלכער האָט זיך לעצטנס קונה שם געווען מיט זיינע וויכטיקע ביכער „דאָס דריטע רייך און זיינע ייִדן״, „דאָס דריטע רייך און זיינע דינער״ (ביידע ביכער געשריבן צוזאַמען מיט לעאָ פּאָליאַקאָוון), „פּוגעם לעבן, קאַמף און טויט אין וואַרשעווער געטאָ״ און „ראול וואַלענבערג״, האָט אויך דורכגעמאַכט זייער אַ שווערן וועג. דערצו איז ער נישט געווען באַשאָנקען מיט אַ „גוטן אויסזען״. ביי די דייטשן איז ער געווען אַרעסטירט

פאַר אומלעגאַלער אַרבעט, געזעסן אין תפיסה „מאָנטעלופּי״, צוזאַמען מיט דער לעצטער גרופּע פון דער קראָקעווער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים. אויך דאָרט — אָנגעגאַנגען מיט קאָנספּיראַטיווער אַרבעט.

ווען מען האָט אים אַרויסגעפירט צוזאַמען מיט דער עוואַקויִרטער גרופּע אַרעסטאַנטן פון אָשוויענטשים קיין בוכענוואַלד, איז ער, הינטער גליוויץ, אַנטלאָפן פונעם טראַנספּאָרט. דאָס איז געשען דעם 18טן יאַנואַר, 1945. ער איז אַוועק צו־פוס קיין קראָקע וווּהין ער איז אָנגעקומען דעם 23סטן יאַנואַר, 1945. גייענדיק איבער די קראָקעווער גאַסן, האָט ער אינעם זעלביקן טאָג, על פּי צופאַל, געטראָפן זיין געראַטעוועטע פרוי, מיט זייער 10־יאָריקן זון, וועלכע האָבן זיך איבער צוויי יאָר אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער פון אַ שטאַל ביי אַ פּויער, הינטער באָכניע.

ד״ר מיכאל באָרוויטש־באָרוכאָוויטש, מחבר פון די ייִדישע ביכער „אויף אַרישע פּאַפּירן״, „1.000 יאָר ייִדיש לעבן אין פּוילן״ און אַנדערע וויכטיקע ווערק אין פּויליש און פראַנצויזיש, האָט דורכגעמאַכט דעם שרעק־לעכן יאַנאָווער לאַגער, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן אין חודש סעפּטעמבער, 1943, און ווי אַ מיטגליד פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג, ווייטער געטון קאָנספּיראַטיווע אַרבעט.

הגם ד״ר באָרוויטש האָט געהאַט אַ הונדערט־פּראָצענטיקן אַרישן אויסזען, האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון זיין היימשטאָט קראָקע, וווּהין מען האָט אים געבראַכט פון לעמבערג, מחמת ער איז דאָרט געווען צו גוט באַקאַנט. די אונטערערדישע באַוועגונג האָט אים באַשטימט פאַרן הויפּט־קאָמענדאַנט פון די אָפּטיילונגען פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַר־טיי פונעם מיעכאָווער און אַ טייל פּינטשעווער ראַיאָן. דאָרט איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז דער היכער פּוילישער אונטערערדישער אָפיציר קאָן גאָר זיין אַ ייִד. באַלד נאָך דער באַפרייאונג איז ער צוריקגעקומען קיין קראָקע, וווּ ער איז גלייך צוגעטראָטן צו ייִדישער אַרבעט.

דאָ האָב איך אויסגערעכנט אַ טייל פון דער קליינער צאָל געראַטע־וועטע ייִדן, וועלכע איך האָב באַגעגנט בעת מיין ערשטן באַזוך אין קראָקע.

צוגלייך מיטן אָנקומען פון די געראַטעוועטע ייִדן, האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרקער צו אַנטוויקלען דאָס ייִדישע לעבן אין שטאָט. אויסער דעם ייִדישן

קאָמיטעט, וואָס האָט געדינט ווי אַן אינסטיטוציע פאַר סאָציאַלער הילף און שוץ און אַזוי אַרום געגעבן די ערשטע הילף די נויטבאַדערפטיקע, האָט זיך אין חודש מערץ, 1945, אָרגאַניזירט אַ היסטאָרישע קאָמיסיע, בראש מיט מיכאל באָרוויטש, נעלא ראָסט (די טאָכטער פונעם פאַרשטאָרבענעם דעפּוטאַט ד״ר יהושע טהאָן) און יוסף וואָלף.

די קאָמיסיע איז צוגעטראָטן אויפצונעמען גבית עדות פון די געראַ־טעוועטע און צו זאַמלען חורבן־מאַטעריאַלן. זי האָט באַוויזן צו פאַרעפנט־לעכן אַ ריי זייער וויכטיקע פּובליקאַציעס, צווישן וועלכע עס געפינט זיך „דער טאָג־בוך פון יוסטינע״ פון דער פאַרפייניקטער אונטערערדישער קעמ־פערין אין קראָקע — גוסטאַווא דרענגער, די פרוי פונעם קאָמענדאַנט פון דער דאָרטיקער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. דעם טאָגבוך האָט זי גע־שריבן זיצנדיק אין תפיסה. עס איז דערשינען מיט אַ הקדמה פון יוסף וואָלף. עס איז אויך דערשינען „מיט די אויגן פון אַ צוועלף־יאָריק מיידל״ פון יאַנקאַ העשעלעס, וועלכע איז געווען פאַרשפּאַרט אינעם יאַנאָווער לאַגער און פון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן דורך מאַריאַ האָכבערג־מאַריאַנס־קאַ. די קראָקעווער היסטאָרישע קאָמיסיע האָט אויך אַרויסגעגעבן מיכאל באָרוויטשס „דער אוניווערזיטעט פון מערדער״, „לאַגער־ליטעראַטור״ א״אַ. אויסער דעם האָט די היסטאָרישע קאָמיסיע דורכגעפירט אַ קאָנקורס פאַר דער בעסטער אַרבעט אויף דער טעמע: „ווי אַזוי איך האָב איבערגעלעבט די דייטשישע אָקופּאַציע?״

דאָס רעליגיעזע לעבן האָט זיך, אין די ראַמען פון די געגעבענע מעג־לעכקייטן, אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען גאַנץ אינטענסיוו. עס האָט זיך געשאַפן אַ רעליגיעזע קאָנגרעגאַציע מיטן געוועזענעם רב פון בראָדי — משה שטיינ־בערג, וועלכער איז געקומען קיין קראָקע ווי אַ רעפּאַטריאַנט פון לעמבערג. אין חודש מאַי, 1945, איז צוריקגעקומען קיין קראָקע פון לאַגער, דער קראָקעווער רב, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „דער זוויעזשינעצער״ — הרב מנשה לעווערטאָוו.

דער ועד הקהילה, אָדער, ווי מ׳האָט עס גערופן, די רעליגיעזע קאָנגרע־גאַציע, האָט געהאַט פאַר זיך די אויפגאַבע צו באַפרידיקן אַלע רעליגיעזע הצטרכותן פון די יידן אין קראָקע. מען איז צוגעטראָטן אַרומצוצוימען די צוויי צעשטערטע בית־עלמינס. מען האָט זיך אויך באַמיט צו לייזן די טראַ־

גישע פּראָבלעמען וועגן היתר, אַז פרויען און מענער זאָלן קענען חתונה האָבן צום צווייטן מאָל. מען האָט געדאַרפט אויספרעגן עדות פאַר די, וואָס האָבן חתונה געהאַט אין רוסלאַנד און מיטגעבראַכט זייערע נייע ווייבער, אָדער — פאַרקערט, ווי אויך אויסהערן עדות פון די ביים לעבן איבערגעבליבענע און דורכפירן די קאָמפּליצירטע רעליגיעזע פּראָצעדור.

וואָס שייך דעם פּראָבלעם פון אָפּהיטן כשרות, איז עס פאַר די פרומע ייִדן אויך געווען אַ שווערער ענין. די דייטשן האָבן בעת זייער הערשאַפט פאַרבאָטן עפנטלעכע שחיטה פאַר ייִדן. נאָך דער באַפרייאונג איז דאָס געזעץ נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט, נישט געקוקט אויף אַלע אינטערוועגצן. מען האָט אַלזאָ ווייטער נישט געקאָנט דורכפירן קיין עפנטלעכע שחיטה. היות אָבער מען האָט מען נישט געוואָלט עסן קיין טריפות, האָט מען די בהמות געשאָכטן הינטער דער שטאָט — און דאָס אויך נישט אָפיציעל. דאָס פלייש האָט מען אַריינגעבראַכט קיין קראָקע און עס פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די קצבים פון די כשרע יאַטקעס.

די עופות האָט מען געשאָכטן אויפן הויף פונעם געוועזענעם טעמפּל, ווו ד״ר יהושע טהאָן איז אַמאָל געווען הויפּט־ראַבינער. נאָך דער באַפרייאונג האָט דער קראָקעווער מאַגיסטראַט פאַרוואַנדלט דעם טעמפּל אין אַ מאַגאַזין, ווו מען האָט געהאַלטן פאַרשידענע שטאָט־סחורות. איבער אַ יאָר צייט האָט מען געמוזט וואַרטן ביז דער טעמפּל איז באַפרייט געוואָרן און מען האָט אים צוריק איבערגעגעבן די ייִדן. האָט מען ביז דעמאָלט איינגעאָרדנט אינעם זעלביקן הויף, ווו דער טעמפּל האָט זיך געפונען, אַ חסידישע שול, ווי אויך אַ חסידיש בית־מדרש. מען האָט אויך געדאַוונט אין קופּער־שול, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער קופּער און מיאָדאָווע גאַס, ווי אויך אין אַנדערע פּלעצער. שפּעטער, ווען קיין קראָקע האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען ייִדן פון אַנדערע שטעטלעך, פון וואַנען זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן צוליבן אַנטיסעמיטיזם, ווי אויך ייִדן פון די דייטשישע לאַגערן און די רעפּאַטריאירטע פון רוסלאַנד, האָבן זיך געשאַפן נאָך בתי־מדרשים פון אגודה און מזרחי. עס זענען געווען אין קראָקע אויך צוויי מקוואות און אַ תלמוד־תורה.

איצט וויל איך זיך אָפּשטעלן ביי דער פּערזאָן פונעם קראָקעווער רב, מנשה לעווערטאָוו און געבן אַ פּאָר פּרטים וועגן די שבעה מדורי גהינום,



הרב מנשה לעווערטאוו (נאָך דער באַפרייאונג אין קראָקע)



הרב מנשה לעווערטאוו מיט זיין קינד, וואָס די דייטשן האָבן דערשאָסן. (פאָטאָגר' קורץ פאַר דער מלחמה)

וואָס עס איז אים אויסגעקומען דורכצומאַכן אונטער דער דייטשישער אָקו־פּאַציע.

הרב מנשה לעווערטאָוו שטאַמט פון אַ רבנישער משפחה פון דורות. זיין פאָטער, ר׳ אייזיק, אַ רבי פון קראָקע, איז געווען אַ גדול הדור. זיין זיידע פון דער מאַמעס צד, איז געווען דער סאַנאָקער רב בית־דין, ר׳ לייבישל פרענקעל. מנשה לעווערטאָוו איז געוואָרן רב אין יאָר 1928. זיין פרוי, אַגב — זיין שוועסטערקינד — איז געווען די טאָכטער פון ר׳ שם קלינגבערג — דער זאַלאָשיצער רבי, איינער פון די גרעסטע בעלי קבלה. מיט זיין פרוי — הינדזשע — האָט הרב לעווערטאָוו געהאַט צוויי זין (אַכט און פיר יאָר אַלט).

צוזאַמען מיט זיין שווער, דעם זאַלאָשיצער, איז הרב לעווערטאָוו אַוועק־געפירט געוואָרן פונעם קראָקעווער געטאָ אין פלאשאָווער ק.צ.־לאַגער. זיין פרוי מיט די קינדער, ווי אויך די איבעריקע מיטגלידער פון זיין משפחה, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. צווישן די אויסבאַהאַלטענע עטלעכע און דרייסיק מענטשן, זענען געווען, אַ חוץ דעם רב לעווערטאָווס פרוי הינ־דזשע, מיט די קינדער, אויך איר מוטער — די זאַלאָשיצער רביצין; איר שוועסטער — די פרוי פון אהרן נח יאָסקאָוויטש — אַן אייניקל פונעם אַלטן גערער רבין; דעם סקאַווינער רבס קינדער: צוויי זין מיט זייערע פרויען און קינדער, א״אַ.

בעת דער רייניקונג־אַקציע אינעם אויסגעליידיקטן געטאָ האָט מען אויסגעפונען זייער באַהעלטעניש. ווען הרב לעווערטאָוו האָט זיך דערפון דערוווּסט האָט ער זיך אַריינגעקריגן אין אַ גרופּע אַרבעטער, וועלכע מען האָט פון פלאַשאָווער לאַגער געשיקט אין געטאָ אַריין, כדי צונויפצוזאַמלען די זאַכן נאָך די אַרויסגעפירטע ייִדן. קומענדיק אַהין האָט ער דערזען ווי באַ־וואָפנטע „שוואַרצע" (אוקראַינער און לעטן) פירן זיין פרוי און קינדער, צו־זאַמען מיט דער גאַנצער איבעריקער משפחה, אין פלאַשאָווער לאַגער אַריין צו דעם טרויעריק באַרימטן בערגל. דאָרט האָט ער מיט זיינע אייגענע אויגן געזען ווי מען צווינגט זיי אויסצוטאָן זיך נאַקעט... ווי זיי ווערן דער־שאָסן... ווי זייערע גופים פאַלן אַריין אין די צוגעגרייטע גריבער...

— די געשרייען — זאָגט צו מיר הרב לעווערטאָוו — הער איך נאָך

ביזן היינטיקן טאָג. — די שרעקלעכע געשרייען פון די ייִדן, בפרט פון מיינע קינדערלעך...

ווען מען האָט דעם זאַלאָשיצער רבי געפרעגט:

— רבי, ווי אַזוי זאָל מען דאָס פאַרשטיין, אַז מען נעמט אומשולדיקע קינדער און מען ברענגט זיי אום?! — האָט דער רבי, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, געענטפערט:

— אינעם כוח פון בטחון, אינעם כוח פון אמונה וועט דער אייבערשטער העלפן און מען וועט דאָס אַלץ אויסהאַלטן... דאָס זענען סתירות, פאַרבאָרגענע זאַכן, וועלכע מיר קאָנען נישט פאַרשטיין. זייט ייִדן עקזיסטירן, און בעת דעם חורבן ראשון און חורבן שני, איז נאָך קיינמאָל נישט געשען דאָס וואָס קומט פאָר היינט. נישט געווען אַזעלכע מיליאָנען שחיטות, מיט אויסראָטונגען אָן שום אויסוועג... אפשר וועט מען עס אַמאָל פאַרשטיין!...

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אין פלאַשאָוו געקומען די ריי אויף הרב מנשה לעווערטאָווס שווער. מען האָט דעם זאַלאָשיצער רבין צוגעפירט צום עקזעקוציע־בערגל, וווּ מען האָט דערשאָסן ייִדן. ווען מען האָט אים געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט האָט ער געבעטן מען זאָל אים לאָזן זאָגן ווידוי אין דעם טלית־קטן. דער רבי האָט געזאָגט ווידוי הויך אויפן קול. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „הריני כפרות כל ישראל!" — און באַלד האָט ער צוגעגעבן אויף ייִדיש: „כ'זאָל האָבן געווען דער לעצטער קרבן און עס זאָל מער קיין ייִדיש בלוט נישט פאַרגאָסן ווערן"... ער האָט זיך געווענדט צום דייטש סטרויענסקי, וועלכער האָט אויסגעפירט די עקזעקוציע, און אָנווייזנדיק מיט דער האַנט, האָט ער געזאָגט: „נו..."

דער זאַלאָשיצער רבי האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם אויסגעשריי „שמע ישראל ה' אלהינו..." — ווי ער איז אַריינגעפאַלן אין גרוב, וווּ עס זענען געלעגן די ייִדן, וועלכע זענען פאַר אים דערשאָסן געוואָרן. ווען מען האָט שפּעטער געשיקט אַרבעטער פונעם לאַגער צום בערגל מקבר צו זיין די הרוגים, האָט זיך לעווערטאָוו געמאָלדן פרייוויליק און געזען ווי זיין באַרימטער שווער, דער רבי, ליגט אין פאַרבלוטיקטן טלית־קטן...

אין אַ צייט אַרום ווידער, האָט דער פלאַשאָווער קאָמענדאַנט, אַמאָן געט, געוואָלט דערשיסן הרב לעווערטאָוון. געשען איז עס ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן: אין חודש נאָוועמבער, 1943, האָט אַמאָן געט אַרויסגענומען

פונעם פלאַשאָווער לאַגער גרופּן ייִדן און זיי אַוועקגעשיקט אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין מען שיקט די מענטשן. עס זענען אָבער געווען השערות, אַז די אַוועקגעשיקטע גייען אויף טויט. שפּעטער ערשט, נאָך דער באַפרייאונג, האָט מען אַ סך פון די אַוועקגעשיקטע געטראָפן לעבעדיקע. זיי זענען געווען אין סקאַזשיסקער לאַגער, ווי אויך אין אַנדערע לאַגערן. ווען מען האָט די מענטשן צוגענומען פונעם פלאַשאָווער לאַגער, האָט יעדער איינער געציטערט עס זאָל נישט קומען די רייע אויף אים.

הרב לעווערטאָוו האָט צו יענער צייט געאַרבעט אין דער אַזוי־גערופענער מעטאַל־געמיינשאַפט, ווו מען האָט פון אַלטע בלעך־מעטאַלן אויסגעאַרבעט שלעסער, טשוועקעס, טיר־זאַוויעסעס, לאָפּעטעס א״אַ. מען האָט געאַרבעט ביי אַ האַנט־מאַשין. הרב לעווערטאָוו איז גראָד געשטאַנען ביי דער שטאַנצע ווי עס איז פּלוצים אַריינגעקומען אין דער האַלע ווו ער האָט געאַרבעט, אַמאַן געט. אַלע זענען געווען זיכער, אַז ער גרייט זיך פון דאַנען צו נעמען מענטשן צום טראַנספּאָרט. און ווי אויף צולהכעיס איז ער גלייך צוגעגאַנגען צום רב, אַוועקגעשטעלט זיך ביי אים און זיך גוט צוגעקוקט ווי אַזוי ער אַרבעט.

נישט זייענדיק צופרידן פון דעם רבס טאָג־פּראָדוקציע, האָט ער אים אָנגענומען ביים קאָלנער און אַ וואָרף געטון צו די טרעפּלעך, וואָס האָבן געפירט צו דער צווייטער האַלע פונעם באַראַק. דערנאָך האָט געט גאַנץ געלאַסן אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער פון זיין טאַש, צוגעשטעלט די לופע צום רבס קאָפּ און אַ צי געטון ביים ציינגל. דער רעוואָלווער האָט זיך פאַרהאַקט און נישט אויסגעשאָסן. האָט ער נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געצויגן פאַרן ציינגל און ווען דער רעוואָלווער האָט אַלץ נישט געוואָלט אויסשיסן, האָט ער אים אַריינגעלייגט אין טאַש און אַרויסגענומען פון אַ צווייטער טאַש אַ קליינעם, מיט פּערל באַצירטן, רעוואָלווער — אַזאַ אויטאָמאַטל, — אָנגעשטעלט אויפן רבס קאָפּ און אַ צי געטאָן ביים ציינגל. אויך דאָס מאָל האָט דער רעוואָלווער נישט אויסגעשאָסן. צו דער דאָזיקער סצענע האָבן זיך צוגעקוקט אַלע אַרבעטער פונעם באַראַק, וועלכע זענען געשטאַנען אָן אַן אָטעם, אין טויט־שרעק.

אַ צערייצטער, האָט דער תליון אַמאַן געט געגרייט זיך אַרויסצוציען פון הויזן־טאַש אַ דריטן רעוואָלווער (ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך

אייניקע קליינע אויטאָמאַטלעך, מיט הענטלעך באַצירט מיט פּערל). אין דעם מאָמענט האָט הרב לעווערטאָוו אויסגעשריגן:

— היינט האָב איך געאַרבעט ביי קוילן־לאָפּעטעס, דערפאַר האָב איך דאָ אַזוי ווייניק אַרבעט אַרויסגעגעבן...

אַמאָל געט האָט אים אַ ווייל אויפמערקזאַם באַטראַכט, געפרעגט ווו עס זענען די לאָפּעטעס, און דערביי צוריק אַריינגעלייגט דעם רעוואָלווער אין טאַש. דער רב האָט אים אָנגעוויזן דאָס אָרט, ווו עס איז געלעגן אַ גרויסע צאָל אויסגעפּאַרטיקטע קוילן־לאָפּעטעס. געט האָט עס באַטראַכט מיט זיין שאַרף אויג, און מיט די ווערטער: „זיי ווילן כ׳זאָל זיי געבן אומזיסט צו פרעסן", האָט ער אים דערלאַנגט מיט די פויסטן איבערן פּנים אַזוי, אַז דאָס בלוט האָט אַ שפּריץ געטון פונעם רבס מויל, נאָז און אויגן. דערנאָך האָט זיך געט אָפּגעווישט די הענט און איז אַוועק, איבערלאָזנדיק דעם רב אויפן אָרט.

הרב לעווערטאָוו האָט ביי לאָפּעטעס לגמרי נישט געאַרבעט, אָבער גייענדיק אין דער פרי אין באַראַק אַריין, האָט ער באַמערקט ליגן אַ גרויסע צאָל אויסגעאַרבעטע לאָפּעטעס, און גראָד אין דעם מאָמענט ווען זיין גורל האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט, איז אים איינגעפאַלן דער גליקלעכער געדאַנק צו זאָגן, אַז דאָס האָט ער אויסגעפּערטיקט די לאָפּעטעס. און דאָס טאַקע האָט אים געראַטעוועט.

שפּעטער איז הרב לעווערטאָוו, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַרבעטער, אַרויסגעפירט געוואָרן קיין ברינליץ, צו אָסקאַר שינדלערן אין לאַגער אַריין. דאָרט איז ער טאַקע באַפרייט געוואָרן און פון דאָרט איז ער צופוס אַוועק קיין קראָקע. נאָכן אָנקומען אין זיין היימשטאָט — ווו ער איז פאַרן קריג געווען אַ מיטגליד פונעם ראַבינאַט — איז ער געוואָרן קראָקעווער רב און איז געווען צוזאַמען מיט הרב משה שטיינבערג, ביז דער לעצטער האָט פאַר־לאָזט קראָקע. דערנאָך איז ער באַשטימט געוואָרן פאַרן הויפּט־רב פון קראָ־קע. אין יאָר 1949 האָט הרב לעווערטאָוו פאַרלאָזט פוילן. איצט איז ער רב אין ברוקלין, ניו־יאָרק.

יעדער איינער פון די, וואָס האָבן זיך על פּי נס געראַטעוועט און וועל־כע איך האָב באַגעגנט אין קראָקע, האָט זיך געהאַט זיין אייגענע געשיכטע, וואָס איינע שטייגט איבער מיט איר גרויזאַמקייט די אַנדערע.

יאַנאַס טורקאָוו

**
*

אין די ערשטע טעג מאַי, 1945, האַלב נאָך זיבן אין דער פרי, האָט מיך אין מיין וווינונג אין וואַרשע־פּראַגע, יאַגעליאָנסקאַ 32, אינעם אַזוי גערו־פענעם „סאָוויעטסקי גאָראָדאָק״, אויפגעוועקט אַ שליח און געבעטן תיכף אַריבערצוקומען אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן. איך בין צו יענער צייט געווען דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פונעם צענט־ראַל־קאָמיטעט. היות דער ענין, ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן דער שליח, איז געווען אַ דרינגנדיקער, האָב איך זיך שנעל אָנגעטאָן און כמעט אַ נישט־געוואַשענער בין איך אַוועקגעלאָפן אין צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס איז געווען אַ פּאָר טריט פונעם הויז, וווּ איך האָב געוווינט. דאָרט האָט געוואַרט אויף מיר דער פאָרזיצער פונעם קראָקעווער קאָמיטעט, ד״ר קופּערבערג, און ער האָט מיר איבערגעגעבן פאָלגנדיקס:

— פון אַ זיכערער קוועלע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויף יום־טוב שבועות גרייט זיך אַ פּאָגראָם אויף די יידן אין קראָקע. ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן מיין אינפאָרמאַטאָר, דאַרף דער פּאָגראָם אויסברעכן שבועות, ווען די יידן גייען אין שול אַריין. איר מוזט שוין זען עפּעס צו טון, כדי אויס־צומיידן די בלוטיקע געשעענישן.

איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען ער האָט געקריגן די דאָזיקע אינ־פאָרמאַציע. ער האָט מיר אָבער בשום אופן נישט געוואָלט זאָגן, ווייל ער האָט געגעבן אַן ערן־וואָרט דעם מענטשן, וואָס האָט אים דאָס איבערגעגעבן.

— טאָ ווי קאָן איך גיין אינטערווענירן וועגן אַן ענין, וואָס עס איז אוממעגלעך צו באַווייזן?...

— איך פאַרזיכער אייך, ה׳ טורקאָוו, אַז איך האָב עס געהערט פון אַ מענטשן, וואָס איז גוט אינפאָרמירט אין די אָרטיקע ענינים. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיך נישט דערוועגן אָנצוגעבן זיין נאָמען. ער האָט מיר אויך געראטן נישט צו ווענדן זיך וועגן דעם צו דער קראָקעווער אָרטי־קער מאַכט, נאָר תיכף נעמען אַן אַעראָפּלאַן, פליִען קיין וואַרשע און זען, אַז פון דאָרט זאָל מען אָננעמען די געהעריקע פאָרזיכט־מיטלען — אויב מיר ווילן אויסמיידן אַ שחיטה.

נאָכדעם ווי איך האָב ד״ר קופּערבערגן געגעבן מיין ערן־וואָרט, אַז

איך וועל אויף יעדן פאַל נישט פאַרראַטן זיין אינפאָרמאַטאָר, האָט ער מיר איבערגעגעבן דעם נאָמען און אַמט, וועלכן דער אינפאָרמאַטאָר האָט דאָרט פאַרנומען. הערנדיק פון וועמען ער האָט די וואָרענונג באַקומען, האָב איך שוין נישט געהאַט קיין שום ספקות וועגן דער ריכטיקייט פון דער אינ־פאָרמאַציע.

איך גיב דאָ נישט איבער זיין נאָמען, ווייל דאָס וואָלט אים געקאָנט שאַדן ברענגען דאָרט ווו ער איז איצט.

היות ס׳איז שוין געווען די צייט ווען עס הייבן זיך אָן צו עפענען אַלע אַמטן, בין איך גלייך אַוועק צום זיכערהייט־מיניסטער ראַדקעוויטש און אים גראָד געטראָפן אויף די טרעפּ, אַראָפּגייענדיק צום אויטאָ, וואָס האָט גע־וואַרט אויף אים פאַרן טויער.

— הער מיניסטער — האָב איך אים אָפּגעשטעלט — דאָ האַנדלט זיך וועגן זייער אַן ערנסטן ענין. איך בעט מיר צו שענקען אַ פּאָר מינוט צייט.

— איך מוז שוין פאָרן קיין לאָדזש. זייט אַזוי גוט און קומט צו מיר אַן אַנדערש מאָל. איך האָף צו זיין צוריק מאָרגן.

— מאָרגן קאָן שוין זיין צו שפּעט. — האָב איך אים נישט אָפּגעלאָזט.

— דאָ האַנדלט זיך וועגן לעבן פון אַ גאַנצער קהילה.

דער מיניסטער האָט מיך געהייסן זיך ווענדן צו זיין פאַרטרעטער, פּולקאָווניק מיעטקאָווסקי און אים איבערגעבן אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— הער מיניסטער, דאָס איז אַן ענין, וועלכן נאָר איר אַליין קאָנט דערליידיקן. דאָ מוז געהערט ווערן אייער וואָרט.

— נו, גוט, קומט אַרויף מיט מיר.

איך בין אַריין מיטן מיניסטער אין זיין קאַבינעט און אים איבערגעגעבן מיין געשפּרעך מיטן ד״ר קופּערבערג.

— פון וואַנען האָב איך די זיכערקייט, אַז דאָס איז נישט קיין אויס־געטראַכטע מעשה?

— ליידער איז עס אמת. מען ווייסט עס פון אַ זיכערער קוועלע.

— פון וועמען?

— דאָס קאָן איך אייך נישט איבערגעבן, וואָרים איך בין געבונדן מיט אַן ערן־וואָרט. איך קאָן אייך נאָר פאַרזיכערן, ה׳ מיניסטער, אַז די פּערזאָן האָט אַ הונדערט פּראָצענטיקע ריכטיקע אינפאָרמאַציע. און אויב אַפילו

דער פּאָגראָם אין קראָקע זאָל נישט פאַרקומען, אָבער עס איז נאָר דאָ דער מינדסטער חשד, אַז מען גרייט זיך דאָרט צו מאַכן אַ פּאָגראָם, איז שוין כדאַי אָנצונעמען פאַרזיכטמיטלען, אַז אַזאַ זאַך זאָל נישט פּאַסירן.

דער מיניסטער האָט זיך געווענדט צו זיין פאַרטרעטער און אים גע־הייסן תיכף, אין זיין נאָמען, געבן אַ טעלעפאָנאָגראַם צו דער וואָיעוואָדישער „אובע״ (זיכערהייט־אַמט) אין קראָקע, מען זאָל אָננעמען אַלע נייטיקע פאַר־זיכטמיטלען נישט צו דערלאָזן צו וועלכע עס איז אַנטי־ייִדישע אַרויסטרע־טונגען. די שולן און אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס זאָלן אין משך פון די יום־טוב טעג שטאַרק באַוואַכט ווערן. ער האָט אויך געהייסן די זעלביקע פאַראָר־דענונג איבערשיקן אין אַלע אַנדערע וואָיעוואָדישע שטעט, מען זאָל אָננעמען פאַרזיכטמיטלען אומעטום, ווו עס זענען קאָנצענטרירט ייִדן.

ד״ר קופּערבערג איז נאָך דעם זעלביקן טאָג צוריקגעפאָרן קיין קראָקע. נאָך ראַדקעוויטשעס פאַראָרדענונג האָט מען טאַקע אין אַלע וואָיעוודזטוועס פאַרשטאַרקט אויף יום־טוב די זיכערקייט, און אין די גרעסערע שטעט ווי קראָקע, לאָדזש, קעלץ, ראַדאָם, טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק, קאַטאָוויץ, אַרויסגעפאָדערט אויך מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען. אַזוי אַרום איז אויס־געמיטן געוואָרן בלוט־פאַרגיסונג. די רו אין קראָקע האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן.

שבת, דעם 11טן אויגוסט, 1945, איז אין קראָקע אויסגעבראָכן אַ פּאָ־גראָם אויף ייִדן. ווען די שול אויף מיאָדאָווע גאַס 26 איז געווען איבערגע־פולט מיט ייִדן, וועלכע זענען געקומען צום שבתדיקן דאַווענען, האָבן זיך פאַרן טויער פון דער שול אָנגעהויבן צו פאַרזאַמלען גרופּקעס כוליגאַנעס און פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז ייִדן האָבן דערהרגעט קריסטלעכע קינדער. און ווידער האָט ווי אַ העק־מיטל געדינט די אַלט־באַקאַנטע עלילת־דם גע־שיכטע...

דער המון פּאָליאַקן האָט זיך אַריינגעריסן אין שול אַריין, אָנגעהויבן זי צו דעמאָלירן און באַוואַרפן די ייִדן מיט שטיינער. די ספרי תורות האָבן זיי צעריסן, אַרויסגעשלעפּט אויפן הויף און געמאַכט פון זיי אַן אויטאָ־דאַ־פע. די שול גופא האָבן זיי אונטערגעצונדן פון אינעווייניק. אין דער זעלביקער צייט האָט אַ צעיושעטער המון כוליגאַנעס זיך געוואָרפן אויף די פאַרביי־גייענדיקע ייִדן און זיי מערדערלעך געשלאָגן. זיי זענען אויך אָנגעפאַלן אויף

ייִדישע וווינונגען און אינסטיטוציעס, שלאָגנדיק און רויבנדיק אַלץ וואָס עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט. אַפילו ייִדן אין מונדירן פון פּוילישן מיליטער זענען באַפאַלן געוואָרן. אויך זיי האָט מען נישט געשוינט.

געווען אַ פאַל, ווען כוליגאַנעס האָבן אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר, ווו עס האָבן געוווינט ייִדן. היות קיינער האָט נישט געענטפערט אויפן שטאַרקן קלאַפּן, איז פּלוצים שטיל געוואָרן. נאָך אַ ווײַלע איז אַ ייִדישע פרוי, וואָס האָט זיך געפונען אין דער דירה, צוגעגאַנגען צו דער טיר, זיך אַראָפּגעבויגן און דורכן שליסל־לאָך פון טיר אַרויסגעקוקט צו זען צי די באַנדיטן זענען שוין אַוועק. אין דעם זעלביקן מאָמענט האָט איר אַ קויל געטראָפן אין אויג און זי איז אַוועקגעפאַלן טויט אויפן אָרט. בײַ דער שטאָטישער עלעקטרישער סטאַציע האָבן כוליגאַנעס צעפּלעט דעם קאָפּ פון אַ פאַרבײַגייענדיקער עלטערער ייִדישער פרוי.

די אַדרעסן פון ייִדישע וווינונגען, אַפילו פון די ייִדן, וואָס האָבן גע־לעבט אונטער קריסטלעכע נעמען, האָבן די כוליגאַנעס געהאַט אויף אַ ספּע־ציעל־צוגעגרייטער רשימה, וואָס זיי האָבן געטראָגן מיט זיך.

בעת די אַרויסגערופענע אָפּטיילונגען פון פּוילישן מיליטער און שטאָט־מיליץ האָבן געוואָלט אײַנשטילן דעם צעווילדעוועטן המון, האָט מען אויף זיי אָנגעהויבן צו שיסן פון די פענצטער פון פאַרשידענע הײַזער. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאָרמעלע שלאַכט. עס זענען געווען פיל ייִדישע קרבנות: טויטע און פאַרוווּנדעטע. ווען דיק ראַטעווען דעם הויפּט־רב פון קראָקע — לעווער־טאָוו, האָט מען אים אַוועקגעפירט אין דער קריסטלעכער געגנט און אים דאָרט אויסבאַהאַלטן.

ערשט מאָנטיק האָבן זיך באַוויזן אויף די קראָקעווער גאַסן אָפּטיילונ־גען פון רוסישן מיליטער, וואָס האָבן גלײַך אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם אויף ייִדן. עס מוז פעסטגעשטעלט ווערן, אַז די סאָוועטישע אָפּטיילונגען, וועלכע זענען אַרויס אין גאַס אַ סוף צו מאַכן צו די פּאָגראָמען, זענען באַשטאַנען לרוב פון ייִדן. זיי האָבן געקעמפט מיט מסירת נפש און לסוף אײַנגעשטילט די כוליגאַנעס.

אַ פּויליש ייִנגל — אַ צײַטונגס־פאַרקויפער — סטאַניסלאַוו ניאַק, האָט בעת דער אויספאָרשונג דערציילט, אַז אַ פּוילישער אָפיציר האָט אים גע־הייסן אַרײַנגיין אין דער סינאַגאָגע און באַלד פון דאָרט אַרויסלויפן מיט אַ

געוואַלד: „ראַטעוועט! יידן האָבן מיך געוואָלט שעכטן!"... דער פּוילישער מיליטערמאַן האָט אים אויך געהייסן שרייען, אַז ער האָט געזען אין דער סינאַגאָגע אַ דערמאָרדעט קריסטלעך יינגל...

אַ צווייט בילדל, וואָס כאַראַקטעריזירט די באַציִונג פון דער קראָקעווער מיליץ אין די טעג פונעם פּאָגראָם: די יידישע פרוי ס. מאַלעטניק, וואָס איז דורכן צעווילדעוועטן המון בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן, האָט זיך געווענדט נאָך הילף צו דעם באַוואָפנטן מיליציאָנער טשעסלאַוו הינק. אָנשטאָט זי צו באַשיצן, האָט דער מיליציאָנער דערלאַנגט איר צוויי מאָל מיט דער קאָלבע פון זיין ביקס. דערנאָך האָט ער זי אָנגעכאַפּט און מיט די ווערטער: „טי פּאַרשיוואַ זשידאָוויצאַ" (דו פּאַרכוואַטע יידישקע), „טי קורוואַ"... „דו האָסט דערהרגעט צוויי קריסטלעכע קינדער"... און ער האָט זי אָפּגעפירט אין דער מיליץ אַריין.

אין די אָנפאַלן אויף יידן האָבן זיך באַטייליקט: דער פּוילישער אָפיציר פון „אובע" (זיכערהייט־אַמט) אַלעקסאַנדער שטשעפּאַנסקי און טאָמאַש סענ־קאָווסקי, ווי אויך אַ סאָוועטיש־רוסישער קאַפּיטאַן פון דער 17טער געפּאַנ־צערטער דיוויזיע, וואָס האָט סטאַנציאָנירט אין קראָקע — מיכאַיל שווייקין. מיט אַ צייט שפּעטער האָבן די דאָזיקע דריי אָפיצירן צעשלאָגן און באַרויבט די יידן שלום רעכעס, עהרענפרוינד און פרענקעל. ערשט דעמאָלט האָט מען זיי געכאַפּט און אַרעסטירט.

ווי עס איז צו זען פון די אויבנדערמאָנטע געשעענישן, איז דער קראָ־קעווער פּאָגראָם געווען גוט צוגעגרייט, און אַלץ איז געווען פון פריִער אויס־געאַרבעט לויט אַ גענויעם פּלאַן. דאָס וואָס איז מיט אַ צייט צוריק פּאַרהיט געוואָרן, איז נישט אויסגעמיטן געוואָרן שפּעטער, אַ דאַנק דעם, וואָס אין דער דאָזיקער פּאָגראָם־אַרבעט זענען געווען פּאַרמישט אויך מיליטערלייט און מיליציאָנערן. זיי האָבן דאָס טאַקע פון די פענצטער באַשאָסן זייערע איי־גענע קאָלעגן, וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן איינצושטילן די כוליגאַ־נעס, אַ חוץ זייער דירעקטן אָנטייל אין דער שחיטה.

עס איז נאָר אַ פראַגע פּאַרוואָס האָט דער סאָוועטישער שטאָט־קאָמענ־דאַנט נישט אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם באַלד אויפן אָרט, נאָר געוואַרט דריי טעג...

דער ענטפער, וואָס מען האָט פון אים באַקומען איז געווען: „מיר מישן

זיך נישט אין די אינערלעכע ענינים פון פוילן. אָבער ווען די פוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געבעטן אונדזער הילף, זענען מיר גלייך געקומען...״ דאָס איז געשען ערשט מאָנטיק, אויפן דריטן טאָג פונעם פּאָגראָם.

עס זענען, פאַרשטייט זיך, איינגעאָרדנט געוואָרן גרויסע מאַסן־פּאַרזאַמלונגען, מען האָט צונויפגערופן מיטינגען, מען האָט אָנגענומען שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָלוציעס, מען האָט פּראָטעסטירט (מעגלעך — די זעלביקע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די פּאָגראָמען), מען האָט אַרויסגעלאָזט אויפרופן צו דער באַפעלקערונג קעגן די כוליגאַנעס; עס זענען אָנגעקומען מאַסן מיט־לייד־טעלעגראַמעס (אויך — פון קעלץ, ווו ס׳איז שפּעטער אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך אַ גרעסערער פּאָגראָם ווי אין קראָקע) און... מיט דעם האָט עס זיך געענדיקט. די טויטע ייִדן האָט מען שוין צום לעבן נישט צוריקגעבראַכט. און די לעבעדיקע זענען ווייטער געווען אין אַ גרויסער סכנה.

אַ קורצע צייט נאָכן פּאָגראָם, איז אין אַ ייִדיש הויז אין קראָקע פּאָרגעקומען אַ שטיקל שמחה. צווישן די געסט זענען געווען אויך אייניקע ייִדישע אָפיצירן פון דער סאָוועטישער אַרמיי. איינער פון זיי, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו טרינקען און איז שוין געווען שטאַרק בגילופין, האָט זיך פאַרענטפערט בזה הלשון: „זינט איך בין אַריין צו דער חברה, האָב איך זיך געמוזט נעמען צום ביטערן טראָפּן. אָנגעהויבן צו טרינקען בראָנפן ווי וואַסער... און ווייסט איר ווער איך בין? איך שטאַם פון אַ גרויסן רבישן יחוס... כ׳בין אַן אייניקל פונעם גרויסן רבין אין רוסלאַנד״. ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פונעם רבין. כ׳גיב אָבער נישט אָן זיין נאָמען, ווייל דאָס וואָלט אפשר געקאָנט ברענגען אומגליק דעם אָפיציר, דאָרט, ווו ער געפינט זיך איצט.

דער דאָזיקער אָפיציר איז טאַקע געווען איינער פון די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די רוסישע סאָלדאַטן בעת זיי האָבן געקעמפט קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס.

## קאַפּיטל צען

# מיט „וואָדקאַ" קאָן מען אַלץ דורכפירן

פאַרן פאַרלאָזן קראָקע האָב איך באַשלאָסן צו ענדערן מיין באַשלוס: אַנשטאָט קיין לובלין — צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. איך האָב דערפאַר געמוזט פריִער דערליידיקן אייניקע פאָרמאַליטעטן, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער רייזע.

אין דער רוסישער קאָמענדאַנטור, וווהין איך בין געגאַנגען נאָך דער דערלויבעניש, האָט מיר אַ ייִדישער אָפיציר פון דער סאָוועטישער אַרמיי, מיט וועלכן איך האָב זיך באַקענט בעת מיין אויפהאַלטן זיך אין קראָקע, געראָטן איבערצוּוואַרטן אַ פּאָר טעג, ביז מען וועט איינשטעלן די באַן־פאַרבינדונג מיט טשענסטאָכאָוו. די וועגן, זאָגט ער, זענען דערווייל נישט זיכער. מען האָט נישט קיין גוטע גרוסן. מען באַפאַלט אויפן וועג רייזנדיקע, מען באַרויבט זיי, און טיילמאָל — פאַרלירט מען דערביי דאָס לעבן אויך. איז דען כדאַי צו ריזיקירן? — פרעגט ער.

קיין קראָקע איז צו דער זעלביקער צייט, וואָס איך בין דאָרט געווען, געקומען אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן — ס. פישגרונד (הענריק), אַגב — אַ קראָקעווער, וועלכער איז דעלעגירט געוואָרן צו רעאָרגאַניזירן דעם קראָקעווער ייִדישן קאָמיטעט. ער האָט מיר געבראַכט אַ גרעסערע סומע געלט און דעם באַשלוס פונעם צ״ק וועגן מיין נסיעה קיין טשענסטאָכאָוו, ווו איך דאַרף דאָס געלט איבערגעבן דעם דאָרטיקן קאָמיטעט. איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן די דאָזיקע גוטע געלעגנהייט.

געזעגנט זיך מיט מיינע פריינט אין קראָקע, בין איך אַרויס צום שאָסיי־טראַקט, וואָס פירט אין דער ריכטונג צו טשענסטאָכאָוו און זיך אָוועקגעשטעלט וואַרטן אויף אַ פאַרבייפאָרנדיקער מיליטערישער מאַשין. קיין פּריוואַטע אויטאָס זענען אין יענע טעג נאָך נישט געפאָרן. מען האָט נאָר געזען מיליטערישע לאַסט־אויטאָס און ס׳איז געווען אָפּהענגיק פונעם גוטן ווילן פונעם שאָפער ער זאָל אויפנעמען אַ פּאַסאַזשיר.

היות מען האָט מיך אין קראָקע געוואָרנט איך זאָל זיין פאָרזיכטיק מיטן געלט, וואָס כ׳האָב מיט זיך געהאַט, האָב איך די גאַנצע גרויסע סומע אַריינגעשטופּט אין די אַלטע געלאַטעטע שיך, וואָס כ׳האָב נאָך דעמאָלט געטראָגן. איך האָב מיר נאָר איבערגעלאָזט אַ ביסל געלט אויף הוצאות. איך האָב דאָס געלט באַהאַלטן אין די שיך מיט אַ כוונה, ווייל זייענדיק צוגעגרייט אויף אַלץ, האָב איך דערביי געטראַכט, אַז אין אַזעלכע צעריסענע שיך וועט קיינעם נישט איינפאַלן צו זוכן. אין ערגסטן פאַל — אויב איך וועל זען אַז עס דראָט מיר אַ סכנה, וועל איך אָוועקגעבן דאָס ביסל געלט, וואָס כ׳האָב צוגעגרייט אויף הוצאות.

הפּנים, אַז אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין אויף אַזאַ מין אופן ווי איך, האָבן געהאַנדלט פּראַקטישער (איך בין געווען דער איינציקער ייִד). זיי האָבן קיין געלט בכלל נישט פאַרגעלייגט די שאָפערן, נאָר וואָדקאַ (שנאַפּס). דאָס איז געווען אין יענע צייטן דער בעסטער „פּראָ־פּוסק״ (רייזע־דערלויבעניש). האָבנדיק מיט זיך שנאַפּס, האָט מען שוין ניט געדאַרפט האָבן קיין שום פּאַפּירן, ווארום דאָס מאַגנעטישע וואָרט „וואָדקאַ״ האָט געעפנט אַלע וועגן... איבעריקנס, האָט אַ שאָפער נישט געמוזט אויפנעמען קיין ציווילן פּאַסאַזשיר, ווען ער זאָל אַפילו האָבן די בעסטע רייזע־דערלויבעניש, מיט די אומצאָליקע קיילעכדיקע סטעמפּלען, אָדער, ווי זיי האָבן עס דעמאָלט גערופן אויף רוסיש „קרוגלאַיאַ פּעטשאַט״.

האָב איך טאַקע בייגעוווינט בעת דער דאָזיקער נסיעה סצענעס, וואָס ווען איך וואָלט זיי אַליין נישט געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, וואָלט איך קיינמאָל אין דעם נישט געגלויבט. אָט שטעלט אָפּ אויפן וועג אַ ציוויל־געקליידעטער מענטש אַ סאָוועטישע מאַשין, נעמט אַרויס מיט אַ וואַזשנער מינע אַ גאַנצן פּאַק דאָקומענטן און ווייזט זיי דעם מיליטערישן שאָפער (איך וויל דאָ באַמערקן אַז אַ פּוילישע מיליטערישע מאַשין האָט מען צו יענער צייט געזען זייער זעלטן). יענער קוקט אַפילו נישט אויף די דאָקומענטן, וואָס זענען פאַרזען מיט אַ ריי „קרוגליאַ פּעטשאַטס״, און ער ענטפערט: נישטאָ קיין אָרט. דער פּאַסאַזשיר הייבט זיך אָן צו קאָכן, אַז ער איז דער און דער און אַז ער וועט עס נישט פאַרשווייגן, אַז ער וועט נאָך היינט זיין ביים שטאָ־טישן קאָמענדאַנט און — — — דער שאָפער ענטפערט אים גאַנץ קאַלט: קוש מיר אין...״ און ער פאָרט אַוועק.

אין משך פון דער צייט האָט זיך שוין פאַרזאַמלט אַ נישקשהדיקע גרופּע מענטשן, וואָס יעדער איינער פון זיי וואַרט אויף אַ מעגלעכקייט צו פאָרן. איינער פון דער גרופּע רופט זיך אָפּ שעלמיש:

— מען זעט באַלד, אַז איר האָט נישט קיין ייִדיש קעפּעלע... איר מעגט זיך זיין אַ מיניסטער און האָבן אַ פּאַפּיר אַפילו פונעם פּאָטערל סטאַלין — אויב איר האָט נישט קיין „וואָדקאַ", מעגט איר פאַרגעסן וועגן פאָרן...

ס'איז מיר געוואָרן אַ ביסל אומהיימלעך פון דער שיינער פּערספּעקטיוו... איך האָב נישט געהאַט קיין „וואָדקאַ" מיט זיך, טאַ ווי אַזוי וועט קומען די פיש איבערן וואַסער?! איך האָב געטראָגן אויפן קאָפּ מיין באַן־היטל, איז וועלכן איך האָב מיך געראַטעוועט פון די דייטשן, געטראָגן נאָך די לאַנגע וואָנצעס, אַזוי, אַז קיינער האָט מיך נישט אָנגענומען פאַר קיין ייִד. בין איך אין דעם פּרט געווען זיכער. ס'איז מיר אָבער אויסגעקומען צו הערן אָן אַ שיעור געשמאַקלאָזע וויצן אויפן חשבון פון ייִדן, און זייענדיק ווייט פון שטאָט, אויף אַ פּוסטן וועג, איז געווען אַפילו אַ סכנה עפּעס צו זאָגן און אָנצונעמען זיך פאַרן ייִדישן כבוד, סיידן — — —

דער פּאַסאַזשיר מיט דער וואַזשנער מינע — מסתמא אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי, האָט זיך אָבער נישט אויפגעהערט צו קאָכן:

— מיט מיר — האָט ער געשריִען — וועט עס אַזוי נישט גיין. איך וועל קיין כאַבאַר נישט געבן.

— וועט איר, פּאַניע לעבן, נישט פאָרן — האָט דער וויצלער צוגע־וואָרפן...

דערווייל איז אָנגעקומען אַ צווייטע מאַשין. אַלע האָבן זיך געריסן צום שאָפער. ער האָט געהאַט איין פרייען פּלאַץ נעבן זיך. דער ערשטער איז צו אים צוגעלאָפן דער וויכטיקער פאַרשוין און געוויזן דעם רוסישן שאָפער זיינע וויכטיקע — ווי ער האָט געמיינט — דאָקומענטן. פון דערווייטנס האָט אָבער דער וויצלער געוויזן דעם שאָפער אַ פלעשל בראָנפן. דער שאָפער האָט אַפילו נישט אַריינגעקוקט אין די דאָקומענטן פון דעם „וויכטיקן" מענטש, נאָר צוגערופן דעם פּאַסאַזשיר־וויצלער מיטן פלעשל בראָנפן און געהייסן זיך אים אַוועקזעצן נעבן זיך...

איידער די מאַשין האָט נאָך גערירט, האָט דער מאַן מיט די „וואַזשנע דאָקומענטן" זעענדיק אַז עס איז שלעכט, צוגעוואָרפן דעם שאָפער:

— איך וויל אייך באַצאָלן וויפל איר ווילט נאָר אַליין, אָבער נעמט מיך מיט.

דער שאָפער האָט זיך אויף אים אַפילו נישט אומגעקוקט. די מאַשין איז אָפּגעפאָרן. דער ווילצלער־פּאַסאַזשיר האָט זיך ברייט צעזעצט אין דער בודקע און אונדז צוגעוואָרפן אַ שעלמישן שמייכל...

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן מיר, די איבערגעבליבענע, באַשלאָסן צו קויפן שנאַפּס, ווייל מיר האָבן געזען אַז אַנדערש וועלן מיר שוין פון קראָקע נישט אַרויספאָרן. ווו באַקומט מען אָבער דעם שנאַפּס? — פרעגט איינערביים צווייטן, און מען מאַכט השיבנו נאַזאַד. אָנשטאָט צו פאָרן — זענען מיר צוריקגעגאַנגען אין שטאָט זוכן שנאַפּס...

און אַזוי זוכנדיק זענען מיר צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין און יעדער האָט זיך אויף זיין אייגענער האַנט געלאָזט אין געיעג נאָך שנאַפּס. ווען איך האָב איינעם פון מיינע באַקאַנטע דערציילט די געשיכטע, האָט ער זיך צע־לאַכט און געזאָגט:

— און איר האָט נישט געוווּסט, אַז „וואָדקאַ" עפנט פאַר אייך אַלע וועגן?!

ניין, איך האָב עס נישט געוווּסט. איך האָב נישט געוווּסט ווו מען קאָן עס קויפן. איך האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי מען קאָן גאָר פאַרלייגן אַזאַ זאַך אַ מיליטערמאַן. מיט איין וואָרט: מען דאַרף זיך פאַרזאָרגן מיט אַ פלעשל שנאַפּס...

נאָך לאַנגע זוכענישן, האָט מען, פאַר אַ גאַנץ שיינער סומע געלט, גע־בראַכט דאָס מאַגנעטישע פלעשל. איך האָב זיך ווידער געלאָזט הינטער דער שטאָט און ווידער געוואַרט אויף אַ פאַרבייפאָרנדיקער מאַשין, וואָס גייט קיין טשענסטאָכאָוו. דאָס פלעשל, וואָס איך האָב געוויזן דעם ערשטן אָנקומענ־דיקן שאָפער, האָט טאַקע גלייך געהאָלפן און איך בין מיט מזל אַוועקגעפאָרן פון קראָקע. מיין גליק האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אָפּפאָרנדיק אַ געוויסע שטרעקע, פרעג איך מיין שאָפער, וועלכער האָט שוין געהאַט אויס־געזופּט דאָס פלעשל, וואָס כ'האָב אים געגעבן, ווען מיר וועלן אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו.

— איך וועל אייך צופירן צו אַ קרייץ־וועג — זאָגט ער קאַלט — און פון דאָרט וועט איר נעמען אַ צווייטע מאַשין, וואָס וועט אייך פירן קיין טשענסטאָכאָוו...

ער פאָרט גאָר קיין מיעכאָוו... וועל איך דאָך דעם נייעם שאָפער ווידער מוזן געבן אַ פלעשל שנאַפּס. ווו וועל איך דאָס קריגן אין דער פרעמד, אויף אַ קרייץ־וועג?! — האָב איך מיר געטראַכט: איידער צו בלייבן שטעקן ערגעץ אויף אַ קרייץ־וועג, וועל איך שוין בעסער פאָרן מיט אים קיין מיעכאָוו. דאָרט, האָב איך געהאָפט, וועל איך גיכער באַוויזן עפּעס אויפצוטון.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין מיעכאָוו, האָב איך באַמערקט אויפן מאַרק־פּלאַץ, ווו די אויטאָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט, צוויי מענטשן, וואָס האָבן מיר אויסגעוויזן צו זיין ייִדן. איך בין צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט: „עמך?״ זיי האָבן מיך באַטראַכט מיט חשד און נישט געגלויבט אַז איך בין אַ ייִד. ערשט ווען איך האָב זיי געזאָגט מיין ריכטיקן נאָמען (אין די דאָקו־מענטן האָב איך נאָך אַלץ געהייסן טאַטאַרקעוויטש), האָבן זיי זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר און דורכויס געוואָלט איך זאָל ביי זיי פאַרבלייבן איבער דער נאַכט; זיי וועלן צונויפרופן — האָבן זיי געזאָגט — די פּאָר ייִדן, וואָס געפינען זיך אין מיעכאָוו און מען וועט פאַרברענגען אַ פּאָר שעה צוזאַמען. איך האָב אָבער געדענקט, אַז איך האָב איצט פאַר זיך איין ציל: טשענסטאָ־כאָוו, און איין אויפגאַבע: גליקלעך צו קומען אַהין מיטן געלט, וואָס כ׳האָב געפירט מיט זיך. האָב איך נישט געטאָרט ריזיקירן צו בלייבן איבער נאַכט אין מיעכאָוו, ווייל, ווי זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, איז דאָרט די לאַגע פון די ייִדן געווען נישט זייער קיין זיכערע...

איך האָב געבעטן מיינע נייע באַקאַנטע צו באַזאָרגן מיר אַ פלאַש בראָנפן. אָנשטאָט בראָנפן האָבן זיי מיר געבראַכט „בימבער״ (היימיש גע־מאַכטער בראָנפן). זעענדיק מיין גרויסע אַנטוישונג, האָט איינער פון זיי צוגעוואָרפן:

— מיר האָבן געוואָלט ברענגען אָדעקאָלאָן, אָבער ס׳איז שוין אַלץ געווען פאַרקויפט. ס׳איז איצט אַן אויסכאַפּעניש אויף אָדעקאָלאָן. האָבן מיר געבראַכט בימבער. די חברה טרינקען אָדעקאָלאָן פונקט ווי וואַסער, אַבי ס׳פאַרמאָגט נאָר אַ ביסל אַלקאָהאָל, זענען זיי זיך שוין דערמיט מחיה...

ווען די באַקאַנטע האָבן מיך צוגעפירט צו אַ לאַסט־אויטאָ, האָט דער שאָפער געפרעגט:

— וואָדקאַ יעסט? (שנאַפּס איז דאָ?).

האָט איינער פון מיינע באַגלייטער געענטפערט:

— כאָראָשי סאַמאַגאָן (אין רוסיש האָבן זיי דעם בימבער גערופן סאַ־מאַגאָן).

מיינע נייע מיעכאָווער באַקאַנטע האָבן מיך צוגערעדט איך זאָל אויף יעדן פאַל באַלד קויפן צוויי פלעשלעך. איך האָב אָבער מורא געהאַט, אַז דאָס וועט קאָמפּליצירן מיין נסיעה. שפּעטער האָב איך באַדויערט וואָס איך האָב זיי נישט געפאָלגט. מיין שאָפער, וועלכער איז שוין פאַרן אויסטרינקען מיין פלעשל שנאַפּס געווען גוט ביגלופין, האָט זיך באַקלאָגט פאַר מיר אויף דער ביטערער דאָליע זיינע: ווייט פון דער היים, ווייט פון זיין ווייבל, — און בינו לבינו, גיט ער מיך אַ פרעג:

— אפשר האָסטו נאָך אַ פלעשל?

איך האָב אים געענטפערט, אַז לײדער האָב איך נישט מיט זיך, אָבער אין טשענסטאָכאָוו וועל איך אים זיכער קויפן.

— וואָס? דו פאָרסט קיין טשענסטאָכאָוו? — האָט ער אַ פאַרווונדערטער אויסגעשריִען און צוגעוואָרפן דעם באַקאַנטן „... אין דיין מאַמען אַריין". איך וועל דיך מוזן אַראָפּלאָזן אויפן קרייץ־וועג, ווייל איך פאָר נישט קיין טשענ־סטאָכאָוו. דאָרט, ברודערל, וועסטו נעמען אַ צווייטע מאַשין...

הגם איך בין נישט געווען קיין שרעקעוודיקער, בפרט נאָך „היטלערס לעקציע", — איז מיר געוואָרן גוט קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. דערווייל הייבט שוין אָן צוביסלעך צופאַלן די נאַכט און — איך וועל ווידער זיין אויף אַ פרעמדן פוסטן פלאַץ, מיט אַ גרויסער סומע געלט אין מיינע שיך... איך האָב זיך אָבער אויסגעלערנט צו זיין געדולדיק. אויך דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן: וועלן מיר דאָרט זען וואָס ווייטער צו טון.

מיין שאָפער איז אָבער כסדר געווען אומגעדולדיק. געמאַכט פאַרשי־דענע באַמערקונגען, ביז ער האָט פלוצים אָפּגעשטעלט די מאַשין, עפּעס גע־מורמלט אונטער דער נאָז און צוגעגאַנגען צום בענזין־רעזערוואַר און דאָרט אַריינגעקוקט. איך האָב מיר געטראַכט: ער וויל אַוודאי וויסן צי עס וועט אים קלעקן בענזין. נאָך דאָס האָט געפעלט, מיר זאָלן נאָר נישט דאַרפן אי־בערנעכטיקן דאָ, אויפן פעלד — עס איז גראַד געווען אַ שרעקלעכער פראָסט... אָבער מיין בגילופנדיקער שאָפער האָט מיך גלייך אַרויסגעפירט פונעם טעות: ער האָט אַרויסגעצאַפּט אַ ביסל בענזין און מיט איין זויף עס אַריינ־געגאָסן אין זיין האַלדז אַריין... ער האָט זיך דערביי פאַרקרימט, אַ שפּיי

געטון, און מיט דעם זאַפטיקן רוסישן „...אין דיין מאַמען אַריין״, געלאָזט די מאַשין אין פולן גאַנג.

ווי אַזוי מיר זענען דערפאָרן צום קרייץ־וועג, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז עס איז געווען איין גרויסער נס, וואָס מיר זענען בכלל אַהין אָנגעקומען לעבעדיקע, וואָרים די מאַשין האָט זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן און עס האָט זיך מיר כסדר אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט וועלן מיר ביידע ליגן אונטער דער מאַשין. נישט געקוקט אויף דער גרויסער סכנה זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט נישט באַשעדיקט. עס איז שוין געווען גוט פינצטער. אָבער די רעפלעקטאָרן פון די אויטאָס האָבן באַלויכטן די געגנט. אַ לאַנגע שנור פון מיליטערישע מאַשינען זענען געשטאַנען ווי אויסגעשטעלט צו אַ פּאַראַד, אין צוויי קעגנגעזעצטע רייעס. אַ סאָוועטישער אָפיציר מיט אַ בויגן פּאַפּיר און אַ בלייפעדער אין דער האַנט, איז אַרומגעגאַנגען און קאָנטראָלירט די אָנקומענדיקע אויטאָס. זיין פּנים האָב איך קוים געקאָנט באַמערקן, צוליב דער שוואַכער באַלייכטונג. אין דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַן עלעקטריש לעמפּל און געוואָרפן אַ שטראַל ליכט אויף מיר.

— ווער זענט איר און וואָס טוט איר דאָ?

— איך פאָר דינסטלעך קיין טשענסטאָכאָוו.

— ווייזט מיר אייערע דאָקומענטן.

איך האָב אַרויסגענומען מיינע פּאַפּירן און אים געוויזן. ער האָט זיי אויפמערקזאַם באַטראַכט פון אַלע זייטן.

— יאָ, — זאָגט ער, — אַלץ איז אין אָרדענונג, אַ חוץ איין זאַך: ווו האָט איר די דערלויבעניש צו פאָרן מיט אַ מיליטערישער מאַשין?

— איך האָב נישט געוווסט, אַז מען דאַרף אויף דעם האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש.

— מיט וועלכן שאָפער זענט איר געקומען?

נישט וועלנדיק פאַרשיטן מיין שאָפער, וועלכער האָט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, נישט געהאַט קיין רעכט מיטצונעמען אַ ציווילן פּאַסאַזשיר, — האָב איך זיך געמאַכט אים זוכן און — נישט געפונען.

— ליידער זע איך אים נישט. — איך וועל דאָך דעם אָפיציר נישט דערציילן, אַז מיין רייזע־דערלויבעניש איז געווען אַ פלאַש בראָנפן...

— גייט אַריין אין דער כאַטע און וואַרט דאָרט אויף מיר. — האָט דער

אָפיציר צוגעוואָרפן, נישט קוקנדיק אויף מיר, און איז אַוועק ווייטער קאָנט־ראָלירן די אַנדערע אויטאָס.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין דער כאַטע, וואָס דער אָפיציר האָט מיר אָנגעוויזן. פונעם סופיט האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ קליין עלעקטריש לעמפּל, אַרומגעוויקלט מיט צייטונג־פּאַפּיר, און באַלויכטן, ווי אַ שוואַכער פּראָזשעק־טאָר, דאָס טישל, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דער וואַנט, מיט צוויי בענק־לעך אַרום אים. אויף איין וואַנט האָט געהאָנגען אַ גרויס בילד פון סטאַלין; אויף דער צווייטער וואַנט — אַ גרויסע מאַפּע, אין וועלכער עס זענען געווען אַריינגעשטעקט שפּילקעס מיט רויטע פענדלעך פון אַלע גרעסערע שטעט, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אַרמיי. אויפן טיש — ליסטעס, אַ לייכטער מיט אַ ליכט און אַ סך רוסישע צייטונגען — די מערסטע צעריסן. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ קליין אייזערן אייוועלע, ווו עס האָט נאָך מיט די לעצטע כוחות געצאַנקט אַ שטיקל פייער. די שטוב איז געווען איינגעהילט אין אַ וואָלקן פון רויך, געמישט מיט שנאַפּס און טאַבאַק־ריח.

באַלד זענען אַריינגעקומען אַנדערע ציווילע מענטשן, וואָס זענען גע־פאָרן מיט מיליטערישע מאַשינען, אויף דעם זעלביקן אופן, וואָס איך. עס איז מיר געוואָרן אַ ביסל פרייילעכער אויפן האַרצן, אַז איך בין נישט אַליין.

ווען דער אָפיציר — אַ קאַפּיטאַן איז ער געווען — איז צוריקגעקומען, האָב איך ערשט באַמערקט זיין פּנים: ער איז געווען אַ ייִד. אין מיר האָט ער נישט דערקענט דעם ייִד. געהייסן מיך אַוועקזעצן זיך אויף אַ בענקל אַקעגן איבער אים. ער האָט אַרויסגענומען פון אַ בלעכערנעם שאַכטל אַ ביסל מאַכאָרקע און איינגעוויקלט עס אין פּאַרעם פון אַ פּאַפּיראָס אין אַ שטיקל פּאַפּיר, וואָס ער האָט אָפּגעריסן פון דער צייטונג, וואָס איז געלעגן אויף זיין טיש. ווען ער האָט איינגעוויקלט די מאַכאָרקע אין פּאַפּיר, האָט ער דעם אויסגעפּאַרטיקטן פּאַפּיראָס צוגעלייגט צום מויל, באַשפּיגן דעם ברעג, צוגע־קלעפּט אים און פאַררויכערט ביים פייער פון אַ צינדער, געמאַכט פון אַ ביקסן־קויל.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן מי'ט אַן אָפיציעלן טאָן:

— איר, פּאָליאַק, אַזשטאָט אונדז צו העלפן באַשווערט איר נאָך אונדז אין דער אַרבעט. איר ווייסט דען נישט, אַז ס'איז מלחמה און מיר זענען אַרומגערינגלט מיט שונאים. אפשר זענט איר שפּיאָנען... סאַבאָטאַזשניקעס...

ווייס איך... ווי וואָגט מען דאָס צו פאָרן מיט מיליטערישע טראַנספּאָרטן, נישט האָבנדיק אויף דעם קיין דערלויבעניש! עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך בין געצוווּנגען אייך אַלע אָפּצושיקן אין דער נאָענטסטער מיליטערישער קאָמענדאַנטור, כדי דאָרט פעסטצושטעלן ווער איר זענט און וואָס איר טוט דאָ, פאַרשטאַנען?...

איך האָב זיך אַריבערגעבויגן איבערן טישל צום אָפיציר און אים געפרעגט שטילערהייט אויף ייִדיש:

— איר פאַרשטייט מאַמע־לשון?

דער אָפיציר האָט אויף מיר שאַרף אַ קוק געטון און געפרעגט מיטן זעלביקן שטילן טאָן וואָס איך:

— איר זענט דען אַ ייִד?

ווען ער האָט דערהערט מיין ענטפער, האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן אַ שמייכל, און ער האָט געזאָגט הויך, מיט אַן אָפיציעלן טאָן:

— נו, גוט... איר פאַרבלייבט דאָ. איך וועל נאָר אַרויסגיין זיי אָפּפירן און כ׳קום גלייך צוריק.

דער קאַפּיטאַן איז אַוועק מיט די איבעריקע פאַרהאַלטענע און נאָך אַ פּאָר מינוט איז ער צוריקגעקומען איינער אַליין און מיר אויסגעשטרעקט די האַנט.

— שלום עליכם אייך, — האָט ער געזאָגט דאָסמאָל אין אַ געשמאַקן ייִדיש — זיי האָב איך איבערגעשיקט פעסטצושטעלן ווער זיי זענען, ווייל מיט אייך בין איך שוין זיכער אַז איר זענט נישט קיין שפּיאָן...

— איר ווייסט קאַפּיטאַן, איך האָב געהערט פון אַ פּאָר געראַטעוועטע ייִדן, אַז ווען זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן אויף אַ סאָוועטישן פּאַטרול און אין גרויס פרייד זיך געגעבן צו דערקענען אַז זיי זענען ייִדן, האָט מען זיי אַרעסטירט. דער מאָטיוו איז געווען: אויב דו ביסט אַ ייִד און דו ביסט לעבן געבליבן, ביסטו זיכער אַ דייטשישער שפּיאָן...

— מילא, עס פעלן נישט קיין כוליגאַנעס ביי אונדז. אָבער זאָגט מיר בעסער פון וואַנען קומט איר און וווהין ווילט איר פאָרן? — ער האָט דער־ביי אָפּגעריסן פון דער צעריסענער צייטונג אַ שטיקל פּאַפּיר, אַריינגעלייגט אַ ביסל מאַכאָרקע, געמאַכט אַ פּאַפּיראָס אויפן זעלביקן אופן וואָס פריִער,

און נישט פרעגנדיק מיך צי איך וויל רויכערן, מיר דערלאַנגט דעם פּאַ־פּיראָס...

איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אים געפרעגט:

— זאָגט מיר, קאַפּיטאַן, פאַרוואָס רויכערט איר אַלע מאַכאָרקע אין צייטונג־פּאַפּיר?

דער קאַפּיטאַן האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט:

— צוליב צוויי טעמים, חבר. ראשית דאַרף מען זען צו פאַרגרעסערן דעם טיראַזש פון די צייטונגען, והשנית — איז טאַקע אין צייטונג־פּאַפּיר געשמאַקער צו רייכערן... אָבער זאָגט מיר בעסער עפּעס וועגן אייך.

איך האָב אים דערציילט מיט וואָס איך האָב זיך באַשעפטיקט פאַר דער מלחמה, און צו מיין שטוינען האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ יידישער שרייבער (צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים גיב איך נישט אָן זיין נאָמען) און ער קען אַלע יידישע שרייבער און קינסטלער (ער האָט מיר אויסגערעכנט אַ ריי נעמען, בראש מיט מיכאָעלסן, איציק פעפער, פּרץ מאַרקיש). ער קען אויך מיין שוועגערין אידאַ קאַמינסקאַ, מיט וועלכער ער פלעגט זיך אָפט טרעפן אין מאָסקווע. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר און מיר פאַרגעלייגט צוזאַמען מיט אים אָפּצועסן וועטשערע. ווי נאָר עס וועט גיין אַ דירעקטע מאַשין קיין טשענסטאָכאָוו, וועט ער מיך, זאָגט ער, שוין אַריינזעצן און אָנזאָגן דעם שאָפער מיך צופירן אין שטאָט אַריין, ווו איך דאַרף זיך אָפּשטעלן.

איך האָב זיך פון אים דערוווּסט אַ סך פונעם יידישן קולטור־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד און וועגן יידישן לעבן בכלל. איך האָב אים אַ ביסל דערציילט וועגן אונדזערע איבערלעבונגען. אַ פּאָר מאָל האָט זיך דער געשפּרעך איבער־געריסן, ווייל דער אָפיציר האָט געמוזט אַרויסגיין אויפנעמען נייע מאַשינען, וואָס זענען אָנגעקומען. אין משך פון דער צייט וואָס ער האָט מיך פאַר־האַלטן ביי זיך, זענען מער קיין ציווילע פּאַסאַזשירן נישט געקומען. אויף מיין פראַגע מיט וואָס דאָס דערקלערט זיך, האָט ער מיר געענטפערט:

— נו, ביינאַכט האָט מען מורא צו פאָרן... איר ווייסט נישט, די שאָ־פערן האָבן ליב צו מאַכן אַ כוסה... נו, און אַז חברה איז שיכור איז געזינ־טער ביינאַכט מיט זיי נישט צו פאָרן. — באַמערקנדיק מיין פאַרזאָרגט פּנים, האָט ער שנעל צוגעוואָרפן: — איר האָט אָבער נישט וואָס מורא צו האָבן.

איך וועל אייך איבערגעבן צו אַ זיכערן מענטשן, וואָס וועט זיין פּאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אייך.

איך האָב נאָך באַוויזן מיט אים אָפּצועסן, ווי ס'איז גראָד אָנגעפאָרן עפּעס אַ מאַשין און דער קאַפּיטאַן האָט מיר געזאָגט, אַז איצט קאָן איך שוין פאָרן. ווען ער האָט מיך אַוועקגעזעצט נעבן אַ מיליטערישן שאָפער אין דער בודקע, געזעגנט זיך מיט מיר און גענומען מיין אַדרעס אין לובלין, האָט ער אָנגעזאָגט דעם שאָפער:

— געדענק, זאָלסט אים ברענגען קיין טשענסטאָכאָוו אין בעסטן אָרדע־נונג. ס'איז מיינער אַ פריינט. וועסט פון מיר קריגן דערפאַר אַ גוטע כוסה...

אַ לאַנגע צייט זענען מיר געפאָרן שווייגנדיק. פּלוצים האָט דער שאָפער צו מיר אָנגעהויבן צו רעדן, דערציילן פאַרשידענע מעשיות. ער איז געווען גאָר נישקשהדיק באַרעדעוודיק. מיך האָט אָבער די מידקייט געצויגן צו שלאָפן. ווען איך בין איינגעשלאָפן, האָב איך נישט געדענקט, אָבער ווען איך האָב מיך פּלוצים אויפגעכאַפּט, האָב איך באַמערקט, אַז מיין שאָפער שלאָפט און כראָפּעט גאַנץ געשמאַק. איך האָב אים אַ שטויס געטון, כדי אים אויפצוּוועקן. ס'איז פּשוט געווען אַ נס, אַז ס'איז נישט געשען מיט אונדז קיין קאַטאַסטראָפע. ווער ווייס ווי לאַנג די מאַשין איז זיך אַזוי געגאַנגען, נישט זייענדיק אונטערן קאָנטראָל פונעם שאָפער. איך האָב זיך איצט מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן מער נישט אַנטשלאָפן צו ווערן, כדי איך זאָל קאָנען אַכטונג געבן אויף מיין שאָפער ער זאָל ווידער נישט כאַפּן קיין דרימל. איך האָב אים כסדר געמוזט שטאָרכן אין דער זייט...

פון דערווייטנס האָבן זיך באַוויזן פייערלעך.

— דאָס איז טשענסטאָכאָוו — האָט מיר געזאָגט דער שאָפער און פּלו־צים אָפּגעשטעלט די מאַשין.

— מיר וועלן אַריבערגיין זיך אַ ביסל דערוואַרעמען — האָט דער שאָ־פער געזאָגט און געגרייט זיך אַרויסצוגיין פון דער מאַשין.

— ווו וועלן מיר זיך דאָ קאָנען דערוואַרעמען — האָב איך אים גע־זאָגט, נישט רירנדיק זיך פונעם אָרט. ס'איז דאָך נישטאָ אַפילו קיין שענק ווו אַריינצוגיין. ס'איז אויפן פעלד געפערלעך קאַלט. אָט, מיר וועלן אָנקומען קיין טשענסטאָכאָוו, וועלן מיר אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן, עפּעס פאַרבייסן און מאַכן דעם אמתן שנאַפּס...

— נו, ביז טשענסטאָכאָוו — זאָגט ווייטער מיין שאָפער, אָנעמענדיק מיך פאַר דער האַנט — איז נאָך אַ שטיק וועג. זעסט, אָט־אָ־דאָ, נישט ווייט, דאָס פייערל? אין דער כאַלופּע קאָן מען קריגן אַ גוט פלעשל וואָדקאַ און אַ פיינע באַבע אויף אַ צוגאָב...

ער האָט דערביי אָנגעהויבן צו הירזשען ווי אַ פערד און מיט כוח מיך געשלעפּט פונעם וואָגן...

זעענדיק, אַז נאָר מיט עפּעס אַ טריק קאָן איך מיך אַרויסראַטעווען פון זיינע אייזערנע הענט, האָב איך געזאָגט:

— דער קאַפּיטאַן האָט מיר איבערגעגעבן אַ פּאַפּיר פון גרויסער מילי־טערישער וויכטיקייט, וואָס איך מוז פאַרטאָג צושטעלן דעם שטאָט־קאָמענ־דאַנט פון טשענסטאָכאָוו. אויב דער קאַפּיטאַן וועט באַלד נישט האָבן קיין טעלעפאָן פון אים, ווי ער באַשטעטיקט, אַז ער האָט דערהאַלטן דאָס פּאַפּיר, קאָנען מיר ביידע האָבן גרויסע צרות. ווייסט דאָך, ס׳איז קריגס־צייט... אַ מיליטערישער געריכט, אאַז״וו. נאָך דאָס וואָלט אונדז געפעלט...

די דאָזיקע ווערטער האָבן, הפּנים, צוריקגעפירט מיין שאָפער צום גלייכגעוויכט. ער האָט געוואָרפן אַ בייזן בליק אויף מיר, אַ שפּיי געטון דורך די ציין און אויסרופנדיק זייער באַליבטן „אין דיין מאַמען אַריין״, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביים רודער און געלאָזט די מאַשין מיט אַזאַ ווילדקייט איבער דעם שלעכטן, צעהאַקטן וועג, אַז איך האָב געמיינט, אַז די קישקעס וועלן מיר זיך איבערדרייען.

ווען מיר זענען צוגעפאָרן צו דער שטאָט, האָט ער, אַ בייזער, מיר געהייסן שנעל אַראָפּגיין.

— דאָס איז שוין טשענסטאָכאָוו — האָט ער געזאָגט — איך מוז ווײַ־טער פאָרן.

איך האָב אים באַדאַנקט און געוואָלט אים געבן עפּעס געלט. ער האָט זיך אָבער נישט אומגעקוקט אויף מיר און אַוועקגעלאָזט די מאַשין מיט אַ ווילדער שנעלקייט.

קאַפּיטל עלף

# טשענסטאָכאָוו — די הייליקע פּוילישע שטאָט

אַ ייִדישער יונגערמאַן — גרינשטיין האָט ער געהייסן — וועלכן איך האָב באַגעגנט אויף איינער פון די טשענסטאָכאָווער גאַסן, ווו ער איז געשטאַנען און פאַרקויפט פאַרשידענע קלייניקייטן צו די סאָוועטישע סאָלדאַטן, האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פונעם פאַרזיצער פונעם טשענסטאָכאָווער ייִדישן קאָמיטעט.

— דאָרט — זאָגט ער — געפינט זיך אויך דער קאָמיטעט.

איך האָב זיך געלאָזט גיין, אָבער נאָך אַ ווייל האָט מיך גרינשטיין נאָכגעיאָגט און געזאָגט, אַז ער וויל מיך אַליין אַהין פירן.

אויפן וועג האָט ער מיר דערוויייל באַוויזן צו דערציילן וועגן דער אומצופרידנקייט וואָס עס הערשט ביי די געראַטעוועטע ייִדן: אַז מען קריגט נישט קיין שום שטיצע; אַז מען האָט טענות צום פּרעזעס פונעם קאָמיטעט; אַז צווישן די אָנפירער פונעם קאָמיטעט זענען פאַראַן געוועזענע קאַפּאָס, אאַז״וו. די געראַטעוועטע ייִדן געפינען זיך אין אַ שווערער לאַגע, זיי הונגערן ממש.

— ווער עס האָט עפּעס צו פאַרקויפן — דערציילט מיר מיין באַגלייטער — שטייט אַזוי, ווי ער, אויף דער גאַס און האַנדלט אונטער. ווער עס האָט אַ זייגערל צו פאַרקויפן, ווערט גאָר אויפגעריכט. די סאָוועטן זענען אַזוי אויסגעהונגערט נאָך זייגערס, פּונקט ווי זיי וואָלטן עס קיינמאָל אין לעבן נישט געזען. אָבער אויך קליידער, שיך און וועש איז פאַר זיי אַ גוטע סחורה. זיי קויפן אַלץ אויס. מאַכן טאַקע גוטע געשעפטן די דאָרטיקע פּאָליאַקן: זיי פאַרקויפן איצט דאָס, וואָס עס איז זיי איבערגעבליבן בירושה אָדער בגזלה פון ייִדן. און די ייִדן, וואָס האָבן גאָרנישט וואָס צו פאַרקויפן, גייען אָוועק הינטער דער שטאָט און גנבענען פון פרעמדע פעלדער קאַרטאָפל, כדי נישט צו שטאַרבן פון הונגער...

בין איך דאָך, הייסט עס, געקומען קיין טשענסטאָכאָוו אין דער ריכטיקער צייט — האָב איך מיר געטראַכט.

ווען איך בין אַריין אין דער וווינונג פון דעם פּאָרזיצער, האָב איך דאָרט געפונען אַ גאַנצן האָטעל: צענדליקער מענטשן זענען געשלאָפן אויף די בעטן, אויף די טישן, אויף בענקלעך און אויף דער ערד. ס׳איז פּשוט נישט געווען קיין שטיקל ליידיק פּלאַץ.

— דאָס זענען די גראַטעוועטע פון האָסאַג—לאַגערס, וועלכע האָבן נישט ווו איבערצונעכטיקן. איך האָב זיי דערווייל אַריינגענומען צו זיך — דערקלערט מיר דער פאָרזיצער פונעם טשענסטאָכאָווער קאָמיטעט, ל. ברע־נער. — מיר האָבן נישט קיין געלט און מיר קאָנען גאָרנישט טון. מיר וואַרטן אויף הילף פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. מיר האַלטן אין איין אַלאַרמירן מען זאָל אונדז שיקן געלט, אָבער דערווייל — אין קול ואין עונה...

ווען ברענער האָט זיך דערוווּסט, אַז טאַקע צוליב דעם בין איך דאָ אַהער געקומען, איז די שטימונג ביי אים געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. ער האָט באַלד צונויפגערופן די איבעריקע מיטגלידער פונעם צייטווייליקן קאָמיטעט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען (איך גיב אָן נאָר די, וואָס כ׳געדענק זייערע נעמען): י. גאָלדבערג, טשאַרנע, קראַאוזע און אינזשיניער אפרת — מיינער אַ שול־קאָלעגע פון וואַרשע, וועלכער האָט זיך אויך גראַטעוועט אין איינעם פון די דאָרטיקע לאַגערס. מען האָט אַפילו געהאַט צו אים פאַר־שידענע טענות, צוליב זיין אויפפירונג אין לאַגער, אָבער איך בין נישט געווען באַרופן, אין דעם פאַל, אַרויסצוטראָגן אַ פּסק־דין, נאָך דערצו ווען די באַשולדיקונג איז נישט געווען פון קיין פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי למשל, מיטאַרבעט מיט די דייטשן, נאָר פון אַ גאַנץ פּריוואַטן ענין. היות אפרת איז געווען דער קאַסירער פונעם צייטווייליקן קאָמיטעט, האָב איך אים, אין קעגנוואַרט פון די איבעריקע מיטגלידער, איבערגעגעבן די סומע געלט, וואָס איך האָב געבראַכט פאַרן טשענסטאָכאָווער ייִדישן קאָמיטעט. איך האָב זיי אויך איבערגעגעבן גרוסן פון זייערע טשענסטאָכאָווער לאַנדסלייט, וועלכע איך האָב באַגעגנט מיט פאַרשידענע מיליטערישע אָפּטיילונגען פונעם פּוי־לישן און רוסישן מיליטער, צווישן אַנדערע — פון דער טאָכטער פונעם רעדאַקטאָר פון דער טשענסטאָכאָווער ייִדישער צייטונג — פרענק. איך האָב זי געטראָפן אין לובלין אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל, ווו זי האָט געאַרבעט ווי אַ קראַנקן־שוועסטער.

דאָס ערגסטע איז, לויט מיין מיינונג, געווען די זיכערהייטס־לאַגע פון

די גערעטעוועטע ייִדן אין טשענסטאָכאָוו. פונקט ווי אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון די באַפרייטע געביטן, איז מען אויך דאָרט נישט געווען זיכער מיטן לעבן. איך האָב געדאַרפט אינטערווענירן אין פאַרשידענע אמטן מען זאָל פאַרשטאַרקן די שוץ פאַר די גערעטעוועטע ייִדן, אאַז״וו. פאַרשטייט זיך, אַז אומעטום האָט מען צוגעזאָגט דאָס בעסטע, אָבער — אומעטום איז מיר אויסגעקומען צו הערן דאָס פּוילישע שפּריכוואָרט: „נישט מיט אַמאָל איז קראָקע אויפגעבויט געוואָרן״. דאָס איז אָבער געווען גאָר אַ קנאַפּע טרייסט פאַר אונדז.

איך האָב, זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו, גוט געדענקט, אַז טאַקע דאָרט האָב איך אַליין, ביים סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, איבערגעלעבט, אין אַ שבתדיקן טאָג, אַ ייִדן־פּאָגראָם, און איך בין קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. האָט דאָך טשענסטאָכאָוו אויף אַנטי־ייִדישע אַרויסטרעטונגען אַ לאַנגע טראַדיציע



ביי די מויערן פון דער חרוב־געוואָרענער טשענסטאָכאָווער סינאַגאָגע. עס שטייען בעת דער תפילה: חזן יעקב ליכטערמאַן, מיליטערישער ראַבינער, פּולקאָווניק דוד כהנא און זיין אַדיוטאַנט

אונטער זיך... די הייליקע „יאַסנאַ גוראַ" האָט, אַנשטאָט צו פּריידיקן ברידער־ליבע, איינגעפּלאַנצט שינאה צו ייִדן.

דער סימבאָל פונעם ייִדישן טשענסטאָכאָוו — די א־פּאָזאַנטע סינאַ־גאָגע, וואָס האָט זיך אַזוי שטאָלץ געוואָרפן אין די אויגן אַריין ווען מען האָט זיך מיט דער באַן דערנענטערט צו דער שטאָט, — די דאָזיקע גרויסע, רחבותדיקע סינאַגאָגע, אָדער, ווי מען האָט זי גערופן, די דייטשישע שול, איז דורך די נאַציס פאַרניכטעט געוואָרן. יאָרן לאַנג איז דער הויפּט־חזן פון דער דאָזיקער שול געווען דער באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיקער אברהם בער בירנבוים, וועלכער האָט אויך געשאַפן אין טשענסטאָכאָוו דעם ערשטן חזנים־סעמינאַר אין דער וועלט.

די ייִדישע טשענסטאָכאָוו, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געציילט קנאַפּע 30.000 ייִדן, איז איצט געבליבן ביי, סך הכל, אַ פּאָר צענדליק ייִדישע משפּחות. פון די פינף טויזנט ייִדן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין טשענס־טאָכאָוו, זענען איבער 90 פּראָצענט געווען נישט קיין טשענסטאָכאָווער.

איינע פון די ערשטע אויפגאַבן, וואָס דער קאָמיטעט האָט איצט געהאַט פאַר זיך, איז געווען: העלפן די געראַטעוועטע ייִדן זיך איינאָרדענען, די פרעמדע — געבן אַ מעגלעכקייט אָפּצופאָרן אין זייערע היימען און פאַרזאָרגן די ייִדישע קינדער, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען. אין דעם פּרט האָט דער קאָמיטעט, מיט ל. ברענער און זיין פרוי איטא ברענער בראש, זייער אַ סך אויפגעטון. אגב, האָבן די ברענערס זייער קינד אויך געהאַט אָפּגעגעבן צו קריסטן — אויב איך האָב קיין טעות נישט — נישט ווייט פון נאָוואָראַדאָמסק — און נאָך דער באַפרייאונג האָבן זיי געהאַט אַ שווערן פּראָבלעם צוריק־צובאַקומען זייער קינד.

אַ ביסל שפּעטער איז אין טשענסטאָכאָוו געגרינדעט געוואָרן אַ רעלי־גיעזע געמיינשאַפט, מיט י. עדעליסט בראש. צו דער הזכרה נאָך די אומגע־בראַכטע ייִדן אין טשענסטאָכאָוו, איז אַהין אַראָפּגעקומען דער הויפּט־ראַבי־נער פון דער פּוילישער אַרמיי, ד"ר דוד כהנא און דער חזן יעקב ליכטערמאַן — דער לעצטער פאַרמלחמהדיקער חזן פון נאָזשיקס שול אין וואַרשע.

טשענסטאָכאָוו איז געוואָרן איינער פון די הויפּט־דורכגאַנג־צענטערס פון די ייִדן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין די האַסאַג־לאַגערס אין טשענס־טאָכאָוו, סקאַזשיסק און אַנדערע. אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק האָט אויף

מיר געמאַכט די גרופּע ייִדישע אינוואַלידן, וואָס איך האָב געטראָפן אין טשענסטאָכאָוו — אַלע יונגע, שיינע מענער, אויף וועלכע די בעסטיאַלישע נאַצי־באַנדיטן האָבן דורכגעפירט זייערע „וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטן". זיי האָבן צו דעם צוועק, פּונקט ווי זיי האָבן עס געטון מיט ייִדישע פרויען, אויסגעקליבן די שטאַרקסטע און געזונטסטע יונגעלייט, און — ווי מען זעט



בעת דער אזכרה נאָך די אומגעבראַכטע ייִדן. — מיליטערישער הויפּט־רב פּולק' כהנא און חזן י. ליכטערמאַן.

עס אויף דער פאָטאָגראַפיע — אַמפּוטירט ביי זיי פאַרשידענע קערפּער־טיילן: ביי וועמען — אַ האַנט, ביי וועמען — אַ פוס, אָדער — זיי קאַסטרירט. און דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן אָן פּראָפילאַקטישע מיטלען, אָן שלאָפגעטראַנק. די דייטשישע דאָקטוירים האָבן אַזוי אַרום געוואָלט אויספּרוּוון דעם ווידערשטאַנד־כוח פון די קרבנות...

צווישן די געראַטעוועטע יונגע פרויען פון האַסאַג־לאַגערס, האָבן זיך געפונען אייניקע, וואָס האָבן שוין פון פריִער געהאַט אַ לאַנגן סטאַזש פון

די שרעקלעכסטע טויט־לאַגערן, פון וואַנען מען האָט זיי געבראַכט קיין סקאַזשיסקא און ו.אַרטיילט אין פאַרש־דענע „ווערקן", און דערנאָך — קיין טשענסטאָכאָוו.

אָט דערציילט מיר רחל יאָזעפסאָן, אַ יונגע קראַנקן־שוועסטער פון וואַרשע:

„— ווען מען האָט מיך און מיין שוועסטער, גוטא, אַרויסגעפירט פונעם קליינעם געטאָ אין וואַרשע, האָט מען אונדז אַלע אַוועקגעפירט קיין לובלין, אויף דעם באַרימט־געוואָרענעם קוילן־פּלאַץ. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ ביי־ע



די קרבנות פון די נאַצישע „וויסנשאַפטלעכע עקספערימענטן"

סעלעקציע. די פרויען זענען אָפּגעטיילט געוואָרן פון זייערע מענער און קינדער. בעת דער דאָזיקער סעלעקציע האָט מען נישט געמאַכט קיין שום אונטערשיד צווישן די געזונטע און שוואַכע, יונגע און אַלטע. מען האָט נאָר געציילט די „קעפּ"... די ניי־געבראַכטע גרופּע פרויען האָט מען פאַר־אייניקט מיט אַ ריזיקער מחנה פון טויזנטער אַנדערע פרויען, וואָס זענען שוין דאָרט געווען פון פריער, און צוזאַמען — אַ שיינע פּאָר טויזנט אין צאָל — האָט מען אונדז געטריבן קיין מאַידאַנעק.

„עס־עס־לייט, באַגלייט פון זייערע גרויסע הינט, האָבן אונדז געיאָגט,

נישט לאָזנדיק כאַפּן דעם אָטעם. ווען אַ פרוי איז, אַ דערשעפּטע, אַוועקגע־פאַלן אויפן וועג, האָבן זיך די הינט גלייך געוואָרפן אויף איר און געריסן פון איר שטיקער מלבושים, צוזאַמען מיט שטיקער פלייש. איך בין געווען שטאַרק אויסגעשעפּט, שוואַך און רעזיגנירט. נאָך ערגער איז געווען מיט מיין שוועסטערל גוטא. מיר האָבן זיך פעסט געהאַלטן צוזאַמען מיט מיין באַקאַנטסטער חברטע האַנקאַ דיקשטיין, וועלכע איז געווען געזונט און שטאַרק און געוואַלדיק אָפּטימיסטיש געשטימט. האַנקאַ איז געווען אַ באַרימטע פּיאַנאָ־קינסטלערין, געווינערין פונעם שאָפּען־קאָנקורס אין וואַרשע — אין יאָר 1938. האַנקאַ דיקשטיין איז געווען די איינציקע טאָכטער פון דער אין וואַרשע באַקאַנטער פּעדאַגאָגין און אינהאַבערין פון אַ גימנאַזיע. האַנקאַ האָט אונדז די גאַנצע צייט דערמוטיקט: — ווועסט זען — האָט זי צו מיר געזאָגט — מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה. נאָכן קריג וועל איך מאַכן אַ קאָנצערט־טור איבער דער וועלט און איך וועל דיך מיטנעמען מיט זיך.

„איך האָב באַשלאָסן צו טיילן מיט האַנקאַן דעם ביטערן גורל, נישט אָפּטרעטן איינער פון דער אַנדערער, און ביי דער ערשטער מעגלעכקייט זען צוזאַמען צו אַנטלויפן. אונדזער גרעסטע זאָרג איז אָבער איצט געווען: ווו נעמט מען אַ ביסל וואַסער?! שוין פיר טעג נישט געהאַט קיין טרונק וואַסער אין מויל... עס איז פאַר אונדז קלאָר געווען, אַז מען פירט אונדז אין די גאַז־קאַמערן. נאָך אַ לאַנגן מאַרש, ביי רעגן און בלאָטעס, זענען מיר, די פאַר־טויזנט קעפּיקע פרויען־מחנה אָנגעקומען קיין מאַידאַנעק.

„דאָרט האָט מען אונדז אויסגעשטעלט און צעטיילט צו הונדערט פרויען אין אַ גרופּע. איך און האַנקאַ האָבן זיך געקלאַמערט איינער צו דער אַנ־דערער. ווען עס האָט זיך פאָרמירט אונדזער גרופּע, אגב, די לעצטע, בין איך און מיין שוועסטער געווען אין דער גרופּע פון הונדערט. איך די הונ־דערטסטע און האַנקאַ דיקשטיין — די הונדערט און ערשטע. איידער מיר האָבן זיך באַוויזן צו אָריענטירן וואָס עס איז געשען, איז האַנקאַ דיקשטיין אָפּגעטיילט געוואָרן פון אונדזער גרופּע און צוזאַמען מיט די איבעריקע איבערגעבליבענע פרויען, אַוועקגעטריבן געוואָרן, באַקעטערהייט, צו דער „רויזן־אַלעע”, וואָס האָט געפירט גלייך צו די קאַלך־אויוונס... איידער איך האָב באַוויזן צו קומען צו זיך נאָך דער געשעעניש מיט מיין בעסטער חברטע, בין איך און מיין שוועסטער, צוזאַמען מיט דער אויסדערוויילטער גרופּע, אַוועקגעפירט געוואָרן צום „5טן פעלד”...

„דאָרט האָט מען אונדז אויסגעבאָדן, אָפּגעשוירן די האָר, אויסגע־שטעלט נאַקעטערהייט אין לאַנגע רייעס, און אַ דייטשישער דאָקטאָר האָט, באַטראַכטנדיק יעדע איינע פון אונדז, דורכגעפירט אַ נייע סעלעקציע. ווען דער דאָקטאָר האָט ביי עמיצן באַמערקט עפּעס אַ געשוויר, אַ שניט אָדער

אַ וווּנד, האָט ער תיכּף געהייסן אַרויסנעמען זי פון דער ריי און אָפּפירן זי אין די „רויזן־אַלעע", וואָס האָט געפירט צו דער אייביקייט...

„די ביידע סעלעקציע איז פאָרגעקומען אויפן פּלאַץ וווּ עס האָט זיך גע־פונען דער באַראַק פונעם מכלומרשטן רויטן־קרייץ. דאָרט איז געווען דער לאַגער־שפּיטאָל. דער דאָזיקער שפּיטאָל האָט געדינט אויסשליסלעך פאַר קריסטן. ייִדן האָט מען דאָרט נישט אויפגענומען. פאַר אַ קראַנקן ייִדן איז געווען איין אויסוועג — די גאַז־קאַמער.

„בעת דער סעלעקציע, זענען די קריסטלעכע מיטאַרבעטערס פונעם שפּיטאָל געשטאַנען אין דרויסן און זיך צוגעקוקט צום „ספּעקטאַקל" מיט די ייִדישע פרויען. ווי באַר מען האָט מיך און מיין שוועסטער צוגעפירט צום צוגעטיילטן באַראַק, איז אומבאַמערקטערהייט צו מיר צוגעגאַנגען אַ פרוי, וואָס האָט געאַרבעט אינעם שפּיטאָל און זיך די גאַנצע צייט צוגע־קוקט צו אונדזער סעלעקציע. זי האָט מיך באַמערקט. די פרוי איז געווען מיינס אַ גוטע באַקאַנטע פון וואַרשע, מיטן נאָמען גאַל.

„די דאָזיקע פרוי גאַל, זייער אַן עלעגאַנטע און געבילדעטע פרוי, איז געווען אַ ייִדישע. זי האָט אָבער געלעבט אין וואַרשע, אויף דער אַרישער זייט, ווי אַ קריסטין און איז געווען טעטיק אין דער פּוילישער אונטער־ערדישער באַוועגונג.

„ווי קומט זי קיין מאַידאַנעק?

„ביי פרוי גאַל אין שטוב, אויף קרוטשע גאַס נר' 40, אין וואַרשע, פלעגן, צווישן אַנדערע, אָפט אַריינקומען דיפּלאָמאַטן פון פרעמדע מלוכות. איר איינציקע טאָכטער, מאַרילאַ — אַ באַוווּסטע וואַרשעווער שיינקייט — האָט חתונה געהאַט מיטן שוועדישן וויצע־קאָנסול. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן דורכגעפירט ביי דער פרוי גאַל אין שטוב אַ רעוויזיע. אפשר — מען האָט זי געמסרט, אַז זי אַרבעט פאַר דער אונטערערדישער באַוועגונג. זוכנדיק איר ייִדישער אָפּשטאַמונג האָט מען נישט געוווּסט. בעת דער רעוויזיע האָט איר אַ דייטשישער אָפיציר באַליידיקט און זי האָט אים דער־פאַר אויסגעפּאַטשט. פרוי גאַל איז אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט זי גע־שטעלט פאַר אַ געריכט און זי איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אַ דאַנק די שטאַרקע אינטערווענצן פון איר איידעם, דעם קאָנסול, און פון אַנדערע איינפלוסרייכע פערזענלעכקייטן, האָט מען איר דעם טויט־אורטייל פאַר־ביטן אויף אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. זי איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין מאַידאַנעק. היות זי האָט גוט געקענט פרעמדע שפּראַכן, איז זי געוואָרן די געשוווירענע איבערזעצערין. אויך אין מאַידאַנעק האָט קיינער נישט גע־וווּסט אַז זי איז אַ ייִדישע פרוי.

„פון דער באַגעגעניש אַן פלעגט מיר פרוי גאַל ברענגען יעדן טאָג עסן און אַ וואָרט פון טרייסט. זי האָט אויך, איינשטעלנדיק איר אייגן לעבן,

אָפּט געהאָלפֿן אַנדערע יידישע פֿרויען פֿונעם לאַגער און אַזוי אַרום זיי געראַטעוועט פֿון הונגער־טויט. די לאַגער־פֿרויען האָבן זי גערופֿן „דער מלאך פֿון מאַידאַנעק". קיינעם איז נישט איינגעפֿאַלן, אַז דער „מלאך" איז אַ יידישע פֿרוי. אַזוי האָט עס געדויערט אַ שיינע פּאָר חדשים.

„אין אַ געוויסן טאָג איז פֿרוי גאַל געקומען צולויפֿן און מיר איבערגעגעבן, אַז מען גרייט זיך אַוועקצושיקן אַ טראַנספּאָרט יונגע פֿרויען ערגעץ ווו אויף אַרבעט, נישט ווייט פֿון ראַדאָם. זי האָט מיר געראָטן תּיכּף זיך צו פֿאַרשרייבן מיט מיין שוועסטער צו דעם טראַנספּאָרט, ווייל אַנדערש דראָט אונדז דאָ דער קאַלך־אויוון. איך האָב עס איבערגעגעבן מיינע גורל־חברטעס פֿונעם באַראַק און אַ דאַנק דעם האָט זיך אַ גרעסערע גרופּע יונגע פֿרויען פֿאַרשריבן צום טראַנספּאָרט.

„מען איז דורכגעגאַנגען אַ נייע סעלעקציע און די מזלדיקע צווישן זיי האָבן אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען פֿונעם טויט־לאַגער מאַידאַנעק. אין דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך געפֿונען אַ שיין יונג מיידל, אומגעפֿער 18 יאָר אַלט, וועלכע האָט געשטאַמט פֿון לובלין. היות דאָס מיידל האָט גוט געקענט די געגנט אַרום לובלין, האָבן מיר, אייניקע מיידלעך, אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז דאָס מאָל וועלן מיר אַרויסשפּרינגען פֿונעם צוג. ווען מען האָט אונדז געפֿירט צו די טראַנספּאָרט־וואַגאָנען, זענען מיר פֿאַרבייגעגאַנגען דעם באַראַק מיטן שפּיטאָל. איך האָב באַמערקט די פֿרוי גאַל, וועלכע האָט מיך, ווייזט אויס, אָפּגעוואַרט און אַרויסבאַגלייט מיט אַ צופֿרידן שמייכל. די דאָזיקע איידעלע יידישע פֿרוי, גאַל, האָט נישט געקוקט אויף דעם, וואָס עס האָט איר כסדר געדראָט דעמאַסקירט צו ווערן ווי אַ יידישע, געבראַכט אַנדערע הילף און דערמוטיקונג, איינשטעלנדיק דערביי איר אייגן לעבן.

„כדי אָפּצונעמען דעם טראַנספּאָרט, וואָס איז באַשטאַנען פֿון 500 יונגע מיידלעך, איז געקומען קיין מאַידאַנעק דער לאַגער־פֿירער פֿונעם סקאַזשיסקער האַסאַג־עס־עס־מאַן איבּפּלינג. ער אַליין האָט דורכגעפֿירט די סעלעקציע פֿון די יונגע פֿרויען און באַגלייט דעם פֿרויען־טראַנספּאָרט ביז סקאַזשיסקאָ. בלויז דאָס אויסזען פֿון איבּפּלינגן האָט שוין אַנגעוואָרפֿן אַ שרעק: אַ הויכער, קנאָכיקער, רויטהאָריקער מענטש־חיה, מיט קליינע שפּיזיקע אויגן און מיט אַ ציניש שמייכל אויף זיינע ליפּן, האָבן נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס.

„איבּפּלינג איז איצט געוואָרן דער אַלייןהערשער איבער די 500 יונגע פֿרויען. ער האָט אָפּגעציילט דעם גאַנצן טראַנספּאָרט, קאָפּ ביי קאָפּ, פֿאַרשריבן אונדזערע נעמען, און אַריינגעשטופּט אונדז אַלע אין די וואַגאָנען פּאַר בהמות, וואָס זענען שוין געשטאַנען פֿון פֿריער צוגעגרייט.

„ווען דער צוג האָט גערירט פֿונעם אָרט, האָבן זיך די מיידלעך פֿון

אונדזער וואַגאָן, וועלכע זענען גרייט געווען צו שפּרינגען, באַראָטן מיטן 18־יאָריקן לובליִנער מיידל, וואָס איז אויך געווען אין אונדזער וואַגאָן, ווען און ווי אַזוי דורכצופירן דעם פּלאַן. דאָס קליינע פענצטערל פון וואַגאָן איז געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך, אַזוי, אַז האָבנדיק מכשירים וואָלט מען עס לייכט געקאָנט אויסברעכן און, איינציקווייז, אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטערל. אָבער ווו נעמט מען כאָטש אַ האַמער?! ווי נאָר מיר זענען פאַרבײַגעפאָרן לובלין, האָט דאָס לובליִנער 18־יאָריקע מיידל בליצשנעל אַרויסגעשלעפּט אַ שטיין פון הינטער איר צעריסענעם מלבוש און מיט איין שפּרונג איז זי געווען ביים פענצטערל און אָנגעהויבן צו צעהאַקן די ברעטלעך. אַ מוראדיקע שטילקייט האָט אַרומגענומען אונדזער וואַגאָן — דערציילט וויטער רחל יאָזעפסאָן — מיט געפּרעסטע ליפּן און אויסגע־שטאַרצטע אויגן האָבן אַלע מיידלעך פון אונדזער וואַגאָן זיך קאָנצענטרירט אויפן קליינעם פענצטערל, הינטער וועלכן עס האָט געוואַרט פרייהייט... מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם און צאַפּלדיקע הערצער האָבן מיר זיך צוגעהערט צום קלאַפּן פונעם שטיין אין די ברעטלעך... נאָך אַ ווייל... די ברעטלעך וועלן זיך אונטערגעבן און ...

„פּלוצים האָט דער צוג אָנגעהויבן לאַנגזאַמער צו גיין... מיר זענען געבליבן ווי פאַרגליווערט... די וואַך האָט, אפשר, דערהערט דאָס קלאַפּן אין אונדזער פענצטערל און געהייסן אָפּשטעלן די באַן. מיר האָבן פאַר־שטאַנען, אַז אונדזער סוף איז געקומען. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט... אויך אונדזערע הערצער האָבן זיך אָפּגעשטעלט... ווי לאַנג דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט איז שווער צו זאָגן... יעדע סעקונדע האָט זיך אונדז אויסגעוויזן ווי אַן אייביקייט...

„די טיר פונעם וואַגאָן האָט זיך געעפנט. פאַר אונדז האָט זיך באַוויזן די ריזיקע געשטאַלט פונעם עס־עס־מאַן אינפלינג, מיט זיין ציניש שמייכל אויף די צעקרומטע ליפּן און מיט די קליינע דורכשניידנדיקע רוצחישע אויגן, וואָס האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט ווי ביי אַ חיה, ווען זי איז גרייט זיך צו וואַרפן אויף איר קרבן. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ רע־וואָלווער. דער מענטש־חיה האָט מיט אַ רויקן קול זיך געווענדט צו אונדז, אַז מיר זאָלן תיכף אַרויסגעבן די פּערזאָן וואָס האָט געוואָלט אויפהאַקן דאָס פענצטערל. ער גיט אונדז דריי מינוט צייט. אויב מיר וועלן אין משך פון די פאָר מינוט נישט אָנווייזן דעם שולדיקן, וועט ער אַלע מיידלעך פון אונדזער וואַגאָן אויסשיסן ווי די הינט...

„ווי געשפּענסטער האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען צו דער הינטערשטער וואַנט פונעם וואַגאָן, זוכנדיק די אוממעגלעכע באַשיצונג. מיר האָבן זיך אַזוי געפּרעסט צו דער וואַנט פונעם וואַגאָן, וואַרטנדיק אויף

עפּעס אַ נס. דאָס צוריקציִען זיך האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי מען וואָלט אויסגעטאַנצט אַ טויטנטאַנץ...

„אינסטינקטיוו האָט זיך אונדזער גרופּע צעטיילט אין צווייען, בילדנ־דיק אַזוי אַרום אַ האַלבן קרייז.

„פּלוצים האָט זיך פון דער גרופּע אויסגעשיילט אַ געשטאַלט, וואָס איז אין אונדזערע אויגן אויסגעוואַקסן ווי אַ הייליקע. געפירט ווי פון אַ העכערער קראַפט איז די געשטאַלט — דאָס בליענדיקע 18־יאָריקע מיידל פון לובלין — לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צום ליידיקן פּלאַץ אין מיטן וואַגאָן און, אויסגלייכנדיק זיך אין דער גאַנצער לענג, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, זיך געשטעלט אַנטקעגן דער טיר, ביי וועלכער עס איז געשטאַנען דער נאַצי־באַנדיט איגפּלינג.

„ער — איגפּלינג — האָט דאָס דרייסטע מיידל אַ וויילע באַטראַכט און אַריינגעשאָסן אין איר אַ סעריע קוילן פון זיין אויטאָמאַטישן רעוואָל־ווער. דאָס מיידל איז געפאַלן אַ טויטע אין מיטן וואַגאָן, נישט אַרויסלאָזנ־דיק אַפילו קיין קרעכץ. באַלד נאָכדעם האָט איגפּלינג פאַרהאַקט די טיר. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט דער צוג ווידער געריהרט פונעם אָרט. דעם מת פונעם העלדישן לובלינער מיידל האָט מען ערשט אַרויסגענומען פון אונדזער וואַגאָן אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן אָרט, קיין סקאַזשיסקאָ״.

**
*

אייניקע פון די פרויען פון דעם טראַנספּאָרט, וואָס האָבן זיך געפונען אין דעם וואַגאָן, האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. זיי דערמאָנען מיט דער גרעסטער באַוווּנדערונג דאָס העלדישע מיידל פון לובלין וואָס האָט מיט איר פרייוויליקן טויט אויסגעקויפט די לעבנס פון צענדליקער אַנדערע יידי־שע פרויען. קיין איינע פון די געראַטעוועטע מיט וועלכע מיר איז אויס־געקומען צו ריידן וועגן דער דאָזיקער געשעעניש, קאָן זיך אָבער מער נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון דער יונגער קדושה.

רחל יאָזעפסאָן, ווי אַ קראַנקן־שוועסטער איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער קראַנקן־שטובע אין סקאַזשיסקאָ, וווּ זי האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט די דאָקטוירים אדאם גלייכגעוויכט, טאַדעוש ניקעלבערג — ביידע פון וואַרשע, און ד״ר מאַרגוליעס — פון קראָקעווער געגנט.

אין אויגוסט, 1944, זענען זיי אַלע געבראַכט געוואָרן, צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע יידישע פרויען און מענער, פון סקאַזשיסקאָ קיין טשענסטאָכאָוו.

רחל יאָזעפסאָן מיט איר 16־יאָריקער שוועסטער, גוטא, זענען צוגע־טיילט געוואָרן צום האַסאַג־לאַגער „וואַרטאַ". די דאָקטוירים גלייכגעוויכט און ניקעלבערג — צום האַסאַג־לאַגער „פּעלצערי", — די איבעריקע — צו „טשענסטאָכאָוויאַנקאַ", און אַנדערע „ווערק".

גוטאַ יאָזעפסאָן האָט נישט געהאַט קיין העמד און אונטערוועש אויף זיך, זי האָט געטראָגן אַ לאַנגן פאַרטוך אויפן הוילן לייב. זי איז אין לאַגער געווען זייער באַליבט. זי האָט אַליין פאַרפאַסט לידער און סאַטירעס, אין וועלכע זי האָט קריטיקירט די לאַגער־מושלים און די אָרדענונג, וואָס האָט דאָרט געהערשט. זי האָט אויך פאַרפאַסט לידער פון האָפענונג און בטחון, און אַלע האָבן די לידער מיטגעזונגען.

דער קאָמענדאַנט פון זייער לאַגער איז געווען דער עס־עס־מאַן באַ־טענשלעגער — אַ שוידערלעכער סאַדיסט און קאַלטבלוטיקער מערדער. ווי נאָר ער האָט דערזען אַ ייִד, וואָס איז נישט געווען ביי דער אַרבעט, האָט אים דאָס בלוט אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין און יענער האָט שוין געמוזט פאַלן ווי אַ קרבן. באַטענשלעגער האָט נישט געוווסט פון קיין רחמנות, און דאָך — — —

ווען מען האָט ליקווידירט דעם לאַגער אין דעמבלין־אירענא, אויפן לופט־פעלד, וואָס איז געווען פאַרעכנט פאַר איינעם פון די בעסטע לאַגערן אין פוילן, האָט מען די דאָרטיקע ייִדן געבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו, אין „וואַרטאַ"־לאַגער. דער דעמבלינער לאַגער איז אפשר געווען דער איינציקער, ווו מען האָט די ייִדישע אַרבעטער דערלויבט צו וווינען צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער. די גאַנצע צייט זענען זיי דאָרט נישט פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן, און אין פאַרגלייך מיט אַנדערע קאָנצענטראַציע־ אָדער אַרבעט־לאַגערן, איז דעמבלין געווען אַן אמתער גן־עדן.

מען האָט די לאַגערניקעס פון דעמבלין געבראַכט קיין טשענסטאָכאָוו אין צוויי גרופּעס. דער לאַגער־קאָמענדאַנט באַטענשלעגער האָט זיי מקבל פנים געווען — דאָסמאָל מיט אַ צופרידן שמייכל. ער האָט זיך אויסגעפרעגט ווי אַלט די קינדער זענען און אייניקע פון זיי אַפילו אַ גלעט געטאָן. די פּלוצימדיקע צערטלעכקייט פון דעם גרויסן רשע האָט מען אויסגעטייטשט מיט דעם, וואָס זיין פרוי איז געווען שוואַנגער און האָט זיך געריכט אויף אַ קינד.

— יאָ, — האָט באַטענשלעגער געזאָגט, — איצט וועלן מיר זאָרגן פאַר די קליינע... מיר וועלן מאַכן פאַר זיי אַ פיינעם קינדער־גאָרטן און עס וועט זיי דאָ גוט זיין.

ער האָט געהייסן צוזאַמענעמען די קינדער באַזונדער און איז מיט זיי אַוועק, כדי זיי איינצואָרדענען אין בעסערע באַדינגונגען, ווי זיי האָבן געהאַט ביי זייערע עלטערן. דאָס גליק פון די עלטערן האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. זיי האָבן זיך בקרוב דערוווסט, אַז באַטענשלעגער האָט אַלע קינדער, וועלכע מען האָט געבראַכט פון דעמבלין, אויסגעשאָסן.

אַ קורצע צייט נאָך דעם דאָזיקן טראַגישן פאַל האָט מען געבראַכט פון דעמבלין די צווייטע און לעצטע גרופע יידן, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער. באַטענשלעגער האָט זיך שוין געגרייט איינצואָרדענען פאַר זיי אַ נייעם „קינדער־גאָרטן". דאָס איז געווען אין דער זעלביקער צייט, וואָס זיין ווייב האָט געדאַרפט געלעגן ווערן. זי איז זייער שווער געגאַנגען צו־קינד. די דאָקטוירים האָבן אים געזאָגט, אַז אָדער די מוטער אָדער דאָס קינד קאָן בלייבן לעבן. מוז ער מאַכן אַן אויסוואַל צווישן זייביידן.

ווען דעם האָט זיך דערוווסט אַן אַקושערין, וואָס איז געקומען צוזאַמען מיטן לעצטן טראַנספּאָרט פון דעמבלין. זי האָט זיך גלייך געמאָלדן צום קאָ־מענדאַנט באַטענשלעגער און אים פאַרזיכערט אַז זי קען ראַטעוועןביידנס לעבן. זי בעט אָבער דערפאַר איין זאַך: ער זאָל שענקען דאָס לעבן פון די ניי־געבראַכטע קינדער.

באַטענשלעגער האָט געגעבן זיין וואָרט. די יידישע אַקושערין האָט אָפּ־גענומען אַ לעבעדיק קינד און אויך די מוטער איז געבליבן ביים לעבן.

באַטענשלעגער האָט זיין וואָרט געהאַלטן, ער האָט אָבער געשטעלט איין באַדינג: מען זאָל די קינדער באַהאַלטן אַזוי, אַז ער זאָל זיי קיינמאָל פאַר די אויגן נישט זען. אויב ער וועט טרעפן — האָט ער געזאָגט — ביי זיך אין לאַגער אַ יידיש קינד, וועט ער עס דערשיסן אויפן אָרט.

דאָס איז געווען אומגעפער אַ האַלב יאָר פאַר דער באַפרייאונג. אין משך פון דער דאָזיקער צייט — ביז צו דער באַפרייאונג, האָבן די קינדער־לעך זיך אַזוי העלדיש אויפגעפירט, אַז מען האָט זיי נישט געזען אויף דער אויבערפלאַך און מען האָט קיין פּיפּס פון זיי נישט געהערט. ווען עס איז אין לאַגער דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע, האָבן זיי זיך אַזוי קונציק

באַהאַלטן, אַז עס איז זיי אוממעגלעך געווען צו געפינען. זייערע יונגע מוח־לעך האָבן געהאַט אזעלכע איינפאַלן ווו זיך צו באַהאַלטן, אַז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע איז עס גאָרנישט אימשטאַנד אויסצוטראַכטן. זענען זיי טאַקע געווען די איינציקע גרופּע קינדער, וואָס האָט זיך געראַטעוועט.

ווען מען האָט אָנגעהויבן צו עוואַקויִרן די האַסאַג־לאַגערן, איז צווישן די ערשטע 800 ייִדן אַוועק ד״ר גלייכגעוויכט פון פּעלצערי־לאַגער. אויפן וועג קיין בוכענוואַלד איז ער אומגעקומען. געראַטעוועט האָבן זיך ד״ר ט. ניקעלבערג (געפינט זיך היינט אין אויסטראַליע) און ד״ר מאַרגוליעס.

ווען עס איז געקומען די ריי אויפן לאַגער „וואַרטאַ״, איז אויך רחל יאָזעפסאָן געווען אויף דער רשימה אַוועקגעשיקט צו ווערן. ווען מען האָט אויסגערופן איר נאָמען, האָט זי זיך נישט אָפּגערופן. אַזוי אַרום איז זי פאַרבליבן און אַ דאַנק דעם האָט זי זיך געראַטעוועט. איצט געפינט זי זיך מיט איר מאַן, ראָמאַן רעכניץ־לימנער, און מיטן זון, אין ניו־יאָרק. אויך איר שוועסטער גוטא, וואָס איז שוין כמעט געווען אַ „מוסולמענערין״, איז גע־בליבן לעבן און געפינט זיך איצט מיט איר מאַן, פּנחס גאָלדשער, און זייע־רע צוויי קינדער, אין סאַן פּאַולאָ, בראַזיל.

דעם 16טן יאַנואַר, 1945, האָט דער לאַגער אין טשענסטאָכאָוו געאַרבעט נאָך גאַנץ נאָרמאַל, אָבער 4 אַזייגער נאָכמיטיק האָבן זיך שוין אין שטאָט באַוויזן די ערשטע סאָוועטישע טאַנקן.

אַלע די, וואָס האָבן זיך באַפרייט פון די האַסאַג־לאַגערן האָבן געזוכט דעם עס־עס־שטורם־פירער אינפּלינג, וואָס האָט אויף זיין געוויסן אַ גרויסע צאָל דערשאָסענע ייִדן, צווישן זיי אויך דאָס העלדישע מיידל פון לובליִן, וואָס איז געווען אין טראַנספּאָרט מאַידאַנעק־סקאַזשיסקאָ. מען האָט אים שוין נישט געפונען. מען האָט אויך אַרומגעזוכט דעם קאָמענדאַנט פונעם טשענס־טאָכאָווער האַסאַג — דעם עס־עס־באַנדיט באַטענשלעגער. ער האָט אין דער לעצטער מינוט באַוויזן צו אַנטלויפן. מען האָט פאַרכאַפּט זיין רחבותדיק־איינגעאָרדנטע דירה, מיטן גאַנצן אָנגערויבטן ייִדישן פאַרמעגן. דאָרט האָט זיך איינגעקוואַרטירט אַ גרופּע געראַטעוועטע ייִדישע מיידלעך.

***

אַ טייל לייענער וועט אַוודאי וווּנדערן, אַז פאַרשידענע געשעענישן, וואָס איך גיב איבער אינעם דאָזיקן קאַפּיטל, ווי אויך אין אַנדערע קאַפּיטלען,

אַנטשפּרעכט נישט דעם נאָמען פונעם בוך „נאָך דער באַפרייאונג". ווייל איך דאָ אויפקלערן, אַז איך טו עס מיט אַ כוונה. איך וועל עס ,פון צייט צו צייט, אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען אויך טאָן.

און פאַרוואָס איך טו עס?

נאָך דער באַפרייאונג קומט אויס צו הערן יעדן געראַטעוועטן פון אַ געטאָ אָדער אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער איינע און די זעלביקע פראַגע: ווי אַזוי האָט ער זיך געראַטעוועט?... און אָפט באַקומט מען אַן ענטפער: „כ'ווייס נישט". דער דאָזיקער ענטפער איז, לויט מיין מיינונג, אַ ריכטיקער. מען ווייסט טאַקע נישט. עס איז אוממעגלעך צו דערקלערן ווי אַזוי מען איז געבליבן לעבן. מען קען עס פשוט נישט באַנעמען מיטן שכל.

אָנגעבנדיק אַ רייע איבערלעבונגען פון געראַטעוועטע מענטשן, וועט דער לייענער אפשר פאַרשטיין ווי שווער עס איז אויף אַזאַ פראַגע צו ענט־פערן, פאַרוואָס דער איז געבליבן לעבן און נישט אַן אַנדערער. די פאַקטן רעדן פאַר זיך אַליין. דעריבער האַלט איך פאַר נייטיק צו ברענגען אַזעלכע פאַלן פון איבערלעבן די מלחמה — פאַלן, וואָס איינמאָל האָבן זיי איינעם געבראַכט לעבן, און אַ צווייטן — דעם טויט.

קאַפּיטל צוועלף

## מיינע לעצטע טעג אין לובלין

ווען איך בין צוריקגעקומען פון טשענסטאָכאָוו קיין לובלין, — דאָסמאָל איז די רייזע דורכגעגאַנגען אָן שום מניעות — האָב איך געטראָפן דאָרט גרויסע ענדערונגען. די שטאָט האָט אויסגעזען ווי אין צייט פון אַן עוואַ־קואַציע. מען האָט זיך טאַקע געפּאַקט, אָבער נישט כדי צו אַנטלויפן פאַרן שונא, נאָר — כדי צו גיין פאָרויס. אַלץ האָט זיך געגרייט אַריבערצו־טראָגן קיין וואַרשע. אַ סך פון די מיניסטעריומס, מלוכהשע און געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציעס האָבן זיך שוין דאָרט געפונען. די איבעריקע האָבן זיך אין איילעניש געפּאַקט. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן —

אויך. האָבן שוין געפעלט אין שטאָט באַקאַנטע פּנימער, דערפאַר זענען אָבער צוגעקומען פרישע פון די לאַגערן און פון רוסלאַנד, לרוב די ייִדן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן פּוילן. זיי האָבן געהאַלטן — און מיט רעכט — אַז פון לובלין וועט עס זיין לייכטער ווי פון וואַרשע.

געזען זיך מיט דער אלמנה פונעם פאַרשטאָרבענעם סיים־דעפּוטאַט וואַצלאַוו ווישליצקי, וועלכע איז געקומען צוזאַמען מיט איר זון — אַ העכע־רער אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי. איך האָב געטראָפן אין לובלין אַד־וואָקאַט עפּשטיין פון וואַרשע און לוטעק אַלטוסקי — ביידע פּוילישע מיליִ־טערלייט; די משפחה פונעם אַדוואָקאַט ד״ר הערציק פון יאַסלאָ, וועלכע פלעגט אונדז אַזוי גאַסטפרייַנטלעך אויפנעמען בעת אונדזערע גאַסט־אויפ־טריטן דאָרט. זיי האָבן זיך געראַטעוועט אויף אַרישע פּאַפּירן. געטראָפן אויך — אַלס מיליטערלייט: יוסף קערמיש, נח גריס און ד״ר לעאָן בערקאָוויטש, וועלכע האָבן זיך שפּעטער קונה שם געווען מיט די ביכער וואָס זיי האָבן פאַרעפנטלעכט; די פּאַרטיזאַנער משה קאַגאַנאָוויטש און מלך באַקאַלטשוק — מחברים פון ווערטפולע פּאַרטיזאַנער־ביכער, ווי אויך — אַדוואָקאַט באַלעסלאַוו אַלאָמוצקי און אַדוואָקאַט נתן ספּילקאָווסקי. דער לעצטער האָט שפּעטער געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער „בריחה״. מיטן פּוילישן מיליִ־טער זענען אויך געקומען קיין לובלין די ייִדישע שוישפּילער: יעקב גינז־בערג, בינה גודיס פון „יונג־טעאַטער״ און אַננאַ שטאָקפּעדער. געווען אויך אין לובלין סימאָן פרידמאַן, מיט וועלכן איך בין צוזאַמען געווען אין לאַגער, ווי אויך יצחק ליסבאָן און ג. גוטמאַן, וועלכע האָבן זיך פונקט ווי מיר, גע־ראַטעוועט אין זשעליאַנקע.

לכתחילה האָט מען געפּלאַנט די הויפּשטאָט פון פּוילן אַריבערצוטראָגן קיין קראָקע, וואָס איז אין גאַנצן געווען נישט באַשעדיקט פון די קריגס־אָפּעראַציעס. וואַרשע — האָט מען געהאַלטן אין די פּוילישע רעגירונג־קרייזן — ליגט אין חורבות, איז ווי־זשע וועט מען דאָרט קענען איינאָרדענען די פּיל מלוכהשע אינסטיטוציעס, מיט די טויזנטער באַאַמטע און זייערע משפּ־חות. עס האָט געהייסן, אַז צייטווייליק וועט די הויפּטשטאָט פון פּוילן אַרי־בערגעפירט ווערן קיין קראָקע, ביז וואַרשע וועט פּילוויייניקער צוריק אויפ־געבויט ווערן. די רוסישע פּאַרבינדעטע האָבן אָבער אַנדערש געהאַלטן: וואַרשע האָבן זיי געטענהט — מוז שוין בלויז צוליב פּאָליטישע און פּרעס־

טיזש־טעמים בלייבן די הויפּטשטאָט פון נייעם פּוילן. איי, ווי אַזוי ווערט מען דאָס קענען דורכפירן? — אויף דעם האָבן זיי תמיד געהאַט אַ גרייטן ענטפער: „או נאַס ווסיאָ וואָזמאָזשנאָ", דאָס הייסט אויף פּשוט מאַמע־לשון: „ביי אונדז איז אַלץ מעגלעך"... די דעציזיע איז, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, געקומען פון מאָסקווע.

איך האָב זיך געזען מיט מיינע צוויי באַקאַנטע קאַפּיטאַנען פון דער פּוילישער אַרמיי: ד״ר פערשטענדיק (ביי וועלכן איך האָב אין שטוב דער־קענט דאָס ייִדישע מיידעלע טרילינג) און וועבער. ד״ר פערשטענדיק איז געקומען נאָך זיין ווייב און קינד, כדי זיי אַריבערצופירן קיין וואַרשע. די דאָזיקע צוויי מענטשן האָב איך דאָך געהאַט צו פאַרדאַנקען, וואָס כ׳האָב באַלד נאָך דער באַפרייאונג פון וואַרשע געקענט אַהין פאָרן, כדי ווייטער צו זוכן אַ שפּור נאָך מיין קינד. אַליין האָב איך באַין אופן זיך נישט געקאָנט אַהינקריגן. דאָ האָט שוין וואָדקאָ אויך נישט געהאָלפן. קיין שום מיליטער־רישער טראַנספּאָרט האָט מיך נישט געוואָלט אויפנעמען. האָבן מיך מיט־גענומען די אויבנדערמאָנטע צוויי פריינט. זיי האָבן מיר געגעבן אַ ברייטע מיליטערישע פּעלערינע און אַ מיליטעריש היטל און האָבן מיך אַריינגע־זעצט אין אַ גרויסן לאַסט־וואָגן, מיט וועלכן זיי זענען געפאָרן קיין וואַרשע. ווען אַ מיליטערישע קאָנטראָל האָט אויפן וועג אָפּגעשטעלט די מאַשין, האָבן ד״ר פערשטענדיק און וועבער אַזוי געשיקט מאַנעווורירט, אַז די פּאַט־רולן האָבן דורכגעקוקט בלויז זייערע דאָקומענטן, ווי די עלצטע פונעם טראַנספּאָרט און מיך, פּונקט ווי די אַנדערע מיליטערלייט, געלאָזט צו רו. ווען מיר האָבן זיך דעמאָלט דערנענטערט צו פּראַגע, האָט מען אונדזער לאַסט־אויטאָ אָנגעהויבן צו באַשיסן. קיין דייטשן זענען שוין נישט געווען, האָבן, הייסט עס, געשאָסן „היימישע" פּאָליאַקן...

ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער ווייסל איז שוין געווען פינצטער. די בריקן זענען געווען אויפגעריסן און סאַפּערן האָבן אויפגעשטעלט אַ צייטווייליקע בריק. מיר האָבן געזען ווי ריזיקע מחנות פון רוסיש און פּויליש מיליטער גייען צו פוס איבער דער פאַרפרוירענער ווייסל קיין וואַרשע. היות אין וואַרשע, האָבן מיר פאַרשטאַנען, וועט נישט זיין ווו צו שלאָפן, האָבן מיר דעמאָלט באַשלאָסן איבערצונעכטיקן אין פּראַגע. מיר זענען צוגעפאָרן צום וואַרשעווער מאַגיסטראַט, וואָס האָט זיך טאַקע געפונען

אין פּראַגע. דער פּרעזידענט פון דער שטאָט וואַרשע איז צו יענער צייט געווען אינזשיניער מאַריאַן ספּיכאַלסקי (גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקיס פאַר־טרעטער און היינטיקער פאַרטיידיקונג־מיניסטער פון פּוילן). דאָרט האָט מען אונדז צוגעטיילט אַ פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן. די וויטערדיקע געשעענישן, אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאַפּיטל פון מיין איינציק קינד, האָב איך באַשריבן אין מיין בוך „אין קאַמף פאַרן לעבן".

ד"ר פערשטענדיק און וועבער זענען מיט אַ פּאָר טעג צוריק געקומען פון בידגאָשטש (ביי די דייטשן האָט די שטאָט געהייסן בראָמבערג). זיי האָבן איבערגעגעבן זייער טרויעריקע גרוסן פון דאָרט.

די שטאָט איז באַפרייט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי דעם 24סטן יאַנואַר, 1945. די קאַמפן מיט די דייטשן אין שטאָט גופא, האָבן אָנגעהאַלטן פונעם 21סטן יאַנואַר אָן. בעת די גאַסן־שלאַכטן זענען אַ סך יידישע פרויען געפאַלן פון די קוילן. איך שטרייך אונטער: פרויען, מחמת דאָרט האָבן זיך געפונען בלויז פרויען, וועלכע מען האָט צוזאַמענגעברענגט פון קייזערהאָף־ריגע, טאָרן און אַנדערע אַרומיקע לאַגערן, וואָס האָבן געהערט צום דייטשישן צענטראַל־לאַגער פון „א. ע. ג." אין שטוטהאָף — דאַנציג. די דייטשן האָבן די דאָזיקע יידישע פרויען געזאָלט אומברענגען אין דאַנציג. פון טאָרן אַליין זענען אַרויס אויפן וועג קיין דאַנציג ביי 1.600 יידישע פרויען. ביז די גרויסע גרופּע פרויען איז אָנגעקומען קיין בידגאָשטש — אַן ערך 55 קילאָמעטער פון טאָרן, זענען כמעט אַ העלפט אַוועקגעפאַלן און פאַרפרוירן געוואָרן. אַלע זענען זיי געווען נאַקעט און באָרוועס. זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין די בלויזע „פּאַשיאַקעס" (געשטרייפטע קאַצעט־קליידער). אַ סך פון זיי זענען געשטאָרבן קומענדיק קיין בידגאָשטש. אויך פון אַנדערע לאַגערן האָט מען געפירט די פרויען קיין דאַנציג, אָבער אין בידגאָשטש, וואָס איז געלעגן אויפן וועג קיין דאַנציג, איז שוין די דייטשישע וואַך אַנטלאָפן און איבער־געלאָזט די פרויען אויף הפקר. דאָ האָבן זיך די יידישע פרויען געפונען אין מיטן אַ שלאַכט, צווישן צוויי פייערן. אין בידגאָשטש האָט מען די אומ־גליקלעכע פרויען אין קיין שום הויז נישט געוואָלט אַריינלאָזן און צוליב דעם זענען פיל יידישע פרויען אומגעקומען אין דעם סאַמע לעצטן טאָג פונעם קריג.

נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פון צרות. הונ־

דערטער פּרויען האָט מען געמוזט אַריינגעמען אין די שפּיטאָלן, וועלכע זענען געווען איבערפולט מיט קראַנקע, געשוואָלענע פון הונגער אָדער פאַר־געוואַלדיקטע דורך די רוסישע באַפרייער.

אַגב, האָט מיר שפּעטער דערציילט איינע פון די געראַטעוועטע פון יענעם גהינום, אַז ווי נאָר די באַפרייער האָבן ערגעץ באַמערקט אַ פּאָר יונגע פרויען (לרוב האָבן זיך די מיידלעך געהאַלטן צוזאַמען), האָבן זיי גלייך באַ־לאַגערט דעם אָרט ווו די מיידלעך האָבן זיך געפונען. עס זענען אויף דער גאַס געשטאַנען אויסגעשטעלט גרויסע רייען פון שיכורע רויט־אַרמייער, זעלטן ווען איינער פון זיי איז געווען ניכטער, — וועלכע האָבן געוואַרט אויף זייער „אָטשערעד" (ריי) צו די אומגליקלעכע פרויען... עס האָבן דאָ נישט געהאָלפן קיין בקשות, קיין געוויינען פון די מיידלעך, אַז זיי זענען קראַנק, אויסגעמאַטערט פון דער שווערער קאַטאָרגע־אַרבעט ביי די דייטשן, און אַז זיי האַלטן זיך קוים אויף די פיס. דער ענטפער איז געווען: „מיר האָבן אייך געגעבן די פרייהייט, מוזט איר אונדז געבן"... (דאָ קומט אַ נישט צענ־זורירבאַר וואָרט).

ווען דאָס פּוילישע מיליטער איז אַריין קיין בידגאָשטש, זענען שוין אַ פּאָר הונדערט פרויען געלעגן אין די שפּיטאָלן.

קאַפּיטאַן וועבער האָט מיר געזאָגט:

— אַ שוידער איז מיר דורך איבערן גאַנצן לייב, ווען איך האָב אָנגע־קוקט די אויסגעמאַטערטע, כמעט נאַקעטע באַשעפענישן, וואָס האָבן גיכער אויסגעזען ווי מענטשן־סקעלעטן. די ייִדישע מיליטערלייט האָבן אַליין, אויף אייגענער אחריות, אָרגאַניזירט אַ באַוואָפנטע וואַך, כדי אָפּצוהיטן די פּיל־געפּלאָגטע ייִדישע מאַרטירערינס, און עס זענען צוליב דעם נישט איין מאָל פאָרגעקומען געשלעגן און אַפילו שיסערייען צווישן די ברוטאַלע אָנפאַלער און באַשיצער.

ד"ר פערשטענדיק האָט מיר געזאָגט, אַז ווען ער און קאַפּיטאַן וועבער זענען מיט זייער אָפּטיילונג אַריינגעקומען קיין בידגאָשטש, האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן איינצופירן אַ ביסל אָרדענונג. ער האָט באַפוילן אַלע דייטשקעס (זייערע מענער זענען אַנטלאָפן צוזאַמען מיטן דייטשישן מיליטער) זיי זאָלן זיך אָנטאָן אין זייערע בעסטע קליידער און צונויפזאַמלען זיך אויפן מאַרק. דאָרט האָט ער אויך צונויפגענומען אַלע ייִדישע פרויען, אין זייערע אָפּגע־

ריסענע, געשטרייפטע קאַצעט־קליידער, זיי אַלע אויסגעשטעלט אין צווייי רייען; איינע אַנטקעגן די צווייטע און באַפוילןביידע זייטן תיכף זיך צו בייטן מיט די קליידער און שיך. אַזוי אַרום האָט ער די ייִדישע פּרויען דערוויייל באַזאָרגט מיט מלבושים. דערנאָך האָט ער רעקווירירט דירות פּאַר די פרויען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, — וואָרים ביז דעמאָלט האָבן זיי זיך נאָך געוואַלגערט אין שייערן און אויף די טרעפּ פון פרעמדע הייזער. די דייטשקעס האָבן זיי אויך איצט נישט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך, מיטן אויסרייד, אַז זיי וועלן פאַרלייזיקן זייערע דירות.

אַ דאַנק דעם טרויעריקן גרוס וואָס ד״ר פערשטענדיק און וועבער האָבן געבראַכט פון בידגאָשטש, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט תיכף מאָביליזירט הילף פּאַר די אומגליקלעכע ייִדישע פרויען. מען האָט אַרויסגעשיקט אַהין אַ ספּעציעלן שליח פון לובלין — יהודה עלבערג, מיט אַ גרעסערן טראַנס־פּאָרט פּראָוויאַנט. עס האָט זיך אויך געגרינדעט אין בידגאָשטש אַ ייִדישער קאָמיטעט, וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז פרויען, פאַרשטייט זיך, און עס איז דאָרט געוואָרן אַ ייִדישע פרויען־רעפּובליק.

וועגן די איבערלעבונגען פון די דאָזיקע געוועזענע קאַצעטלערינס און זייערע צרות שוין נאָך דער באַפרייאונג אין דער בידגאָשטשער „פרויען־רעפּובליק״ האָט מען נישט אויפגעהערט צו רעדן.

**
*

צוליב דעם וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט, אַלס די העכסטע ייִדישע רעפּרעזענטאַנץ האָט אויך געדאַרפט זיך איבערטראָגן אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע, איז אין לובלין געגרינדעט געוואָרן אַ וואָיעוואָדישער ייִדישער קאָמיטעט, בראש מיט ל. שפּירא, אַלס פאָרזיצער. עס האָט זיך אין לובלין אָנגעהויבן אַ פאַרשטאַרקטע קולטור־אַרבעט, וועלכע עס האָט אָרגאַניזירט ראובן זיגעלבוים (אַ ברודער פונעם קדוש ארטור שמואל זיגעלבוים). ער איז געקומען קיין לובלין ווי אַ סאָלדאַט פון דער פּוילישער אַרמיי און איז שפּעטער געווען פון די ערשטע, וואָס זענען אַוועק קיין אויסלאַנד. זייענדיק אין לובלין, איז ער געשטאַנען בראש פונעם קולטור־רעפעראַט ביים דאָר־טיקן ייִדישן קאָמיטעט. אין פּרץ־הויז זענען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן,

רעציטאַציע־פּרימאָרגנס, מען האָט געהאַלטן לעקציעס, אאַז״וו. אין די אימ־פּרעזעס האָבן זיך באַטייליקט: דער געוועזענער פאָרזיצער פון דער ווילנער יידישער קהילה — העקלער, גרשון טאַפּעט, דער דיכטער־פּאַרטיזאַן שמעון קאהאַן (ריגער), וואָס האָט געלייענט זיינע אייגענע שאַפונגען. צוליב זייער אַקטואַליטעט האָבן זיינע אַרויסטריטן כסדר געמוזט איבערגעחזרט ווערן — אַזאַ דערפאָלג האָבן זיי געהאַט ביים עולם. דיאַנאַ בלומענפעלד, דידיאַ עפּשטיין און דער מוזיקער ראַבינאָוויטש זענען אויפגעטראָטן מיט זייערע קאָנצערטן, ווי אויך ר. זיגעלבוים — מיט רעציטאַציעס.

דער היסטאָרישער דעפּאַרטאַמענט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין לובלין נאָך אין חודש נאָוועמבער, 1944, דורך ד״ר ראובן סאַפראַן־פעלדשו, ביי דער באַטייליקונג פון ד״ר באַאומינגער און מגר. נחמן בלומענטאַל, איז לכתחילה געווען אַן אָפּטייל פונעם צ״ק פון פּוילישע יידן. ערשט נאָכן אָנקו־מען פון ד״ר פיליפ פרידמאַן קיין לובלין איז דער דעפּאַרטאַמענט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע. נאָך זיין אַנטשטיי־אונג, האָט דער היסטאָרישער דעפּאַרטאַמענט גלייך אַרויסגעלאָזט אַן עפנט־לעכן אויפרוף (דער ערשטער פון דעם מין) צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן חורבן, וועלכע איך האָב טיילווייז אויך אויסגענוצט צו אונדזערע יידישע ראַדיאָ־אוידיציעס.

ווען די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף איר שטענדיקן זיץ־אָרט, קיין לאָדזש, איז אין לובלין אַנטשטאַנען אַ וואָיעוואָדישע היסטאָרישע קאָמיסיע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך גרשון טאַפּעט.

שפּעטער האָט זיך אויך געבילדעט אַ רעליגיעזער דעפּאַרטאַמענט.

איך האָב פריִער דערמאָנט, אַז אין לובלין האָט זיך גרופּירט אַ גרע־סערע צאָל יידן, וועלכע האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. עס איז נויטיק צו דערמאָנען אַ פאַל, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די שטימונגען און געפילן פון דער מערהייט יידן, וועלכע האָבן זיך, נאָך דער באַפרייאונג, גע־פונען אין לובלין.

דער צענטראַל־קאָמיטעט, וועלנדיק דורכפירן, לויטן אויסגעאַרבעטן פּלאַן, די פּראָדוקטיוויזאַציע־אַרבעט צווישן יידן, האָט אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרצווייגטע פּראָפּאַגאַנדע, כדי פּאָפּולאַריזירן די אידייע. איבער 800 מענטשן

זענען געקומען צו דער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אינעם פּרץ־הויז. געעפנט דעם מיטינג האָט ד״ר עמיל זאַמערשטיין. וועגן דער נויטווענדיקייט פון פּראָדוקטיוויזאַציע און אָפּרייסן די יידן פון לופט־געשעפטן, האָבן גערעדט: פּ. זעליצקי, ג. יאשונסקי, ג. אלעף, הרב שטשע־קאַטש און ד״ר הערשענהאָרן. דער גרויסער עולם איז די גאַנצע צייט גע־זעסן רויִק און אויסגעהערט געדולדיק די רעדנער. ווען אַלע רעדעס האָבן זיך געענדיקט, האָט מען געוואָרט עס זאָל זיך אָנהייבן אַ דיסקוסיע אַרום דער פּראַגע. קיינער האָט זיך אָבער נישט פאַרשריבן צום וואָרט. זעענדיק די שטילקייט וואָס עס הערשט אין זאַל, האָט דער פאָרזיצער פאָרגעלייגט, אַז לטובת דער זאַך איז ווינטשנסווערט מען זאָל זיך פריי אַרויסזאָגן וואָס מען טראַכט וועגן דעם גאַנצן פּלאַן. נאָך אַ גרויסער פּויזע, האָט זיך אויפ־געשטעלט אַ סאָוועטישער מיליטערמאַן, אין ראַנג פון אַ סערזשאַנט און געבעטן אים צו געבן דאָס וואָרט.

ווי איבערראַשט זענען אַלע געוואָרן, ווען דער סאָוועטישער מיליטער־מאַן האָט אָפן, אָן שום מורא, אָנגעהויבן צו קריטיקירן דעם גאַנצן פּראָיעקט פון פּראָדוקטיוויזאַציע.

— צו וואָס פּטרן צייט און כוחות אויף פּלענער, וועלכע וועלן נישט האָבן קיין שום יסוד — האָט ער געזאָגט — אַנשטאָט צו נעמען זיך ענערגיש זוכן אַ מעגלעכקייט, אַז די יידן וואָס ווילן עמיגרירן, זאָלן עס וואָס גיכער קענען טאָן, — און נאָר אין דער ריכטונג — האָט ער פאַרענדיקט — דאַרפן גיין, לויט מיין מיינונג, אַלע אָנשטרענגונגען.

עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל, וואָרים די געשווירענע אָנהענ־גער פון בויען און פון שטאַרקן דעם יידישן „המשך“ אין פוילן, האָבן אים פאַרשריגן און עס האָט שוין געהאַלטן ביי אַ געשלעג. איך שרייב: עס האָט געהאַלטן, ווייל די, וואָס האָבן די מהומה אַרויסגערופן, האָבן באַמערקט אַז דער סערזשאַנט אינעם סאָוועטישן מונדיר האָט צו פיל אָנהענגער אין זאַל, און זיי האָבן זיך באַלד צוריקגעצויגן. ווען דער פאָרזיצער האָט באַרויִקט די צערייצטע געמיטער, האָט מען אויף שנעל אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, וועלכע מען האָט פאַקטיש אַפילו נישט געשטעלט צו דער אָפּשטימונג.

היות דער סאָוועטישער סערזשאַנט, וואָס האָט גענומען דאָס וואָרט איז געזעסן אין דער זעלביקער ריי מיט מיר, האָב איך דעם מיליטערמאַן, וואָס

איז געווען באַהאַנגען מיט פיל מיליטערישע אויסצייכענונגען, באַטראַכט מיט אויפמערקזאַמקייט און באַוואונדערט זיין דרייסטקייט. איך האָב זיך נאָכגע־פרעגט ביי מיינע שכנים צי זיי ווייסן ווער ער איז. מען האָט מיר געענט־פערט, אַז דאָס איז אַ באַקאַנטער יידישער פּאַרטיזאַן — לייזער לידאָווסקי, וועלכער האָט, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, געאַרבעט אין דער אונטערערדישער „בריחה”, און ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ סך חסידים אַרום זיך, וואָס וואָלטן אים נישט געלאָזט טאָן קיין עוולה...

ווען דער עולם איז אַרויס פון זאַל, האָט געהערשט אַ מאָדנע שטילקייט, ווי יעדער איינער וואָלט געווען פאַרטאָן אין זיינע אייגענע מחשבות. גייענ־דיק אויף די טרעפּ, האָב איך פּלוצים דערהערט אַ טיפן קרעכץ, וואָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַן עכאָ איבערן קאָרידאָר. דאָס איז געווען אַ קרעכץ, וואָס איינער פון די פיל יידישע מיליטערלייט, וועלכע זענען געווען אויף דעם מיטינג האָט אַרויסגעלאָזט. איך האָב זיך אַ ווייל פאַרהאַלטן. עס האָט מיך דערמאָנט די געשיכטע מיט אַ רוסישן אָפיציר — אַ ייִד, וועגן וועלכן לייב ראָכמאַן האָט מיר מיט אַ קורצער צייט צוריק דערציילט. אין איינע פון די סאָוועטישע אַמטן, ווו עס איז ראָכמאַנען אויסגעקומען צו אינטער־ווענירן וועגן אַ געוויסן קהלשן ענין, האָט ער, זייענדיק אין דער קאַנצע־לאַריע, באַמערקט אַ באַברילטן עלטערן מענטשן — אַ יידישער אָפיציר — וואָס איז געזעסן ביי אַ טיש און גערעכנט. דער דאָזיקער אָפיציר וואָלט אפשר נישט געצויגן אויף זיך קיין ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט, ווען נישט דאָס, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן קרעכץ און גע־רעדט ווי צו זיך אַליין: „אוי ווײ נישט צו מיר ,נעבעך”...

ווען ראָכמאַן האָט מיר וועגן דעם דערציילט, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר צומאָרגנס אַהין פירן, ווייל עס איז מיר אינטערעסאַנט אָנצו־קוקן דעם מאָדנעם אָפיציר. מיר האָבן אים געטראָפן אויפן זעלביקן פּלאַץ און באַמערקט ווי ער רעדט ווידער ווי צו זיך אַליין און קרעכצט: „ווײ נישט צו מיר... ימח שמם”...

ראָכמאַן האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס קרעכצט איר כסדר, ר׳ ייִד?

דער אָפיציר האָט אַ קוק געטאָן אויף אונדז פון אונטער זיינע ברילן,

באַטראַכט אונדז און הערנדיק, אַז מיר זענען היגע ייִדן, האָט ער שטיל צו אונדז געזאָגט:

— איר ווייסט גאָרנישט וואָס פאַראַ שונאי ישראל דאָס זענען... זיי טוען מיר אָן געבראָטענע צרות...

מסתמא האָט דער ייִדישער סאָלדאַט, וואָס איז אַראָפּ פון די טרעפּ נאָך דעם מאַסן־מיטינג אין פּרץ־הויז געהאַט די זעלביקע מחשבות...

*
**

אינעם זעלביקן טאָג האָב איך און דיאַנאַ, קומענדיק אין דער ראַדיאָ־סטאַציע, זיך אָנגעשטויסן אויף אַ יונגער פרוי, מיט אַן אָפּגעראַזירטן קאָפּ, אויסגעמאָגערט ביז צו די ביינער, און אָנגעטאָן אין „פּאַשיאַקעס" (קאָנצענט־ראַציע־לאַגערקליידער). ווען מיר האָבן געפרעגט דער פּיאַניסטין האַלינאַ שמעל, וואָס האָט אויך געאַרבעט אינעם לובלינער ראַדיאָ (צוזאַמען מיט איר שוועסטער — דער זינגערין ראָהאַטינער) ווער דאָס באַשעפעניש איז, האָט זי אונדז געזאָגט:

— דאָס איז די פּיאַניסטין אַדעלאַ באַי.

זי האָט אויסגעזען שרעקלעך. מיר האָבן זיך אָבער אויפגעהערט צו וווּנדערן ווען מיר האָבן דערהערט, אַז אַדעלאַ איז נאָרוואָס געקומען פון דעם באַרימט־געוואָרענעם „בידגאָשטש"... זי איז אַהין געבראַכט געוואָרן פונעם לאַגער קייזערוואַלד־ריגע. אין בידגאָשטש זענען דעמאָלט אָנגעגאַנגען שלאַכטן צווישן די דייטשן און רוסן. ווי נאָר די שטאָט איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אַרמיי, האָט אַדעלאַ באַי מיט נאָך אַ גרופּע פרויען, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען איר נאָענטסטע פריינדין, פלאָראַ ראָם, פון ווילנע, ווו זיי האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט דאָס געטאָ, אַרויפגע־כאַפּט זיך אויף אַן אָפענעם וואַגאָן מיט קוילן, וואָס איז געגאַנגען אין דער זייט צו מזרח. זיי זענען געפאָרן 8 טעג און 8 נעכט, ווינטערצייט, אויף דעם אָפענעם פלאַטפאָרם־וואַגאָן מיט קוילן, ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין לובלין. דאָס איז געווען אין חודש פעברואַר — אַן אומגעהייערער פראָסט — און מען האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן. אויף יעדער סטאַנציע, ווו נאָר דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, זענען זיי אַראָפּגעשפּרונגען פונעם קוילן־וואַגאָן

און צונויפגעזאַמלט דאָס אָפּפאַלעכץ פון עסן, וואָס די סאָלדאַטן האָבן אַוועק־געוואָרפן אויף דער ערד. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי זיך דערנערט בעת דער לאַנגער רייזע קיין לובלין.

ווען אַדעלאַ באַי איז, אָנקומענדיק קיין לובלין און געגאַנגען פון דער באַן אין שטאָט אַריין, האָט זי באַמערקט אויף די ווענט אַפּישן וועגן אַ קאָנצערט פונעם באַרימטן פּיאַניסט שפּינאַלסקי. זי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן נאָכצופרעגן וועגן אים און מען האָט איר געזאָגט, אַז זי קען אים געפינען אין דער ראַדיאָ־סטאַנציע. זי איז גלייך אַהין אַוועק. ווי נאָר זי איז אַריין אין דער סטודיאָ און דאָרט דערזען אַ פּיאַנאָ, איז זי, פאַרגעסנדיק אין אירע אַלע צרות, צוגעלאָפן צום אינסטרומענט און אַוועקגעזעצט זיך שפּילן, צום ערשטן מאָל, נאָך אַ פּאָר יאָר געצוואונגענעם איבעררייס... זי האָט געשפּילט ליסט, שובערט, דעביוסי — און אַלץ פון אויסנווייניק, אָן נאָטן. אירע פינגער האָבן הונגעריק אויסגעקלאַפּט די טענער און פון די אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן... טרערן פון פרייד.

זי האָט שוין נישט געוואָלט פאַרלאָזן די ראַדיאָ־געביידע. זי איז דאָרט געבליבן. זי איז געשלאָפן אויף די שטולן אין קאָרידאָר, ווו עס זענען גע־שטאַנען אָנגעשטעלט די עמערס מיט די וואַש־בערשטן, אָבער דאָס גליק, אַז זי האָט איצט צו יעדער צייט געקאָנט האָבן אַ פּיאַנאָ צו שפּילן, האָט גובר געווען אַלע אומבאַקוועמלעכקייטן. מען האָט זי שוין נישט אָפּגעלאָזט און זי איז טאַקע באַלד געוואָרן אַ שטענדיקע מיטאַרבעטערין פונעם לובלי־נער ראַדיאָ, ווי אַ סאָליסטין און אַקאָמפּאַניאַטאָרין. גלייך צומאָרגנס האָט זי שוין אַקאָמפּאַנירט דעם אָפּערן־זינגער איגנאַצי דיגאַס. דעם 27סטן פעב־רואַר האָט זי געגעבן איר אייגענעם ערשטן סאָלאָ־קאָנצערט.

די באַגאַבטע פּיאַניסטין אַדעלאַ באַי שטאַמט פון אַן אָנגעזעענער מוזי־קאַלישער משפּחה. איר פאָטער שלמה באַי (בן אברהם יצחק יעקב) איז אין משך פון 50 יאָר געווען חזן פון דער דייטשישער שול אין לאָדזש. ער איז געשטאָרבן אין לאָדזשער געטאָ. עס איז אים תמיד אויסגעקומען צו פירן אַ שווער לעבן, וואָרים ער האָט געהאַט אויסצוהאַלטן אַ פרוי מיט 9 קינדער. ווען די קינדער זענען אונטערגעוואָקסן האָבן זיי אים שוין צוגעהאָלפן אין פּרנסה. באַי איז געווען אַ פאַרטגעשריטענער ייִד, אַ סך געלערנט און אַ סך געלייענט. אין זיין דירה זענען גאַנצע צוויי ווענט געווען איבערגעפולט מיט

ביכער, וועלכע ער האָט געקויפט פאַר די לעצטע גראָשנס און זיי אַליין איינגעבונדן. ער האָט אויך געהאַט צוויי פולע שענק מיט נאָטן, און דאָס — נישט נאָר חזנישע.

איז דען אַ וווּנדער, אַז פון אַזאַ סביבה זענען אויסגעוואַקסן אַזעלכע קינדער ווי עס זענען די באַיס. איין זון — עמאַנועל באַי — איז דער לאַנג־יאָריקער שטענדיקער אַקאָמפּאַניאַטאָר פון יאַשאַ חפץ; דער צווייטער — וויקטאָר — אַ באַקאַנטער דיריגענט, טאַמאַראַ באַי־ראָזענקראַנץ — אַ באַקאַנטע פּיאַניסטין אין בראַזיל. פון די איבעריקע קינדער, איז דער ייִנגסטער — ד״ר משה באַי און די טאָכטער רחל, צוזאַמען מיט דער מוטער, אומגעקומען ביי די דייטשן. נאָך אַ שוועסטער — הדסה — וואָס איז געווען אַ באַגאַבטע מאַטעמאַטיקערין, איז אַוועק קיין רוסלאַנד און יעדער שפּור נאָך איר איז פאַרשווּנדן געוואָרן; די איבעריקע קינדער, פּונקט ווי אַדעלאַ באַי, לעבן אין אַמעריקע.

אַדעלאַ באַי האָט זיך קונה שם געווען מיט אַ מוזיק־דערפינדונג, א״נ „טאָנאָמעטער״, וועלכער האָט געמאַכט צוגענגלעך די פּרינציפּיעלע באַגריפן פון מוזיק פאַרן ברייטן עולם, בפרט — פאַר קינדער. דאָס איז די קורצע געשיכטע פון אַ שטאַם, וואָס האָט, לויט דער נאַציסטישער אידעאָלאָגיע, נישט געהאַט קיין רעכט צו לעבן...

***

דורך לובלין זענען דורכגעגאַנגען אַ חוץ די ייִדן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די לאַגערן, וועלדער און פון דער אַרישער זייט, אויך ייִדישע קריגס־געפאַנגענע פון די אַמעריקאַנער, פראַנצויזישער און ענגלישער אַרמייען. אויך זיי האָבן זיך, צו יענער צייט, אָנגעוואַרעמט אין דער ייִדישער סביבה, וואָס זיי האָבן געפונען אין לובלין. זיי האָבן זיך מחיה געווען מיט אַ ייִדיש וואָרט און מיט אַ ייִדיש ליד, וואָס זיי האָבן זייט יאָרן נישט געהערט.

קאַפּיטל דרייַצן

# לובלין—וואַרשע

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן האָט זיך דעם 28טן פעברואַר, 1945, אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין פּאָק־טישע טעטיקייט.

איך האָב זיך געזעגנט מיט לובלין אויף שטענדיק. מיין פרוי איז נאָך דאָרט געבליבן און ווייטער געפירט איר אַרבעט אין דער ייִדישער ראַדיאָ־שעה. די הויפּט־פאַרוואַלטונג און די צענטראַלע פונעם מלוכה־ראַדיאָ האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע, פּונקט ווי אַלע מלוכהשע אינסטיטוציעס.

מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן קיין וואַרשע צוזאַמען מיט נאָך אייניקע מיטגלידער פונעם צ״ק אין אַ מיליטערישן דזשיפּ, וואָס איז געשטאַנען צו דער דיספּאָזיציע פון ד״ר ש. הערשענהאָרן. דער וועג קיין וואַרשע איז געווען זייער אַ שווערער. דער לובלינער שאָסיי איז געווען דורכגעהאַקט מיט טיפע גריבער און לעכער פון די מינעס, וואָס מען האָט באַזייטיקט, און פון די אויפרייסן פון אַעראָפּלאַן־באָמבעס. דעם וועג האָט מען נאָך נישט באַוויזן צו פאַרריכטן, אָדער, ווי מען האָט געשמועסט, האָבן די פּוילישע באַוואָפנטע באַנדעס, וואָס האָבן געהערשט אין יענער געגנט, ספּעציעל גע־מאַכט די דאָזיקע שטערונגען, כדי עס זאָל זיי לייכטער זיין אָפּצושטעלן און באַפאַלן קליינע מיליטערישע אָפּטיילונגען.

אונדזער שאָפער האָט דעריבער געמוזט פאָרן לאַנגזאַם און פאָרזיכטיק און אַזוי קונציק מאַנעווורירן, אַז די מאַשין מיט אירע פּאַסאַזשירן זאָל זיך נישט איבערקערן. צוליב דעם איז אונדז אויסגעקומען צו פאָרן זייער לאַנג, און ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אָטוואָצק איז שוין געווען גוט טונקל. היות אין יענע צייטן, און בפרט אין יענער געגנט, איז נאָך געווען געפערלעך צו פאָרן ביינאַכט, האָבן מיר באַשלאָסן איבערצונעכטיקן אין אָטוואָצק, ביי אונדזערע באַקאַנטע אָסקאַר אַוואַל און פסח לעדערמאַן — צוויי שוואָגערס, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט.

פּסח לעדערמאַן האָט זיך געראַטעוועט אַ דאַנק זיין גלענצנדיק אַרישן אויסזען. ער האָט אָבער געהאַט כסדרדיקע דורכפאַלן, און דאָס גראָד נישט צוליב זיין אויסזען, נאָר צוליב זיין נאָמען, וועלכן ער האָט זיך אויסגעקליבן אַלס אַריער. זיין קענקאַרטע איז געווען אויסגעשטעלט אויפן נאָמען פון פּיאָטר ציעמפּינסקי, וועלכן די געשטאַפּאָ האָט אַרומגעזוכט ווי מיט ליכט (פּיאָטר ציעמפּינסקי איז געווען אַ געוויזענער רעדאַקטאָר פון דער פּאָפּולערער צייטונג „קוריער וואַרשאַווסקי״). האָט לעדערמאַן געמוזט אַנטלויפן פון וואַרשע און זיך פאַרשאַפן אַן אַנדערע „קענקאַרטע״. ער האָט איבערגעלעבט די מלחמה. נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל צרות, צוליב זיין נאָמען. ער איז אַוועק פון פּוילן, כדי ענדלעך אָנצוהייבן אַ ניי לעבן. ער האָט זיך באַזעצט אין מעקסיקע. דאָ איז ווידער אויפגעשווומען אַ מעשה מיט אַ נאָמען. מען האָט אים אין מעקסיקע אָנגענומען פאַרן טרויעריק־באַרימטן פּאָליציי־אָפיציר אין וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט אויך געהייסן לעדערמאַן (אגב לעבט ער און געפינט זיך אין פּוילן). עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל אים אין מעקסיקע פאַרשרייען ווי אַ יידישן פאַררעטער. ביז עס איז אים געלונגען צו באַווייזן, אַז ער האָט נישט קיין שייכות מיטן יידישן פאַררעטער, האָט גענומען אַ לאַנגע צייט. אַזוי איז דעם אומשולדיק־באַשולדיקטן אויסגעקומען צו ליידן איינמאָל צוליב זיין געפעלשטן אַרישן נאָמען און אַ צווייט מאָל — צוליב זיין ריכטיקן יידישן נאָמען — איןביידע פאַלן פאַר פרעמדע חטאים.

איך ווייס פון יידן, וועלכע זענען אין דער ערשטער צייט נאָך דער באַפרייאונג אַרעסטירט געוואָרן אין פּוילן דורך דער רויטער אַרמיי אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי זענען פאָלקסדייטשן, מחמת זיי האָבן נאָך געהאַט די געפעלשטע דאָקומענטן פון די נאַצישע צייטן, אַ דאַנק וועלכע זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. עס האָט זיי נישט געהאָלפן זייער פאַרטיידיקן זיך, אַז זיי זענען יידן, און די דאָקומענטן זענען געפעלשטע, און, טיילמאָל, איידער מען האָט נאָך באַוויזן, אין אַזאַ פאַל, פעסטצושטעלן דעם טעות, זענען זיי שוין געווען פאַרשיקט קיין רוסלאַנד...

לעדערמאַנס ברודער — איזידאָר — און זיין שוואָגער אַוואָל, האָבן צוזאַמען מיט הענריק רובינליכט, איבערגעלעבט די מלחמה אין אַ באַהעלטעניש אין שווידער, הינטער אָטוואָצק. זיי האָבן זיך געראַטעוועט ביי אַ

געוויסער פרוי קאַטאַזשינאַ קאַמינסקאַ, וועלכע האָט, אַ חוץ זיי, אויסבאַ־האַלטן ביי זיך נאָך אַ צענדליק ייִדן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַדוואָקאַט גוטמאַכער און אַדוואָקאַט וואַלטעגער.

קאַטאַזשינאַ קאַמינסקאַ איז געווען די אָנפירערין פון אַ גרויסן פענ־סיאָנאַט אין שווידער, וואָס האָט פאַרן קריג געהערט צו אַ ייִד. דער אייגנ־טימער איז אומגעקומען. נאָך דער באַפרייאונג האָט זי ווייטער געפירט דעם פענסיאָנאַט. הענריק רובינליכט, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין פרוי און טאָכטער אין וואַרשעווער געטאָ (אַגב אַ מיטגליד פון דער באַקאַנטער רובינ־ליכט־משפחה אין וואַרשע) האָט נאָך דער באַפרייאונג באַשלאָסן, ביז זיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע צו זיינע שוועסטער פראַנקאַ רובינשטיין און דער באַקאַנטער שוישפּילערין בעלאַ בעלערינאַ, ווייטער צו פאַרבלייבן אין פענ־סיאָנאַט אין שווידער, נעבן אָטוואָצק.

בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז שווידער, פּונקט ווי אָטוואָצק און אַנדערע אָרטשאַפטן אויף דער אַזוי־גערופענער אָטוואָצקער ליניע, גע־ווען אַ נעסט פון גוט־אָרגאַניזירטע פּוילישע באַנדעס, וואָס האָבן זיך גע־שטעלט פאַר אַ ציל אויסצוראָטן דאָרט יעדן שפּור פון ייִדן... די באַנדעס האָבן אויף אַ ראַפינירטן אופן אויסגעשמעקט ייִדן, זיי טעראָריזירט, שאַנטאַ־זשירט און נאָכדעם ווי זיי האָבן פון די אומגליקלעכע אַלץ אַרויסבאַקומען, זיי איבערגעגעבן אין די דייטשישע הענט אָדער אַליין זיי דערהרגעט. זייענ־דיק גוטע פאַכלייט מיט אַ גרויסער פּראַקטיק נאָך פון די דייטשישע צייטן, האָבן זיך די כוליגאַנעס נישט באַרויִקט אויך נאָך דער באַפרייאונג. ביז מען האָט זיי געכאַפּט און אויסגעראָטן זענען דערוויל אומגעקומען הונדערטער ייִדישע לעבנס, מיט נסים געראַטעוועטע פונעם היטלער־גהינום.

צו די פּאָפּולערסטע באַנדיטן פון אָטוואָצקער געגנט האָבן געהערט: יאַן טרעפּטע, וואָס האָט איינער אַליין געהאַט אויף זיין געוויסן עטלעכע צוואַנציק דערהרגעטע ייִדן; יאַן זורובעל, טעאָפּיל וואַליצקי, קאַציק און נאָך און נאָך אַנדערע. האָבן טאַקע ייִדן זיך געהיטן אַפילו נאָך דער באַפרייאונג אַרויס־צושטעקן דעם קאָפּ אויף דער גאַס, ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן.

ווען די רוסן האָבן פאַרנומען די אָטוואָצקער ליניע און רובינליכט איז אַרויס אויף דער פריי, האָט אַ שכן פון דער קאַמינסקאַ, וואָס איז געווען

וועכטער פון דער זומער־קאָלאָניע פון די באַאַמטע פון „פּ. ק. אָ.“ (פּוילישע שפּאָרקאַסע) אין שווידער, אים באַמערקט. ער איז געווען זיכער, אַז רוביניליכט איז דער יידישער אייגנטימער פון פּענסיאָנאַט. דאָ וויל איך באַמערקן, אַז באַלד נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך אין שווידער געגרינדעט אַ בירגער־וואַך, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלע כוליגאַנעס און יידן־מערדער, וואָס האָבן געהאַט אויף זייער געוויסן דאָס מסרן הונדערטער אויסבאַהאַלטענע יידן אויף דער אָטוואָצקער ליניע. געהייסן האָט עס, אַז די דאָזיקע חברהלייט האָבן געהערט צו דער געוועזענער אונטערערדישער „אַ. ק.“ (לאַנד־אַרמיי), וואָס די נייע פּוילישע רעגירונג האָט, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, לעגאַליזירט, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס. אויך דער וועכטער פון דער „פּ. ק. אָ.“־זומער־קאָלאָניע — יאַן האָט מען אים גערופן — איז געווען אַ מיטגליד פון דער בירגער־וואַך. אַלע האָבן זיי געקריגן געווער פונעם דאָרטיקן פּוילישן מיליטערישן קאָמענדאַנט, וועלכן די חברה־לייט האָבן שנעל באַוויזן אַריינצוציִען אין זייער קרייז. זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ גינסטיקן באָדן, וואָרים דער קאָמענדאַנט איז אויך געווען אַ גרויסער אַנטיסעמיט. יאַן האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן רובינליכטן. (די איבעריקע געראַטעוועטע מיט אים יידן, זענען אַוועק, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, קיין אָטוואָצק אָדער לובלין).

דער פּוילישער מיליטערישער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז די גאַנצע באַפעלקערונג מוז זיך עוואַקויִרן פון דעם געביט ווו די קאַמינסקאַ האָט דעם פּענסיאָנאַט. זיי מוזן — צוליב סטראַטעגישע טעמים פאַרלאָזן שווידער אין משך פון 4 שעה. אַלס מאָטיוו האָט ער אָנגעגעבן: די דייטשן זענען נאָך נאָענט אין דער געגנט און מען קען זיך דעריבער ריכטן אויף באַנייטע שלאַכטן.

די פרוי קאַמינסקאַ האָט זיך אָבער דערוווּסט, אַז אַנדערע פּאָליאַקן האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר געלט און געקריגן אַ דערלויבעניש צו פאַרבלייבן. האָט זי באַשלאָסן צו טאָן דאָס זעלביקע. זי איז אַוועק צום קאָמענדאַנט. דער קאָמענדאַנט האָט איר צוגעזאָגט צו דערלעדיקן דעם ענין און געהייסן איר קומען צומאָרגנס נאָך דער שריפטלעכער דערלויבעניש. אין משך פון דער צייט האָט איר שכן, יאַן דער וועכטער, באַוויזן, משמעות, צו דערציילן דעם קאָמענדאַנט, אַז קאַטאַזשינאַ קאַמינסקאַ האָט די גאַנצע צייט

אויסבאַהאַלטן אַ ייִד (וועגן די איבעריקע ייִדן האָט ער נישט געוווּסט). ווען זי איז צומאָרגנס געקומען, כדי אָפּצונעמען די דערלויבעניש, האָט דער קאָמענדאַנט, מיט אַ געמאַכטער העפלעכקייט איר געפרעגט:

— ווי איך האָב געהערט האָט איר אויסבאַהאַלטן ביי זיך אַ ייִד?

נישט פאַרויסזעענדיק קיין שום שלעכטס, האָט זי געענטפערט:

— יאָ, הער פאָרוטשניק, איך האָב געראַטעוועט איבער צען ייִדן...

— אַזוי?! — איז דער קאָמענדאַנט אויפגעשפּרונגען מלא רציחה — איר באַרימט זיך נאָך דערמיט?!...

דאָס גאַנצע בלוט איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין. ער האָט נישט אויפגעהערט צו שרייען, קריצנדיק מיט די ציין.

— געראַטעוועט איבער 10 ייִדן!... איבער 10 ייִדן!!... ווייסט איר וואָס איר האָט געטאָן?... אַלס אַ פּוילישע פּאַטריאָטקע האָט איר נישט געהאַט קיין רעכט אויסצובאַהאַלטן קיין זשידעס — די הינטישע זין... דו וועסט שוין ביי מיר קיין דערלויבעניש נישט קריגן... איך וועל דיך אָנלערנען, דו, יוכע...

זעענדיק, אַז דער אָפיציר איז פּשוט ווילד געוואָרן פון כעס, האָט קאַ־מינסקאַ אַ דערשראָקענע זיך געלאָזט צו דער טיר. דער אָפיציר איז איר נאָכגעלאָפן, אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און זי נאָכגעיאָגט, זידלענדיק זי מיט די געמיינסטע ווערטער. אין דרויסן האָט ער צוויי מאָל אויסגעשאָסן אין דער לופט...

צוריקקומענדיק אַהיים האָט זי רובינליכטן תיכף געהייסן אַנטלויפן, ווייל מען וועט אים זיכער דערהרגענען. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט דער קאָמענדאַנט צוגעשיקט דער קאַמינסקאַ אַ דערלויבעניש אַז זי קען פאַר־בלייבן, — זי מוז זיך נישט עוואַקויִרן...

צומאָרגנס באַלד אינדערפרי איז אין וווינונג פון קאַטאַזשינאַ קאַמינסקאַ אַריינגעקומען דער קאָמענדאַנט, צוזאַמען מיט אַ מיליטערישן זשאַנדאַרם, באַגריסט זיך מיט איר העפלעך, אַ קוש טוענדיק איר אין האַנט — ווי קיינ־מאָל גאָרנישט. דער קאָמענדאַנט האָט זיך גוט אַרומגעקוקט אין דער וווינונג, אַרום דעם הויז, באַטראַכט גענוי אַלע אַריינגאַנג, און אויפמערקזאַם זיך צו־געקוקט צו רובינליכטן, וועלכן זיי האָבן אָנגעטראָפן אין שטוב, געזעגנט זיך זייער העפלעך און זענען אַוועק.

רובינליכט האָט פאַרשטאַנען אַז עפּעס גרייט זיך פאַר אים. איז ער,

צוזאַמען מיט דער קאַמינסקאַ גלייך אַוועק קיין אָטוואָצק צום דאָרטיקן ייִדישן קאָמיטעט און דערציילט די גאַנצע געשיכטע דעם פּאָרזיצער פונעם קאָמי־טעט — טאַדעאוש פלוצער־סאַרנאַ.

אין דער זעלביקער צייט איז פאָרגעקומען אַ צווייטער — ענלעכער — פאַל אין יוזעפאָוו. אַ ייִדישער דאָקטאָר איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דער דאָרטיקער בירגער־וואַך, און נאָכן פעסטשטעלן (ווי אין די נאַצישע צייטן) זיין ייִדישקייט, האָבן די וואַך־לייט — נעכטיקע שאַנטאַזשיסטן און שמאַל־צאָווניקעס — פאַרלאַנגט פון אים אויסקויף־געלט, אויב ער וויל לעבן. היות דער דאָקטאָר האָט ביי זיך נישט געהאַט קיין געלט, האָבן די חברהלייט אים גוט צעשלאָגן און אַרעסטירט. דורך אַ צופאַל האָט זיך אַ צווייטער ייִד וועגן דעם דערוווּסט און גלייך מודיע געווען וועגן דעם פאַרפאַל אין אָטוואָצקער ייִדישן קאָמיטעט. די דאָזיקע צוויי פאַלן האָבן פאַסירט גראָד אין דער זעלביקער צייט.

דער פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, פלוצער־סאַרנאַ, האָט גלייך גע־שיקט זיין סעקרעטאַר מיט רובינליכטן און קאַמינסקאַ צום סאָוועטישן קאָ־מענדאַנט אין אָטוואָצק, וועמען זיי האָבן דערציילט דעם גאַנצן פאַרלויף פון דער פאַסירונג אין שווידער. ביי דעם קאָמענדאַנט אין צימער זענען געזעסן צוויי יונגע רוסישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, אָבער די גאַנצע צייט מיט קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופן. דער קאָמענדאַנט האָט, אויסהערנדיק אויפמערקזאַם, דערקלערט, אַז דאָס געהערט נישט צו אים און ער האָט דעם ענין איבערגעגעבן צו די צוויי יונגע רוסישע אָפיצירן, וואָס זענען געזעסן ביי אים. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען געווען פון נ. ק. וו. ד. זיי האָבן געשטעלט פאַרשיידענע פראַגעס, דערנאָך געהייסן זיי צוריקפאָרן קיין שווידער און פאַרלאַנגט פון זיי צו קומען נאָכ־אַמאָל אין אַ פאָר טעג אַרום און ברענגען מיט זיך ידיעות וואָס עס טוט זיך ביי די דאָרטיקע פּאָליאַקן, ווו זיי קומען זיך צונויף, וואָס זיי ריידן, אאַז״וו. מיט אַנדערע ווערטער: מען האָט זיי געוואָלט אויסנוצן פאַר פּאָליטישע צוועקן.

אין אַ פאָר טעג אַרום איז אַריינגעקומען צו זיי אין פּענסיאָנאַט אַ רוסישער פּאַטרול און געהייסן זיך נאָכאַמאָל דערציילן די מעשה מיטן פּוילישן קאָמענדאַנט. צומאָרגנס איז צו זיי ווידער געקומען דער פּאַטרול, דאָסמאָל מיט אַ קאַפּיטאַן בראש און זיי פאַרזיכערט, אַז מער וועלן אַזעלכע

זאַכן שוין נישט פאָרקומען. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער פּוילישער מיליטערישער קאָמענדאַנט מיט זיין גאַנצער אָפּטיילונג און אַלע מיטגלידער פון דער בירגער־וואַך, מיט יאַנעו בראש, אַרעסטירט געוואָרן.

מורא האָבנדיק איצט פאַר נקמה מצד אַנדערע פּאָליאַקן, האָט זיך רובינליכט פאַרלאָזט אַ באָרד מען זאָל אים נישט דערקענען. האָבנדיק בלויע אויגן און בלאָנדע האָר האָט ער אַפילו מיט דער באָרד אויסגעזען ווי אַ קריסט.

אין דער זעלביקער צייט איז דורך שווידער פאַרבייגעגאַנגען אַן אָפּטיי־



די ברידער הענריק און לעאָן רובינליכט

לונג פון פּויליש מיליטער, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען, גאַנץ צופעליק, זיין יינגערער ברודער לעאָן רובינליכט, און די צוויי ברידער האָבן זיך געטראָפן...

די נאַכט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין אָטוואָצק, האָבן מיר זיך אָנגעהערט געגוג שוידערלעכע זאַכן וועגן אָנפאַלן, וואָס ווערן כסדר אויס־געפירט אויף יידן. דער דעמאָלטיקער פּאָרזיצער פונעם יידישן קאָמיטעט אין

אַטוואָצק פּלוצער־סאַרנאַ האָט אונדז געזאָגט, אַז ער וועט מוזן דעמיסיאָנירן פון זיין אַמט, ווייל ער האָט שוין נישט קיין כוח אָפּצוקלאַפּן די טירן ביי פאַרשיידענע אינסטאַנצן, בעטנדיק שוץ און הילף פאַר די על פּי נס געראַטעוועטע ייִדן, וועלכע לעבן ווייטער אין גרויס געפאַר.

צומאָרגנס באַלד אינדערפרי האָבן מיר פאַרלאָזט אָטוואָצק און געפאָרן קיין פּראַגע, ווו עס האָבן זיך איינגעאָרדנט אַלע מיניסטעריומס און מלוכהשע אינסטיטוציעס — אין די געביידעס פון דער געוועזענער באַן־דירעקציע אויף טאַרגאָוואַ און ווילענסקאַ. בלויז דאָס פאַרטיידיקונג־מיניסטעריום האָט געהאַט זיין זיץ־אָרט אין וולאָכי, נישט ווייט פון וואַרשע, און די הויפּט־קאָמאַנדע פון דער פּוילישער מיליץ — האָט זיך איינגעקוואַרטירט אין וואַרשע, אויף דער קאַראָווע גאַס, אין אַ הויז וואָס איז געבליבן גאַנץ און איז געשטאַנען אַקעגנאיבער די חורבות פון דער געביידע פונעם געוועזענעם היגענישן אינסטיטוט.

דער צ״ק פון פּוילישע ייִדן האָט געפונען זיין זיץ־אָרט אין פּראַגע אויף שעראָקאַ גאַס.

קאַפּיטל פערצן

## אויף די חורבות פון וואַרשע

ווען איך האָב געזאָגט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן האָט זיך איינגעאָרדנט אויף שעראָקאַ גאַס, הייסט עס נישט, אַז דער פּלאַץ איז גלייך, נאָכן אָנקומען פון לובלין, געוואָרן פאַר אים צוגעגרייט. דאָס וואָלט ביי די דעמאָלט הערשנדיקע באַדינגונגען געוועזן צו גוט. אין דער אמתן איז עס גאָרנישט אַזוי לייכט אָנגעקומען.

די געביידע אויף שעראָקע גאַס האָט פאַר היטלערן געהערט צו דער ייִדישער קהילה, אַגב איז דאָרט געוועזן די פּראַגער מקווה, אַזוי, אַז לויטן שכל הישר האָט, נאָך דער באַפרייאונג, די גאַנצע געביידע לכתחילה געדאַרפט צוריק אומגעקערט ווערן צו ייִדן. דער קוואַרטיר־אַמט פונעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט האָט אָבער אַנדערש געהאַלטן. די ביוראָקראַטישע באַאַמטע, וואָס, אַ חוץ די אָנפירער, איז דער רוב פון זיי באַשטאַנען פון

פאַרמלחמהדיקע רעאַקציאָנערן, האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק צו שטעלן אין רשות פון דער העכסטער יידישער אינסטאַנץ אין פוילן, אַ פּאַסיקן לאָקאַל, און נישט נאָר פאַר דער אינסטיטוציע, נאָר אויך פאַר די מיטאַרבעטער פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע האָבן זיי זיך נישט באַמיט צוצושטעלן דירות, אָדער בעסער געזאָגט, איינצלנע צימערן. דער וואַרשעווער קוואַרטיר־אַמט האָט מיט אונדז אַלע געהאַנדלט פּונקט אַזוי ווי דער קוואַרטיר־אַמט בשעתו אין לובלין: אָפּגעשיקט אונדז צום מיליטערישן קוואַרטיר־אַמט, און יענער — צום מאַגיסטראַט, און אַזוי אַרום איז דערווייל נישט געווען ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, כאָטש גיי און לייג זיך אויף דער גאַס...

אַ טייל שעראָקאַ גאַס, ווי אויך די יאַגעלאָנסקאַ, וואָס האָט זיך מיט איר געגרענעצט, איז צו יענער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאָנע, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן דורכן סאָוועטישן מיליטער פאַרן מעדיצינישן פּערסאָנאַל פון זייער שפּיטאָל. די דאָזיקע געגנט האָט מען גערופן „סאָוועטסקי גאָראָדאָק" (דאָס סאָוועטישע שטעטל). דער קאָמענדאַנט פון דעם דאָזיקן „שטעטל" איז געווען פּולקאָווניק ד"ר קרינסקי — אַ טייערער, האַרציקער ייִד. טאַקע ער האָט אונדז פאַרזאָרגט מיטן לאָקאַל פאַרן צ"ק פון פוילישע ייִדן אויף שעראָקאַ גאַס און אונדז איבערגעגעבן די גאַנצע געביידע פון דער אַמאָליקער ייִדישער קהילה. ער האָט אַפילו יעדן איינעם פון אונדז, וואָס האָט נישט געהאַט ווו צו וווינען, פאַרזאָרגט מיט אַ דירה.

און נישט נאָר פּולקאָווניק קרינסקי האָט אונדז אַרויסגעוויזן אַזוי פיל וואַרעמקייט, נאָר אויך זיין גאַנצער פּערסאָנאַל, וואָס האָט, לויט זיין פאַראָרדענונג, געטאָן פאַר אונדז אַלץ, להיפּוך צום קוואַרטיר־אַמט פונעם פּראַגער מאַגיסטראַט.

איך האָב באַקומען אין דעם זעלביקן „שטעטל" אַ צימער אין דער וווינונג פון אַן אַלטן בחור, מיטן נאָמען האַלער — אַ ברודער פונעם באַרימטן פוילישן גענעראַל יוזעף האַלער, וועלכער האָט זיך קונה שם געווען אין די צוואַנציקער יאָרן מיט דעם, וואָס זיינע סאָלדאַטן האָבן געשניטן ייִדישע בערד און אָנגעטאָן ייִדן כלערליי געבראָטענע צרות.

איך האָב פון מיין נייעם באַלעבאָס האַלער, — אַגב, אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט, אויך געהאַט אויסצושטיין גענוג צרות. האַלער האָט נאָר געוואָלט באַווייזן, אַז איך האָב נישט קיין רעכט צו וווינען ביי אים, ווייל אין

די רעקוויזירטע צימערן — האָט ער געטענהט — דאַרפֿן ווינען נאָר דאָק־טוירים אָדער מיטגלידער פֿונעם מעדיציניזשן פּערסאָנאַל, וואָס באַדינען דעם סאָוועטישן שפּיטאָל. היות איך בין נישט קיין דאָקטאָר, האָט ער גע־זאָגט, וועט ער גיין צום גענעראַל סענטשילאָ (דער דעמאָלטיקער סאָוועטי־שער מיליטערישער קאָמענדאַנט אין וואַרשע) און אויפֿווייזן, אַז איך בין נישט באַרעכטיקט דאָרט צו ווינען. פֿון אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז איך בין אַ דאָקטאָר, האָט ער מיך, זאָגט ער, אַריינגעלאָזט צו זיך, אָבער איצט, אַז ער ווייסט ווער איך בין, ראָט ער מיך מיט גוטן, איך זאָל זיך אַרויסציִען.

ער פֿלעגט אויסקלייבן די צייט ווען צו מאַכן מיר סקאַנדאַלן — ביי־נאַכט, ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפֿן; אָפּטמאָל אַפֿילו, ווען איך בין שוין געשלאָפֿן. ער פֿלעגט זיך באַוויזן פֿאַר מיין בעט אומגעריכט, און ווען איך פֿלעג עפֿענען די אויגן — דערזען פֿאַר זיך אַ ווייסן שד: דאָס איז געווען האַלער, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר מיין בעט אין די אונטערוועש און געפּאָ־דערט איך זאָל זיך אַרויסציִען, ווייל ווען זיין ברודער, דער גענעראַל, וועט צוריקקומען קיין פּוילן, וועט ער זיך מיט מיר אָפּרעכענען. די דאָזיקע נאַכט־וויזיטן און דראָאונגען האָבן אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז דער פּולקאָווניק קרינסקי האָט צו דעם יחוסדיקן אַלטן בחור אַרויפֿגעשיקט אַ קאַפּיטאַן, וואָס האָט אים דערקלערט, אַז אויב ער וועט מיך נישט לאָזן צו רו, וועט ער אים שטרענג באַשטראָפֿן. פֿון דעמאָלט אָן האָט ער זיך טאַקע באַרויִקט, מיך אינגאַנצן אויסגעמיטן, נאָר אויסגעליידיקט פֿון מיין צימער אַלע זאַכן, וואָס האָבן, ווי ער האָט געזאָגט, געהערט צום גענעראַל האַלער. ער האָט, אפֿנים, מורא געהאַט, איך זאָל אים נישט באַגנבֿענען...

ריידנדיק וועגן דער שלעכטער באַציִונג, וואָס דער קוואַרטיר־אַמט ביים וואַרשעווער מאַגיסטראַט האָט אונדז אַרויסגעוויזן, וויל איך דאָ איבערגעבן אַ פֿאַל, וואָס האָט אונדז אַלעמען אויפֿגעשוידערט.

טאָג־טעגלעך פֿלעגן אָנקומען קיין וואַרשע נייע גרופּן ייִדן, וועלכע זענען באַפֿרייט געוואָרן פֿון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און ס'איז פּשוט נישט געווען ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. דער קוואַרטיר־אַמט האָט פֿאַר די היטלער־קרבנות „נישט געקענט" געפֿינען קיין אָרט ווו זיי זאָלן קענען איבערשלאָפֿן. קודם כּל, האָבן זיי געזאָגט, מוז מען באַזאָרגן די וואַרשעווער איינוווינער, וועלכע האָבן בעתן אויפֿשטאַנד, פֿאַרלוירן זייערע היימען און

האָבן נישט געהאַט ווי איבערצונעכטיקן. וואָלט דאָך זייער טענה געקענט אויסזען צו זיין גאַנץ לאָגיש: פריִער וויל דער וואַרשעווער מאַגיסטראַט פאַרזאָרגן זיינע שטענדיקע איינוווינער מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, און קעגן דער דאָזיקער פּריאָריטעט וואָלט אפשר קיינער נישט געהאַט קיין רעכט צו פּראָטעסטירן.

וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן? אַלע דירות און פרייע פּלעצער האָבן געקריגן צוגעטיילט בלויז פּאָליאַקן־קריסטן, און דווקא נישט דורכויס קיין וואַרשעווער. מען האָט אַפילו דערביי נישט איינגעפירט קיין פּראָצענט־נאָרמע פאַר ייִדן. ייִדן האָבן געקריגן אַ צוגעטיילטן צימער נאָר דעמאָלט, ווען עס האָט פאַר זיי אינטערווענירט אַ ייִדישער אָפיציר פון דער סאָוועטישער אַרמיי, און דאָס אויך — נאָך אַרגומענטן און האַרבע דיבורים. די דאָזיקע פאַלן זענען אָבער געווען גאָר זעלטענע.

וואָס טוט מען אַלזאָ מיט די איבעריקע ייִדן? — האָט מען אויף אייגענער האַנט פאַרנומען אויף דער טאַרגאָווע גאַס אין פּראַגע אַ פירשטאָקיקע באָמבאַרדירטע געביידע, וועלכע איז געשטאַנען אין גאַנצן פאַרוואָרלאָזט, אָן טירן, אָן פענצטער, אָן וואַסער, אָן קאַנאַליזאַציע, אָן ליכט, — מיט איין וואָרט: אַ חורבה אין פולן זין פונעם וואָרט.

און אין דער דאָזיקער פאַרלאָזטער חורבה האָבן זיך איינגעקוואַרטירט גרופּעס דאַכלאָזע ייִדן. דאָרט איז געוואָרן דער הויפּט־צוזאַמענטרעף־פּונקט פאַר אַלע פּליטים. דאָרט איז מען געלעגן אויף דער הוילער פּאָדלאָגע, אויס־געמישט אַלע צוזאַמען: מענער און פרויען. היות ס׳איז געווען ווינטער און גוט קאַלט, פלעגט זיך איינער אָנוואַרעמען אָן צווייטן. אַז עמיצער האָט פאַר־כאַפּט אַ שטיקל פּלאַץ אויף דער פּאָדלאָגע, האָט ער אים שוין נישט גע־וואָלט אָפּטרעטן פאַר קיין שום געלט. עס פלעגן צוליב דעם אַנטשטיין סיכ־סוכים, אַפילו געשלעגן — און אַלץ צוליב אַ שטיקל אָרט, ווו דעם קאָפּ אָנצולייגן. מענטשן פלעגן גיין און קומען און אַזוי האָט זיך כסדר געביטן דער צוזאַמענשטעל פונעם דאָזיקן אויסטערלישן „האָטעל", ווו די סאַניטאַר־היגיענישע באַדינגונגען זענען געווען שוידערלעכע...

פרילינג־צייט, ווען דער פראָסט האָט אָפּגעלאָזט, דער שניי איז זיך צעגאַנגען און די זון האָט אָנגעהויבן צו שיינען, האָבן די איינוווינער פון דער דאָזיקער חורבה ממש אויפגעלעבט. אָבער נישט אויף לאַנג. אין אַ

געוויסן טאָג איז דאָרט געשען אַ גרויס אומגליק. אַ מויער פון דער געביידע איז איינגעפאַלן און אונטער דער חורבה זענען געבליבן ליגן העכער צען דערהרגעטע און פאַרווונדעטע מענער און פרויען — אַלץ מענטשן, וואָס האָבן אין די שוידערלעכסטע באַדינגונגען איבערגעלעבט די מלחמה, און צוריקקומענדיק אַהיים, צוליב דיסקרימינאַציע פון פוילישע מאַגיסטראַט־באַאַמטע, געפונען דעם טויט.

נאָך דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפע, זענען די לעבנגעבליבענע זיך צו־לאָפן און אויסגעזוכט זיך אַן אָרט צו נעכטיקן אין די קעלערס און אין פאַרברענטע קראָמען אָדער אויף די שטיגן פון פרעמדע הייזער, — און ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג און מען האָט געקענט אַרויס אויף דער גאַס, זענען זיי געלאָפן צום קאָמיטעט כאַפּן אַ טעפל וואַרעמס און, בינו לבינו, זיך דערוויסן עפּעס נייעס.

מיט דער געשעעניש אין פּליטים־פּונקט אויף טאַרגאָווע גאַס האָבן זיך ענדלעך פאַראינטערעסירט די העכערע אינסטאַנצן, ווי אויך דער וואַרשע־ווער שטאָט־פּרעזידענט אינזשיניער טאָלווינסקי. מ׳האָט אָנגעהויבן אַן ענער־גישע אויספאָרשונג און אַלע שולדיקע אין דער קאַטאַסטראָפע, דאָס הייסט די באַאַמטע פונעם קוואַרטיר־אַמט, וועלכע האָבן סעגרעגירט די ייִדן פון די קריסטן, איינפירנדיק אַ נייעם „נומערוס קלאַוזוס״, זענען אַרעסטירט געוואָרן.

דער צענטראַל קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן האָט געקריגן ספּעציעלע פאָנדן און זיך געקענט נעמען ענערגיש איינצואָרדענען די פּליטים. מען האָט אָרגאַניזירט איבערן לאַנד 22 פּליטים־היימען מיט 5.270 נאַכטלעגערס. ביז דעמאָלט פלעגן די געקומענע קאַצעטלער און פאַרטיזאַנער וואַלגערן זיך איבער חורבות, ענלעך צו די, ווו עס איז פאָרגעקומען די שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע.

***

מיין ערשטער שפּאַציר וואָס איך האָב געמאַכט אין וואַרשע, איז געווען צו דעם אָרט, וועלכעס איך האָב פאַרלאָזט בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — די מילנע גאַס. דאָס איז אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. די באָמבאַרדירטע הייזער און אויפגעריסענע בנינים האָבן אָפּגעווישט די מחיצה

צווישן איין גאַס און דער צווייטער און זיי אַלע פאַרוואַנדלט אין איין גרויסע מאַסן־חורבה, אין איין גרויסן בית־הקברות. אַ דאַנק דער אויפבוי־אַרבעט, צו וועלכער דער וואַרשעווער שטאָטראַט איז גלייך צוגעטראָטן, זענען צו־ביסלעך פריי געוואָרן די דורכגענג צווישן די פאַרשאָטענע גאַסן און צע־שטערטע הייזער. די וועגן וואָס זענען צוגענגלעך פאַר דורכגייער זענען געווען פול מיט פוילישע הענדלער, וואָס פאַרקויפן פאַרשיידענע זאַכן און פראָדוקטן. זיי רופן אויס זייער סחורה הויך אויפן קול, פונקט ווי עס האָבן דאָס געטאָן אַמאָל אונדזערע אָרעמע יידישע הענדלער און הענדלערקעס אויף די באַזאַרן און האַלעס (אויף די גאַסן האָבן יידישע הענדלער נישט געטאָרט פאַרקויפן). היינט האָבן דעם האַנדל איבערגענומען פאָליאַקן. זייערע חלומות פטור צו ווערן פון יידישער קאָנקורענץ זענען פאַרווירקלעכט גע־וואָרן. זיי האָבן אַפילו איבערגענומען די יידישע פרנסות, וואָס זיי האָבן אַמאָל אַזוי ביטער באַקעמפט און עס אָנגערופן „שוואַרצהאַנדל". אָבער היינט, אַז זיי אַליין טוען עס, איז עס שוין כשר...

איך ווער אויפגעציטערט ווען איך דערהער ווי אַ פאָליאַק האַלט אין איין איבערחזרן, ווי אַן אויטאָמאַט, דאָס אַמאָל גוט־באַקאַנטע „כ'קויף... כ'פאַרקויף... האַרטע... ווייכע..." דאָס זענען די ניי־אויפגעקומענע סוחרים וואָס האַנדלען מיט פרעמדע וואַלוטע. איך קען נישט הערן די אויסרופן. זיי דערמאָנען מיך די נישט־לאַנגע פאַרגאַנגענהייט: די נאַלעווקעס, דעם באַנק־פלאַץ... די איצטיקע אויסרופן פון די זעלביקע „האַרטע און ווייכע" שטעכן מיך ווי מיט שפיזן. איך לויף אַוועק פון זיי וואָס ווייטער...

וואַנדערנדיק איבער חורבות און שטיינער, וואָס האָבן פאַרשאָטן אַ יידישע שטאָט, מיט דאָ אַמאָל צאַפּלדיקע, שפּרודלדיקע עטלעכע הונדערט טויזנט יידישע לעבנס, בין איך ענדלעך דערגאַנגען צו דער גאַס, וואָס האָט אַמאָל געהייסן: מילנע. עס איז מיר לגמרי אוממעגלעך געווען צו דערקענען דאָס אָרט. דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, און דערנאָך דער אַלגע־מיינער אויפשטאַנד, האָבן נישט געשוינט די שטילע, ראָמאַנטישע מילנע, וואָס ז. סעגאַלאָוויטש האָט אַזוי טרויעריק־האַרציק באַזונגען אין זיין אומ־פאַרגעסלעכער פּאָעמע „נישטאָ".

פון איין זייט מילנע גאַס האָט זיך אַמאָל געפונען דער עוואַנגעלישער שפּיטאָל און פון דער אַנדערער זייט — דאָס עמיגראַנטן־הויז אויפן נאָמען

פון אברהם פּאָדלישעווסקי. אין דערמיט פוןביידע זייטן גאַס האָט זיך גע־פונען דער „אַרטיסטן־גאָרטן", אַ פּראָדוקט פונעם צייט־אָפּשניט: וואַרשעווער געטאָ. וויפל זכרונות און איבערלעבונגען זענען געווען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער שטום־שטילער גאַס. דאָרט האָב איך אין די געטאָ־צייטן געהאָלפן בויען דעם גרויסן בונקער אין רייכמאַנס הויף, ווו מיין פרוי און איך האָבן זיך געזאָלט אויסבאַהאַלטן, צוזאַמען מיט נאָך 80 ייִדן, כדי צו ראַטעווען אונדזערע לעבנס פון די היטלערישע חיות. און נאָר אַ דאַנק עפּעס אַן אומ־פאַרשטענדלעכער אינטואיציע, וואָס דיאַנאַ האָט באין אופן נישט געוואָלט מיר זאָלן אַהין אַריין, זענען מיר געבליבן די איינציקע צוויי, פון די 80 מענטשן פון מילנע גאַס, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה.

דאָרט, אויף דער מילנע גאַס, אינעם „אַרטיסטן־גאָרטן", האָב איך, קורץ פאַרן אויפשטאַנד באַגראָבן אין דער ערד אַ צינק־קאַסטן מיט דאָקו־מענטן און פּאַפּירן, וועלכע איך האָב ערשט איצט געפונען און אויסגעגראָבן. דעם צינק־קאַסטן האָב איך געבראַכט אין צענטראַל־קאָמיטעט, אויסגעפּאַקט די מאַטעריאַלן, וואָס זענען דאָרט געלעגן און זיי ווייטער אָפּגעהיט ווי דעם גרעסטן אוצר, כדי שפּעטער צו קענען, אויפן סמך פון די אַלע דאָקומענטן, שרייבן מיין בוך וועגן וואַרשעווער געטאָ „אַזוי איז עס געווען".

פון דער מילנע גאַס האָב איך ווייטער געוואַנדערט איבער די חורבות, נישט דערקענענדיק קיין שום גאַסן. מיין ציל איז איצט געווען — צום בית עולם, ווו עס רוען די ביינער פון מיינע עלטערן, וועלכע האָבן געהאַט די זכיה אויסצומיידן די גאַז־קאַמערן. גייענדיק פון מילנע צו דער אָקאָפּאָווע גאַס, האָב איך זיך אויף אַ געוויסן אָרט אָנגעשטויסן אויף אַן אויסשטאַרצנ־דיקן טויער־לאַמטערן, באַצייכנט מיט „נאָוואָליפּקי 24". איך האָב זיך אָפּ־געשטעלט פאַרן דאָזיקן אָרט, ווו מיין פרוי איז געבוירן געוואָרן, ווו מיר האָבן חתונה געהאַט און ווו מיין פרויס גאַנצע משפחה האָט געלעבט און איז אומגעקומען. דער אויסשטאַרצנדיקער נומער „24" האָט דאָך געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין מיין לעבן. און איצט שטיי איך פאַר אים אַליין — אַ חורבה, וואָס איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן אויף אַ צעקרישלטן פונדאַמענט.

גייענדיק ווייטער איבער די חורבות, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אָרט, ווו איך האָב אין מיין פאַנטאַזיע אויפגעוועקט דאָס הויז אין געטאָ

אויף נאָוואָליפּקי 52, ווו דיאַנאַ און איך האָבן פאַרבראַכט טעג און נעכט פול מיט שרעק, ציטערנדיק פאַרן גורל פון אונדזער איינציק קינד, וואָס האָט נאָך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען די דראָענדיקע סכנה, וואָס רוקט זיך אָן איבער אונדזערע קעפּ...

און פאַרטיפט אַזוי אין די מחשבות, בין איך דערגאַנגען צו דער אָקאָ־פּאָווע — צום יידישן בית עולם. דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין, ווען איך האָב דערזען דעם וואַנדאַליזם וואָס מען איז דאָרט באַגאַנגען. נישט נאָר די לעבעדיקע יידן האָבן אונדזערע „גוטע" שכנים נישט געלאָזט רוען, נאָר אויך די אומשעדלעכע טויטע, וואָס האָבן דאָ געפונען זייער אייביקע רו. כמעט אַלע קברים זענען דורך די וואַנדאַלן אונטערגעגראָבן געוואָרן, כדי ביי די מתים צו זוכן און אַרויסצורייסן די גאָלדענע ציין, פונקט ווי זייערע נאַצישע שותפים האָבן עס געטאָן פריער מיט די לעבעדיקע... זיי האָבן זיך אַפילו נישט מטריח געווען צוריק צו פאַרשיטן די געשענ־דעטע קברים.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך אָנגעטראָפן די מצבה פון מיין מוטער. איך האָב אַליין, מיט מיינע אייגענע הענט, צוריק אַריינגעשיט די ערד און אויס־געגלייכט די אויסגעגראָבענע עפענונג אונטערן קבר. מיינע פריינט, וועלכע איך האָב שפּעטער וועגן דעם דערציילט, האָבן מיר געמאַכט אַ פאָרוואורף: — האָסט עס נישט געדאַרפט טאָן. וואָלסט אַזוי אַרום פאַרשפּאָרט, אַז דער קבר זאָל נאָך אַמאָל געעפנט ווערן...

נישט קיין קלענערער וואַנדאַליזם איז געווען אין מיינע אויגן, ווען איך האָב דערזען אין דער הויפּט־אַלייע דעם אויסגעפּוצטן קבר, מיט בלומען, מיט דער מצבה פון דעם טרויעריק־באַרימטן לאָלעק סקאָסאָווסקי, וועלכער איז פאַר זיין מיטאַרבעט מיט די דייטשן דערשאָסן געוואָרן בעת דער אָקו־פּאַציע דורך דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג (אויך די יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט אים פאַראורטיילט צום טויט). עס איז באַך אין געטאָ אויסגעפּירט געוואָרן אויף אים אַן אַטענטאַט. ער איז דעמאָלט שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן און די דייטשן האָבן אים אַריבערגענומען אין אַ קליניק אויף דער אַרישער זייט, ווו מען האָט אים אָפּגעראַטעוועט. אָבער צום סוף האָט מען אים אומגעבראַכט. די דייטשן, וועלכע סקאָסאָווסקי האָט אַזוי געטריי געדינט, האָבן אים, משמעות, דערלויבט צו ברענגען פון דער

אַרישער זייט אויפן ייִדישן בית עולם, ווו זיי האָבן אים אָפּגעגעבן אַן ערן־פּלאַץ אין דער שרייבער־אַלייע, ווו עס ליגן אונדזערע חשובסטע מענטשן פון גייסט.

צווישן די קברים האָט מען נאָך געזען זיך אַרומוואַלגערן האַלב־פאַר־פוילטע קערפּערס פון ייִדן, וועלכע די דייטשן האָבן אַהער אַראָפּגעבראַכט פון דער אַרישער זייט און דאָ אויסגעשאָסן.

ווען איך האָב זיך געלאָזט צום הויפּט־אַרויסגאַנג, בין איך צוגעקומען צום פּלאַץ ווו ס'איז פריִער געשטאַנען דאָס טהרה־שטיבל און די געביידע ווו עס האָט זיך געפונען די קאַנצעלאַריע פונעם אינטענדענט פונעם בית־עולם — פּאָזנער. דאָרט האָט געאַרבעט די פרוי לעסעלבוים־טראַקענהיים (אַ שוועסטער פון פרידאַ זרובבל). איך האָב זיך דערמאָנט מיין לעצטן געשפּרעך מיט איר. דאָס איז געווען קורץ פאַרן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. צווישן אַנדערן האָט זי מיר געזאָגט:

— צי מיר וועלן איבערלעבן די מלחמה, ווייס איך נישט. אָבער אַז דער אוצר, וועלכן איך האָב באַגראָבן אויפן בית־עולם וועט איבערלעבן — בין איך זיכער.

און זי האָט מיר דערציילט, אַז קורץ פאַר דעם ווי זי האָט געמוזט פאַרלאָזן דעם ייִדישן בית־עולם (קיין ייִד האָט שוין דאָרט נישט געטאָרט אַרבעטן), האָט זי דאָרט, אונטער דער געביידע פון דער קאַנצעלאַריע, באַגראָבן אַ פּעקל, וואָס וועט אַמאָל האָבן אַן אומבאַשרייבלעכן ווערט. דאָס האָט זי געמיינט די אַלבומען מיט די פאָטאָגראַפיעס, וואָס האָבן איר איבער־געגעבן אויסצובאַהאַלטן אויף אַ זיכערן אָרט די געטאָ־פאָטאָגראַפן — די שותפים יחיאל בוים און הענריק פינקעלשטיין. דער ערשטער איז געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער ייִדישער פילם־פּראָדוקציע, און דער צווייטער — איינער פון די פּיאָנערן פון דער פּוילישער פילם־פּראָדוקציע. אין געטאָ האָבן זיי זייערע „פילם־חשבונות" אויסגעגליכן און צוזאַמען געעפנט אַ פאָטאָגראַפישן אַנשטאַלט, וועלכער האָט ממש געבליט. ייִדן האָבן זיך פאַרשאַפט קענקאַרטן און אַלערליי לעגיטימאַציעס, וואָס די דייטשן האָבן אויסגעטראַכט פאַר זיי. דערצו האָט מען געדאַרפט האָבן פאָטאָגראַפיעס. האָט דיביידע שותפים קיין אַרבעט נישט געפעלט. זיי האָבן אָבער אויך נישט פאַרגעסן אויסצופירן זייער געזעלשאַפטלעכע שליחות: זיי האָבן געמאַכט

בילדער פון אַלע אָפּשניטן און טרויעריקע דערשיינונגען אינעם לעבן פון וואַרשעווער געטאָ — ביז צום אָנהייב פון דער לעצטער אויסזידלונג. גאַנץ קורץ פאַר דער לעצטער „אויסזידלונג" איז מיר אויסגעקומען צו זיין ביי דער פרוי טראַקענהיים אין קאַנצעלאַריע אויפן יידישן בית־עולם און דאָרט האָט זי מיר געוויזן די אַלבומען מיט די אַריינגעקלעפּטע פאָטאָגראַפיעס, אונטער וועלכע עס זענען געווען אָנגעגעבן פאַקטן און דאַטעס פון די געשעענישן. דאָס איז געווען, לויט מיין מיינונג, אַ ווערטפולער כראָנאָלאָגישער פאָטאָ־מאָנטאַזש פונעם לעבן און אונטערגאַנג פונעם וואַרשעווער געטאָ.

צוריקגייענדיק פון דער אָקאָפּאָווע גאַס, האָב איך אויפן עק לעשנאָ און זשעלאַזנע באַמערקט אַן אַלטן, פאַרגעלטן, שוין אָפּגעבלאַקטן פּלאַקאַט, וואָס האָט געהאָנגען אויף אַ שטיק מויער, נאָך פון דער צייט פון אַפּריל־אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, דאָס הייסט — צוויי יאָר.

דער פּלאַקאַט האָט מיך, פאַרשטייט זיך, פאַראינטערעסירט. איך בין צוגעגאַנגען און כ'האָב אים איבערגעלייענט. דאָס איז געווען אַ מודעה, אַרויסגעלאָזט פונעם ליקווידאַטאָר פונעם וואַרשעווער געטאָ, ס. ס.־גענעראַל סטראָאָפּ. דער דאָזיקער פּלאַקאַט האָט געוואָרנט אַלע פּאָליאַקן — און אַפילו דייטשן — נישט צו באַטרעטן דעם געביט פונעם געוועזענעם געטאָ, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, וואָרום יעדער איינער וואָס וועט, נישט געקוקט אויף דער וואָרענונג, עס טון, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

היות דער פּלאַקאַט, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים צעפאַלן זיך, און איז, לויט מיין מיינונג, געווען אַ היסטאָרישער דאָקומענט, האָב איך אים געוואָלט אַראָפּנעמען. אַזוי ווי ער איז געווען פעסט צוגעקלעפּט צום מויער און זיך נישט געלאָזט אַראָפּנעמען, האָב איך גלייך, נאָך מיין צוריקקומען קיין פּראַגע, מיטגענומען מיט זיך דעם פאָטאָגראַפיסט ביק, וואָס האָט געאַרבעט פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, און מיר זענען צוזאַמען אַראָפּגעפאָרן צום אָרט, ווו עס האָט געהאָנגען דער סטראָאָפּ־פּלאַקאַט. ער האָט אים אָפּגעפאָטאָגראַפירט.

אָפּנים אַז מיין אינטואיציע וועגן דער וויכטיקייט פונעם דאָזיקן דאָקומענט האָט מיך נישט גענאַרט, וואָרים קיין צווייטן פּלאַקאַט מיט דעם איבהאַלט האָט מען שוין נישט געפונען. אין אַלע חורבן־ביכער און דאָקומענטן, וואָס זענען דערשינען, איינשליסנדיק דעם אַלבום „פאַרניכטונג פונעם פּוי־

לישן ייִדנטום״, וואָס די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע האָט אַרויסגעלאָזט אין יאָר 1945 אין לאָדזש, ווי אויך מלך ניישטאַטס „חורבן און אויפשטאַנד פון די ייִדן אין וואַרשע״ (תל־אביב, 1948), געפינט זיך טאַקע די דאָזיקע איינציקאַרטיקע אויפנאַמע פון סטראָאָפס מודעה, וואָס איך האָב דעמאָלט אַנטדעקט, בעת מיין וואַנדערן איבער די חורבות פון וואַרשע.

קאַפּיטל פופצן

## אַ קאַטוילישע לוויה פון אַ יידישן העלד

אינעם פאָריקן קאַפּיטל האָב איך געשריבן וועגן פּראָפּאַגאַציע אויפן וואַרשעווער ייִדישן בית־עולם, ווייל איך דאָ צוגעבן נאָך אַ געשעעניש פון יענער צייט, וואָס האָט אָבער געטראָגן אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער.

דאָס, וואָס איך באַשרייב איצט, איז געשען אין וואַרשע און אויך נאָך דער באַפרייאונג. דעם 25סטן מערץ, 1945, איז פאָרגעקומען די פייערלעכע לוויה פון די געפאַלענע שטאַב־אָפיצירן — די העלדן פון דער סטאַרוווקע (וואַרשעווער אַלטשטאָט). די דאָזיקע אָפיצירן זענען דערהרגעט געוואָרן בעתן אַלגעמיינעם פוילישן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן. איינער פון זיי, וואָס איז באַערט געוואָרן מיט דער העכסטער מיליטערישער אויסצייכענונג, איז געווען אַ מיטגליד פונעם הויפּט־שטאַב פון דער פאָלקס־אַרמיי — מאַיאָר נאַסטעק.

היות איך האָב דעם דאָזיקן מאַיאָר נאַסטעק זייער גוט געקענט, בין איך אויך געגאַנגען, כדי אים אָפּצוגעבן דעם לעצטן כבוד. שוין אויפן וועג פון פּראַגע קיין וואַרשע האָבן זיך געצויגן, איבער דער פּראָוויזאָרישער ווייסל־בריק, ריזיקע מחנות מענטשן: מיליטערלייט, ציווילע, פרויען און קינדער. אַ טייל זענען געווען אָרגאַניזירט אין געשלאָסענע אָפּטיילונגען פון מיליטער־איינהייטן, קאָמונאַלע באַאַמטע, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, שול־קינדער און סתם נייגעריקע, וואָס זענען געלאָפן, כדי בייצווווינען די פייער־לעכע טרויער־צערעמאָניע.

עס איז געווען אין אַ זונטיק־פרימאָרגן, ווען מענטשן זענען געווען פריי פון דער אַרבעט און פון די שולן, — און דערצו האָט דאָס וועטער צוגעדינט: אַ שיינער זוניקער פרילינג־טאָג, מיט אַ לויטערן, קלאָרן הימל, אַזוי, אַז אַלץ איז געווען צו גונסטן דער גרויסער פייערלעכקייט, צו וועלכער וואַרשע האָט זיך שוין וואָכן־לאַנג געגרייט.

אויף דער קראָקעווער פאָרשטאָט, פאַר דער קירך, האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אַ ריזיקער עולם בראש מיט אַלע מיטגלידער פון דער רעגירונג, מיטן פרעמיער־מיניסטער אָסובקא־מאָראַווסקי, מיט דעם גאַנצן אָפיצירן קאָרפּוס מיטן גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקי און גענעראַל מאַריאַן ספּיכאַלסקי; די העכסטע פאָרשטייער פון דער קירך, מיטן הויפּט־גלח פון דער אַרמיי — פּולקאָווניק ווארכלאָווסקי; געוועזענע פאַרטיזאַנער מיט פּולקאָווניק אַלעף, פּולקאָווניק טעמטשין־זנאַכאַר, אַנטעק (יצחק צוקערמאַן) א״אַ.

די מיליטערישע אָפּטיילונגען, פאָרשטייער פון אַלע אינסטיטוציעס, די שול־יוגנט, דעלעגאַציעס פון פאַבריקן און פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, זענען געשטאַנען אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג, מיט די פענער און טראַנספּאַרענטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רעדעס, אין וועלכע מען האָט געלויבט די גרויסע פאַרדינסטן, העלדישקייט און פאַטריאָטיזם פון די געפאַלענע העלדן — זעקס העכערע פּוילישע אָפיצירן, און — קודם כל — דעם לעגענדאַרן מאַיאָר נאַסטעק, וואָס איז געווען דער איינציקער ייִד צווישן דער דאָזיקער גרופּע געפאַלענע, וועלכע מען האָט אָפּגעגעבן אַזוי פיל כבוד.

ריידנדיק וועגן מאַיאָר נאַסטעק — און גערעדט האָט מען ספּעציעל וועגן אים זייער אַ סך — האָט מען מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט זיין ייִדישן אָפּשטאַם. די גאַנצע לוויה־צערעמאָניע איז דורכגעפירט געוואָרן לויטן קאַטוילישן ריטואַל, מיט צלמים, מיט באַשפּריצן מיט הייליק וואַסער די טרומנעס, וועלכע זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ ריי. דער קירכן־כאָר האָט געזונגען טרויער־לידער, באַגלייט פונעם אָרגל. די גלחים האָבן דורכגעפירט די געהעריקע טרויער־תּפילות.

מאַיאָר נאַסטעק, וועמענס אמתער נאָמען איז געווען מנשה מאַטיזוויעצקי — אַ ייִדישער יונגערמאַן פון קאָבריזן, האָט זיך ביים לעבן קיינמאָל נישט אויסבאַהאַלטן מיט זיין אָפּשטאַם (חוץ, פאַרשטייט זיך, אין צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע), נאָר עס אונטערגעשטראָכן ביי יעדער געלעגנ־

הייט. דאָס האָט אים לגמרי נישט געשטערט צו זיין איינער פון די מוטיקסטע קעמפערס אין דער וואַרשעווער אונטערערד און בעתן פוילישן אויפשטאַנד.

ווער עס האָט געקענט נאַסטעקן האָט געוווּסט, אַז ער האָט תמיד געהאַט אַ ווידערווילן צו יעדער פאָרם פון געקינצלטקייט, צו יעדן אָנשטעל און אַפעקטאַציע. ער איז געווען די פשטות אַליין. דער דאָזיקער יונגער ייִדישער יוריסט און זשורנאַליסט — מ. מאַטיווייעצקי, — איז געווען איינער פון די שענסטע און איידלסטע געשטאַלטן פונעם אונטערערדישן וואַרשע. ווי אַן אידעאַליסט אין פולסטן זין פון וואָרט, האָט ער נאָך אויף דער שולבאַנק אין זיין געבוירן־שטאָט קאָברין, און דערנאָך אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט, געקעמפט פאַר יושר, גערעכטיקייט, פאַר פרייהייט און גלייכהייט. ער האָט זיך געפילט פאַרבונדן אויף לעבן און טויט מיטן ייִדישן פאָלק, מיט זיין שפּראַך און קולטור.

אים, איינעם פון די אָנגעזעענסטע, אומדערשראָקנסטע און דרייסטסטע פוילישע אונטערערדישע פרייהייטס־קעמפער, האָט נישט געשטערט גלייכ־צייטיק זיך צו באַטייליקן אַקטיוו אויך אין דער ייִדישער אונטערערדישער הילף־אַקציע.

אין יאָר 1939, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז נאַסטעק־מאַטי־וויעצקי געווען טעטיק אין וואַרשעווער „צענטאָס". סוף 1939 איז ער אַנט־לאָפן פון די דייטשן און איז אַוועק אין זיין געבוירן־שטאָט קאָברין, וואָס איז געווען באַזעצט דורך די סאָוועטן. דאָרט איז ער געווען טעטיק אין געריכטס־וועזן. בעתן דייטש־רוסישן קריג האָט זיך נאַסטעק געפונען אין לעמבערג, ווו ער איז בשעת אַ לופט־באָמבאַרדירונג פאַרווונדעט געוואָרן אין בויך. ווי נאָר ער איז אַרויס פון שפּיטאָל איז ער אַוועק קיין וואַרשע און אַריין אין וואַרשעווער געטאָ, ווו זיין משפּחה האָט זיך געפונען. פונעם ערשטן טאָג אָן איז ער דאָרט געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. ווען עס האָבן זיך אין געטאָ אָנגעהויבן די „אויסזידלונגס־אַקציעס", איז נאַסטעק אַריבער אויף דער אַרישער זייט. ער פלעגט זיך אָבער כסדר אַריינשמוגלען אין געטאָ. איינמאָל, בעת אַזאַ אַריינשמוגלען זיך, איז ער אַריינגעפאַלן גלייך אין די הענט פון די דייטשן, וועלכע האָבן גראָד דורכ־געפירט אַן „אַקציע" אין געטאָ. צוזאַמען מיט די איבעריקע „אויסגעזידלטע" ייִדן, צווישן וועלכע עס איז געווען אויך זיין משפּחה, האָט מען אים אַוועק־

געפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ, כדי פון דאָרט טראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין טרעבלינקע.

נאַסטעק האָט זיך אָבער אויפן אומשלאַגפּלאַץ באַוויזן קונציק אַרויסצו־דרייען, און אויפן אָרט אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָל פון אַ דייטשן ציווילן ס. ס.־מאַן. ער האָט אַזוי אַרום באַוויזן אַרויסצוציִען פון די רייען, וואָס זענען שוין געווען באַשטימט צו די וואַגאָנען, זיין פרוי, זיינע עלטערן און אַ פּאָר אונטערערדישע טוער. צוזאַמען מיט די דורך אים געראַטעוועטע איז ער אַוועק צוריק אין געטאָ אַריין. ער האָט זיי, שפּילנדיק די ראָל פונעם ס. ס.־מאַכער, אַליין אָפּגעפירט אַהין.

באַלד נאָך דעם איז ער פון געטאָ ווידער אַריבער אויף דער אַרישער זייט, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם זון פונעם שרייבער יהושע פּערלע. נאַסטעק האָט זיך אין מאָמענטן פון געפאַר אויסגעצייכנט מיט זיכערקייט און אומ־דערשראָקנקייט, און — בכלל — געווען רויק, באַהערשט און דעצידירט. נאַסטעק האָט אָנגעפירט מיט איינער פון די גרעסטע הילף־קעמערלעך פונעם אונטערערדישן ייִדישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אין פּוילן, אויף דער אַרישער זייט. ער האָט געזאָרגט וועגן גורל פון יעדן אויסבאַהאַלטענעם ייִד, זייענדיק די רעכטע האַנט פונעם דזשאָינט־דירעקטאָר אין פּוילן — דוד גוזשיק, וועל־כער איז געווען איינעם הויפּט־ראַט פונעם אונטערערדישן נאַציאָנאַלן קאָמי־טעט. מיטן גרעסטן מסירת־נפש האָט נאַסטעק געאַרבעט אויפן דאָזיקן אָפּ־שניט ביזן לעצטן מאָמענט, דאָס הייסט, ביז סוף יולי, 1944. ער האָט אַ סך ייִדן געהאָלפן מיט געלט און פאַלשע דאָקומענטן, און נישט איינעם פון זיי — געהאָלפן אַרויסצובאַקומען זיך פון פּוילן, ווי אַ מכלומרשטער פּאָליאַק, אויף אַרבעט קיין לעטלאַנד, ווי אויך — קיין נאָרוועגיע, פון וואַנען אייניקע איז געלונגען צו אַנטלויפן אין נייטראַלן שוועדן.

נאַסטעק־מאַטיוויעצקי האָט דורך זיינע ספּעציעלע שליחים געשטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיטן שעף פון דער פּאָליציי אין נאַרוויק (נאָרוועגיע), וועלכער האָט אַרויסגעוויזן גרייטקייט צו ראַטעווען ייִדן דורך אַריבערפירן זיי דורך דער גרענעץ קיין שוועדן. נאַסטעק האָט אויך אַראָפּגעבראַכט ייִדן פון קאָברין און זיי פאַרזאָרגט מיט הילף און שטיצע ביזן סוף פונעם קריג. זיינע אייגענע עלטערן איז אים אָבער נישט געלונגען צו ראַטעווען. זיי זענען, צוזאַמען מיט יהושע פּערלע און זיין זון, אַוועק אין דעם טרויעריק־

באַרימט־געוואָרענעם „האָטעל פּאָלסקי", פון וואַנען זיי זענען שוין טראַנס־פּאָרטירט געוואָרן צום אומקום.

ווען איך האָב זיך אַמאָל געטראָפן מיט נאַסטעקן אויף דער אַרישער זייט אין אַ קאַפע, ווו איך האָב זיך אָפּגערעדט מיט גוזשיקן, האָט ער שטאַרק געוויינט איבערן גורל פון די ייִדן. יעדן טאָג זענען אַנדערע ייִדן אַנטדעקט געוואָרן אויף דער אַרישער זייט...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, בעת מיין רייזע אַרום דער וועלט, איז מיר אויסגעקומען צו ריידן מיט ייִדן, וועלכע האָבן נאַסטעקן געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זייער געראַטעוועט לעבן. מאַיאָר נאַסטעק־מאַטיוויעצקי האָט בלי שום ספק געהערט צו אונדזערע גרעסטע העלדן און ליכטיקסטע געשטאַלטן פון דער צייט פון נאַצישער אָקופּאַציע.

בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד איז ער געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט, ווען ער האָט ראַטעווען איינעם פון זיינע חברים־קעמפער בעת דער פֿאַרטיידי־קונג פון דער אַלטשטאָט אין וואַרשע. ער איז, צוזאַמען מיט זיין חבר, פֿאַר־שאָטן געוואָרן אונטער די חורבות פון אַן איינפאַלנדיק הויז. דאָס איז געשען דעם 28סטן אויגוסט, 1944. בעת מען האָט נאָך דער באַפרייאונג אויסגעגראָבן דעם העלדישן נאַסטעק, איז יצחק צוקערמאַן (אַנטעק) געווען דערביי. טאַקע ער האָט אים דערקענט צווישן די אויסגעגראָבענע פֿאַרשאָטענע העלדן.

אויף דער פייערלעכער לוויה, וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט איינ־געאָרדנט פֿאַר די זעקס געפאַלענע, האָט מען דעם ייִדישן העלד מאַיאָר נאַסטעק־מאַטיוויעצקי אָפּגעגעבן גאָר אַ סך כבוד, אָבער בלויז — דעם פּוילישן העלד נאַסטעק, נישט דעם ייִד מנשה מאַטיוויעצקי.

ריידנדיק וועגן די אַלזייטיקע אַקטיוויטעטן און וועגן די זעלטן גרויסע פֿאַרדינסטן, וואָס ער האָט געהאַט, האָט קיין איינער פון די רעדנער נישט דערמאָנט אַפילו מיט קיין וואָרט, אַז ער איז געווען אַ ייִד. מען האָט מסתמא געהאַלטן, אַז ס׳וואָלט אָפּגעשוואַכט די פּאַטריאָטיש־פּוילישע געפילן מיט דעם, וואָס איינער פון די גרעסטע העלדן פון פּוילנס נייעם איז געווען אַ ייִד...

די גרויסע לוויה־פּראָצעסיע האָט, אונטער די קלאַנגען פון מיליטערישן אָרקעסטער, באַגלייט פון די קירכן־גלאָקן, געפירט פון אָרט — צום לעצטן וועג פון דעם שטאָלצן איבערגעגעבענעם ייִד — מאַיאָר נאַסטעק־מאַטיוויעצ־קי. ער איז אַוועק צו זיין אייביקן רו ווי אַ רוימיש־קאַטוילישער פּאָליאַק.

קאַפּיטל זעכצן

# מען טרעט צו צו אָרגאַניזירן דאָס ייִדישע לעבן

די אַרבעט אינעם צענטראַל־קאָמיטעט האָט זיך געהאַלטן אין איין צעוואַקסן. עס ווערן געעפֿנט וואָס אַמאָל מער נייע אָפּטיילונגען. עס אַרבעטן שוין זייער אינטענסיוו די פֿינאַנץ־סעקציע, עווידענץ און סטאַטיסטיק און די פּראָדוקטיוויזאַציע־אָפּטיילונג. עס איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ לייַ־קאַסע, וואָס איז הויפּטזעכלעך פֿאַרבונדן מיט דער פּראָדוקטיוויזאַציע־אָפּטיילונג. עס הייבן זיך אָן צו אַנטוויקלען קאָאָפּעראַטיוון — דערווייל אין אַ קליינעם מאַסשטאַב. מען באַמיט זיך צו באַשעפֿטיקן ייִדן אין די גרויסע פֿאַבריקן, וועלכע עס האָט איבערגענומען די רעגירונג. נישט געקוקט אויף אַלע פֿאַר־אָרדענונגען, וואָס די העכערע מאַכט גיט אַרויס, ווערן זיי דורך די נידע־ריקערע אינסטאַנצן סאַבאָטירט. מען וויל נישט צולאָזן קיין ייִד אין די פֿאַבריקן. אַפֿילו די ייִדישע דירעקטאָרן פֿון די פֿאַבריקן מוזן זיך רעכענען מיט די שטימונגען פֿון די מאַסן, — זיי מיידן דערפֿאַר אויס ייִדישע אַרבע־טער. עס האָט נישט לאַנג גענומען און די זעלביקע געשיכטע האָט זיך אי־בערגעחזרט מיט זיי אַליין. מען האָט אָנגעהויבן שלעכט צו קוקן אויף די ייִדישע פֿאַבריק־דירעקטאָרן, און נישט געקוקט אויף זייערע געענדערטע נעמען, וואָס האָבן געהאַט אַ ריין פּויליש קלאַנג, ווערן זיי צו ביסלעך באַזײַ־טיקט פֿון זייערע הויכע אַמטן. בעסער איז שוין מיט די קליינע וואַרשטאַטן, וואָס ווערן געשאַפֿן מיט דער שטיצע פֿון דער פּראָדוקטיוויזאַציע־אָפּטיילונג, און וואָס באַשטייען פֿון בלויז ייִדישע באַלמעלאָכעס און אַרבעטער. די דאָזיקע ייִדישע וואַרשטאַטן, געבויט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות הייבן אָן צו שפּילן וואָס אַמאָל אַ גרעסערע ראָל.

איך האָב אין איינעם פֿון די פֿריִערדיקע קאַפּיטלען דערמאָנט דעם נאָמען חיים קאמאראז, וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן בראש פֿון דער פּראָדוקטיוויזאַציע־אָפּטיילונג. עס איז כדאי זיך אויף אַ ווייל אָפּצושטעלן און זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם דאָזיקן מענטש. מען האָט אים אַהערגע־

שיקט דירעקט פון מאָסקווע. געשטאַמט האָט ער פון ווילנע, געווען אַן אַלטער באָלשעוויק און לאַנגע יאָרן געלעבט אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו ער איז געווען פּראָפעסאָר פון אוניווערזיטעט, ביז — מען האָט אים אַרעסטירט. דאָס איז געווען אין דער צייט פון די באַרימטע מאָסקווער פּראָצעסן, אין יאָר 1937. בעת דער לעצטער אַמנעסטיע אין רוסלאַנד האָט מען אים באַפרייט פון לאַגער ווו ער איז אָפּגעזעסן 7 יאָר. פונקט ווי ער האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס מען האָט אים אַרעסטירט, האָט ער אויך נישט געוווּסט פאַרוואָס מען האָט אים באַפרייט. אָבער שנעל האָט ער זיך עס דערוווּסט. אָנהייב 1945 האָט מען אים געמאָלדן, אַז ער ווערט אַוועקגעשיקט קיין פּוילן צו טאָן דאָרט פּאַרטיי־אַרבעט. עס האָבן נישט געהאָלפן זיינע טענות, אַז עס בינדט אים גאָרנישט מיט פּוילן (זיין גאַנצע משפּחה איז געווען אין ראַטנפאַרבאַנד), אָבער היות אין רוסלאַנד ווערט געזאָגט: „או נאָס וסיאָ וואָזמאָזשנאָ״ (ביי אונדז איז אַלץ מעגלעך), האָט מען אים, קעגן זיין אייגענעם ווילן, אַריינגעזעצט אין אַן אַעראָפּלאַן און אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע צום צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אַזוי ווי ער האָט נישט געקענט קיין וואָרט פּויליש, האָט אים די פּאַרטיי אַוועקגעשיקט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, ווו ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס אָנפירער פון דער פּראָדוקטיוויזאַציע־אָפּטייל. קאַמעראַד האָט געהאַט דעם בעסטן ווילן עפּעס צו טאָן, אָבער נישט קענענדיק דאָס לאַנד, נישט קענענדיק די באַדינגונגען פונעם לאַנד, האָט ער זיך געמוזט פאַרלאָזן אויף זיינע געהילפן און בעלי־יועצים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו באַלעבאַטעווען און טאָן וואָס זיי אַליין האָבן געוואָלט...

מיטן ווּקס און אויסברייטערונג פון די רעסאָרטן פונעם צענטראַל קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, זענען צוגעקומען אַלץ מער מיטאַרבעטער. אייניקע פון זיי איז כדאי צו דערמאנען: באַראַל, העלענאַ מערענהאָלץ (סטאַשיאַ); טאָשיא מינץ — די טאָכטער פון דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוערין אין וואַרשע, פרוי זאַלשופין; פּאָלאַ מאָשקאָוויטש; פרוי גערטנער; פרוי גאָלדמאַן; יעקב ליכטערמאַן; יאַנאַס שער; זאמעטשקאָווסקי א״אַ.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די טראַנספּאָרטן מיט באַקליידונג פון אויסלאַנד, איז גאָר געוואָרן לעבעדיק. דער סקלאַד מיט די קליידער האָט זיך געפונען אין דער געביידע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. פון דאָרט

האָט מען זיי פאַנאַנטערגעטיילט צו די ייִדישע קאָמיטעטן איבערן גאַנצן לאַנד און אויך — צו אינדיווידועלע מענטשן. באַלד האָבן זיך באַוויזן אין גאַס, אויפן מאַרק, גוטע אויסלענדישע זאַכן, וואָס האָבן געשטאַמט פון צענטראַל־קאָמיטעט. ווי אַזוי די זאַכן זענען געקומען אויפן שוואַרצן מאַרק, איז פאַר אַלעמען געווען אַ סוד. מען האָט געשמועסט, אַז אויב מען וויל אַ גוטן אויסלענדישן מאַנטל אָדער אַנצוג, זאָל מען נישט גיין אין קאָמיטעט, נאָר צום שוואַרצן מאַרק...

ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן אין וואַרשע איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע ייִדישע ביבליאָטעק, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט די העלדישע אונטערערדישע טוערין באַשיע בערמאַן־טעמקין (געשטאָרבן מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער אין ישראל), מיט דער מיטהילף פונעם געראַטעוועטן קולטור־טוער און פּעדאַגאָג מיכאל זילבערבערג (היינט אין לאָנדאָן). זיי אַליין האָבן אויסגעפונען און אָפּגעראַטעוועט פון פרעמדע הענט דריי טויזנט ייִדישע און העברעיִשע ביכער, ווי אויך — אין אַנדערע שפּראַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו ייִדן. זיי האָבן די ביכער געצערטלט און זיך געשפּיגלט אין זיי. אין יענע צייטן זענען דאָס געווען אוניקאַטן. די געראַטעוועטע ייִדן, וועלכע האָבן, אין משך פון די יאָרן פון נאַצישער אָקופּאַציע, נישט אַריינגעקוקט אין אַ ייִדיש בוך, האָבן זיך ממש מחיה געווען ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער ביבליאָטעק ביים צענטראַל־קאָמיטעט. מיט דער צייט ווען די ביבליאָטעק האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט מען אַ טייל ביכער איבערגעשיקט אויך צו אַנדערע קאָמיטעטן אין לאַנד, ווי אויך איינגעפירט מיט זיי אַן אויסטויש פון דופּליקאַטן. עס האָבן זיך באַוויזן „פריי־וויליקע", וואָס זענען אַרומגעגאַנגען איבער די חורבות און געזוכט ייִדישע ביכער. אויך פּאָליאַקן האָבן געבראַכט אין צענטראַל־קאָמיטעט ביכער — טיילמאָל ווערטפולע ספרים — און נישט אַלע פון זיי האָבן געפאָדערט אויסקויף־געלט.

ווען איך האָב געזען די איבערגעגעבנקייט פון די צוויי מענטשן באַשע בערמאַן־טעמקין און מיכאל זילבערבערג, אין שייכות מיט זייער אַקציע פון זאַמלען ייִדישע ביכער, האָב איך זיך דערמאָנט דעם אומגעבראַכטן פאַר־דינסטפולן קולטור־טוער, גענעראַל דירעקטאָר פון דזשאָינט — יצחק גי־טערמאַן, וועלכער האָט מיטן גרעסטן מסירת־נפש געזאַמלט אין וואַרשעווער

געטאָ די פאַרוואָרלאָזטע און וואַלגערנדיקע זיך יידישע ביכער און ספרים. לײדער איז זײן ביכער־אַקציע איבערגעריסן געוואָרן, צוזאַמען מיט זײן רומפּול, שעפעריש לעבן.

דוד גוזשיק, דער געראַטעוועטער „דזשאָינט״־דירעקטאָר, האָט אויפ־סניי אָרגאַניזירט אין וואַרשע די אַרבעט פון „דזשאָינט״. דאָס האָט אַ סך געהאָלפן צו לינדערן די שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון די איבערגעבליבענע




די פייערלעכע אַזכרה נאָך דוד גוזשיק, אָרגאַניזירט דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן.

יידן. אַ באַזונדערע פאַראינטערעסירונג האָט גוזשיק אַרויסגעוויזן די געראַ־טעוועטע יידישע קינדער־יתומים. אַ דאַנק דער פינאַנציעלער הילף פונעם „דזשאָינט״ און גוזשיקס פערזענלעכער איינשטעלונג, זענען די קינדער־היימען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן. ער האָט גע־זאָרגט פאַר די קינדער ווי אַ טאַטע. האָט מען טאַקע נאָך זײן טראַגישן

טויט, איינעם פון די קינדער־היימען אין אָטוואָצק, — וואָס ער האָט פּאַטראָ־ניזירט, אָנגערופן אויף זיין, גוזשיקס, נאָמען.

אין „דזשאָינט" האָבן צו יענער צייט מיטגעאַרבעט: אַדאָלף בערמאַן, באַרסקי־גיטלער, אַדוואָקאַט מ. ווארם און פרוי אָסטראָווסקא — אַ פֿאַר־מלחמהדיקע מיטאַרבעטערין פון „דזשאָינט". עס דאַרף נאָך דערמאָנט ווערן אַ פּערזאָן, וואָס הגם זי איז נישט געווען אָנגעשטעלט אין „דזשאָינט", האָט זי אָבער דאָרט געאַרבעט „הינטער די קוליסן" און געטאָן באמת אומשאַצ־באַרע אַרבעט. דאָס איז געווען יאַדוויגאַ קליינערמאַן — די פרוי פונעם אַדוואָקאַט י. קליינערמאַן, וועלכער האָט פאַרנומען אַ גאָר הויכן אַמט אין פּרעזידיום פון מיניסטאָרן־ראַט (היינט געפינען זיי זיך, צוזאַמען מיט זייער זון, אין ישראל). פרוי קליינערמאַן האָט אויסגענוצט אירע גרויסע פֿאַר־בינדונגען, וואָס זי האָט געהאַט אין די העכסטע קרייזן, און אַ דאַנק דעם האָט זי אַ סך געהאָלפן די געראַטעוועטע ייִדן און בפרט דער יוגנט — עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

אין אַ געוויסער מאָס איז אויך מיר, אין שייכות מיט מיין אַמט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן, אויסגעקומען מיטצואַרבעטן מיטן „דזשאָינט". הויפּטזעכלעך איז עס געווען פאַרבונדן מיט אַן אַרבעט וועגן הונגער־קראַנקהייטן (קליניש פאָרשונג וועגן הונגער), וואָס האָבן דורכגע־פירט אין וואַרשעווער געטאָ אַ צאָל ייִדישע דאָקטוירים. דער גאַנצער מאַ־טעריאַל איז דעמאָלט איבערגעגעבן געוואָרן דעם פּוילישן פּראָפעסאָר ד״ר וויטאָלד אָרלאָווסקי, דירעקטאָר פון אַ קליניק פון אינערלעכע קראַנקהייטן ביים וואַרשעווער אוניווערזיטעט. ער האָט די מאַטעריאַלן אויסבאַהאַלטן און נאָך דער באַפרייאונג זיי צוריק אָפּגעגעבן דעם ד״ר עמיל אָפּפעלבוים. קיין איינער פון די 25 דאָקטוירים, וואָס האָבן צוגעגרייט די מאַטעריאַלן וועגן הונגער אין וואַרשעווער געטאָ, איז נישט געבליבן לעבן.

ד״ר אָפּפעלבוים האָט פאַראינטערעסירט מיט די דאָזיקע מאַטעריאַלן דוד גוזשיקן, וועלכער האָט געפּועלט, אַז דער „דזשאָינט" זאָל זיי אַרויסגעבן אין בוך־פאָרם. איך בין געווען איינער פון די מיטרעדאַקטאָרן פונעם בוך, וואָס איז שפּעטער דערשינען אין דער פּוילישער און פראַנצויזישער שפּראַך. עס האָבן אויך געזאָלט דערשיינען די ייִדישע, העברעישע און ענגלישע איבערזעצונגען. די ייִדישע איבערזעצונג איז איבערגעגעבן געוואָרן צו מאַכן

ג. יאשונסקין, אָבער, לײדער, איז די ייִדישע אויסגאַבע נישט דערשינען. ווען דאָס דאָזיקע ווערטפּולע בוך איז דערשינען (אין צוויי שפּראַכן), האָבן שוין די איבערגעגעבנסטע מיטרעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער נישט געלעבט. דוד גוזשיק איז אומגעקומען אין אַ לופט־קאַטאַסטראָפע אין טשעכאָסלאָ־וואַקיי, און ד״ר עמיל אפּפּעלבוים איז געשטאָרבן פון האַרץ־אַטאַק.

אויך דאָס רעליגיעזע לעבן אין וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַ־ניזירן. ד״ר דוד כהנא, דער הויפּט־ראַבינער פון דער פּוילישער אַרמיי, האָט, קודם כל, אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צוריק־אויפצובויען דאָס רעליגיעזע לעבן אין לאַנד: צו אָרגאַניזירן דעם ועד הקהילות, און זען צוריק־אָפּצונעמען אַלע ייִדישע בנינים, וואָס האָבן פאַרן קריג געדינט פאַר רעליגיעזע צוועקן, ווי למשל, שולן, בתי־מדרשים, מקוואות, ישיבות, אאַז״וו. ער האָט גערופן אויפצושטעלן אין יעדן ייִדישן ישוב רעליגיעזע קהילות, — מיט איין וואָרט: צוריקגיין צום אַלטן מקור. דער דאָזיקער (ערשטער אין דעם אַרט) אויפרוף איז געחתמעט געוואָרן, אין נאָמען פון דער רעליגיעזער רעפּרעזענטאַנץ אין פּוילן, דורך דעם הויפּט־ראַבינער פון דער פּוילישער אַרמיי, פּולקאָווניק כהנא און הרב מנשה שטיינבערג — ערשטער נאָכמלחמהדיקער רב אין קראָקע.

ד״ר כהנא האָט זיך באַמיט צו עפענען אַ שול אין וואַרשע־פּראַגע. הגם ס'איז אים, ווי מיר איז באַוווּסט, אויסגעקומען צו פירן אַ שטאַרקן קאַמף אַרום דעם ענין, האָט ער עס דאָך באַוויזן דורכצופירן. אין אַ לײ־דיקער דירה, אויפן ערשטן שטאָק, אויף טאַרגאָווע 35, איז באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדענען די שול. מען האָט אויסגעמאָלן די ווענט, אויסגעבויט אַן ארון־קודש, געמאַכט אַן עמוד מיט שטענדערס און די שול איז געווען פאַרטיק. יעדן שבת און יום טוב איז זי געווען געפּאַקט מיט מתפּללים־פּליטים, ווי אויך מיט ייִדישע סאָלדאַטן און אָפיצירן פון דער רויטער אַרמיי.

פאַר אַ חזן פון דער שול האָט הרב כהנא גענומען אונדזער מיטאַרבע־טער, דעם דעמאָלסטיקן בוכהאַלטער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן — יעקב ליכטערמאַן. ליכטערמאַן איז געווען דער לעצטער פאַרמלחמה־דיקער חזן פון נאָזשיקס שול אין וואַרשע און אַן איידעם פון באַוווּסטן באַר־דיריגענט און מוזיקער אברהם דאַווידאָוויטש. ליכטערמאַן איז צו יענער צייט געווען דער איינציקער לעבנגעבליבענער וואַרשעווער חזן, וואָס האָט

דורכגעמאַכט און איבערגעלעבט מאַידאַנעק, בירקענאו, אָשוויענטשים, און נאָך דער באַפרייאונג צוריקגעקומען, אָנהייב 1945, קיין וואַרשע. ער איז געוואָרן מיליטער־חזן און, צוזאַמען מיט ד״ר כהנא, אַרומגעפאָרן, פון צייט צו צייט, איבערן לאַנד, כדי אָפּצוריכטן תפילות, מאַכן הזכרות און העלפן שטאַרקן דאָס רעליגיעזע לעבן אין לאַנד. איצט געפינט זיך יעקב ליכטערמאַן אין קייפטאון, דרום־אַפריקע, וווּ ער איז חזן אין דער גרויסער שול „בית המדרש החדש״.

אַ דאַנק די באַמיִונגען פון ד״ר כהנא האָט מען אין אַ צייט אַרום גע־עפנט אויך די נאָזשיק־שול, אויף טוואַרדע גאַס נר׳ 6, אין וואַרשע גופא. די דאָזיקע שול איז עפּעס על פּי נס ניצול געוואָרן פון די דייטשישע רוצחים, וואָרים די גרויסע סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס האָבן די דייטשן נישט געשוינט און זי אויפגעריסן. פאַרוואָס־זשע האָבן זיי געלאָזט אומבאַשעדיקט דעם גרויסן בנין פון נאָזשיקס שול? דאָס איז משמעות דערפאַר, ווייל די דאָזיקע געביידע האָט זיך געפונען, אין קעגנזאַץ צו דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע, באַהאַלטן אין אַ הויף און זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן אַרייַן, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט דער רעפּרעזענטאַטיווער געביידע פון דער גרויסער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע. די דייטשן האָבן אויסגעליידיקט די געביידע פון נאָזשיקס שול און זי פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַל פאַר זייערע פערד... בעתן פּוילישן אויפשטאַנד איז די געביידע פון נאָזשיקס שול אויך נישט געוואָרן באַשעדיקט, הגם קיין איין הויז אַרום דעם דאָזיקן שול־בנין און דעם נאָענט־ליגנדיקן קאָשטשיאָל אויף פּלאַץ גזשיבאָווסקי איז נישט געבליבן גאַנץ.

נאָכן צוריק באַקומען די נאָזשיק־שול, האָט מען זי אויפגעפרישט, גע־בראַכט אין אָרדענונג, אויפגעשטעלט אַן ארון־קודש, געמאַכט נייע שטענ־דערס, אַרייַנגעפירט ספרי־תורות, וועלכע זענען אָנגעקומען פון אויסלאַנד, און עס איז ווידער געוואָרן אַ שול, אָבער — נאָר פאַרן מיליטערישן געברויך. די שול האָט טאַקע געהייסן „וואָיסקאָוואַ סינאַגאָגאַ״ (מיליטערישע סינאַגאָגע) און איז נישט געווען צוטריטלעך פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג...

עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דאָס ייִדישע פּאַרטיי־לעבן אין לאַנד. אַלע פּאַרטייען, אַחוץ די רעוויזיאָניסטישע, זענען לעגאַליזירט געוואָרן און אָנגעהויבן צו פירן אַן אינטענסיווע טעטיקייט, ווי שאַפן קיבו־



דער אויסערלעכער
אויסזען פון נאָזשיקס
שול נאָך דער
באַפרייאונג



דער איבערלעכער אויס־
זען פון נאָזשיקס שול
נאָכן דורכגעפירטן
רעמאָנט

צים, אָרגאַניזירן די יוגנט און אַזוי ווייטער, מיטן אויסקוק — צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דאָס זעלביקע האָט אויך געטאָן די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט געאַרבעט נישט לעגאַל. אונטער פאַרשידענע פּאַרטייאישע מאַס־קעס, איינשליסנדיק אַפילו די פּ. פּ. ר., האָט יעדע פּאַרטיי געפירט אַ ברייטע ווערבירונג־אַקציע און זיך באַמיט צו שאַפן פאַר זיך אַ וואָס גרעסערע מיטגלידערשאַפט.

מען האָט זיך שטאַרק געגרייט צו דער געטאָ־פייערונג, וואָס פאַלט אויס דעם 19טן אַפּריל. פאַרן אָרט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויפצו־שטעלן דעם מרדכי אנילעוויטש־דענקמאָל, אויף זאַמענהאָף עק גענשע, האָט זיך צונויפגעקליבן דער גאַנצער צענטראַל־קאָמיטעט, בראש מיט ד״ר עמיל זאָמערשטיין, ווי אויך דער הויפּט־ראַבינער פון דער אַרמיי. עס איז אַוועק־געלייגט געוואָרן אַ פּראָוויזאָרישער שטיין מיט אַ געהעריקן אויפשריפט. אַרומגעפּוצט דעם אָרט מיט בלומענקרענץ, געהאַלטן אייניקע רעדעס און מען איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. דער דאָזיקער באַשיידענער אַקט האָט אויף מיר מער געווירקט ווי די אימפּאָזאַנטע געטאָ־פייערונג, וואָס איז פאָרגע־קומען דעם 19טן אַפּריל, מיט דער באַטייליקונג פון פּוילישן מיליטער, אָרקעסטערס, פאַבריק־דעלעגאַציעס, שולן אאַז״וו.

אין שייכות מיט דער 19טער אַפּריל־פייערונג בין איך, צוזאַמען מיט ד״ר אַדאָלף בערמאַן, דעלעגירט געוואָרן צו פאָרן צום גענעראַל ספּיכאלסקי אין פּאַרטיידיקונגס־מיניסטעריום, וואָס האָט זיך געפונען אין וולאָכי, נעבן וואַרשע.

צוריקקומענדיק פון דאָרט איז געשען דער גרויסער נס: איך האָב אויף דער גאַס אין פּראַגע געפונען מיין איינציק קינד. איינצלהייטן וועגן דעם האָב איך באַשריבן אין מיין בוך „אין קאַמף פאַרן לעבן״.

***

אויף איינע פון די זיצונגען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט האָב איך פאָר־געלייגט אַ פּלאַן, אין שייכות מיט דער כסדר וואַקסנדיקער אַנטיסעמיטישער כוואַליע אין לאַנד. היות אונדזערע אינטערווענצן ביי דער העכערער מאַכט האָבן נישט געגעבן די געוואונטשטע רעזולטאַטן, האָב איך געהאַלטן, אַז מיר

דאַרפן זיך שטעלן אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט פאָרשטייער פון דער פוילישער אינטעליגענץ. איך האָב געהאַלטן, אַז אין דעם געגעבענעם מאָמענט דאַרף אונדזער הויפט־אָנשטרענגונג גיין אין דער ריכטונג צו באַשיצן די לעבנס פון על פי נס איבערגעבליבענע ייִדן. איך האָב זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו פאַרשטאַרקן אונדזער אייגענע פראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונגס־אַרבעט, איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז מען דאַרף אויך באַווירקן די פוילישע אינטעלעקטועלע קרייזן, זיי זאָלן נישט בלייבן גלייכגילטיק, נאָר ענדלעך אַרויסזאָגן זייער שטעלונג צו דער ייִדן־פראַגע. אפשר וועט אונדזער אַפּעל צו זיי סטימולירן צו העלפן אונדז אין דעם קאַמף פאַרן לעבן. זייערס אַ וואָרט קען, אויב נישט אינגאַנצן אָפּשאַפן, איז ווייניקסטנס, אָפּשוואַכן די שווידערלעכע אַנטיסעמיטישע שטימונגביים פוילישן פאָלק, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטייגן. מיר האָבן צונויפגעשטעלט אַ רשימה פון 80 פון די אָנגעזעענסטע פּאָליאַקן, צו וועלכע מיר האָבן פאַנאַנדערגעשיקט אַן אויסגעאַרבעטע אַנקעטע אין שייכות מיט דער ייִדן־פראַגע:

אויף די 80 אַרויסגעשיקטע בריוו האָבן מיר באַקומען סך־הכל 9 ענטפערס: 1 — פונעם מיניסטער פון פּראָפּאַגאַנדע (צו אַנדערע מיניסטאָרן האָבן מיר נישט געשיקט); 2 — פון סיים־דעפּוטאַטן; 1 — פונעם הויפּט־גלח פון דער פוילישער אַרמיי; 3 — פון די אָנגעזעענסטע פוילישע טעאַטער־קינסטלער (סטעפּטן יאראטש, קאַראָל אדוועטאָוויטש און אַלעקסאַנדער זעל־ווערא‏אָוויטש — אַלע דריי לעבן שוין נישט); 71 בריוו זענען געבליבן נישט געענטפערט.

איך וועל איבערגעבן אייניקע פון די כאַראַקטעריסטישע ענטפערס. דער סיים־דעפּוטאַט פּראָפעסאָר גורעצקי, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דער אַלפוילישער ליגע צום קאַמף קעגן ראַסיזם, שרייבט:

„די אַלפוילישע ליגע צום קאַמף קעגן ראַסיזם האָט דעם אַנטשלאָסענעם ווילן צו קעמפן קעגן רשעות, צו קעמפן קעגן ראַסן־האַס, צו קעמפן קעגן נאַציאָנאַליטעט־האַס — ביז צום ענדגילטיקן זיג. מיר האַלטן אַז דער אונטערגאַנג און דער פינצטערער גורל פון אונדזערע מיטבירגער — ייִדן, איז נישט נאָר אייער אייגענע זאַך, דאָס איז די מפּלה פון מענטשן בכלל. בירגער! דאָרט אין געטאָ הייסט אויסקריצן, אויף אַ שטיין פאַר די קומענדיקע דורות: „דורכגייער, נעם אַראָפּ דיינע שיך, ווייל דאָס אָרט אויף וועלכן דו שטייסט איז הייליק! עס איז געהייליקט געוואָרן דורכן העראָ־

איזם פון די קעמפער, עס איז געהייליקט געוואָרן דורך דעם גרויסן פּיין פון אַ פאָלק!"

דער צווייטער ענטפער איז געווען פון דעם באַרימטן שוישפּילער יאַראַטש:

„ווען איך האָב אַמאָל אין אָשוויענטשים געזען, ווי איינער פון מיינע מיטאַרעסטאַנטן, אַ פּאָליאַק, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך די ס. ס.־לייט ווי אַן אויפזעער איבער די קאַצעטלער, האָט פלייסיק געקאָפּעט די אַלע, וועלכע זענען נישט געגוג שנעל פאַרבייגעלאָפן מיט זייערע שווער־אָנגעלאָדענע וועגעלעך, האָט זיך מיר געוואָלט וויינען איבער דער שענדונג פונעם מענטש. דער אומגליקלעכער שלעגער האָט נאָך דעמאָלט אָבער געהאַט זיין באַרעכטיקונג, אַז ער האָט אַזוי געהאַנדלט אונטער אַ צוואַנג... אָבער שוין נאָכן פאַרלאָזן אָשוויענטשים האָב איך אַמאָל געזען ווי אַ פּאָליאַק האָט אַ קאָפּע געטאָן אַ יידיש קינד, האָט מיר דאָס בלוט אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין פאַר חרפּה, צאָרן און שוידער, אַז דער מאָראַלישער סם, וואָס איז געוואָרן איינגעשפּריצט דורך די דייטשישע בעסטיעס האָט דאָך אָנגעהויבן צו ווירקן. דער, וואָס האָט אַזוי נידערטרעכטיק געהאַנדלט איז געווען אַ ברוטאַלער, שיכורער גראָבער יונג, און איך האָב נאָך דער דאָזיקער סצענע אַ זיפץ געטאָן: „זיי אים מוחל, גאָט, ווייל ער ווייס נישט וואָס ער טוט". און אַט הייבט, ווען עס איז ענדלעך אַוועק פון אונדז אַ נישט געזעענער קאָשמאַר אין אונדזער ווילדסטער פאַנטאַזיע, ווען די טויט־פאַבריקן הייבן אָן צו ווערן מוזעאַלע דאָקומענטן פון חרפּה פונעם דייטשישן פאָלק, און דער אויסגעמאַטערטער און איבערגעשראָקענער מענטש באַמיט זיך מיט גרויס שוועריקייט ווידער צו בויען אַ וועלט פון אמתע ווערטן, דערוויס איך זיך, אַז עס זענען נאָך פאַראַן פּאָליאַקן, וועלכע מאַכן באַנדיטישע אָנפאַלן אויף די אַממערסטן געליטענע אין דער מלחמה, די יידן, און מאָרדן ווייטער די שוצלאָזע יידן. דאָס טוען די מענטשן שוין נישט אונטער צוואַנג, אָדער צוליב פּינצטערקייט, נאָר גאַנץ פרייוויליק און מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, איז מען שוין אין דעם פאַל נאָענט צו פאַרצווייפלונג.

„אַזוי האָט אויף אייך געווירקט דאָס אומשולדיקע בלוט פון די, וואָס זענען אומגעקומען מיט דער איינציקער האָפענונג, אַז זיי זענען קרבנות פון אַ קאַמף פאַר אַ וועלט מיט מאָראַלישע ווערטן?! אַזוי שנעל האָט זיך די גהינומדיקע היטלעריסטישע תורה, געשטיצט פונעם טייוול, פאַרפּעסטיקט אין אונדז? איז דאָס אַ רעזולטאַט פון דער לערע, וואָס עס האָבן אייך געגעבן אייערע מוטערס אין אייער קינדהייט, מיטן געפיל פון שטאָלץ, אַז איר געהערט צו דער קריסטלעכער וועלט?

„איך ווייס, ליידער, אַז עס זענען בישטאָ קיין ווערטער אָדער אַרגו־מענטן, וועלכע וואָלטן דערגרייכט צו אייערע חושים. אָבער אפשר וועט דאָך דער געשריי פון פאַרצווייפלונג איבער דער דערנידערונג פון דער מענטשהייט אַפּעלירן צו אייערע הערצער און איר וועט פאַרשטיין, אַז דאָס, וואָס איר טוט איז אַ שאַנדע פאַר פוילן און אַ שאַנדע פאַרן מענטש".

ווי איז געווען דער אָפּקלאַנג פון די ענטפערס, וואָס די וווּנדערבאַרע פּאָליאַקן און מענטשן האָבן געגעבן אויף אונדזער אַנקעטע, וועלכע מיר האָבן פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע? — — —

— — — עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון נייע פּאָגראָמען און פון נייע קעגן־אויפרופן צו מאָרדן יעדן ייִד און אָפּצווישן זיי פון דער הייליקער פוילישער ערד.

קאַפּיטל זיבעצן

## לאָדזש — דער אַמאָליקער יידישער מאַנטשעסטער

דעם 8טן מאַי, 1945, האָט זיך געענדיקט די מלחמה מיט די דייטשן. אין דעם טאָג האָט די וועלט געפייערט דעם ענדגילטיקן נצחון איבער היט־לערס מאָדערנע הונען. די שמחה אין יענעם טאָג איז געווען אין לשער, — עפּעס אַ קלייניקייט: עס זענען צעשמעטערט געוואָרן די דייטשישע אַרמייען, וואָס האָבן געזייט אומקום און פאַרניכטונג. עס זענען צעקלאַפּט געוואָרן די פּלענער פון די שעפער פונעם „1000־יאָריקן דריטן רייך". ווי נעבעכדיק און נישטיק עס האָבן זיך אין דעם טאָג געפילט די קאַפּיטולירנדיקע „שטאָלצע ריטער" פון דער מכלומרשטער העכערער ראַסע.

אין יענעם היסטאָרישן טאָג האָב איך זיך געפונען אין לאָדזש ביי מיינעם אַן אַלטן חבר — ד"ר כאַין. געהייסן האָט ער דעמאָלט גאָלעמביאָוו־סקי און ער האָט פאַרנומען אַ גאָר הויכן מלוכה־אַמט. ווען עס האָבן זיך דערהערט די ערשטע האַרמאַטן־סאַלוועס ווי אַן אָנזאָג פון שלום, בין איך געווען אין ד"ר כאַינס דירה. איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויס־געקוקט אויף דער גאַס — אויף דער אַמאָל, פול מיט לעבן, צאַפּלדיקער יידישער פּיאָטרקאָווער גאַס. זי איז היינט אויך לעבעדיק און פריילעך. זי

איז היינט אויך איבערגעפולט, אָבער — מיט אַנדערע מענטשן, אַנדערע פנימער. אַ שיכּרות־פרייד, ממש אַ היסטעריע, האָט אַרומגעכאַפּט די לאָ־דזשער באַפעלקערונג צוליבן נצחון איבער די דייטשן. דאָס מיליטער — פּוילישע און רוסישע — וואָס האָט זיך געפונען אין שטאָט, האָט זיך היינט צונויפגעמישט מיט דער ציווילער באַפעלקערונג אין איין גרויסער יובל־דיקער מענטשן־מאַסע און זיך געטראָגן גליקלעך און זאָרגלאָז איבער דער ברייטער, אַמאָל יידישער, פּיאָטרקאָווער גאַס. די לופט איז געווען דורכ־געזאַפּט מיט התלהבותדיקע יובל־געשרייען און וויוואַט־אויסרופן. מענטשן האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. היטלען זענען געפלויגן אין דער לופטן, עס האָבן זיך צונויפגעמישט די געזאַנגען אין פאַרשיידענע לשונות...

און איך בין געשטאַנען ביים פענצטער און זיך צוגעקוקט צו דער געוואַלדיק־עמאָציאָנירנדיקער סצענע. נישט ווילנדיק איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אַן אַנדערע סצענע — אַן ענלעכע צו דער, פול מיט פרייד און ענ־טוזיאַזם, וואָס אַ ריזיקע מענטשן־מאַסע האָט ארויסגעבראַכט, אויפן זעלביקן אופן און מיט דער זעלביקער היסטעריע, אין אַ געוויסן טאָג, אויף די גאַסן פון דאַנציק. דאָס איז געווען אין יאָר 1938, ווען די היטלער־באַנדעס האָבן איבערגענומען די מאַכט אין דער פריישטאָט דאַנציק. איך בין געווען אַן עדות פון דער ממש ווילדן פרייד־אויפברויז צוליב היטלערס נצחון. אין יענע „פריידיקע" טעג האָב איך זיך דאָרט געפונען און מיטגעמאַכט דע־מאָלט נישט איין טרויעריקע געשעעניש. מיט 7 יאָר שפּעטער — אין לאָדזש — די זעלביקע דעמאָנסטראַציע, די זעלביקע באַרוישונג, באַגייסטערונג און התלהבות, אָבער דאָס מאָל שוין צוליב היטלערס מפּלה... די דאָזיקע איבערגאַנגס־צייט פון נצחון ביז מפּלה האָט אונדז, יידן, געקאָסט יעדעס יאָר אַ מיליאָן קרבנות...

ווען מיין ליבער חבר ד"ר כאַין האָט באַמערקט ווי איך שטיי אַזוי ביים פענצטער, פאַרטאָן אין מיינע מחשבות און איך וויַז נישט אַרויס קיין שום סימן פון פרייד, גליק, אָדער התפעלות, האָט ער מיך, אַ פאַרוווּנדערטער, געפרעגט:

— יאָנאָס, וואָס איז דאָס מיט דיר? דו דאַרפסט דאָך שפּרינגען פאַר פרייד... די מלחמה האָט זיך געענדיקט... דו ביסט איינער פון די סאַמע

גליקלעכסטע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט דער פרוי און קינד... דו דאַרפסט דאָך איצט יובלען מער ווי אַנדערע!...

אפשר איז טאַקע מיין חבר געווען גערעכט. איך האָב אים אָבער אויף דעם גאָרנישט געקענט ענטפערן. איך בין געווען איבערגעפולט מיט ווייטיק און צער, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין מיר און נישט געוואָלט מיך פאַרלאָזן. די שווערקייט פון דער משא, וועלכע איך טראָג אין זיך, הערט מיך נישט אויף צו פרעסן און צו דריקן. ערשט איצט, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, קאָנען מיר אונטערציִען דעם לעצטן סך־הכל, מאַכן דעם חשבון און — — — דערזען די גרויסע בראָך.

ביז איצט האָב איך נאָך אַלץ פעסט געטראָגן אין זיך אַ פונק פון גלויבן, פון האָפענונג — אפשר לעבן זיי נאָך, אפשר וועלן זיי זיך נאָך אָפרופן, אפשר וועלן זיי זיך דאָך אָפגעפינען מיינע אומפאַרגעסלעכע, פריי־צייטיק פאַרשניטענע צווילינג־שוועסטער רחלע און שרהלע; אפשר וועט זיך נאָך עמיצער אָפגעפינען פון מיין פרויס און פון מיין ברייט־פאַרצווייגטער משפחה... אפשר וועט זיך דאָך באַווייזן עמיצער פון אונדזערע טייערע פריינט און חברים; פון זייערע טייערע קינדער... איך לעב דאָך... מיין פרוי לעבט דאָך... אונדזער קינד לעבט דאָך... טאָ פאַרוואָס־זשע זיי?!... איך פיל דאָך נאָך זיי אַזאַ נישט־באַשרייבלעכע בענקשאַפט... אַזאַ אומעט...

דאָס איז געווען דער ענטפער, וועלכן איך האָב אין מיינע געדאַנקען געגעבן דעם ד״ר כאַזין. און דאָס איז די סיבה פאַרוואָס איך קאָן זיך נישט באַטייליקן אין דער גרויסער שמחה צוליבן נצחון איבער אונדזער גרעסטן שונא. אָבער, ער, ד״ר כאַזין, איז געשטאַנען נעבן מיר און געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט אַרויסגעלייענט מיינע געדאַנקען. איך האָב פון זיינע בליקן דערפילט זיין נישט־אַרויסגעזאָגטע, אָבער זיכער געטראַכטע, שטומע פראַגע: — און פאַרוואָס האָט זיך ביי דיר, גראָד היינט, אינעם טאָג פון נצחון, פונעם אָפּשטעלן די וועלט־שריפה, שטאַרקער אויסגעדריקט דער ווייטיק, ווי דעמאָלט, ווען דו האָסט אַרומגעבלאָנקעט איבער די חורבות פונעם אַמאָליקן יידישן וואַרשע?!...

און איך האָב אים אויך אין מיינע מחשבות געגעבן אַ שטילן נישט־אַרויסגעזאָגטן ענטפער אויף זיין נישט אַרויסגעזאָגטער פראַגע:

— ווען איך האָב אַרומשפּאַצירט איבער די חורבות פונעם געוועזענעם

וואַרשעווער געטאָ, אויף די חורבות פונעם אַמאָל ברויזנדיקן איבערגעשני־טענעם ייִדישן לעבן, איבערן בונקער אויף מילנע גאַס, ווו דו, מיין ליבער חבר, האָסט געשטרעבט אַריינצובאַקומען זיך ווי אַ דאָקטאָר, אָבער דו האָסט עס שוין נישט באַוויזן צוליבן געטאָ־אויפשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן, (ווי דו ווייסט, איז דער בונקער אויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם „גוטן" פּאָ־ליאַק, וואָס איז געווען דער אַפּוטרופּוס פון דער גרויסער גרופּע ייִדן, און אַלע 80 ייִדן זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן), האָב איך גע־מוזט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָרט איז שוין אַלץ געענדיקט. וואַרשע איז איין גרויסע חורבה. דאָרט אונטער די חורבות און איבער זיי, שוועבט בלויז טויט; נישט מער ווי טויט. אָבער דאָ, אין לאָדזש? דאָ גרייט מען זיך דאָך אָנצוהייבן אַ ניי לעבן, — יעדנפאַלס איז דאָ אַ פּערספּעקטיוו פון אַ ניי לעבן, וואָס דאַרף איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל רציחות און בלוט־פאַרגיסונג, וואָס די גרויסע און קליינע היטלערס האָבן אויף אונדז געבראַכט. עס דאַרף זיך דאָך דאָ אָנהייבן אַ ניי לעבן אין דער נישט־צע־שטערטער שטאָט, — און די אַלע, וואָס דו זעסט איצט, די, וואָס באַטייליקן זיך אין דער הייניטיקער אומבאַשרייבלעכער שמחה — די באַלעבאַטים פון דער דאָזיקער ערד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט ייִדיש בלוט, ציִען ווייטער די בלוטיקע קייט פון די, וואָס זענען באַזיגט געוואָרן; זיי הערן ווייטער נישט אויף אומברחמנותדיק צו מאָרדן די רעשטלעך פון די אַמשטאַרקסטן געליטענע.

איך בין אַוועק פון דעם ליבן יוגנט־חבר מיינעם, מחמת דער שמועס אונדזערער האָט זיך היינט נישט געקלעפּט. ער איז נאָך דעמאָלט געווען פול מיט אָפּטימיזם, און אויפריכטיק געגלויבט, אַז אינעם באַפרייטן פוילן, וועלן די איבערגעבליבענע ייִדן זיך ענדלעך פילן גוט; אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אויסגעראָטן ווערן. איך האָב נישט געטיילט זיין מיינונג. איך האָב אויפגעּ־הערט אין דעם צו גלויבן. איך האָב שוין באַוויזן צו האָבן גענוג דערפאַ־רונגען, וואָס האָבן באַגרינדעט מיין פּעסימיזם. מיין אָפּטימיזם, מיט וועלכן איך בין געווען אָנגעשטעקט אין די ערשטע טעג נאָך דער באַפרייאונג, איז זייער שנעל אויסגעלאָשן געוואָרן.

איך האָב בדעה געהאַט צו גיין אַהיים (איך האָב אין לאָדזש געוווינט ביי מיין פריינט ד״ר אַלבערט מאַזור, וועלכער האָט זיך, מיט זיין פרוי און

צוויי קינדער, געפונען צווישן די גרעסטעוועטע אין לאָדזשער געטאָ. היינט וווינען זיי אין שוועדן), אָבער כ׳האָב געטראָפן אויפן וועג איגנאַץ ענגעל־בערג, מיין גורל־חבר פון לאַגער, וועלכער האָט שפּעטער בשעת „קריפּאָ״ האָט אין זשעלאַנקע געפּאַדערט פאַר מיר אויסקויף־געלט, זיך גלייך פאַרשטענדיקט מיט אַנטעקן, און ער האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט און מיך מיטגעשלעפּט צו זיך אַהיים. אין שכנות מיט אים האָט געוווינט אונ־דזער פריינדין, די געוועזענע אונטערערדישע טוערין אולא עקהייזער (היינט פרוי ד״ר בינענשטאָק — אין לאָנדאָן), מיט איר יינגערער שוועסטער. מיר זענען ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסן און זיך געטיילט מיט אונדזערע צעשפּליטערטע געפילן. די שוועסטער עקהייזער האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי גרייטן זיך בקרוב צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און גראָד מיר איז באַשערט גע־וועז זיי אין דעם צו העלפן. נאָך דעם ווי אונדזער מאַרגאַריטקע איז געפונען געוואָרן, האָבן מיר אויך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן פאַרלאָזן פוילן, ווייל די זיכערקייט פון יידן איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער באַדראָט. און אַפילו דאָ, אין לאָדזש, ווו עס זענען אין פאַרגלייך מיט דער פאַרמלחמהדיקער צאָל געבליבן אַזוי ווייניק יידן, פאַרשפּרייטן די פּאָליאַקן פאַרשיידענע אויס־טערלישע קלאַנגען: יעדער ייד — האָט עס געהייסן — וואָס קומט צוריק קיין לאָדזש, באַקומט מכלומרשט פונעם יידישן קאָמיטעט 30 טויזנט זלאָטעס, אַ חוץ אַ דירה און פולע אויסשטאַטונג; אַז יידישע קינדער באַקומען צו־געטיילט מילך און צוקער אויפן חשבון פון פוילישע קינדער אאַז״וו.

איך בין אין לאָדזש געווען נישט דאָס ערשטע מאָל נאָך דער באַפריי־אונג. איך פלעג אָפט אַהין קומען. לאָדזש, נישט וואַרשע, איז געוואָרן דער צענטער פונעם יידישן לעבן, ווייל די מערהייט יידן האָבן זיך קאָנצענט־רירט טאַקע אין לאָדזש און נישט אין וואַרשע. אפשר איז דאָס דערפאַר, ווייל די דירה־פראַגע איז דאָ געווען ווייניקער קאָמפּליצירט ווי אין וואַרשע. אפשר דערפאַר, ווייל לאָדזש איז געבליבן נישט באַשעדיקט. נישט ריידנ־דיק וועגן באַלוט, ווו ס׳איז געווען דאָס געטאָ און איז פולשטענדיק צע־שטערט געוואָרן, האָט לאָדזש באַקומען אויסערלעך אַ פיל שענערן אויסזען ווי פריער. די גאַסן זענען געוואָרן אויסגעברייטערט, פּלאַנמעסיק איבער־געבויט, ריין, ציכטיק. לאָדזש האָבן דאָך די דייטשן פאַררעכנט פאַר אַ דייטשישער שטאָט און דערפאַר איר אַ נאָמען געגעבן ליצמאַנשטאַט — נאָך

זייער העלד פונעם ערשטן וועלט־קריג, וואָס האָט דאַן פאַרנומען די שטאָט, גענעראַל ליצמאַן. אין לאָדזש האָבן טאַקע געוווינט אַ גרויסע צאָל דייטשן און אויך פּאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך דעקלאַרירט פאַר פאָלקס־דייטשן.

אונטער די קלעפּ פון דער סאָוועטישער אַרמיי, האָט זיך דאָס דייטשישע פאָלקס־דייטשטום מיטן פּוילישן דייטשטום צוריקגעצויגן צוזאַמען מיט די צעקלאַפּטע דייטשישע אַרמיי־האָרדעס און איבערגעלאָזט אויף הפקר זייערע שיינע, באַקוועמע און גוט־איינגעאָרדנטע, מיט ייִדישן האָב און גוטס, דירות. איצט זענען די דירות פאַרנומען געוואָרן אין דער ערשטער ריי, דורך ייִדי־שע אינסטיטוציעס, זייערע באַאַמטע, ייִדישע קאַצעטלער און פאַרטיזאַנער. די באַקוועמלעכקייטן, וועלכע ייִדן האָבן דאָרט געפונען, נאָך די קאָשמאַר־פולע יאָרן, האָבן צוגעצויגן אַלץ מער צוריקגעקומענע. די באַציִונג פונעם לאָדזשער קוואַרטיר־אַמט צו ייִדן איז געווען, ווי עס איז צו זען, אַ סך מענטשלעכער ווי אין לובלין, וואַרשע און אַנדערע שטעט.

אויך דער ליטעראַטן־ זשורנאַליסטן־ און אַרטיסטן־פאַראיין, די צענט־ראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע און די ייִדישע פּרעסע־אַגענטור „ייִפּאַ" האָבן געפונען זייער זיץ־אָרט אין לאָדזש, ווי אויך — די ערשטע ייִדישע צייטונג „דאָס נייע לעבן", וועלכע מיר האָבן געגרינדעט דעם 10טן אַפּריל, 1945, אַדאַנק אַ דאָרט געפונענער ייִדישער דרוקעריי. איך פלעג יעדע וואָך צופאָרן אַהין פון וואַרשע, כדי אָפּצוהאַלטן די זיצונגען פונעם שרייבער־ און אַר־טיסטן־פאַראיין און צו דערליידיקן אַנדערע ענינים, וואָס זענען געווען פאַר־בונדן מיט מיין אַמט אינעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן.

גרויס פרייד האָט מיר פאַרשאַפט די באַגעגעניש מיט מוסיא דייכעס אין לאָדזש. מוסיא דייכעס איז אַמאָל געווען באַרימט ווי אַ „וווּנדערקינד". זי שטאַמט פון אַ וווּנדערבאַרער משפּחה פון ווילנע, וואָס איז געווען גוט באַקאַנט אין דער גאַנצער ליטעראַריש־קינסטלערישער וועלט פון פּוילן. איר פאָטער — הערשל דייכעס — אַ זעלטענער טיפּ פון אַ ייִד און מענטש, וואָס אַזעלכן זעט מען שוין היינט נישט. אַליין אַ באַהעם מיט אַן אָפן וואַרעם האַרץ, אַ גרויסער פריינט פונעם ייִדישן שעפערישן מענטש. ער האָט, צוזאַמען מיט זיין ליבער פרוי רחל, פאַרוואַנדלט זייער היים אויף גרויס־סטעפאַן גאַס 17, אין ווילנע, אין אַ היים פאַר ייִדישע קינסטלער און קולטור־טוער.

מיך האָט צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט אַהין די מאַמע פונעם יידישן טעאַטער אסתר־רחל קאַמינסקאַ. מיין אויפמערקזאַמקייט איז געפאַלן אויפן יינגסטן קינד, מוסיא, הגם אַלע קינדער, אָן אויסנאַם, זענען געווען באַגאַבט אויף פאַרשידענע געביטן. עס איז געווען אַן אמתע מוזיקאַליש־קינסט־לערישע היים. די דעמאָלט קוים 2־יאָריקע מוסיא האָט אָבער אַרויסגעוויזן גרויסע טאַנץ־פעיִקייטן, וואָס האָבן ממש פאַרכאַפּט. איך בין געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט וועגן איר אָנגעשריבן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג אין דער פרעסע און אַזוי אַרום געצויגן די אויפמערקזאַמקייט אויפן דאָזיקן „וווּנדערקינד". שנעל האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן איר קאַריערע. זי האָט געטאַנצט אין גאַנץ פוילן, איינשליסנדיק די וואַרשעווער „פילהאַרמאָניע", זי האָט געטאַנצט אין פאַריז און אין אַנדערע אייראָפּעיִשע צענטערס — און אומעטום אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג. מען האָט זי אויך אַנגאַ־זשירט צום פילם און איר פּאָפּולאַריטעט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, דער עיקר — ביי די קינדער. מיט יאָרן שפּעטער איז מוסיא אַריינגעטראָטן אין דער ווילנער טעאַטער־שול, ווייל זי האָט געשטרעבט צו ווערן אַ שוי־שפּילערין. די מלחמה האָט אָבער איבערגעריסן אַלע אירע פּלענער, ווי אויך איבערגעריסן דאָס לעבן פון דער גאַנצער זעלטענער משפּחה, מיט וועלכער עס האָט מיך געבונדן אַ יאָרנלאַנגע גרויסע פריינטשאַפט. מוסיא איז געווען די איינציקע וואָס האָט זיך געראַטעוועט. צום גליק איז זי געבליבן לעבן נאָך די אַלע שבעה מדורי גהינום וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין ווילנער געטאָ, קייזערוואַלד־ריגע און טאָרן, און זי געהער צו דער צאָל אויסדער־ווילטע פרויען, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט אינעם באַרימט־געוואָרענעם בידגאָשטש, פון וואַנען זי איז נאָך דער באַפרייאונג אַוועק קיין לאָדזש.

איז דען אַ וווּנדער, אַז די אומדערוואַרטע באַגעגעניש מיט מוסיא דייכעס איצט אין לאָדזש איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע איבערלעבונג?



אַ פּאָר טעג פאַרן ערשטן מאַי — דאָס איז געווען אין וואַרשע — איז געקומען צולויפן צו מיר מיין טעכטערל און מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן, אַז כ׳זאָל דעם ערשטן מאַי נישט אַרויסגיין אין גאַס. זי האָט געהערט — זאָגט זי — צווישן די קריסטן, אַז מען גרייט זיך דעם ערשטן מאַי אָפּצו־

רעכענען זיך מיט ייִדן... היות די ייִדן וועלן אַרויס מיט אַן ערשטן מאַי־דעמאָנסטראַציע — האָבן זיי געזאָגט — וועט מען זיי באַוואַרפן מיט גראַנאַטן און עפענען אַ שיסעריי. מיין טעכטערל האָט בעתן קריג זיך געפונען אין דער סביבה פון דער פוילישער אונטערערד פון א״ק (לאַנד־אַרמיי) און מען האָט זי שוין געהאַלטן פאַר אַן אייגענע, האָט מען זיך נישט זשענירט און אָפן גערעדט אין איר קעגנוואַרט. זי האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט ביז איך האָב איר געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל דעם ערשטן מאַי נישט אַרויסגיין אויף דער גאַס.

גראָד האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז דעם ערשטן מאַי האָט מען מיר טעלעפאָנירט פון לאָדזש, אַז דאָרט איז אַרעסטירט געוואָרן איינער פון אונדזערע באַליבטסטע און טיכטיקסטע מיטאַרבעטער פון דער צייטונג און פון דער ייִדישער פּרעסע־אַגענטור — אפרים שעדלעצקי. בין איך גלייך מיט דעם אויטאָ פון צענטראַל־קאָמיטעט אַוועקגעפאָרן קיין לאָדזש. קומענדיק אַהין, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז שעדלעצקי איז אַרעסטירט געוואָרן פאַרן גרויסן „חטא״, וואָס מען האָט געדרוקט אין אונדזער דרוקעריי, ווו ער איז געווען דער קאָרעקטאָר, די ערשטע מאַי־אויפרופן פון די „לינקע פועלי־ציון״ און „בונד״, איידער עס איז אַרויס דער אויפרוף פון דער „פּ. פּ. ר.״ (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי). דאָס איז געווען, לויט דער מיינונג פון די פּאָליטישע רעדל־פירער, אַ באַוווּסטזיניקער סאַבאָטאַזש...

שעדלעצקי איז גלייך באַפרייט געוואָרן, אָבער צוליב זיין אַרעסט איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער שטורעם, ווייל מען האָט זיך דערוווּסט ווער עס האָט אים געהייסן אַרעסטירן. בכלל איז צו יענער צייט געווען אַ טענדענץ גלייך צו הייסן אַרעסטירן, ווען עס האָט עפּעס נישט געשטימט מיט דער אָנגענומענער „ליניע״.

די ידיעה, וועלכע מיין טעכטערל האָט מיר מיטגעטיילט אין וואַרשע, האָט אָבער געבראַכט דערצו, אַז מען האָט אין יענעם טאָג (דעם ערשטן מאַי 1945), טאַקע פאַרשטאַרקט די וואַכזאַמקייט אין פּראַגע און, צום גליק, זענען קיין ייִדישע קרבנות אין דעם טאָג נישט געווען. ווען איך האָב צומאָרגנס טעלעפאָנירט קיין וואַרשע, אין צענטראַל־קאָמיטעט, האָט מען מיר געזאָגט, אַז אַלץ איז דורך בסדר.

אין לאָדזש, וואָס האָט פאַרן קריג געציילט ביי 250 טויזנט ייִדן, און

אין געטאָ — קרוב 170 טויזנט, האָבן זיך געראַטעוועט סך־הכל 877 ייִדן. עס איז באַלד געגרינדעט געוואָרן אַ ייִדישער הילף־קאָמיטעט אויף נאַרוטאָוויטשאַ 32 (דערנאָך אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף שרודמיעיסקאַ 32). דעם דאָזיקן קאָמיטעט האָט פּאַקטיש אָרגאַניזירט, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, ד״ר פיליפּ פרידמאַן, מיט דער הילף פון יהודה עלבערג. אַלס פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן דער מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן און וויצע־פאָרזיצער פון זשורנאַליסטן־ און ליטעראַטן־פאַראיין — מיכאל מירסקי; וויצע־פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט איז געווען אַדוואָקאַט ווייסקאָפּף, און סעקרעטאַר — אַדוואָקאַט ווערטהיים.

צוביסלעך איז לאָדזש געוואָרן די גרעסטע ייִדישע קהילה אינעם נייעם פּוילן. די צאָל ייִדן האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און איז דערגאַנגען דעם 1טן יולי, 1945, ביז 20.438, צווישן זיי 10.226 צוריקגעקומענע פון די לאַגערן; די איבעריקע — פון רוסלאַנד (דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, אינוואַלידן, פּאַרטיזאַנער), ווי אויך די, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה ווי פאַרשטעלטע אַריער.

יעדן איינעם וואָס איז צוריקגעקומען פונעם לאַגער האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט אויסגעצאָלט פּופציק זלאָטעס (נישט ווי די פּאָליאַקן האָבן איבערגעגעבן וועגן אַן האָרענדאַלער סומע פון 30 טויזנט זלאָטעס), געגעבן אַ מלבוש, אַ שפּייז־פּעקל און אַ געלעגער פון רעפּאַטריאַציע־אַמט, ביז ער האָט נישט געפונען קיין דירה פאַר זיך. פון דער דאָזיקער הילף האָבן גענאָסן אין משך פון צוויי חדשים 8 טויזנט ייִדן. בלויז פאַרן חודש מאַי האָט מען אויסגעצאָלט 400 טויזנט זלאָטעס פאַר די צוריקגעקומענע פון די לאַגערן און וועלדער.

ביזן 1טן יולי האָט מען געהאַט רעגיסטרירט אין לאָדזש 1.139 קינדער, צווישן זיי 853 קיילעכדיקע יתומים. אין חודש מאַי, 1945, זענען אין עלטער פון 14 יאָר געווען אין לאָדזש 400 קינדער. פון די איבער טויזנט קינדער איז יעדעס דריטע קינד קראַנק געווען אויף טובערקולאָז. אויך צווישן די דערוואַקסענע איז די מערהייט צוריקגעקומענע קראַנק געווען אויף שווינדזוכט. מיטן געזונטהייטס־אַמט ביים קאָמיטעט האָט אָנגעפירט דאָקטאָר א. קרינסקי.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט אין פּוילן, האָט אין לאָדזש אויך

דאָס קולטור־לעבן פאַרנומען דעם ערשטן אָרט.ביים קולטור־אָפטייל פונעם וואַיעוואָדישן יידישן קאָמיטעט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט וולאַדקאַ (פייגל פעלטעל) — אויטאָרין פון דעם בוך „אויףביידע זייטן מויער״, — איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישע סטודיע, אָנגעפירט פון מוסיא דייכעס און א. קירשנבוים; אַ גרויסער כאָר, אָנגעפירט פונעם דיריגענט יעקב מאַראַקאָ, און אַפילו — אַן אָרקעסטער. עס זענען אָפט איינגעאָרדנט געוואָרן



ביי אַ זיצונג פון קולטור־אָפטיילונג: צווישן די זיצנדיקע: א. קירשנבוים, נח גריס, וולאַדקאַ, יאָנאַס טורקאָוו און מוסיא דייכעס. — עס שטייען: י. מאראקא, י. הענדלער א״אַ.

רעפּעראַטן, ליטעראַרישע פאַראַנשטאַלטונגען, דיסקוסיעס, קאָנצערטן. אין די ליטעראַרישע פאַראַנשטאַלטונגען זענען אַרויסגעטראָטן רחל אויערבאַך, ישעיה שפּיגל, יהודה עלבערג, ג. יאשונסקי, נחמן בליץ א״אַ.

איי‍ניקע קאָנצערטן פון דיאַנאַ בלומענפעלד, מיט דער באַטייליקונג פון דעם זינגער דידיאָ עפּשטיין און דער פּיאַניסטין ליליאַנאַ וואַרם, האָבן

צוגעצויגן אַ ריזיקן עולם. זיי זענען דורכן לאָדזשער ישוב פאַרוואַנדלט געװאָרן אין אַ מאַניפעסטאַציע פאַר דעם יידישן וואָרט, וואָס איז שוין דאָ נישט געהערט געוואָרן קנאַפּע 6 יאָר. עס זענען אויך אויפגעטראָטן מיט דערפאָלג די גערעטעוועטע: דאָרא רובין, דער לאָדזשער א. קירשנבוים, חיהלע ראָזענטאַל און מוסיא דייכעס, וועלכע האָט זיך אויך באַטייליקט, אַ חוץ אין קאָנצערטן, אין די ליטעראַרישע פרימאָרגנס.

ביים קאָמיטעט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ספּאָרט־אָפּטייל, וואָס האָט געפירט אַ שיינע טעטיקייט.

ביים לאָדזשער קאָמיטעט האָט מען געגרינדעט אַ ביבליאָטעק פון איבער 1.000 ביכער, וועלכע מען האָט געפונען אונטער די חורבות פונעם געטאָ. מיט דער ביבליאָטעק האָט אָנגעפירט ש. גלובע, מיטאַרבעטער פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע.

פונקט ווי אין אַנדערע שטעט איז אויך אין לאָדזש געשאַפן געוואָרן אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט מיט י. אַטלאַס (היינט אין קאַנאַדע) אַלס פאָרזיצער. דער ערשטער לאָדזשער רב, נאָך דער באַפרייאונג, איז געווען הרב ל. שטשעקאַטש, געוועזענער הויפּט־רב פון דער פּוילישער אַרמיי אין רוסלאַנד. שפּעטער איז דער געוועזענער ביאַליסטאָקער רב, הרב קראַוויעץ, באַשטימט געוואָרן אַלס דער הויפּט־רב פון לאָדזש.

די רעליגיעזע געמיינשאַפט האָט איבערגענומען די איינציקע לאָדזשער שול אויף פּאָלודניאָוואַ 28 (די גרויסע סינאַגאָגע האָבן די דייטשן אויפגעריסן).

צוויי טעג איידער די דייטשן האָבן פאַרלאָזט לאָדזש, האָבן זיי צוגעגרייט קברים פאַר די איבערגעבליבענע, נאָך לעבעדיקע, לאָדזשער יידן. איבער 800 יידן האָבן זיך איצט פאַרזאַמלט ביי די קברים, וואָס די דייטשן האָבן פאַר זיי צוגעגרייט, אָבער שוין נישט באַוויזן די דאָזיקע יידן אומצוברענגען. אין די צוגעגרייטע פאַר זיי קברים האָט די לאָדזשער רעליגיעזע געמיינשאַפט באַשלאָסן קובר צו זיין די געשענדיטע און צעריסענע יידישע ספרים, יריעות פון ספרי־תורות, טיילן פון תפילין און אַנדערע רעליגיעזע חפצים, באַפלעקטע מיט יידיש בלוט, וואָס מען האָט געפונען אין די חורבות פונעם לאָדזשער געטאָ. מספּיד געווען האָט דער פאָרזיצער פון דער דאָרטיקער רעליגיעזער געמיינשאַפט י. אַטלאַס, דער ערשטער לאָדזשער רב ל. שטשע־

קאַטש, ווי אויך דער וויצע־פּאָרזיצער פונעם ייִדישן קאָמיטעט, אַדוואָקאַט ווייסקאָפּף. ווען הרב שטשעקאַטש האָט געזאָגט קדיש נאָך אַלע אומגעקו־מענע, איז אויסגעבראָכן אַ יאָמערלעך געוויין. די קולות האָבן זיך געטראָגן ווייט, ווייט איבער די אַרומיקע פעלדער...

דאָס איז געווען דעם 6טן מאַי, 1945.

עס איז ביים ייִדישן קאָמיטעט געשאַפן געוואָרן אויך אַ שול־ און בילדונגס־אָפּטיילונג, וואָס האָט אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע אַרבעט, מען האָט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע פון ייִדישע לערער, כדי צו קענען עפע־נען שולן פאַר די קינדער. אין חודש יולי, 1945, האָט זיך ביים שול־ און בילדונגס־אָפּטייל געבילדעט אַ שול־ראַט, וואָס האָט אַרומגענומען „ציש"אָ", „תרבות", „שול־קולט" און „בני יעקב". דער ראַט האָט אויסגעקליבן אַ פּראָגראַם־קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון ד"ר י. קערמיש, מגר. בלו־מענטאַל, נח גריס, העלענע שענבער, געניע סילקעס, ישעיה שפּיגל, מענדל מאַן און בונין.

דער ערשטער קיבוץ איז געעפנט געוואָרן אין לאָדזש אין חודש יוני, 1945. דאָס איז געווען דער פּועלי ציון־קיבוץ. אויך אַנדערע קיבוצים פון



נחמן בלומענטאַל גיט־אָפּ אַ באַריכט בעת דער פּלענאַר־סעסיע פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע.

די ציוניסטישע גרופּירונגען, בראש מיטן קיבוץ „לוחמי הגטאות״ פון מרכז החלוץ, זענען אַנטשטאַנען אין לאָדזש, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער צענטער פון דער „בריחה״.

דאָס פּאַרטייאישע לעבן, אָנהייבנדיק פונעם „בונד״ ביז „איחוד״ איז אין לאָדזש געווען זייער פאַרצווייגט.

די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגן פון לובלין קיין לאָדזש אין דעצעמבער, 1944, האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אינעם לאָדזשער קולטור־לעבן. אויסער דער זייער אינטערעסאַנטער וויסנ־שאַפטלעכער און פאָרש־אַרבעט, וועלכע זי האָט געפירט, האָט זי געשאַפן



אַ גרופּע מיטגלידער פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע בעת אַ זיצונג.

אַ ריי וואָיעוואָדישע און לאָקאַלע היסטאָרישע קאָמיסיעס, ווי אויך קאָרעס־פּאָנדענטן צו זאַמלען אומעטום מאַטעריאַלן און דאָקומענטן אין שייכות מיטן חורבן, יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און פּאַרטיזאַנער־קאַמפּף. ביי דער צענטראַלע אין לאָדזש איז מען צוגעטראָטן צו שאַפן אַ הויפּט־אַרכיוו און אַ היסטאָרישן מוזיי, וווּ עס זאָלן פאַראייביקט ווערן אונדזערע קדושים.

עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ פאַרלאַג, וואָס האָט, צווישן אַנדערן, אַרויס־געגעבן פיל וויכטיקע ווערק.

אין דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש האָבן מיט־געאַרבעט אַ חוץ דעם דירעקטאָר ד״ר פיליפ פרידמאַן — ד״ר יוסף קערמיש,



די קאָמיסיע אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ ביים אויספרעגן עדות. — פון רעכטס: ד״ר פיליפ פרידמאַן, נחמן בלומענטאַל, פראָקוראָר לעשצינסקי, פראָקוראָר קוראַווסקי, יוסף קערמיש א״אַ.

מגר. נ. בלומענטאַל, נח גריס, מלך באַקאַלטשוק, קושניר, גלובע, וואָלף קאַרמיאָל א״אַ.

***

סוף מאַי, 1945, איז די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע, צוזאַמען מיט אַ מלוכהשער קאָמיסיע, אַרויסגעפאָרן קיין כעלמנאָ, דעם געוועזענעם טויט־לאַגער, וווּהין עס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן די מערהייט וולאָצ־לאַווקער און לאָדזשער יידן, בפרט — די קינדער. די וויכטיקייט פון כעלמ־

נאָ איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער איז געווען דער ערשטער טויט־לאַגער
פאַר פּוילישע ייִדן. דאָ האָבן די דייטשן עקספּערימענטירט, דאָ האָבן זיי
אויסגעפּרוווט צום ערשטן מאָל זייערע נייע מעטאָדעס פון מאַסן־מאָרד דורך
גאַז. דאָ איז געמאַכט געוואָרן דער אָנהייב פון דער פּלאַנמעסיק־צוגעגרייטער
אַקציע טאָטאַל אויסצוראָטן דאָס ייִדנטום פון אייראָפּע. די מאָרדן זענען



דער איינציקער לעבן־געבליבענער עדות פון כעלמנער טויט־לאַגער,
דער 15־יעריקער שמעון סרעברניק אין דער באַגלייטונג פון צוויי
אָפיצירן פון דער פּוילישער אַרמיי.

דורכגעפירט געוואָרן נאָך נישט אין קיין ספּעציעל־צוגעגרייטע בנינים מיט
גאַז־קאַמערן, נאָר אין הערמעטיש פאַרמאַכטע אויטאָמאָבילן — אין די טרוי־
עריק־באַרימטע אויטאָס, מיט וועלכע די דייטשן האָבן זיך שפּעטער באַ־
נוצט אויך אויף די דורך זיי פאַרנומענע רוסישע געביטן און זענען דורך
דער רוסישער באַפעלקערונג אָנגערופן געוואָרן „דזשעגובקי“. זיי האָבן
געדינט צום אומברענגען ייִדן, ס׳רוב פון די מזרח־אייראָפּעישע געביטן.

קיין כעלמנאָ זענען געבראַכט געוואָרן קלענערע פּאַרטיעס מענטשן אויך פון פאַרשידענע מערב־אייראָפּעישע לענדער, צווישן אַנדערע, אויך אַ פּאַרטיע דייטשן — פון משוגעים־הייזער. דער איינציקער געראַטעוועטער פון אומקום אין כעלמנאָ, איז געווען דער 15־יעריקער שמעון סרעברניק (פון פוילן), וועלכער האָט אין דער לעצטער מינוט אויסגעמיטן די „דושעגובקי״.

די דעלעגאַציע פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע איז געפאָרן קיין כעלמנאָ, כדי אויפן אָרט אויסצופאָרשן די דייטשישע פאַרברעכנס. שטומע עדות פון דעם שרעקלעכן מענטשן־מאָרד זענען געווען די שטילע ווערבעס ביים קליינעם טייכל, וואָס שלענגלט זיך האַרט ביים שלאָס אין כעלמנאָ, — דאָס זעלביקע טייכל, אין וועלכן מען האָט אָן אויפהער געשיט דאָס אַש פון פאַרברענטע מענטשן. דאָס גראָז האָט שוין מער נישט געוואָלט וואַקסן אויף דער וואַלד־פּאָליאַנע, אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען דער מאַסן־קבר פון די הרוגים. דער פוסטער פּלאַץ אין וואַלד איז געוואָרן אַ לעבעדיקער עדות... אין זיין שויס איז פאַרשלאָסן און באַגראָבן דער סוד פון הונדערטער טויזנטער פאַרגאַזטע אָדער לעבעדיק־באַגראָבענע, וועלכע די דייטשן האָבן דערנאָך פון דאָרט אַרויסגעריסן און איבערגעגעבן אין רשות פון די שייטערהויפנס...

דאָס איז נאָך אַ קאַפּיטל פון דעם גיגאַנטישן באַשולדיקונגס־אַקט, וואָס די פעלקער פון אייראָפּע — און אין דער ערשטער ריי מיר, יידן, — האָבן צונויפגעשטעלט קעגן די, נישט־געזעענע אין דער געשיכטע רוצחים.

שפּעטער האָט די קאָמיסיע באַזוכט אויך די טויט־ און פאַרניכטונגס־לאַגערן טרעבלינקע און אָשוויענטשים.

***

זייענדיק אין לאָדזש, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז עס געפינט זיך דאָרט אַ ריזיקער סקלאַד מיט צוגערויבטע ביי יידן קליידער און זאַכן, וועלכע די דייטשן האָבן אויף זייער שטייגער פּלאַנמעסיק און לויט אַ סדר אויסאָרטירט און געבראַכט אין אָרדענונג. זיי האָבן די זאַכן שוין נישט באַוויזן אַוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד, מחמת זיי האָבן געמוזט אין איילעניש פאַרלאָזן די שטאָט.

פון וואַנען האָבן געשטאַמט די דאָזיקע זאַכן? — מסתמא פונעם טויט־

לאַגער כעלמנאָ, ווי אויך, אַ טייל, אפשר — פון די קאָנפּיסקאַציעס. איינס איז זיכער געווען קלאָר: די זאַכן האָבן געשטאַמט פון ייִדן און זענען געווען ייִדישע אייגנטום. האָט מען דאָך זיי געדאַרפט אומקערן דעם רעכטלעכן יורש — אין דעם פאַל: דעם ייִדישן קאָמיטעט אין לאָדזש. מען האָט זיך אָבער בפירוש אָפּגעזאָגט דאָס צו טון. קיין שום אָרטיקע ייִדישע אינטער־ווענץ האָט נישט געהאָלפן.

טאָ צו וועמען זשע־דען וועלן די זאַכן ווערן איבערגעגעבן?

— דאָס — האָט מען געענטפערט — איז דאָס אייגנטום פון דער פּוי־לישער מלוכה, ווייל מען האָט עס פאַרכאַפּט פון די דייטשן. עס איז אַפילו אַרונטערגעפאַלן, פּונקט ווי אַלע מכלומרשטע דייטשישע פאַרמעגנס, דעם ספּעציעל־באַשטימטן דערצו הויפּט־קאָמיסאַריאַט פאַר פאַרלאָזענע און נאָך דייטשישע פאַרמעגנס.

וואָס פאַר אַ פאַרמעגן האָבן די דייטשן געבראַכט קיין פּוילן? זיי האָבן דאָך פון פּוילן בלויז אַרויסגעפירט פאַרמעגנס. איז, אויב דאָס איז — וואָס עס איז אָן שום צווייפל — אָנגעראַבעוועטע ייִדיש האָב און גוטס, האָט מען עס דאָך געדאַרפט, לויט אַלע כללים פון געזעץ און יושר, איבערגעבן צו די רעכטלעכע יורשים. און דאָס איז, ליידער, נישט געשען.

איך ווייס, אַז נישט נאָר אין לאָדזש, נייערט אין גאַנץ פּוילן איז שווער געווען פאַר אַ ייִד צוריקצוקריגן זיין נחלה אָדער פאַרמעגן, — ווער שמועסט נאָך, ווען דער אייגנטימער איז אומגעקומען דורך די דייטשן אָדער פּאָליאַקן. ווען די יורשים האָבן זיך געמאָלדן נאָך דער ירושה, האָט מען, אין בעסטן פאַל, אויסגעניצט פאַרשידענע אופנים, כדי זיך פון דעם אַרויסצודרייען. אין אַ ך פאַלן האָט מען גרעערע אייגנטומס פּשוט אַרונטערגענומען אונ־טער דער קאַטעגאָריע פון פאַרלאָזענע נאָך־דייטשישע פאַרמעגנס און שריי — חי וקים...

דער הויפּט־קאָמיסאַריאַט פון דער דאָזיקער מלוכהשער אינסטיטוציע האָט זיך געפונען אין לאָדזש. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דער הויפּט־קאָמי־סאַר פאַר די פאַרלאָזענע און נאָך־דייטשישע פאַרמעגנס איז גאָר מיינער אַ באַקאַנטער, אַדוואָקאַט ראַקאָווער, וועלכער האָט מיר, איינער פון די ער־שטע, געבראַכט קיין לובלין גרוסן פון מיינע נאָענטע, וואָס האָבן זיך גע־פונען אין רוסלאַנד. האָבנדיק אַזאַ גוטע געלעגנהייט, האָב איך זיך געמאָלדן

צו אים. ער האָט מיך אויפגענומען. אויף מיין פראַגע: ווו איז יושר? ווי קומט עס, אַז מען וויל נישט אָפּגעבן דאָס צוגערויבטע דורך די דייטשן יידיש פאַרמעגן — דעם יידישן קאָמיטעט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ליידער קאָן ער דאָס געזעץ נישט ענדערן. דאָס געזעץ זאָגט, אַז דאָס גאַנצע „נאָך־דייטשישע פאַרמעגן" (אין פויליש הייסט עס: פּאָ ניעמיעצקי מאַיאָנטעק), דאַרף איבערגיין צו דער מלוכה, און דעריבער קאָן ער נישט מאַכן קיין אויסנאַם. ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער באַמיט זיך נאָך אַלץ אין דעם ענין און ער האָפט אַז 25 פּראָצענט פון דעם פאַרמעגן וועט מען איבערגעבן צו די יידן.

איך האָב זיך קוים באַהערשט פון אויפרעגונג: — און וואָס וועט מען טון מיט די איבעריקע זאַכן, וואָס באַשטייען פון טליתים, פּרוכתן, ספר־תורה־מענטעלעך? מען וועט זיי אויסשטעלן אויף ליציטאַציע, אָדער פאַרטיילן צו די שיקסלעך, זיי זאָלן זיך דערפון אויפנייען יום־טובדיקע קליידער...

אַ דערצאָרנטער האָב איך פאַרלאָזט ראַקאָווערס קאַבינעט. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו פאַרהאַנדלען מיט דעם „קאָמיסאַריאַט פאַר די נאָך־דייטשישע פאַרמעגנס". איך האָב דעם ענין איבערגעגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן צו דערליידיקן, דערקלערנדיק, אַז איך וועל זיך מיטן דאָזיקן קאָמיסאַריאַט מער נישט שטעלן אין פאַרבינדונג. דעם ענין האָט איבערגענומען מ. מירסקי, וועלכער איז געווען דער פאַרזיצער פונעם לאָדזשער קאָמיטעט. ער האָט ווייטער געפירט מיט זיי אונטערהאַנדלונגען און קוים מיט צרות איז געלונגען אַרויסצוקריגן 40 פּראָצענט פונעם גאַנצן פאַרמעגן. פאַר יענע צייטן איז עס געווען גאָר אַ סך, אָבער דער ווייטיק — נאָך גרעסער, מחמת 99 פּראָצענט פונעם סקלאַד איז באַשטאַנען פון זאַכן, צוגערויבטע ביי יידן.

פאַר מיין פאַרלאָזן צום לעצטן מאָל לאָדזש, האָב איך נאָך באַזוכט דעם שווער־קראַנקן לייב ראָכמאַן, וואָס איז שוין געווען צוגעשמידט צום בעט. היות ער האָט געליטן פון טובערקולאָז פון די ביינער, און אין פוילן איז פאַר אים נישט געווען קיין שום רעטונג, האָט דער יידישער זשורנאַליסטן־ און אַרטיסטן־פאַראיין אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי אים צו קענען אַוועקשיקן אין דער שווייץ אויף קוראַציע. אַ צייט נאָך מיין פאַרלאָזן פוילן, האָב איך זיך דערוווסט, אַז ס'איז געלונגען צו שאַפן פאַר ראָכמאַנען די

נייטיקע סומע געלט און ער איז מיט זיין פרוי, אסתרל, אָפּגעפאָרן קיין דאַוואָס, שווייץ. נאָך צוויי יאָר צייט איז ער, צו דער גרעסטער פרייד פון זיינע פּילצאַליקע פריינט, אַרויס פולשטענדיק געזונט.

היות דאָס פאָרן מיט דער באַן קיין לאָדזש און צוריק איז געווען גע־פערלעך — מען האָט נאָך אַלץ אַרויסגעוואָרפן יידן אין מיטן פאָרן — פלעג איך זיך תמיד באַנוצן מיט אַן אויטאָ אָדער אַעראָפּלאַן. מיט אַן אויטאָ האָט מען אָבער געמוזט פאָרן בלויז ביים טאָג־ליכט, ווייל ביינאַכט איז מען שוין נישט געווען זיכער מיטן לעבן, צוליב די כסדרדיקע באַנדיטישע אָנ־פאַלן. פלעג איך עפטער פליען. איינמאָל — דאָס האָט זיך מיר גוט איינ־געקריצט אין זכרון — בין איך, צוזאַמען מיט ד״ר אַדאָלף בערמאַן און זיין פאַרשטאָרבענער פרוי באַשע, געפלויגן פון וואַרשע קיין לאָדזש. צוקו־מענדיק נענטער צום לופט־פעלד, האָט אונדזער אויטאָ מיט גרויס מי זיך געקאָנט דורכקריגן דורך דער ריזיקער מאַסע מענטשן, וואָס איז געשטאַ־נען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג. וואָס נענטער צום לופט־פעלד, זענען די מאַסן געווען גרעסער. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דערוואַרט עפּעס אַ גרויסן גאַסט. ווער־זשע איז געווען דער גאַסט?

דאָס האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט אויפן לופט־פעלד, וואָס איז גע־ווען אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון מיליטער, זשאַנדאַרמען און מיליציאָ־נערן. פּלוצים איז אָנגעקומען אַ סאָוועטישער אַעראָפּלאַן פון מאָסקווע און פון אים איז אויסגעשטיגן דער נייער וויצע־פּרעמיער, דער גאַסט פון לאָנ־דאָן — מיקאָלייטשיק, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם אַמט אין מאָסקווע. אַ ריזיקע מאַסע פון צענדליקער טויזנטער מענטשן האָט ווי אין איין קול, כסדר איבערגעחזרט איינס און דאָס זעלביקע וואָרט: „מי־קאָ־ליי־טשיק... מי־קאָ־ליי־טשיק״... וואָס מיר האָבן אומאויפהער געהערט, ביז אונדזער אַעראָפּלאַן איז פאַרשווונדן אין דער הויך. עס איז געווען אַן אומ־פאַרגעסלעכער מאָמענט, וועלכער האָט געמאַכט נאָך אַ שטאַרקערן איינדרוק, ווי די פרייד צוליב דער קאַפּיטולאַציע פון די דייטשן.

איך האָב אין יענע מינוטן געטראַכט: אפשר וועט איצט דער פאַרשי־כורטער פּאַטריאָטיזם פונעם פּוילישן פאָלק ענדלעך אָפּשטעלן די בלוטיקע אָנפאַלן אויף זייערע יידישע מיטבירגער. אפשר וועט איצט, צוליב דעם נייעם צוזאַמענשטעל פון דער פּוילישער רעגירונג פון נאַציאָנאַלער איינ־

קייט, אין וועלכער עס גייען אַריין אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען פון פאַר־
שידענע קעגנגעזעצטע לאַגערס, ווירקן, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַ סוף
צו די אַנטי־ייִדישע אַרויסטרעטונגען. אָבער ליידער איז געשען דאָס פאַר־
קערטע: דער אַנטי־ייִדן־האַס איז פילפאַך פאַרגרעסערט געוואָרן...

•

קאַפּיטל אַכצן

## אַ נייער יידישער ישוב אין נידערשלעזיע

דעם 8טן מאַי, 1945, איז נידערשלעזיע פאַרנומען געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אַרמיי. די דאָזיקע טעריטאָריע, ביז צו די טייכן אָדער און ניס, האָבן די סאָוועטן איבערגעגעבן צו פוילן. דאָס האָט געזאָלט זיין, משמעות, אַ רעקאָמפּענסאַציע פאַר די פוילישע מזרח־געביטן, וואָס זענען אַריבער צו רוסלאַנד. אין דעם וווּנדערשיינעם נידערשלעזיע, איינע פון די רייכסטע דייטשישע פּראָווינצן, האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט כמעט זייער גאַנצע מעטאַל־אינדוסטריע; דאָרט האָבן זיך אויך געפונען די גרעסטע וועבערייען און טעקסטיל־פאַבריקן. שלעזיע איז רייך אין קוילן־ און צינק־גרובן. ני־דערשלעזיע האָט, אַ דאַנק דער געאָגראַפישער לאַגע און נאַטור־עשירות, זיך קונה שם געווען מיט אירע פילצאָליקע קור־ערטער און הייל־אַנשטאַלטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. געניג בלויז צו דערמאָנען: רייַנהערץ (דוש־ניקי) — פאַר האַרץ־קראַנקהייטן; זאַלצבורג (סאָלעץ); קודאָוואַ; זאַלצבראָן (גערהאַרט האופּטמאַנס געבוירן־שטאָט); געבערטסדאָרף; וויסטענגירסדאָרף און הירשבערג. בעת דער לעצטער מלחמה איז נידערשלעזיע באַשערט גע־ווען צו שפּילן גאָר אַ גרויסע ראָל.

די היטלעריסטן האָבן די דאָזיקע רויִקע, געמיטלעכע און רייכע פּראָ־ווינץ פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקע קריגס־באַזע. אַהין זענען אַריבערגע־טראָגן געוואָרן די גרעסטע דייטשישע קריגס־אונטערנעמונגען. צוזאַמען מיט דער אַנטשטייאונג פון די פילצאָליקע פאַבריקן, איז דאָרט אויך געשאַפן געוואָרן אַ נעץ פון שקלאַפן־אַנשטאַלטן. דאָרט, אין די טאָלן פון די פרעכ־טיקע בערג, פון די אַזוי גערופענע „אוילן־געבירגע" (סאָוויע גורי), ווו

דער באַרימטער דייטשישער דראַמאַטורג גערהאַרט האופּטמאַן האָט, אין הירשבערג (יעלעניא גורא), אויסגעוועבט זיין גרויסע סאָציאַלע דראַמע „די וועבער", און איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די גייסטיקע שטיצערס פון היטלערן, זענען אויפגעשטעלט געוואָרן טויזנטער באַראַקן, אַרומגעצוימט מיט שטעכעדיקע דראָטן און מען האָט צונויפגעטריבן אַהין די פאַרשקלאַפּטע פעלקער פון דער באַזיגטער אייראָפּע. הונדערטער טויזנטער מענער און פרויען פון פוילן, ראַטנפאַרבאַנד, פראַנקרייך, לוקסעמבורג, בעלגיע, האָלאַנד, אונגאַרן, גריכנלאַנד, יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע, טשעכאָסלאָוואַקיע זענען אין משך פון 5־4 יאָר איינגעשפּאַנט געוואָרן אין קנעכטשאַפט פון דער דייטשישער טייוולאַנישער קריגס־מאַשין. מען האָט זיי באַשעפטיקט אין די פאַבריקן, מעטאַל־אינדוסטריע און קוילן־גרובן.

אַ דאָמינירנדיק אָרט צווישן די שקלאַפן פון די פעלקער פון דער אָקופּירטער אייראָפּע האָבן דאָרט פאַרנומען יידן. צענדליקער טויזנטער יידן, לרוב פון פוילן און פון אונגאַרן, האָבן געשמאַכט אין שווערע קאַטאָרגע־אַרבעט. זייער פיל פון זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם אוממענטשלעכן רעזשים אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און זיי זענען דאָרט אומגעקומען. אויף פאַר די ביים לעבנגעבליבענע יידן האָט היטלער שוין געהאַט אונטערגעשריבן זיין טויט־אורטייל. דער בליצאַרטיקער מאַרש פון דער סאָוועטישער און פון די אַליאירטע אַרמייען, וואָס האָט גורם געווען היטלערס מפּלה, האָט צונישט געמאַכט זיינע פּלענער, און אַ דאַנק דעם זענען צענדליקער טויזנטער יידן ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. נאָך דער באַפרייאונג פון נידערשלעזיע זענען די פרעמדע אַרבעטער צוריק אַוועק אין זייערע געבוירן־לענדער. די שווער קראַנקע האָט מען צייטווייליק איינגעאָרדנט אין די דאָרטיקע שפּיטאָלן און סאַנאַטאָריעס. דער רוב פון די פּוילישע יידן האָט שוין נישט געהאַט צו וועמען צו גיין, צו וועמען צוריק צו פאָרן, ווייל אַלע זייערע נאָענטע און טייערע זענען אומגעבראַכט געוואָרן און זייערע היימען זענען געווען צעשטערטע. די דאָזיקע יידן זענען דעריבער געבליבן אויף די זעלביקע פלעצער פון דער מאַלערישער נידערשלעזיע, ווו זיי האָבן פריִער געשמאַכט און געבלוטיקט. זיי האָבן באַשלאָסן דאָרט אויסצובויען זייערע היימען, כדי אָנצוהייבן אָרגאַניזירן אַ ניי לעבן. דער אויסדרוק „אָרגאַניזירן" האָט אין די מלחמה־יאָרן באַקומען אין די

געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערס אַ גאַנץ אַנדערע באַדייטונג. מיטן וואָרט „אָרגאַניזירן" האָט מען פאַרשטאַנען: טאַט, מוט, אַקטיוויטעט, סאַבאָטאַזש, און... גנבה. נאָך דער באַפרייאונג האָט דער דאָזיקער טערמין צוגעקראָגן נאָך אַנדערע באַדייטונגען, ווי, למשל, איינאָרדענען זיך, פאַרשאַפן זיך עפּעס, אויפבויען אַ היים, קריגן אַ דירה אד"גל.

די ייִדן וואָס זענען פאַרבליבן אין נידערשלעזיע האָבן זיך קאָנצענטרירט לרוב אין די ראַיאָנען פון רייכנבאַך (ריכבאַך) און וואַלדענבורג (וואַלבזשיך). בלויז די שטאָט ברעסלאַו (ווראָצלאַוו) איז געווען שטאַרק באַשעדיקט פון די באָמבאַרדירונגען. די איבעריקע שטעט און שטעטלעך האָבן נישט געליטן. די ייִדן, וואָס זענען פאַרבליבן אין נידערשלעזיע האָבן, ס'רוב, געשטאַמט פון בענדין, סאָסנאָוויעץ, דאָמבראָווע, כזשאַנוו און אַנדערע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. זייער צאָל האָט דערגרייכט 8.000. אין דער דאָזיקער צאָל דאַרף מען אַריינרעכענען אַ פּאָר הונדערט אונגאַרישע מיידלעך און עטלעכע צענדליק — פון האָלאַנד. דאָס איז געווען אַ יונגער עלעמענט, וואָס האָט, נישט געקוקט אויף די פיזישע און מאָראַלישע ענויִים וואָס זיי האָבן דאָרט געהאַט אויסצושטיין, זיך גייסטיק נישט איינגעבראָכן.

די דייטשן (די מיליטערלייט און דער גרעסטער טייל פון דער ציווילער באַפעלקערונג) האָבן, אַנטלויפנדיק אין דער גרעסטער בהלה, אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר: זייערע הייזער, דירות, געשעפטן, פול מיט סחורות, די פאַבריקן און וואַרשטאַטן מיט אַלע איינריכטונגען, רייכע לאַנדווירטשאַפטלעכע, מוסטערהאַפט־איינגעאָרדנטע פאַרמס, א"אַ. דאָס אַלץ איז איצט אַריבער צו ייִדן. עס האָט זיך גלייך געבילדעט פון די ייִדישע קאַצעטלער אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין ברוך מייסטער, ד"ר י. ראָזענבערג, משה לינקאָווסקי, יעקב אייזענבערג, שמעון באַליצקי און שיינע שיינבערג. זיי זענען געוואָרן די אַפּוטרופּסים פון דעם פאַרמעגן, וואָס איז איבערגענומען געוואָרן פון די דייטשן. קודם־כל איז געגרינדעט געוואָרן אַ פאָלקסקיך, ווו מען האָט געקאָנט קריגן אַ ביסל וואַרעמס אָפּצועסן. דער נידערשלעזישער ייִדישער קאָמיטעט האָט גלייך אַוועקגעשיקט אַ דעלעגאַציע קיין וואַרשע — צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן, מיט אַ פּלאַן פון אַרבעט, אָנווייזנדיק אויף די גרויסע מעגלעכקייטן פון באַזעצן אין נידערשלעזיע צענדליקער טויזנטער ייִדן, וועלכע דאַרפן קומען פון רוסלאַנד.

דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אַוועקגעשיקט קיין נידערשלעזיע יעקב עגיד, וועלכער האָט זיך רעוואַקויִרט פון לעמבערג. עגיד האָט זיך, אַ דאַנק זיינע אָרגאַניזיר־פעיִקייטן, שטאַרק אויסגעצייכנט ביים אויפבוי פונעם ייִדישן ישוב אין נידערשלעזיע. אין ריכבאַך איז ער באַשטימט געוואָרן פאַר פאָר־זיצער פונעם וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, וואָס איז שפּעטער אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער הויפּטשטאָט פון נידערשלעזיע — ווראָצלאַוו (ברעסלאַו).

אין דער צווייטער העלפט פון מאַי, 1945, בין איך דעלעגירט געוואָרן קיין נידערשלעזיע, כדי דאָרט צו אָרגאַניזירן די קולטור־אַרבעט. ווי דער לייטער פונעם אָרטיקן קולטור־אַמט ביים קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן י. קוטשינסקי פון ביאַליסטאָק — היינט פּראָפעסאָר פון מוזיק אין מאָנט־רעאַל, קאַנאַדע.

אין רייכענבאַך (ריכבאַך) האָבן זיך איינגעאָרדנט 2.500 ייִדן. נאָך מער — אין וואַלבזשיך. אין דער דאָזיקער שטאָט, למשל, זענען ייִדישע מיידלעך — געוועזענע קאַצעטלערינס — געוואָרן די קאָנדוקטאָרינס פון די שטאָט־טראַמווייען, וועלכע מען האָט גלייך געלאָזט אין גאַנג. עס איז געווען אַ נחת צו קוקן אויף די ייִדישע מיידלעך, וועלכע האָבן נאָך נעכטן געטראָגן קאַצעט־שמאַטעס און היינט שוין געווען אויסגעפּוצט אין די מונדירן פון דייטשישע קאָנדוקטאָרס, וועמענס פּלעצער זיי האָבן איצט פאַרנומען.

עס האָט נישט לאַנג גענומען און די לעבנגעבליבענע קאַצעטלער האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ לעבעדיקן און פיל־פאַרביקן ייִדישן ישוב. עס זענען געעפנט געוואָרן 4 פאַבריקן, 4 קאָאָפּעראַטיוון, 4 מילן, 155 וואַרש־טאַטן (פון שוסטערס, שלאָסערס, שניידערס און סטאָלערס), 11 דענטיסטישע קאַבינעטן און אַן אַפּטייק. אַ חוץ דעם זענען אין די שטעט געעפנט געוואָרן פאַרשידענע האַנדל־אונטערנעמונגען און געשעפטן.

וואָס שייך דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן געביט איז אויך אַ סך אויפגע־טון געוואָרן. מען האָט פאַרזייט 980 העקטאַר ערד אין די 34 פאַרמס, וואָס האָבן באַזאָרגט די שטאָטישע באַפעלקערונג אין 50 פּראָצענט פּוטער, איי־ער און מילך. עס זענען געעפנט געוואָרן 17 בעקערייען.

ייִדן האָבן געאַרבעט אין די קאָמונאַלע און רעגירונגס־אינסטיטוציעס און עס זענען געווען אַפילו ייִדישע סטאַראָסטעס אין נידערשלעזיע. אַ חוץ דעם האָבן ייִדן געפירט פאַרשידענע מסחרים. פון וואַנען האָבן זיי גענומען

מיטלען דערצו? — פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן האָבן זיי נישט געבראַכט קיין געלט. מען האָט גאַנץ פשוט געשאַבערעוועט. דאָס וואָרט „שאַברעווען" שטאַמט פון „שאַבער" און געהער אויך צו דער מלחמה־טערמינאָלאָגיע. געהייסן האָט עס: אויסליידיקן אַ דירה אָדער באַהעלטעניש פון איבערגע־בליבענע זאַכן. אין דעם פאַל האָט מען אויסגעליידיקט די דייטשישע דירות און באַהעלטענישן פון אַלע ווערט־זאַכן (ווי זיי פלעגן עס, אין זייערע זיבן פעטע יאָרן, טון מיט ייִדן) און עס פאַרקויפט. דער האַנדל איז געגאַנגען איבער גאַנץ פוילן. מענטשן פלעגן קומען פון אַנדערע שטעט אָפּצונעמען דעם „שאַבער" און אים אַוועקפירן. אין אַנדערע פאַלן פלעגן די שאַבראָוו־ניקעס אַליין אָפּפירן די סחורה אין אַנדערע שטעט צו פאַרקויפן. דער דאָ־זיקער מסחר איז אָנגעגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז אין נידערשלעזיע האָבן זיך באַוויזן די רעעוואַקויִרטע פּאָליאַקן און אַוועקגענומען דעם שאַבער־האַנדל פון ייִדן. ווי אַזוי? — מען האָט פשוט די ייִדישע סוחרים אַרויסגעוואָרפן פון די באַן־וואַגאָנען אין מיטן פאָרן.

קיין נידערשלעזיע איז, צוליב זיכערהייט־טעמים, אַריבערגעפירט גע־וואָרן פון לובלין די ייִדישע קינדערהיים, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער אומדערמידלעכער דערציִערין פרוי נאַטאַנבליט (איצט אין שוועדן). דער ייִדישער קאָמיטעט האָט אין שייכות מיט דער פייערלעכער דערפּע־נונג פון דער קינדערהיים אין פּעטערסוואַלדאַו (פּיעטראָלעשיע) דורכגעפירט אַ „וואָך פונעם ייִדישן קינד", בעת וועלכן ס'איז געקומען צום אויסדרוק די וואַרעמע באַציִונג פון דער דאָרטיקער געזעלשאַפטלעכקייט (די געוועזע־נע קאַצעטלער) צו די שווער־געטראָפענע 172 ייִדישע קינדער־יתומים, וואָס האָבן זיך דערמאָלט געפונען אין דער „היים".

אין גערבעסדאָרף, אין אַ הערלעך שיינער געגנט, איז אין אַ מאָדערן איינגעריכטעטן בנין, געעפנט געוואָרן אַ סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע — אַלץ קרבנות פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין נידערשלעזיע. אַגב, איז יעדער צווייטער פון די געוועזענע קאַצעטלער געווען אָנגעשטעקט מיט דער דאָזיקער חולאת. אין וויסטעגירסדאָרף איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן אָפּרו־היים פאַר רעקאָנוואַלעסצענטן. אויך אין לודוויקאָוואָ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַן ענלעכער אַנשטאַלט פאַר די דאָרט געראַטעוועטע ייִדישע פרויען — אַ שיינע פאַר הונדערט אין צאָל.

דעם 17טן יוני, 1945, איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון אַלע קאָמיטעט־דעלעגאַטן פון די שטעט און שטעטלעך אין נידערשלעזיע. מען איז צוגעפאָרן צום וועלדל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־קבר, אָפּצוגעבן כבוד און צוועקצולייגן אַ קראַנץ אויף די קברים פון די קאַצעטלער, וואָס זענען דורך די דייטשן פאַרפייניקט און דערמאָרדעט געוואָרן.

אין ריכבאַך האָט זיך אַפילו געגרינדעט אַ יידישע בירגער־מיליץ,



דעלעגאַציעס פאַרזאַמלען זיך צו גיין צום מאַסן־קבר אין וועלדל ביי ריכבאַך.

וואָס איז געווען באַוואָפנט. די מיליץ איז באַשטאַנען פון געוועזענע פּאַרטיזאַנער און סאָלדאַטן. אַלס דער אָנפירער איז באַשטימט געוואָרן זיגעלבוים (אַרטורס עלצטער זון), וואָס איז געווען אַן אָפיציר אין דער אַרמיי.

אויפן קולטור־אָפּשניט זענען אויפגעטון געוואָרן ממשותדיקע זאַכן. מען האָט געעפנט שולן פאַר די קינדער, דערגענצונג־קורסן פאַר דערוואַקסענע און פרעמד־שפּראַכיקע קורסן פאַר די, וואָס האָבן זיך געגרייט

אַוועקצופֿאָרן אין די ווײַטע לענדער. אין די גרעסערע שטעט, ווי ריכבאַך, וואַלבזשיך, לאַנגענבילאַו, גלאַץ (קלאָצקאָ), ליגניץ, שווידניץ, פֿרידלאַנד א״אַ, זענען געגרינדעט געוואָרן קלובן, לייען־זאַלן און ביבליאָטעקן. אין ריכבאַך — אַ יידישע טעאַטער־סטודיע, וואָס האָט באַדינט די גאַנצע פּראָווינץ, ברענגענדיק אומעטום אַ באַנייט יידיש וואָרט.

אין נידערשלעזיע האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט דורכצופֿירן אַן אַנאַלאָגיע צווישן געוויסע געשעענישן אין דייטשלאַנד און אין וואַרשעווער געטאָ. ווען די דייטשן האָבן אויסגעפֿונען, אַ דאַנק מסירות, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרשידענע ווערט־זאַכן און סחורות, וואָס יידן האָבן אין געטאָ אַזוי קונציק אויסבאַהאַלטן, איינמויערנדיק זיי אין די ווענט אָדער אונטער דער פּאָדלאָגע, האָבן די דייטשן נישט נאָר צוגענומען די געפֿונענע זאַכן, נייערט שרעקלעך צעממיתט אַלע אָנווזנדיקע. זיי האָבן דערביי געשריגן, אַז נאָר די פּחדנות־דיקע יידן־באַנדעס קענען טון אַזעלכע זאַכן. איצט האָט מען כמעט אין יעדן הויז געפֿונען גוט־אויסבאַהאַלטענע ווערטפֿולע זאַכן, ווי אויך די טייערסטע סחורות, וואָס זענען געווען קונציק איינגעמויערט אין דער ערד, אין די ווענט און אין די אויטאָ־גאַראַזשן.

צי האָבן דען די דייטשן דאָס נישט געטון פֿון פּחדנות? נישט איינער פֿון זיי האָט מסתמא געהערט צו די איבערפֿאַל־גרופּעס, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אינעם געיעג נאָך יידיש לעבן און יידיש האָב און גוטס. צי האָבן זיי, פֿאַרלאָזנדיק זייערע היימען מיט די פֿאַרבאָרגענע אוצרות געשטעלט זיך אין דער לאַגע פֿון זייערע אַמאָליקע יידישע קרבנות און דערפֿילט איצט זייער ביטערן טעם?!

דאָס איז דאָך אַן אינסטינקט פֿון אַ נאַטירלעכער זעלבסט־פֿאַרטיידיקונג ביי יעדן איינעם אין צייטן פֿון מלחמה און אומרו, צוליב דער מורא פֿאַרן מאָרגן, — און נישט די יידישע „פּחדנות״ — ווי די אוממענטשלעכע נאַצי־דייטשן האָבן דאָס כסדר געוואָרפֿן אין פּנים אַריין די שוצלאָזע און טויט־איבערגעשראָקענע יידן אין די געטאָס.

אין נידערשלעזיע זענען געבליבן נאָר גאָר אַלטע דייטשן, וואָס האָבן שוין קוים געקאָנט זיך שלעפּן אויף די פֿיס, ווי אויך די דייטשישע פֿרויען און קינדער. מיט וועמען עס איז מיר אויסגעקומען צו ריידן, האָט קיינער

פון זיי נישט געוווסט אַז מען האָט אומגעבראַכט מיליאָנען ייִדן. יעדנפאַלס זיי אַלע, זענען, לויט זייערע רייד, געווען גאָט די נשמה שולדיק...

איינע אַ יונגע דייטשישע פרוי פון רייכנבאַך (ריכבאַך), וועלכע מען האָט אויסגעפרעגט וועגן איר מאַן, האָט געשוווירן און געברענגט גאָט פאַר אַן עדות, אַז איר מאַן האָט גאָרנישט געהאַט צו טון מיט דער נאַצי־פאַרטיי אָדער ס. ס. ער איז געווען — זאָגט זי — אַ פשוטער סאָלדאַט פון דער ווערמאַכט, — און אַרויסנעמענדיק פאַרשידענע פאָטאָגראַפיעס, כדי צו איבערצייגן, אַז זי זאָגט דעם אמת, וועלנדיק ווייזן איר מאַן אין מונדיר גון אַ פשוטן ווערמאַכט־סאָלדאַט, איז איר, נישט ווילנדיק, אַרויסגעפאַלן פון האַנט אַ בילדל פון איר מאַן, ווו ער שטייט, דער פשוטער ווערמאַכט־סאָלדאַט, אַ צעשטראַלטער, מיט צוויי חסידישע ייִדן, ביי וועלכע מען האָט אויסגעשניטן אויף די קעפּ אַ האַקן־קרייץ. (די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע געפינט זיך אין מיין בוך „אַזוי איז עס געווען").

ווי אַן ענטפער אויף די אַלע דערקלערונגען פון די דייטשן וועגן זייער אומשולד, הגם אונטער זייערע נעז זענען געווען די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און גאַז־קאַמערן, קאָן דינען אַר אַרטיקל פונעם היסטאָריקער ד"ר פיליפּ פרידמאַן, וואָס האָט נאָך דער באַפרייאונג געשריבן אין „דאָס נייע לעבן", אונטערן נאָמען „אונדזער היסטאָרישער מאָמענט". ער האָט געשריבן צווישן אַנדערס:

„... מיר שטייען אויף פּרשת דרכים. ס'איז אַ גרויסער היסטאָרישער מאָמענט און וואַרפט אויף אונדז אַרויף גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבן. איינע פון די דאָזיקע אויפגאַבן איז צו שפּינען ווייטער די גאָלדענע קייט צווישן עבר און דער בייער צוקונפט, דהיינו: מקיים צו זיין די מצווה „והגדת לבנך". יעדער ייד איז מחויב מקיים צו זיין די דאָזיקע מצווה. דאָס האָבן פון אונדז פאַרלאַנגט אונדזערע טייערסטע און באַעסטע בשעת די חיהשע תלינים האָבן זיי געשלעפּט צו דער בלוטיקער הריגה. דאָס שרייט צו אונדז נאָך היינט זייער בלוט פון אונטער דער ערד: „שווייגט נישט, נעמט נקמה" און ווי אַזוי נעמט מען נקמה? — נקמה נעמען דאָס הייסט פאָדערן צום גערעכטן און שטרענגן משפּט די מערדער און מחבלים, פאַרלאַנגען פון זיי דעם חשבון צדק, זאָרגן דערפאַר, אַז די מערדער־באַנדעס און דאָס דייטשישע פאָלק, וואָס האָט געשטיצט די דאָזיקע באַנדעס און געצויגן ריווח פון אירע אַכזריותן, זאָלן אַריינגיין לעולם ועד אין דער מענטשלעכער געשיכטע ווי אַ פאַרברעכער־באַנדע מיטן קין־צייכן אויף

יאָנאַס טורקאָוו

**דעם שטערן! איינגעקריצט זאָל בלייבן אין זכרון פון דער מענטשהייט אויף אייביק די שרעקלעכע מעשים תעתועים, מיט עקל זאָל די מענטשהייט דערמאָנען זייערע פאַרשאָלטענע נעמען, צום שאַנדסלופּ זאָלן זיי געשטעלט ווערן לדורי דורות!"**

***

די וווּנדערשיינע פּראָווינץ פון נידערשלעזיע, וואָס האָט געשפּרודלט מיט נאַטירלעכע אוצרות און קוואַלן און איז אין די לעצטע 4־5 יאָר געווען אין סתירה צו די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע לעבנס־פאַרהעלטענישן פאַר די אויסערהאַלב־געזעץ אָוועקגעשטעלטע ייִדן, איז געוואָרן איצט פאַר זיי אַ געשלאָסענע ייִדישע עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע אַאַזע און קולטור־צענטער, ווו זיי האָבן געקאָנט פריי עטעמען, פריי לעבן און פריי זיך אויסלעבן, ביז — — —

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען רעעוואַקוירטע פּאַליאַקן פון די מזרח־ראַנדגעביטן, וואָס זענען, אויפן סמך פונעם רוסיש־פּוילישן אויסטויש, אַריבער צו די רוסן. דעמאָלט האָט זיך די לאַגע ראַדיקאַל געענדערט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע אַנטיסעמיטישע כוואַליעס, וואָס האָבן צונישט געמאַכט אַלע פּלענער וועגן אַ ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, ווי מען האָט עס פון אָנהייב געפּלאַנט צו מאַכן. מען איז כסדר באַפאַלן ייִדן און זיי באַראַבעוועט. ייִדן האָבן וואָס אַמאָל מער אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן נידערשלעזיע און זיך אַריבערגעטראָגן ווייטער איבער דער גרענעץ קיין טשעכיע... ביז די פּאָליאַקן האָבן זיך באַזעצט אין נידערשלעזיע זענען געווען נאָר געציילטע רויב־אָנפאַלן אויף ייִדן, מצד די רוסישע סאָלדאַטן און אָפיצירן.

מיר איז נישט איין מאָל אויסגעקומען צו זיין אין נידערשלעזיע, ווו עס האָט פון אָנהייב געהערשט רו און צופרידנקייט, און אַפילו שפּעטער — ווען די לאַגע האָט זיך שוין פאַרערגערט. איך האָב פּעטערסוואַלדאַו, הינטער רייכנבאַך, אויסגעקליבן פאַר מיין היים, איידער איך בין אַוועק קיין אויסלאַנד, ווו מיין פרוי האָט זיך שוין צו יענער צייט געפונען. איך האָב אין פּעטערסוואַלדאַו געטראָפן פריינט און באַקאַנטע פון די שטעט און שטעטלעך פון זאַגלעמביער ראַיאָן, און, צוזאַמען מיט מיין קינד, געפונען ביי זיי, אינעם לעצטן עטאַפּ פון מיין זיין אין פּוילן, אַ וואַרעמע גאַסטפריינטלעכקייט אין אַ געוועזענעם דייטשישן פּאַלאַץ, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין אַ קאָלעקטיווער ייִדישער היים פון ד״ר י. ראָזענבערג, האַניאַ לעוויז, רעניאַ שווייצער־מילער, האַנקאַ לעווענשטיין, בינאַ האספערל, מ. רייגער, לאָטקאַ מיט איר ברודער פון אָשוויענטשים, און אַנדערע — אַלע ליבע מענטשן, וועלכע האָבן זיך דאָרט אויפגעהאַלטן. אַלע האָבן זיי זיך געראַטעוועט אין נידערשלעזיע. אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ, וועלכן מען האָט גערופן „פּאַד סעטקאָן״ („100״), איז אויך געווען אַ געוויסע צייט דער גאַסט ד״ר יוסף שוואַרץ — דעמאָלט אייראָפּעיִשער דירעקטאָר פונעם „דזשאָינט״. ער איז דאָרט געווען מיט דוד גוזשיקן, דירעקטאָר פונעם „דזשאָינט״ אין פּוילן. זיי האָבן געמאַכט אַן אינספּעקציע־טור איבער שלעזיע. מיר זענען צוזאַמען אַרומגעפאָרן און באַטראַכט די פּרעכטיקע געגנט מיט די גרויסע נאַטור־רייכקייטן, ווי אויך באַזוכט די פאַרשידענע אַנשטאַלטן, וואָס ייִדן האָבן דאָרט באַוויזן צו באַנייען און אויך אויפצובויען.

איך קאָן נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס האָט געמאַכט אויף ד״ר שוואַרצן די איבערלעבונגען פון אונדזערע ייִדן, וועגן וועלכע איך האָב אים דערציילט און דערביי אים געוויזן די פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס, וועלכע איך האָב געזאַמלט. מיר זענען אַזוי געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין דעם פּאַלאַץ „100״, אין פּעטערסוואַלדאַו.

— איר דאַרפט, עס איז פּשוט אייער חוב, דאָס אַלץ צו פאַרשרייבן. זאָל די וועלט וויסן, וואָס ייִדן האָבן געהאַט אויסצושטיין אונטער די נאַציס — האָט ער נישט אויפגעהערט מיך צו איבערצייגן. ער האָט מיר אַפילו פאָרגעלייגט אַ פינאַנסיעלע הילף איך זאָל שוין אָנהייבן צו שרייבן מיינע זכרונות.

בעת איינע פון מיינע רייזעס קיין נידערשלעזיע האָב איך דאָרט געטראָפן אַ באַקאַנטן ייִד פון ווילנע, ק־ש, וועלכער האָט זיך איינגעאָרדנט אין נידערשלעזיע. ווי מען האָט דערציילט איז ער דאָרט נתעשר געוואָרן, וואָרום ער האָט געפירט געשעפטן מיט טשעכאָסלאָוואַקיי. די פאַרמיטלער זענען געווען סאָוויעטישע אָפיצירן, וועלכע פלעגן פאָרן איבער דער גרענעץ הין און צוריק. תמיד האָט מען אין הויז פון מיין באַקאַנטן געקאָנט טרעפן פיל מיליטערלייט — שותפים צו זיינע מסחרים. עס איז געוואָרן אַ באַוווסטער אַדרעס, וווהין מענטשן האָבן זיך געריסן אַריינצוקומען, וואָרום מען

פלעגט דאָרט אָפט איינאָרדענען אויפנאַמען און פאַרווײלונגען און עס איז דאָרט תּמיד געווען כּיבוד כּיד המלך, מיט אַ גוט ביסל משקה.

איך האָב זיך פאַר ק. אַמאַל פאַרטרויט, אַז איך וואָלט געוואָלט אַריבער־קריגן קיין אויסלאַנד אַ רענצל מיט דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס.

— דאָס זענען — האָב איך אים געזאָגט — זייער וויכטיקע מאַטער־יאַלן פאַר אונדזער מאַרטירער־געשיכטע. איך קלייב זיך צו שרייבן אַ בוך וועגן לעבן און אומקום פונעם וואַרשעווער געטאָ. איך האָב עס נישט בדעה צו טאָן אין פוילן, ווייל איך וויל נישט זיין געבונדן מיט קיין „ליניע". היות אָבער מען שטייט צו מיר כּסדר צו, איך זאָל די צוריק־געפונענע דאָקו־מענטן, וואָס כ׳האָב נאָך דער באַפרייונג אויסגעגראָבן פון אַ באַהעלטעניש אין דער ערד, אָפּגעבן דעם צענטראַל־קאָמיטעט, כּדי זיי צו פאַרעפנטלעכן, האָב איך פּשוט מורא, אַז מען קאָן זיי אַמאָל ביי מיר מיט געוואַלט אָפּנעמען. איך זוך אַ זיכערע פּערזאָן, וואָס זאָל מיר העלפן דאָס רענצל מיט די מאַטעריאַלן באַזאָרגן קיין פּראַג און עס דאָרט איבערגעבן דעם „דזשאָינט" צו מיין דיספּאָזיציע.

מיין באַקאַנטער, וועלכער איז נישט נאָר געווען אַ סוחר, נייערט אויך אַ קולטור־מענטש, מיט אַ ווילנער מענטאַליטעט, האָט מיך גוט פאַרשטאַנען און מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט דאָס רענצל מיט די דאָקומענטן איבערגעבן זיינעם אַ פריינט — אַ סאָוועטישן אָפיציר, פאַר וועלכן ער גאַראַנטירט — זאָגט ער — מיטן קאָפּ. איך האָב אים גלייך געבראַכט דאָס רענצל, וואָס כ׳האָב שוין געהאַט אין נידערשלעזיע, און עס אים איבערגעגעבן. דאָס איז געווען אַ קורצע צייט פאַר מיין פאַרלאָזן פוילן.

און ווען ד״ר יוסף שוואַרץ האָט מיט מיר גערעדט וועגן שרייבן מיינע זכרונות, האָב איך אים פאַרזיכערט, אַז בקרוב וועל איך עס טון. דאָס איז געווען אין דער צווייטער העלפט פונעם יאָר 1945. דעמאָלט האָב איך נישט פאָרויסגעזען דעם אומגליק וואָס וועט געשען מיטן רענצל.

בעת מיינע אָפטע באַזוכן אין נידערשלעזיע איז מיר אויסגעקומען זיך צו באַקענען מיט סאָוויעטישע מיליטערלייט וואָס זענען דאָרט געווען סטאַ־ציאָנירט. אין ליגניץ האָט זיך דעמאָלט געפונען דער הויפּט־שטאַב פון מאַר־שאַל קאָנסטאַנטין ראָקאָסאָווסקי, און דאָרט האָט זיך קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל סאָוויעטיש מיליטער. בעת אַ שפּאַציר, וואָס כ׳האָב געמאַכט מיט אַ

סאָוויעטישן אָפיציר אין אַ געוויסער שטאָט, האָבן מיר זייער אַ סך גערעדט. ער האָט מיר דערציילט וועגן אינטערעסאַנטן לעבן אין רוסלאַנד; ווי גוט דאָרט איז; וואָס פאַראַ קולטור און וואָס פאַראַ רייכקייט עס הערשט אויף אַלע געביטן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. דאָס וואָרט „קולטורנאָ״ איז נישט אַרויס פון זיין מויל. עס האָט געמוזט זיין אין דער מאָדע, ווייל איך האָב עס כסדר געהערט פון די רוסישע מיליטערלייט, אַפילו פון דעם אָפיציר, וואָס איז אַמאָל באַפאַלן יעקב עגידס דירה אין רייכנבאַך (איך בין גראָד דעם אָוונט געווען ביי אים) און אונדז אַלע געוואָלט באַרויבן, איז דאָס וואָרט „קול־טורנאָ״ אויך נישט אַרויס פונעם מויל.

מיט דעם הויכן סאָוויעטישן אָפיציר האָבן מיר גערעדט וועגן פאַר־שיידענע ענינים און איך האָב אים צווישן אַנדערס געפרעגט:

— אויב ביי אייך איז אַזוי גוט און ווויל, טאָ פאַרוואָס פירט איר אַלץ, וואָס עס לאָזט זיך נאָר, אַרויס פון נידערשלעזיע? איר נעמט צו די באַן־וואַגאָנעס און אַפילו די עלעקטרישע דראָטן און טראַנספּאָרטירט עס גלייך אַוועק קיין רוסלאַנד.

— דאָס געהער אַלץ צו אונדז. דאָס זענען אונדזערע מלחמה־טראָפייען — האָט ער געזאָגט.

— אָבער פוילן איז דאָך אין פאַרגלייך מיט אייך, אַזאַ אָרעם לאַנד, — טאָ פאַרוואָס לאָזט איר עס נישט איבער פוילן? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— מיר האָבן די פּאָליאַקן — זאָגט ער — גענוג געגעבן. מיר האָבן זיי אַוועקגעגעבן אַזאַ שייך, רייך לאַנד ווי עס איז נידערשלעזיע, דאַרפן זיי אונדז שוין בלויז דערפאַר אַליין דאַנקבאַר זיין.

— איר האָט אָבער ביי פוילן צוגענומען דערפאַר אַנדערע טערי־טאָריעס...

— מיר?! — איז דער אָפיציר געוואָרן אַביסל אָנגעצויגן — אדרבה, זאָגט, וואָס פאַראַ טעריטאָריעס, האַ?

איך האָב געזען, אַז כ׳בין פאַרקראָכן אין אַ בלאָטע און כ׳האָב שוין נישט געקאָנט פון איר צוריק אַרויסקריכן... האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און ווייטער גערעדט:

— נו, זאָגן מיר, למשל, ווילנע, גראָדנע, פּינסק, לעמבערג, דעם גאַנצן נאַפט־ראַיאָן מיט גאַנץ מזרח־גאַליציע...

— ערשטנס — זאָגט ער — זענען די אַלע שטעט נישט קיין פּוילישע און געהערן נישט צו פּוילן. מיר האָבן זיי צוריק געגעבן צו די לענדער צו וועלכע זיי געהערן. ווילנע און גראָדנע האָבן מיר אָוועקגעגעבן צו דער זעלבשטענדיקער רעפּובליק ליטע; פּינסק — צו ווייס־רוסלאַנד; לוואָוו און מזרח־גאַליציע — צו אוקראַינע. דערפאַר האָבן מיר פּוילן געגעבן גאַנץ אויבער־ און נידערשלעזיע, וואָס זענען ריין דייטשישע טעריטאָריעס. אַזאַ מתנה וואָלטן די אימפּעריאַליסטן קיינמאָל קיינעמען נישט געגעבן... זייט רויִק — רעדט דער אָפיציר ווייטער — מיר שטייען פעסט אונטער פּוילן און היטן אָפּ אירע גרענעצן. אָט האָט איר דעם בעסטן סימן, אַז סטאַלין האָט צו אייך געשיקט איינעם פון אונדזערע בעסטע און טיכטיקסטע סאָוויעטישע קאָמאַנדירן, דעם מאַרשאַל קאָנסטאַנטין ראָקאָסאָווסקי. ער איז דאָך, ווי איר ווייסט, פון אָפּשטאַם אַ פּאָליאַק און ער וועט שוין זען, אַז פּוילן זאָל קיין שום שלעכטס נישט געשען. (מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי, וועלכער איז פון יאָר 1937 געזעסן ווי אַ „פאַרעטער" אין אַ סאָוויעטישער טורמע, איז בעת דעם לעצטן קריג, אַ דאַנק דער אינטערוועגץ פון זיין פריינט, מאַרשאַל זשוקאָוו, באַפרייט געוואָרן און באַלד געמאַכט אַ קאָפּשווינדלערישע קאַריערע. איצט איז ער ווי דער הויפּט־קאָמאַנדיר פונעם רוסישן מיליטער געווען אין פּוילן, און מיט אַ צייט שפּעטער — געוואָרן דער הויפּט־קאָמאַנדיר פונעם פּוילישן מיליטער און פּוילנס פאַרטיידיקונגס־מיניסטער, אויפן אָרט פונעם אַראָפּגעזעצטן מאַרשאַל ראָלאַ־זשימיערסקי, ביז די גאָמולקאַ־איבער־קערעניש האָט אים פון ביידע אַמטן באַזייטיקט).

באַלד האָט מיין באַגלייטער, דער אָפיציר, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, צוגעגעבן:

— איר זאָגט: דעם נאַפט־ראַיאָן צוגענומען? ערשטנס, געהער עס צו אוקראַינע; צווייטנס, וואָס דאַרף פּוילן האָבן אַזאַ פינאַנציעלע לאַסט, ווי אויסצוהאַלטן די נאַפט־ראַפינעריעס, אין דער צייט ווען מיר שטעלן אייך צו נאַפט וויפל איר דאַרפט נאָר האָבן...

שפּאַצירנדיק אַזוי מיטן סאָוויעטישן אָפיציר, זענען מיר דערגאַנגען האַרט צו דער טשעכישער גרענעץ. ער האָט מיר געוויזן די נייע אונטער־

ערדישע אָקאָפּעס און טראַנשייען וואָס מען האַלט דאָרט אין בויען. איך האָב אים אַן איבעראַשטער געפרעגט:

— די מלחמה איז דאָך שוין געענדיקט, טאָ צי וואָס בויט מען איצט נייע באַפעסטיקונגען?

אויף דעם האָט ער מיט אַ שמייכל געענטפערט:

— ווי נאַיִוו איר זענט. מיר האָבן באַזיגט היטלערן, אָבער מיר האָבן נאָך נישט באַזיגט דעם אימפּעריאַליסטישן וועלט־קאַפּיטאַליזם... ווייסט איר דען נישט, אַז די מלחמה מיטן קאַפּיטאַליזם הייבט זיך ערשט אָן?!

איך בין טאַקע געווען נאַיִוו. איך האָב מיר דעמאָלט נישט פאָרגע־שטעלט, אַז עס קאָן עמעצן קומען אויפן געדאַנק, נאָך די אַלע דערפאַרונגען פון דער לעצטער וועלט־שחיטה, ווידער צו פּלאַנירן אַ נייע מלחמה...

— און ווייטער — האָט דער אָפיציר צוגעוואָרפן מיט אַ שעלמישן גע־לעכטער — קאָנט איר זיך אַליין איבערצייגן ווי מיר שיצן פּוילנס גרענעצן...

זייענדיק אין נידערשלעזיע האָב איך זיך באַקענט מיטן אָנפירער פונעם רויטן קרייץ־שפּיטאָל, אין אַ שטעטל האַרט ביי דער טשעכישער גרענעץ. צו דעם דאָזיקן שפּיטאָל פלעגן דעמאָלט קומען סאַניטאַר־אויטאָס פון אינ־טערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ און איבערנעמען די קראַנקע געוועזענע קאַ־צעטלער, וועלכע מען פלעגט אַריבערפירן די טשעכישע גרענעץ און פון דאָרט זיי ווייטער טראַנספּאָרטירן מיט דער באַן קיין האָלאַנד, פראַנקרייך, גריכנ־לאַנד, סלאָוואַקיי, אונגאַרן, בולגאַריע און אין די לענדער, פון וואַנען די קראַנקע האָבן געשטאַמט.

דער אָנפירער פונעם דאָזיקן שפּיטאָל און אויסטויש־פּונקט איז געווען ד״ר טוביה ציטראָן פון ביאַליסטאָק, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. וועגן זיינע אויפטוען און מסירת־נפשדיקער אַרבעט, וועל איך נאָך שרייבן אויספירלעכער. אין פיל לענדער פון פאַרשיידענע וועלט־טיילן, ווו מיר איז אין יאָרן אַרום אויסגעקומען צו זיין, האָב איך, נישט פון איינעם, געהערט לויב־ווערטער פאַרן האַרציקן מענטשן־פריינט און איבערגעגעבענעם יידישן דאָקטער פון ביאַליסטאָק, — טוביה ציטראָן, וועלכער האָט אַרויסגעהאָלפן פיל מענטשן און געראַטעוועט ממש זייער לעבן אויף אַ פּונקט פון אַ גרענעץ־שטעטל אין נידערשלעזיע.

דורך דעם פּונקט זענען דורכגעגאַנגען טויזנטער מענטשן גאַנץ לעגאַל.

דורך דעם דאָזיקן פּונקט בין איך אויך אַוועק מיט מיין קינד קיין אויס־לאַנד, אָבער — נישט לעגאַל. וועגן דעם וועל איך דערציילן אין איינעם פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

קאַפּיטל נײַנצן

## מיין קינד — אין אַ יתומים־היים

אין איינעם פון מיינע פריִערדיקע קאַפּיטלען האָב איך געשריבן, אַז איך האָב, צו אונדזער גרויסער פרייד, ענדלעך געפונען אונדזער איינציק קינד, מאַרגאַריטקעלע. איך וויל אָבער איבערגעבן אַ פּאָר פּרטים ווי אַזוי איך האָב מאַרגאַריטקעלע צוריק אָפּגענומען פון איר פּוילישער אַפּוטרופּס־טע — באָרטשינסקאָ, ווייל דאָס כאַראַקטעריזירט די באַציִונגען, וואָס האָבן געהערשט אין יענער צייט,ביים אָפּנעמען יידישע קינדער. ביז איך האָב נישט איינגעצאָלט דער באָרטשינסקאָ די געפאָדערטע 10.000 זלאָטעס פאַרן „אָפּגעבן" אונדז דאָס קינד, האָט זי אונדזער מאַרגאַריטקע געהאַלטן ביי זיך. עס האָט גענומען אַ שטיקל צײַט ביז איך האָב באַקומען די 10 טויזנט זלאָטעס פונעם ספּעציעלן פאָנד פאַר די געראַטעוועטע יידישע קינדער, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן האָט באַשטימט. אין משך פון דער דאָזיקער צייט האָב איך זיך געזען מיט מײַן טעכטערל יעדן טאָג, ווײַל אָדער מען האָט זי געברענגט צו מיר אָדער איך האָב זי באַזוכט אין באָרטשינסקאָס נײַער היים אין פּראַגע.

ווען מאַרגאַריטקע איז שוין געווען מיט מיר צוזאַמען — דאָס איז געשען נישט קיין גאַנצע וואָך נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעגעבן דאָס „אויסקויף־געלט" — איז באָרטשינסקאָ געקומען צולויפן צו מיר אין צענט־ראַל־קאָמיטעט און אַ פאַרצווייפלטע מיר איבערגעגעבן, אַז מען האָט איר דאָס געלט צוגעגנבעט, און איצט איז זי ווידער געבליבן אָן אַ גראָשן געלט, — מיט אַנדערע ווערטער: גיט מיר נאָך אַמאָל 10 טויזנט זלאָטעס... היות אַזעלכע פאַלן, אַז „מען האָט דאָס געלט צוגעגנבעט" אָדער — „פאַרלוירן"

זענען געווען טאָג־טעגלעכע דערשײַנונגען, האָב איך זיך מיט באַרטשינסקאַס „אומגליק" נישט איבערגענומען.

דאַקעגן האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווערן אײַנדרוק, ווען באַרטשינ־סקאַ האָט מיר אין אַ געוויסן טאָג דערקלערט, אַז איר קינד, באַזשענקאַ, — די חברטע פון מײַן מאַרגאַריטקע — איז טובערקולאָז קראַנק און זי נייטיקט זיך אין הילף, כדי זי צו ראַטעווען. איך האָב זיך גלײַך פֿאַרבינדן מיטן געזונט־אָפּטייל בײַם צענטראַל־קאָמיטעט און מען האָט באַזשענקאַן אַוועקגעשיקט אויף אַ גרינגלעכער מעדיצינישער און רענטגען־אונטער־זוכונג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שווינדזוכט איז אין אַן ערנסטן צושטאַנד. היות מײַן קינד איז, אין משך פון אַ פּאָר יאָר, געשלאָפן מיט דער קראַנקער באַזשענקאַן צוזאַמען אין איין בעט, האָב איך זיך שוין שטאַרק באַאומרויִקט צוליב מאַרגאַריטקעס געזונט אויך. אָבער נאָך אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג האָט זיך, צום גליק, אַרויסגעוויזן, אַז אונדזער קינד איז געווען אויף אַזוי פיל ווידערשטאַנד־פֿעיִק, אַז זי האָט זיך נישט אָנגעשטעקט מיט באַזשענקאַס ערנסטער קראַנקייט.

איך האָב זיך געווענדט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן מען זאָל איבערנעמען די אויפזיכט איבער באַזשענקאַ באַרטשינסקאַ, דאָס הייסט — דעקן די הוצאות פון איר קוראַציע אין אָטוואָצק, ווו עס געפינען זיך, ווי באַוווּסט, די בעסטע הייל־אַנשטאַלטן פאַר לונגען־קראַנקהייטן. אַזעלכע אויסנאַמען, הגם זעלטענע, זײַנען דורכן צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן געמאַכט געוואָרן אויך פאַר נישט־ייִדן. ווען איך האָב באַקומען די הסכמה פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, האָב איך וועגן דעם מודיע געווען באַר־טשינסקאַן און זי פאַרזיכערט, אַז זי דאַרף נישט האָבן קיין שום זאָרג וועגן געזונט פון איר טעכטערל, וואָרום מיר וועלן זי נעמען אונטער אונדזער השגחה און דעקן אַלע הוצאות, וואָס זענען פאַרבינדן מיטן היילן און אויס־האַלטן די קראַנקע, ביז זי וועט אינגאַנצן געזונט ווערן.

אויף דעם האָט באַרטשינסקאַ גאַנץ טרוקן געענטפערט, אַז זי וועט זיך מיט איר קינד נישט צעשיידן. אויב מיר ווילן איר באמת העלפן, זאָלן מיר דאָס געלט, וואָס עס דאַרף קאָסטן דאָס היילן און אויסהאַלטן איר קינד אין משך פון אַ האַלב יאָר צײַט, געבן איר דירעקט. פאַר דעם געלט — זאָגט זי — וועט זי אַליין פירן דאָס קינד צו דאָקטוירים צו וועלכע זי האָט

צוטרוי, און דערנאָך וועט זי, צוזאַמען מיטן קינד, אַרויספּאָרן ערגעץ־ווו זיך אָפּרוען. אויף אַזאַ „טראַנזאַקציע" האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט איינגיין. ווי איך האָב זיך דערוווּסט, האָט באַרטשינסקאַ שוין פריִער געהאַט דערליידיקט מיטן געזונט־אָפּטייל פונעם וואַרשעווער מאַגיסטראַט, ווו מען האָט איר צוגעזאָגט צו פאַרנעמען זיך מיט איר קראַנק קינד און שפּעטער עס אַרויסשיקן אין אַ פּוילישער קינדער־קאָלאָניע. באַרטשינסקאַ האָט אָבער געהאַט אַ סוחרישן קאָפּ און זי האָט געוווּסט ווי אַזוי אַרויסצוציִען טאָפּלטע נוצן פון יעדער סיטואַציע. אַזוי האָט זי געהאַנדלט בעת דער מלחמה און אויף אַזעלכע דרכים האָט זי אָנגעהויבן צו גיין אויך נאָך דער מלחמה.

מאַרגאַריטקעלען האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצושיקן קיין אָטוואָצק אין אַ קינדער־היים, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן געראַטעוועטע ייִדישע קינדער — אַכט־און־ניינציק פּראָצענט קיילעכדיקע יתומים, וועלכע מען האָט אָפּגענומען פון קלויסטערס, אָדער אויסגעקויפט פון פּאָליאַקן. דעם באַשלוס אַרויסצושיקן אונדזער קינד אין אַ קינדער־היים האָבן מיר אָנגענומען דערפאַר, ווײַל מיר האָבן זי געוואָלט צוריק אַרײַנפירן אין אַ ייִדישער סביבה, ווו זי זאָל געפינען די נייטיקע ייִדישע און וואַרעמע אַטמאָספערע, מיט וועלכע די קינדער אין די יתומים־היימען זענען געווען אַרומגערינגלט. ביי דעם אַנטיסעמיט האַלער אין שטוב האָבן מיר איר דאָס נישט געקאָנט געבן. זייענדיק מיט אונדז, פלעגט נאָך מאַרגאַריטקעלע צוויי מאָל אַ טאָג לויפן אין קירך אַרײַן תפילה טאָן, און איז — בכלל — געווען אָנגעזאָפּט מיט פרומען קאַטוילליציזם. זי האָט נישט אַראָפּגענומען פונעם האַלדז די „הייליקע מאַריע". מען האָט געדאַרפט האַנדלען זייער פאָרזיכטיק זי אַרויסצוציִען פון דעם קריסטלעכן גלויבן, נישט פאַרלעצנדיק דערביי איר צאַרטע נשמה. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז מיר וועלן, בײַם בעסטן ווילן, נישט קאָנען אין דער גרויסער שטאָט אויפטאָן עפּעס ממשותדיקס אין דעם פּרט, און ווי מיר זאָלן נישט האַנדלען, קאָן עס אַרויסקומען אומגעלומפּערט און נישט איבערצײַגנדיק. אין משך פון די פּאָר יאָר וואָס מיר זענען געווען צעשיידט, האָט זי זיך אָנגעזאָפּט מיט דער קאַטוילישער רעליגיע און אין איר געגלויבט מיט דער גאַנצער ריינקייט פון איר יונגער, פײַנפילנדיקער נשמה.




מאַרגאַריטאַ טורקאָוו

אין די ייִדישע קינדער־היימען, וואָס זענען נאָך דער באַפרייאונג גע־גרינדעט געוואָרן און, בתוכם, אין אָטוואָצק, אויף דער גאַס פון באָלעסלאַוו פּרוס נר׳ 11, ווו עס איז געווען אַ ספּעציעל־צוגעקליבענער גוט־קוואַליפי־צירטער פּערסאָנאַל, מיט דער דירעקטאָרין לובאַ בלום־ביעליצקאַ בראש, האָט מען געהאַט דעם פּאַסיקן צוגאַנג צו די ניצול־געוואָרענע ייִדישע קינ־דער. די דאָזיקע ווונדערבאַרע פּעדאַגאָגישע כוחות, האָבן אין משך פון אַ קורצער צייט באַוויזן גובר צו זײַן די פאַרשיידענע שוועריקייטן פון די קינ־דער מיט אַזעלכע פּראָבלעמען, סיי אויפן רעליגיעזן, סיי אויף אַנדערע געביטן. דאָס צוזאַמענלעבן פון די קינדער גופא האָט זיך אויך שטאַרק פאַרבעסערט. וואָרום פון אָנהייב האָט איינס צום צווייטן נישט געהאַט קיין צוטרוי. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו בילדן גרופּעס, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין פּאַרגרעסערן, ביז ס׳איז געוואָרן איין גרויסע משפּחה פון ברידער און שוועסטער — אַזוי האָבן זיך טאַקע איינס דאָס צווייטע גערופן: „ברודער" אָדער „שוועסטער".

אין דער קינדער־היים, וווּהין מיר האָבן אַרײַנגעגעבן אונדזער טעכ־טערל, איז צ״אַ, געווען די דערציִערין פון די קינדער עדאַ שטערנעס, וועל־כע האָט אין וואַרשעווער געטאָ געאַרבעט אין „צענטאָס" און איז געווען באַקאַנט ווי איינע פון די בעסטע קינדער־דערציִערינס. אין דער דאָזיקער היים האָבן זיך געפונען נאָר עטלעכע קינדער, וואָס האָבן געהאַט טאַטע־מאַמע, ווי מײַן מאַרגאַריטקעלע, למשל. אויך זיי האָבן, צוליב די אָדער אַנדערע סיבות, געהאַלטן פּאַר בעסער איבערצוגעבן אַהין, אויף אַ געווי־סע צײַט, זייערע קינדער, כדי זיי זאָלן זיך געפינען אין אַ געהעריקער אַטמאָספערע און האָבן די פּאַכמענישע אויפזיכט. דאָס זענען געווען: די טאָכטער פון מענדל פּיזשיץ — האַניא. דער פאָטער איז אַוועק דורך רוס־לאַנד קיין שאַנכײַ. האַניא מיט דער מוטער האָבן זיך געראַטעוועט, פּונקט ווי קאָפּל פּיזשיץ און זיין משפּחה, ווי אויך די פּאָקאָרניס — אין באַנדיטישן נעסט פון אָטוואָצק. דאָרט האָבן זיי איבערגעלעבט די מלחמה; אירקאַ — די טאָכטער פון גיטלערן.

אביבה פּינקעלשטיין האָט בעתן קריג, פאַרלוירן איר מוטער מיט אַ שוועסטער. זי אַליין האָט גליקלעכערווײַז איבערגעלעבט די מלחמה. איר פאָטער — חיים פּינקעלשטיין — געוועזענער פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון

דער וואַרשעווער טעגלעכער צײַטונג „הײַנט״, האָט זיך געפונען, בײַם אויסברוך פונעם קריג, אין דער שווייץ, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס. דורך פראַנקרײַך איז אים געלונגען זיך אַרויסצוראַטעווען קײַן אַמעריקע. ווי נאָר עס איז דערגאַנגען צו אים די ידיעה, אַז זײַן טעכטערל אביבה איז געבליבן לעבן און געפינט זיך אין אָטוואָצקער קינדער־היים, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן צו מאַכן באַמיִונגען, כדי זי אַראָפּצוברענגען קײַן אַמעריקע. פון שוועדן, וווהין זי איז אַוועק פון פוילן, האָט זי חיים פינקעלשטיין באַוויזן צו ברענגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דער פאָטער און די איינציק ביים לעבן איבערגעבליבענע טאָכטער האָבן זיך ענדלעך פאַראייניקט. אביבה פינקעלשטיין איז געווען דאָס ערשטע קינד, וואָס איז נאָך דער באַפרייאונג געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע.

אין דער דאָזיקער קינדער־היים האָט זיך אויך געפונען וויעשאַ בלום — די טאָכטער פון דער דירעקטאָרין פון דער קינדער־היים אויף באָלעס־לאַוו פּרוס נר׳ 11 — לובאַ ביעליצקאַ־בלום און פון דעם באַקאַנטן בונדישן פירער אין וואַרשעווער געטאָ און איינעם פון די אַקטיווסטע אונטערערדישע געטאָ־טוער — אַבראַשאַ בלום, וועלכער איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן אויף דער אַרישער זײַט.

אויך — די קינדער פון לוציאַן און פעלא בליט — די צווילינג־שוועסטער וולאָדקאַ און נעלי, האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. דער פאָטער זייערער, לוציאַן, געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פונעם „יוגנט־בונד־צוקונפט״ אין פוילן און מיטרעדאַקטאָר פונעם „יוגנט וועקער״, האָט זיך געפונען אין אויסלאַנד. די מוטער, פעלא הערצליך, אַ באַקאַנטע פּעדאַגאָגין און אונטערערדישע טוערין אין וואַרשעווער געטאָ, איז אומגעקומען.

לילקאַ שינאָוולאָגאַ — אויך פון אָטוואָצקער קינדער־היים, האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט איר מוטער אין אַ בונקער אונטער אַ קבר, אויף אַ פּראָווינצער בית־עולם. איר פאָטער איז אומגעקומען. די מוטער האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל. הײַנט הייסט זי גוטאַ טראָקענהיים. וועגן די איבערלעבונגען פון שינאָוולאָגאָס איז שוין זייער אַ סך געשריבן געוואָרן.

אויך וועגן די איבערלעבונגען פון די איבעריקע קינדער, וועמענס נעמען איך גיב דאָ אָן, וואָלט מען געקאָנט שרײַבן אָן אַ סוף, אַזוי איבער־

פולט זענען זיי מיט טראַגישע, אומגעווײנלעכע, און ממש נסימדיקע פּאַ־סירונגען.

דאָ זענען די נעמען פון די קינדער פון דער היים אין אָטוואָצק, וועלכע איך האָב באַוויזן אויפצונעמען. (עס פעלן פיל צענדליקער אַנדערע נעמען): סטאַניסלאַוו יאָנאַס, יאַקוב בוכמאַן מיט זיין שוועסטער טאַמאַראַ בוכמאַן, פעלאַ בזשאָזאַ, העניעק אַקערמאַן, רחלע וואַלנאַוויטש, העניאַ קוציק, אַלעק מאַיעווסקי, לינקאַ שטאַרקמאַן, צעלינאַ גיפּס, האניא אַרבעספעלד, העלענע ברענער, אַלאַ באַאומשטיין, ראפאל יאַקובאַוויטש, לילקאַ אַלטער, טאַניאַ יאַרניצקאַ, לילי דעמבינסקאַ, האַלינאַ פירשט, וואַצעק זאַלצבערג, אַנטאַש לעמבערג, יאשיא צענטאַרסקאַ, אירקא געלבארט, לוצינא גאָלדבערג, לאַ־ריסאַ שטאַרכאַן, נאַטאַן שמוקלער, עלאַ טאָטענגרעבער, סטעלאַ קוטנער, האַלינאַ באַדנער, יאדזשיא לייזעראַוויטש, „קורטקאַ", דוד מודריק, יורעק גלאַס, רות, טערעזאַ, געניאַ ליבמאַן, אַניאַ ז., וואַנדאַ ג. א״אַ.

צווישן די קינדער אין דער אָטוואָצקער היים, האָט זיך אויך געפונען אַ קליין, אומעטיק מיידעלע, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט מיט קיינעם נישט געחברט און ביי וועלכער עס האָט זיך קיינמאָל נישט באַוויזן קיין שמייכל אויף די ליפּן. ווי זי האָט געהייסן? — מען האָט זי גערופן „שוואַבקאַ" (דייטשקע). זי איז געווען אַ מלחמה־פּראָדוקט. די מוטער — אַ ייִדישע, דער פאָטער — אַ דייַטש...

די דערציִערין פון דעם אַנשטאַלט ,עדאַ שטערנעס, האָט מיר איבער־געגעבן, אַז ווען מען זאָל אַרויסגעבן בלויז די אַרבעטן (אויפגאַבעס), וואָס די קינדער האָבן געמאַכט אין דעם אַנשטאַלט, א״נ „ווי אַזוי איך האָב אי־בערגעלעבט די מלחמה", וואָלט עס שוין געווען אַ גרויסער צושטייער צו אונדזער חורבן־ליטעראַטור. איך האָב זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק דאָס צו טאָן. איך האָב זועגן דעם גערעדט מיט דוד גוזשיק — דירעקטאָר פון „דזשאָינט", אָבער מיין אָפּפאָרן פון פוילן האָט צונישט־געמאַכט דעם פּלאַן. די היסטאָרישע קאָמיסיע אין פוילן האָט זיך געזאָלט שפּעטער נעמען דערצו.

— צי האָבן זיך די קינדער שנעל צוגעוווינט צו די נייע נאָך־מלחמה־דיקע פאַרהעלטענישן? — האָב איך געפרעגט די דערציִערין.

— פון אָנהייב — האָט שטערנעס געענטפערט — איז אונדז נישט לייכט אָנגעקומען זיי אַריינצופירן אין דער נייער פאַר זיי סביבה. עס האָט

לאַנג גענומען ביז די קינדער האָבן באַקומען צו אונדז צוטרוי. פריִער זענען זיי אַרומגעגאַנגען פאַרמאַכטע אין זיך, נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. מען האָט קיין שמייכל נישט געזען אויף זייערע פּנימלעך. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון זייער שטאַרקער בענקשאַפט נאָך דער פריִערדיקער סביבה, צו וועלכער זיי האָבן זיך, אין משך פון די מלחמה־יאָרן, צוגעוווינט.

— און ווי זעט אויס די פראַגע פון רעליגיעזער איינשטעלונג ביי זיי?

— פון אָנהייב האָבן נאָך פיל קינדער געפאָדערט פון אונדז מיר זאָלן זיי פירן אין דער קירך אַריין, אָבער צוביסלעך האָבן זיי דאָס אויפגעגעבן. שטילערהייט פלעגן נאָך אַ סך פון די קינדער אָפריכטן זייער „פּאַטשיעזש" (קריסטלעכע תפילה) פאַרן שלאָפן גיין. זעענדיק, אַז זיי ווערן וואָס אַמאָל אַלץ מער איזאָלירט, האָבן זיי זיך שוין אָנגעהויבן צו זשעניִרן דאָס צו טאָן. אַוודאי האָט אַ סך משפּיע געווען די אויפקלערונג־אַרבעט, וואָס מיר האָבן געפירט; די חברישע באַציִונג, וואָס האָט זיך געשאַפן צווישן אונדז. די קינדער האָבן זיך וואָס אַמאָל מער אָנגעהויבן אונדז צו פאַרטרויען, אַראָפּצורײדן זיך פון האַרצן און אַזוי אַרום אַליין אָנגעהויבן צו רעווידירן זייער פריִערדיקע „וועלט־אָנשויאונג". נישט מיט שטרענגקייט האָבן מיר געוווּנען די יונגע, פאַרלעצטע הערצער פון די קינדער. מיר האָבן זיי געוווּנען אַדאַנק אונדזערע אָפטע און אָפענע געשפּרעכן, וועלכע מיר האָבן מיט זיי געפירט. אויך די אַרומיקע לאַגע, ווי, למשל, דאָס, וואָס די שכנים האָבן אַרויסגעוויזן אַ ווילדן אַנטיסעמיטיזם און האַס, אַפילו לגבי די קינדער פון דער היים, האָט נישט ווייניק גורם געווען דערצו — האָט פאַרענדיקט די דערציִערין עדאַ שטערנעס.

איך פלעג אָפט באַזוכן מיין קינד אין אָטוואָצק. אויך מיין פרוי פלעגט אַהין קומען און זינגען פאַר די קינדער ייִדישע פאָלקס־לידער, וועלכע זיי האָבן אויפגענומען מיט דער גרעסטער פרייד. וואָס פאַראַ וווּנדערבאַרע צוהערער די קינדער זענען געווען. מיט דער צייט האָבן זיי זיך אַליין אויסגעלערנט די לידער, וואָס דיאַנאַ האָט פאַר זיי געזונגען. זיי האָבן עס געזונגען באַזונדער און צוזאַמען אין כאָר, ביי יעדער געלעגנהייט. דאָס האָט אויך גורם געווען דערצו, אַז זיי זאָלן זיך אָנהייבן איבערצופרעגן דעם גע־בויען טייטש און באַטייט פון יעדן וואָרט, און אַזוי אַרום האָבן זיי אָנגעהויבן זיך לערנען ייִדיש. די קינדער האָבן קיין ייִדיש נישט געקענט, ווייל

זיי זענען געקומען פון אַ גויאישער וועלט, ווו מען האָט געזונגען מיט זיי רעליגיעזע און פויליש־פּאַטריאָטישע לידער, ווי אויך לידער, וואָס האָבן אָפּגעחוזקט פון ייִדן, ווי, למשל, דאָס באַקאַנטע פאַרמלחמהדיקע שפּאָט־ליד וועגן ייִדישער פּחדנות — אַ ליד וועגן ייִדישע סאָלדאַטן, וואָס שיסן פון אַ ביקס מיט ציבעלעס...

אין דער נייער אַטמאָספערע, אין וועלכער די קינדער האָבן זיך גע־פונען אין דער אָטוואָצקער היים, האָבן זיי צוריקגעפונען זייער ייִדישן גייסט און זייערע קראַנקע נשמות זענען פיל־ווייניק, געהיילט געוואָרן.

ווען איך בין אַמאָל געקומען צו מיין טעכטערל, נאָך אַ פּאָר וואָכן זיין אונטערוועגנס, איז מיין קינד צו מיר צוגעלאָפן און ממש מיט היסטעריע אויסגערופן:

— טאַטאַ, פאַרוואָס ביסטו אַזוי לאַנג נישט געווען ביי מיר?! איך האָב זיך זייער געשראָקן צוליב דיר... דו פאָרסט כסדר אַרום... מיר מוזן אַוועק פון דעם לאַנד. מען האָט אונדז דאָ שרעקלעך פיינט...

צום ערשטן מאָל, נאָך דער באַפרייאונג, האָב איך פון מיין קינדס מויל געהערט די דאָזיקע ווערטער. איך האָב איר פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן פון דאַנען אַוועק גאָר בקרוב. און געטראַכט האָב איך מיר: איצט האָב איך אויף אַן אמת צוריקגעפינען מיין קינד.

קאַפּיטל צוואַנציק

## באַגעגענישן

מיין אַרבעט אין דעם אָפּטייל פאַר קולטור און פּראָפּאַגאַנדע ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן איז מיר איצט אָנגעקומען אַ סך לייכטער. דער פּערסאָנאַל־באַשטאַנד פון דעם דאָזיקן אָפּטייל האָט זיך גע־האַלטן אין איין אויסברייטערן. גאָר אַ גרויס געווינס איז פאַר מיר געווען די מיטאַרבעט פון מיין פאַרמלחמהדיקער פריינדין, טאַניאַ פוקס, וועלכע איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע. זי האָט מיך אויף פאַרטראָטן בעת מיינע

אָפּטע נסיעות. אַדאַנק איר איינגעבוירענעם טאַקט און פּריינטלעכקייט, האָט זי גיך געוווּנען אָנערקענונג פון אַלע וואָס זענען געקומען מיט איר אין קאָנטאַקט. זי האָט אויך ווייטער רעדאַקטירט דעם וועכנטלעכן אינפאָרמאַציע־ביולעטין, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן, און, בכלל — אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו און איבערגעגעבנקייט. טאַניאַ פוקס האָט אויך געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן שול־ און דערציִונג־אָפּטייל, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע אינסטיטוציע. איר פאַרטרעטער איז געווען דער פאַרמלחמהדיקער פּעדאַגאָג הערש זאַמעטשקאָווסקי.

טאַניאַ פוקס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו פאַרלאָזן פּוילן און צו פאַראייניקן זיך מיט אירע קרובים, וועלכע האָבן געלעבט אין דרום־אַמעריקע. להיפּוך צו אַנדערע, האָט זי וועגן דעם גערעדט אָפן און, נישט געקוקט אויף די וואָרענונגען מצד אירע פיל פריינט צו זיין פאָרזיכטיקער, האָט זי זיך מיט דעם נישט געראָכנט און פשוט געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צו פאַרלאָזן פּוילן. זי האָט אָפן גערעדט, אַז פאַר יידן איז נישטאָ קיין פּלאַץ אין פּוילן. אַ חוץ דעם — האָט זי געטענהט — ליגט פּוילן צו נאָענט צו דער רוסישער גרענעץ...

צו אונדז אין אָפּטייל פלעגן קומען זייער פיל מענטשן מיט ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות סיי מיט אונדזער ברייט־פאַרצווייגטער אַרבעט, וועלכע מיר האָבן געפירט, סיי — פּריוואַט. איינמאָל האָט זיך געמאָלדן צו מיר אַן אינזשיניער, אַ פּאָליאַק, (איך האָב נישט געפרעגט זיין נאָמען) און מיר פאָרגעלייגט אָפּצוקויפן פון אים אַ פילם פון וואַרשעווער געטאָ, וועלכן ער האָט, מכלומרשט, אַרויסגעקריגן פון אַ פילם־לאַבאָראַטאָריע. דערהערנדיק דעם פּרייז וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פאַר דעם פילם, האָב איך געזאָגט צום אינזשיניער, אַז אַזאַ סומע זענען מיר נישט אימשטאַנד צו אַסיגנירן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישן יידן — האָב איך אים געזאָגט — איז נישט קיין רייכע אינסטיטוציע. מיר האַלטן זיך אויס פון די רעגירונג־סובסידיעס, וועלכע מיר באַקומען. און אינעם איצטיקן מאָמענט איז פאַר אונדז וויכטיקער אויסצוקויפן אונדזערע קינדער, פאַר וועלכע מען פאָדערט גרויסע סומעס געלט.

— איר קענט זיך נישט דערלויבן? — האָט זיך דער אינזשיניער שעל־

מיש צעלאַכט — איר קריגט דאָך אַזוי פיל גאָלד פון אַמעריקע... גאָלדענע דאָלאַרן...

— ווער האָט עס אייך אַזוי שיין אינפאָרמירט? פון וואַנען ווייסט איר עס אַזוי גוט, אַז מיר קריגן גאָלד, אַזש גאָלדענע דאָלאַרן, פון אַמעריקע? איר האָט זיי אפשר אַליין געזען, וואָס?

— ניין, — באַרויִקט מיך מיין גאַסט, — איך האָב עס נישט געזען, נאָר אייערע „זשידקעס" האָבן עס מיר געזאָגט.

— זשידקעס?! — בין איך שיעור נישט אויפגעשפּרונגען פון כעס. — אונדזערע קינדער האָבן עס אייך געזאָגט?

— ניין, די דערוואַקסענע „זשידקעס". — האָט ער שנעל פאַרבעסערט.

— פון ווען אָן זענען דאָס ביי אייך דערוואַקסענע ייִדן — „זשידקעס"? פאַרוואָס זאָגט איר נישט פּראָסט פּשוט: „זשידעס"? עס פּאַסט נישט? ס'איז נישט שיין?! „זשידקעס" איז איידעלער צו זאָגן, האַ?... אין די דייטשישע אָקופּאַציע־צייטן האָט איר, מסתמא, פּונקט ווי אַנדערע אונדזערע „גוטע פריינט" און שמאַלצאָווניקעס גערופן ייִדן — „קאָטי" (קעץ). אַפילו די מוסרים און שמאַלצאָווניקעס האָבן, ווען זיי האָבן אויסגעדריקט איידל צו זייער קרבן, אויך גערעדט וועגן ייִדן — „קעצעלעך" אָנשטאָט „קעץ". הלוואי וואָלטן זיי אַזוי ליב געהאַט ייִדן, ווי זיי האָבן ליב געהאַט קעץ... און איצט ווילט איר דאָס האַנדלען מיט די אומגעבראַכטע „קעץ"־זשידקעס, וואָס איר האָט פאַראייביקט אין אַ פילם?!...

— אָבער באַרויִקט אייך — האָט דער אינזשיניער אויסגערופן אַ צע־טומלטער — איך האָב נישט געמיינט צו באַליידיקן...

די ווייטערדיקע ווערטער האָב איך שוין נישט געהערט, וואָרום טאַניאַ פוקס, זעענדיק וויפל געזונט איך פאַרליר בעת דעם דאָזיקן שמועס, האָט מיך אָנגעהויבן צו באַרויִקן און מיך אַרויסגעפירט פון מיין צימער. זי האָט איבערגענומען מיין פּלאַץ און פאַרענדיקט דעם שמועס מיטן גאַסט. מען האָט, פאַרשטייט זיך, מיט דעם אויבנדערמאָנטן אינזשיניער קיין שום גע־שעפטן נישט געוואָלט פירן.

נאָך דעם אומאָנגענעמען אינצידענט בין איך אַראָפּ אויף דער גאַס, כדי זיך צו באַרויִקן און צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. גייענדיג אין דער ריכטונג צו טאַרגאָווע גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען די הויפּט־ביוראָ פונעם

מלוכהשן ראַדיאָ, האָב איך באַגעגנט דעם פּיאַניסט וולאַדיסלאַוו שפּילמאַן, וועלכער איז גראָד פון דאָרט אַרויס.

— וואָס זענט איר אַזוי בלאַס? — האָט מיך שפּילמאַן געפרעגט — עס זענען דאָך שוין נישטאָ קיין דייטשן...

— עס זענען אָבער געבליבן זייערע מיטהעלפער און נאָכפאָלגער — האָב איך אים געענטפערט.

איך האָב אים דערציילט די געשיכטע, וועלכע האָט זיך נאָר־וואָס פאַרלאָפן אין דער געביידע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. מיר האָבן אַזוי שפּאַצירט אַ לענגערע צייט ביז צו דער ווייסל־בריק, אַהין־און־צוריק. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך גלייב נישט, איך זאָל קאָנען לעבן אין דעם לאַנד. אין דער לופט פיל איך דעם ריח פון געסמאַליעטן מענטשן־פלייש... ווען איך דערלאַנג מיין האַנט אַזאַ פּאַרשוין ווי דער אינזשיניער מיטן געטאָ־פילם, פיל איך אויף איר אַ קלעפּיקייט, ווי איך וואָלט אָנגערירט אַ בלוטיקע רוצחישע האַנט. אַט ווען איך ביי גענעראַל האַלערס אַ ברודער, וועלכער דישעט מיט האַס און שנאה צו מיר. און פאַרוואָס? — מסתמא, ווייל איך בין געבליבן לעבן... „טילו זשידקוו שיען אוראַטאָוואַלאָ״... (אַזוי פיל ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט...) — זאָגן זיי דאָך אַלע.

— נו, — זאָגט שפּילמאַן — אַזאַ האַלערן קאָן מען אָוועקזעצן ער זאָל זיך שוין נישט קאָנען מער אויפהייבן!

— דאָ האַנדלט זיך דאָך נישט וועגן איינצלנע פאַלן — האָב איך געענטפערט — דאָס איז נישט קיין פראַגע פון אַ האַלערן אָדער פון דעם אינזשיניער. אַזעלכע האַלערס און אַזעלכע אינזשיניערן האָבן מיר דאָך אויף טריט און שריט. זיי דריקן אויס און שפּיגלען אָפּ די געפילן וואָס הערשן אין לאַנד. זיי רעפּרעזענטירן מיליאָנען...

— וועט איר מיר זאָגן, אַז עס זענען שוין נישטאָ קיין ערלעכע און אָנשטענדיקע פּאָליאַקן?

— געוויס זענען זיי דאָ. זיי זענען געווען אויך אין די דייטשישע צייטן. אַדאַנק דעם ביסל גוטע פּאָליאַקן זענען דאָך אַ ביסל ייִדן געראַטעוועט געוואָרן פונעם אומקום. אָבער ווי גרויס איז די צאָל פון די גוטע פּאָליאַקן? זיי זענען דאָך אין אַזאַ קליינער מינדערהייט, אַז מען זעט זיי

כמעט נישט אַרויס אין דעם ים פון רשעות, פאַרדאָרבנקייט, פול מיט ייִדן־האַס און פול... מיט מענטשן־האַס.

אַזוי ריידנדיק זענען מיר דערגאַנגען צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן. איך האָב זיך געזעגנט מיט שפּילמאַנען און כ'בין אַריין אין דער געביידע. אין אינפאָרמאַציע־ביוראָ, וואָס האָט זיך געפונען אונטן ביים אַריינגאַנג, איז געזעסן אונדזער מיטאַרבעטער יאָנאַס שער, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אַז מען וואַרט אויבן אויף מיר. דאָס איז זיכער נישט דער אינזשיניער מיט די „זשידקעס" — האָב איך מיר געטראַכט... אַזוי לאַנג וועט ער דאָך נישט זיצן דאָרט. טאַניאַ פוקס האָט אים מסתמא שנעל אָפּגעפאַרטיקט.

ווען איך בין אַרויף אויפן שטאָק, ווו עס האָט זיך געפונען מיין ביוראָ־צימער, האָט מיך דערוואַרט אַ פריידיקע איבעררעשונג: איך האָב דערזען פאַר זיך צוויי פריינט, מיט וועלכע איך האָב זיך צום לעצטן מאָל געטראָפן אין וואַרשעווער געטאָ. איך האָב געמיינט, אַז זיי זענען אומגעקומען. איז די פרייד פון באַגעגעניש מיט זיי געווען נאָך גרעסער. די געסט זענען געווען: לאָלאַ וועסבי און בראָניסלאַוו פרענקעל. ביידע זענען זיי געקומען קיין וואַרשע ווי „מרגלים". די משפחה וועסבי: דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט פונעם געוועזענעם רעווי־טעאַטער „קווי־פּראָ־קוואָ", האָט זיך געראַטעוועט אין ווין (עסטרייך), צוזאַמען מיט זיין פרוי לאָלאַ און זייער איינציקער טאָכטער אָלגאַ. זיי האָבן זיך געראַטעוועט, אַדאַנק די אַרישע פּאַפּירן, אין ווין, וווּהין זיי זענען געפאָרן ווי פרייוויליקע פוילישע אַרבעטער. דאָס זעלביקע — ב. פרענקעל מיט זיין פרוי האַלינאַ, מיט וועלכער מיר האָבן געוווינט אין וואַרשעווער געטאָ אין איין הויז. אויך זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז מיר זענען געבליבן לעבן. ערשט זייענדיק אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן האָבן זיי דערהערט ווי מען דערמאָנט מיין נאָמען. זיי האָבן געפרעגט צי דאָס איז נישט אַמאָל יאָנאַס טורקאָוו. ווען מען האָט עס באַשטעטיקט, האָבן זיי באַשלאָסן נישט צו רירן זיך פונעם אָרט, ביז איך וועל נישט צוריקקומען.

די באַגעגעניש איז געווען אַזוי דראַמאַטיש, אַז עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז מיר האָבן בכלל געקאָנט אָנהייבן צו ריידן. פון מיר האָבן זיי זיך דערוווּסט וועגן מיין פרוי און קינד, ווי אויך פון די איבעריקע, צום

באַדויערן — אַזוי ווייניק, געמיינזאַמע פריינט, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט און — וועגן אונדזערע פּריינט — ליידער די מערהייט — וואָס זענען שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

פון זיי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין ווין האָט זיך אויך געראַטעוועט אַ גרופּע פּוילישע ייִדן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אונדזערע פריינט, אינזשיניער אַלפרעד פּאַזשאַריק מיט זיין פרוי צעלינאַ. די גרופּע געראַ־טעוועטע ייִדן אין ווין האָט אַוועקגעשיקט לאָלאַ וועסבי און בראָניסלאַוו פּרענקעל קיין וואַרשע „אויסצוגעפינען" דאָרט די באַדינגונגען אין וועלכע עס לעבן די געראַטעוועטע ייִדן.

איך האָב זיי איבערגעגעבן ווי די ייִדישע לאַגע אין נייעם פּוילן זעט אויס. איך האָב זיי דערציילט פאַרשיידענע עפּיזאָדן און, בינו לבינו, געוויזן זיי אַ צאָל פּראָטאָקאָלן, וואָס זענען געלעגן אויף מיין שרייבטיש, אין שייכות מיט די ייִדן־מאָרדן איבערן לאַנד. דאָס איז געווען גענוג זיי זאָלן זיך אויפ־הייבן און תּיכף צוריקפאָרן פון וואַנען זיי זענען געקומען (היינט ווױנען ביידע משפּחות אין אַמעריקע).

יעדן טאָג פלעג איך טרעפן אין צענטראַל־קאָמיטעט אַנדערע „מרגלים", וואָס זענען געקומען פון עסטרייך און דייטשלאַנד פון די לאַגערן, פון די אַזוי־גערופענע „די־פּי־קעמפּס", ווי אויך — ווי געראַטעוועטע מכלומרשטע פּוילישע פּרײַוויליקע אַרבעטער אין די דאָזיקע לענדער. זיי פלעגן קומען „אויסצושפּירן" ווי די לאַגע אין זייער היימלאַנד פּוילן זעט אויס און וואָס פאַראַ פּערספּעקטיוון עס זענען דאָרט פאַראַן זיך איינצואָרדענען. וועגן דער מעגלעכקייט זיך איינצואָרדענען האָב איך מיט זיי נישט גערעדט, דאַקעגן האָב איך זיי יאָ קלאָר געמאַכט די ייִדישע לאַגע אין פּוילן — אַזוי ווי זי זעט אויס, שוין נאָך אַלע באַמיִונגען, וואָס עס ווערן געמאַכט מצד פאַרשיי־דענע מלוכהשע אינסטאַנצן. די מערהייט האָט זיך באַלד אַרויסגעשלאָגן פונעם קאָפּ דעם געדאַנק צו פאַרבלייבן אין פּוילן. אַנדערע, דאַקעגן, האָבן זיך אַנטשלאָסן צו פאַרבלייבן, אָבער נאָכן קעלצער פּאָגראָם זענען זיי אַנט־לאָפן. אַ סך פון זיי האָבן שוין נישט באַוויזן דאָס צו טאָן, ווייל זיי זענען דורך פּוילישע כוליגאַנעס דערמאָרדעט געוואָרן.

קיין וואַרשע איז אויך געקומען דער געוועזענער „בערשטן־קעניג" פון וואַרשעווער געטאָ, עמיל ווייץ, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט, צוזאַמען

מיט זיין פרוי און זון, אין בודאַפּעשט, ווו זיי האָבן איבערגעלעבט די מלחמה. אין די געטאָ־צייטן האָט ווייץ אויסגעבאָרגט דוד גוזשיקן, אין וואַרשע, אַ גרעסערע סומע געלט פאַרן „דזשאָינט“. איצט איז ער געקומען אָפּנעמען דעם חוב. דאָס געלט, וואָס ווייץ האָט איינגעצאָלט אין „דזשאָינט“ איז דער־גאַנגען צו אַ פאַנטאַסטישער ממש סומע.

ווייץ האָט מיר דערציילט ווי אַזוי ייִדן לעבן אין בודאַפּעשט: אַז ס׳איז דאָרט טעטיק אַ ייִדישער קאָמיטעט, ווו ער איז פאָרזיצער. ייִדן האָבן זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן אויף זייער לעבן דאָרט, הגם פאַר די נישט־אונגאַ־רישע ייִדן, איז בודאַפּעשט נאָר אַ דורכגאַנג־צענטער. זיי אַלע זענען דאָרט אויסגעהונגערט נאָך אַ ייִדיש וואָרט און אַ ייִדיש ליד. עס וואָלט גוט געווען — זאָגט ער — אַז דיאַנאַ זאָל קומען אַהין אויף אַ רייע אויפטריטן. דער פּלאַן איז אונדז זייער געפעלן געוואָרן. ווייץ האָט צוגעזאָגט צו דערליידיקן פאַר איר אַלע נייטיקע פאָרמאַליטעטן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דעם, אַז בקרוב וועט ער אונדז לאָזן וויסן אויף וואָס פאַראַ אופן דיאַנאַ קאָן אַהין קומען. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און ס׳איז טאַקע דורך ווייצן אַלץ אַראַנזשירט געוואָרן אויפן בעסטן אופן און דיאַנאַ האָט געקאָנט אָפּפאָרן קיין אונגאַרן. קיין אונגאַרן איז אויך געפאָרן דער זינגער דידיאַ עפּשטיין.

פאַרן אָפּפאָרן פון וואַרשע קיין בודאַפּעשט, האָט דער וואַרשעווער ייִדישער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געפונען אין פּראַגע, אויף טאַרגאָווע 44, אַראַנזשירט פאַר דיאַנאַן אַ גרויסן קאָנצערט אין פּראַגע (אין וואַרשע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין זאַל ווו אויפצוטרעטן. אַפילו דאָס פּוילישע טעאַטער האָט אין יענער צייט געשפּילט אין פּראַגע). דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אינעם גרויסן זאַל פון ווערעלס שאָקאָלאַדן־פאַבריק. דער זאַל איז געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַריין פיל מיליטערלייט פון דער סאָ־וועטישער און פּוילישער אַרמיי. געעפנט דעם אָוונט מיט אַן אַריינפיר־וואָרט האָט דער וויצע פאָרזיצער פונעם וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, מגר. הערש וואַסער. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען שבת, דעם 26סטן מאַי, 1945, 4 אַזייגער נאָכמיטיק. אין די אָוונטן האָט מען נאָך אַלץ נישט געטאָרט גיין איבער די גאַסן.

דעם טאָג האָט מען זיך אָבער געריכט אויף אַ צווייטן „קאָנצערט“.

וואָס די אַנטיסעמיטן האָבן זיך געגרייט דורכצופירן, כדי נישט צו דערלאָזן פאַרשוועכן די פוילישקייט פון וועדעלס זאַל, ווו פאַרן קריג האָט מען אַפילו נישט געקאָנט חלומען וועגן איינאָרדענען דאָרט אַ ייִדישע אונטערנעמונג. פון אַ זיכערער קוועלע האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען גרייט זיך צו וואַרפן אַ באָמבע אין זאַל, ווו דער קאָנצערט האָט געדאַרפט פאָרקומען. די ייִדישע סאָוועטישע מיליטערלייט האָבן אָבער געמאַכט אַלע באַוואָרענישן, אַז אַזאַ זאַך זאָל נישט קאָנען פּאַסירן. די ידיעה פונעם צוגעגרייטן אַטענטאַט האָב איך, פונקט ווי געציילטע אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן דערפון געוווּסט, געהאַלטן בסוד סודות, כדי נישט איבערצושרעקן דעם עולם און נישט אַרויסצורופן קיין פּאַניק. אַפילו מיין פרוי האָט וועגן דעם געפּלאַנטן אָנפאַל זיך דערוווּסט ערשט נאָכן קאָנצערט.

עס האָט זיך אַלע געוואָרפן אין די אויגן די גרויסע צאָל באַוואָפנטע סאָוועטישע מיליטערלייט, מיט די אָנגעשטעלטע אויטאָמאַטן אין די הענט. זיי האָבן באַוואַכט די וועדעל־געביידע פון אַלע זייטן. פריִער האָט מען דורכגעזוכט און דורכגענישטערט אַלע ווינקעלעך פון דער געביידע און פונעם קאָנצערט־זאַל, און יעדער איינער וואָס איז אַהין אַריין איז אָבסערווירט געוואָרן דורך געניטע, שאַרפע אויגן, וואָס האָבן אַלץ געזען און אַלץ באַמערקט... דער קאָנצערט איז דורכגעגאַנגען בשלום און קיין שום אינצידענט איז נישט פאָרגעקומען. אַפנים, אַז ווען מען האָט געוואָלט, האָט מען אַלץ געקאָנט אויסמיידן. דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דעם אַלעם איז געווען דאָס, וואָס מען האָט אונדז געוואָרנט מיט קיין וואָרט נישט צו דערמאָנען וועגן די אַלע צוגרייטונגען... דער פוילישער זיכערהייט־מאַכט.

אויב איך רעד שוין וועגן אַטענטאַטן, מוז איך באַמערקן, אַז מען האָט אויך געדראָט אויפצורייסן די געביידע ווו עס האָט זיך געפונען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן. מען האָט געמוזט איינפירן ביים אַריינגאַנג אַ שטרענגע קאָנטראָל און יעדן פאַרדעכטיקן גלייך פאַרהאַלטן. כדי אָבער צו זיין אינגאַנצן זיכער, האָט מען אין דער געביידע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט איינגעאָרדנט אַ געהיימען אַלאַרם־סיגנאַל, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן שטאַב פונעם „סאָוועטישן שטעטל“. אַ דרוק אין גלעקל און אין משך פון געציילטע מינוטן האָבן זיך באַוויזן אין צענטראַל־קאָמיטעט באַוואָפנטע מיליטערלייט.

צווישן די געסט וואָס איך האָב געהאַט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן, איז אויך געווען דער אַמאָל זייער באַליבטער באָקסער־טשעמפּיאָן פון פוילן — שעפּסל ראָטהאָלץ. זיין פרוי איז אומגעקומען. ער און זיין קינד האָבן זיך געראַטעוועט. הגם ראָטהאָלץ האָט געהאַט אַ גלענצנ־דיקן אַרישן אויסזען, איז ער אָבער אין וואַרשע געווען זייער פּאָפּולער און ס'איז נישט געווען פּאַר אים פון די לייכטסטע זאַכן דורכצושלאָגן זיך דורך דער אַנטיסעמיטישער דזשאָנגל, ווו קינד און קייט האָבן געקענט דעם ייִדישן באָקסער. אָבער, ווי מיר ווייסן, האָבן אַפילו די פאַרביסנסטע אַנטי־סעמיטן אַמאָל אַרויסגעוויזן אַ ברייטן זשעסט און געראַטעוועט זייערס אַ זשידעק...

ראָטהאָלץ איז, ווי באַוווּסט, געווען אין דער ייִדישער פּאָליציי, וואָס האָט קיין כבוד, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרשאַפט. ער איז געווען אַן אַזוי־גערופענער „גראַיעק", וואָס פלעגט שטיין ביים געטאָ־טויער און דאָרט אָנפירן דעם האַנדל מיט די שמוגלערס — אויך נישט קיין צו גרויסער כבוד פאַר אים.

דערמאָן איך זיך אָבער, וואָס איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, דער העלדישער לוטעק ראָטבלאַט, האָט מיר איבערגעגעבן:

— שעפּסל ראָטהאָלץ — האָט ער געזאָגט — ברענגט אונדז אַ סך נוצן. מיר האָבן פון אים ערשטהאַנטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן די צוגע־גרייטע „אויסזידלונגען". ער באָרגט מיר אָפּט אויס זיין פּאָליציי־היטל מיטן גומענעם שטעקן, ווען איך האָב דורכצופירן געוויסע אויפגאַבן. מיט איין וואָרט: ראָטהאָלץ איז אַ נוצלעכער יאַט.

אָבער אַ גומענער שטעקן האָט אויך צוויי עקן. דערציילט מען שוין נאָך דער באַפרייאונג, אַז ראָטהאָלץ האָט מיט דעם גומענעם שטעקן גע־שלאָגן איבער די קעפּ, נישט שוינענדיק דערביי אַפילו פרויען. ווען מען האָט באַמערקט ווי ער איז אַריינגעגאַנגען צו מיר אין צימער, האָט זיך דערהערט אַ שטימע: אָט איז ער דאָך דאָ דער תכשיט, וואָס האָט מיך גע־שלאָגן אין געטאָ...

שעפּסל ראָטהאָלץ האָט זיך געהאַלטן אין איין שווערן, אַז עס איז

נישט אמת; אַז ער האָט קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן; אַז מען מאַכט דאָ אַ טעות.

איך האָב זיך געפונען אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט. איך פּערזענלעך קאָן קיין שום שלעכטס וועגן אים נישט זאָגן, ווייל איך האָב נישט געזען, ער זאָל וועמען שלאָגן, בשעת ער איז געווען אין פּאָליציי־דינסט. איך קאָן בלויז איבערגעבן, וואָס איך האָב געהערט פון אַזאַ באַגלויבטן מענטשן ווי עס איז געווען דער העלדישער קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ, לוטעק ראָטבלאַט. אָבער, אַז מען מאַכט קעגן אים אַזעלכע באַשולדיקונגען, האָב איך אים געראָטן אַליין אַוועקצוגיין צו די זיכערהייט־אינסטאַנצן און זיך מעלדן — אויב מען זוכט אים טאַקע אַרום. גלייך פון מיר איז ער אַוועק צום אָנפירער פונעם ערשטן דעפּאַרטאַמענט ביים זיכערהייט־מיניסטעריום און אים איבערגעגעבן, אַז ער האָט געהערט וועגן באַשולדיקונגען, וואָס מען מאַכט קעגן אים, — וויל ער מען זאָל וועגן דעם דורכפירן אַן אויס־פאָרשונג. ווי מיר איז באַקאַנט האָט מען אים גלייך באַפרייט, דאָס הייסט — ריינגעוואַשן פון די באַשולדיקונגען. שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אין אויסלאַנד, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין אַ צייט אַרום האָט מען אים אַרעסטירט און ער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ משפּט.

נאָך אַ גאַסט האָב איך געהאַט: אַלטער קאַציזנעס טאָכטער — שולמית, אָדער ווי מען פלעגט זי רופן: מיטקע. אַלטער קאַציזנע איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך אוקראַינער. זיין ווייב, חנה, איז אומגעקומען אין לעמבערג. מיטקע האָט איבערגעלעבט די מלחמה אין גאַליציע. נאָך אַלטער קאַציזנען איז געבליבן אין פּראַגע אַ פאָטאָגראַפישער אַנשטאַלט, מיט וועלכן עס האָט, בעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, אָנגעפירט אַ פּאָלקע. אַלס דאַנק פאַרן אָפּהיטן דעם אַנשטאַלט האָט איר מיטקע צוגענומען פאַר אַ שותּפטע און ביידע האָבן זיי ווייטער געפירט די אונטערנעמונג. ערגער איז אָבער געווען מיט דער ווילע, וואָס די קאַציזנעס האָבן געהאַט אין שווידער, נעבן אָטוואָצק. מיטקע האָט אויסגענוצט אַלע רעכטלעכע וועגן צוריקצוקריגן די ווילע, אָבער עס זענען כסדר אַרויסגעשוווּמען נייע קאָמפּליקאַציעס און ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז דאָס פאַרמעגן זאָל אַריבערגיין, ווי דער שטייגער אין אַזאַ פאַל, צו דער מלוכה. האָט מיך מיטקע קאַציזנע געבעטן איך זאָל מיט איר פאָרן צו דער לעצטער געריכט־פאַרהאַנדלונג, וואָס דאַרף פאָר־

קומען אין אָטוואָצק. איך האָב געדאַרפט עדות זאָגן און באַשטעטיקן, אַז שולמית קאַציזנע איז די איינציקע געזעצלעכע יורשטע פון דעם אומגע־בראַכטן פאַרפאַלק אַלטער און חנה קאַציזנע. מיין עדות זאָגן — האָט זי געטענהט — קאָן זיין זייער וואָגיק, וואָרום איך בין אַ מיטגליד פונעם צענט־ראַל־קאָמיטעט און, אַגב, האָב איך אויך גוט געקענט זי און אירע עלטערן.

עס איז געווען פאַר מיר אַ פיינלעכער טאָג אין געריכט, ווו איך האָב געדאַרפט זיצן און וואַרטן אויפן קאַציזנע־פּראָצעס. דער רוב פון די געריכט־פאַרהאַנדלונגען, וואָס זענען אין יענעם טאָג אָנגעגאַנגען אין אָטוואָצקער קרייז־געריכט, האָבן זיך געדרייט אַרום יידישע פאַרמעגנס. שאַנטאַזשיסטן, אונטערוועלט־מענטשן און אַנדערע פינצטערע עלעמענטן זענען געקומען אין געריכט אַריין פאָדערן „זייער רעכט" אויף יידישע הייזער, ווילעס און געשעפטן. אַ סך פון זיי האָבן געהאַט נאָטאַריאַלע אָפּמאַכן מיט די שפּעטער אומגעבראַכטע יידן, וועלכע האָבן באַשטעטיקט אַז די הייזער, ווילעס און פאַרמעגנס געהערן צו זיי. די חברהלייט האָבן געפאָדערט פונעם געריכט יושר...

עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ קאַמף צווישן צוויי צדדים, וועלכע האָבן געוואָלט דאָס פרעמדע פאַרמעגן איינהאַלטן פאַר זיך: איין צד — דער אינהאַבער פונעם קאָנטראַקט; דער צווייטער — דאָס געריכט, וואָס האָט געזוכט אַלע יורידישע פאָרטלען ווי אַזוי דאָס פאַרמעגן אַריינצוקריגן פאַר דער רעגירונג. עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט צוצוהערן זיך צו דעם פלינקן וואָרט־געפעכט, וואָס די צדדים האָבן געפירט מכלומרשט אין נאָמען פון יושר און גערעכטיקייט. אָבער די הויפּט־עדות, צו ווענען דאָס גאַנצע פאַרמעגן האָט אַמאָל געהערט, האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרופן, וואָרום די נייע באַלעבאַטים פון די פאַרמעגנס, וואָס האָבן איצט אַזוי האַ־פערדיק געפאָדערט גערעכטיקייט, האָבן מסתמא אויסגענאַרט פון די אומ־געבראַכטע יידן זייערע פאַרמעגנס, צוזאָגנדיק זיי, אַזוי אַרום, צו ראַטעווען דאָס לעבן, — און נאָכן באַקומען די נאָטאַריאַלע באַשטעטיקונג, האָבן זיי, מיט זייערע אייגענע הענט אויף אייביק שטיל געמאַכט די, וואָס וואָלטן געקאָנט דערציילן דעם גאַנצן אמת ווי אַזוי און מיט וואָס פאַרא מיטלען די חברהלייט האָבן פון זיי אַרויסבאַקומען זייער האָב־און־גוטס. מען האָט

געדאַרפט האָבן שטאָלענע נערוון צוצוהערן זיך צו די פאַרהאַנדלונגען און צוצוקוקן זיך צו די מערדערישע פּרצוף־פּנימער...

ענדלעך איז מען דערגאַנגען צו די קאַציזנע־פאַרהאַנדלונגען. דער ריכ־טער האָט געשטעלט פראַגן, וואָס האָבן עדות געזאָגט פון זיין נישט צו גרוי־סער אינטעליגענץ. ווען איך האָב, אונטער אַ שבועה, דערקלערט, אַז שולמית איז די טאָכטער פון אַלטער און חנה קאַציזנע האָט מיך דער ריכטער גע־פרעגט צי איך בין געווען דערביי ווען זי איז געבוירן געוואָרן, וואָרום עס גלייבט זיך נישט, אַז מענטשן אין די יאָרן ווי עס זענען געווען די קאַציז־נעס זאָל געבוירן אַ קינד... און אפשר האָט מען דאָס קינד אויסגעטוישט און עס איז נישט זייער קינד? — פרעגט מיך דער „טיפזיניקער" ריכטער... און ווי אָפט פלעג איך קומען צו די קאַציזנעס? פון וואַנען וויס איך, אַז די קאַציזנעס האָבן געהאַט אַ ווילע אין שווידער? און אפשר זענען דאָ נאָך אַנדערע יורשים אויך און זיי וועלן זיך נאָך יאָווען נאָך דער ירושה...

איך האָב באַוווּנדערט דאָס אייזערנע געדולד פונעם ריכטער, וואָרום איך האָב עס שוין נישט פאַרמאָגט. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס און איבערציי־גונגען, האָט דער ריכטער צוגעפּסקנט שולמית קאַציזנע, ווי די איינציקע יורשטע פון אירע פאַרפייניקטע עלטערן, די ווילע אין שווידער.

איר צופרידנקייט מיטן אויסגאַנג פונעם פּראָצעס איז געווען זייער גרויס, אָבער מיינער — נאָך גרעסער, ווייל איך בין ענדלעך פּטור געוואָרן פון דעם אינקוויזיטאָרישן פאַרהער און געקאָנט צוריקפאָרן קיין וואַרשע.

קאַפּיטל איינאונצוואַנציק

## אומדערוואַרטע פּאַסירונגען

דאָס איז געווען אין אַ געוויסן אָוונט, נאָך דער פּאָליציי־שעה, ווען ציווילע מענטשן האָבן שוין נישט געטאָרט גיין איבער די גאַסן. איך בין געזעסן אין דערהיים ביי זיך אין צימער און צוגעגרייט ראַדיאָ־פּראָ־גראַמען פאַר די וויטערדיקע טעג. עס האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער קלינג

אין טיר. ווען קאָן עס איצט זיין? — האָבן איך מיר געטראַכט. מיין באַ־לעבאָס, ביי וועלכן איך האָב געוווינט, איז שוין געשלאָפן. ער האָט זיך, נאָך דעם לעצטן אינצידענט, ווען ער האָט באַקומען אַ וואָרענונג צו לאָזן מיך צו רו, פאַרשלאָסן ביי זיך און נישט געעפנט די טיר, — עס זאָל אַפילו דונערן און בליצן.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער אַריינגאַנג־טיר און געפרעגט ווער דאָס איז.

— עפנט אויף, הער טורקאָוו, דאָס בין איך. — האָב איך דערהערט פון יענער זייט טיר אַ שטים, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זיין באַקאַנט. ער האָט גערעדט יידיש. איך האָב אַריינגעלאָזט דעם שפּעטן גאַסט, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן אַ שטאַרקער ריח פון שנאַפּס. איך האָב אים גלייך דערקענט. ער האָט געשטאַמט פון ווילנע, ווו ער פלעגט זיך דרייען אַרום יידישן טעאַטער און איז אויך געווען אַן אָפּטער גאַסט ביי וועלפקע אוסיאַן אין רעסטאָראַן. איך האָב געהערט, אַז פאַרן קריג האָט מען אים געזען אין פּאַריז, אין די יידישע טעאַטער־קרייזן. נאָך דער באַפרייאונג איז ער פּלוצים אויפגעשווומען אין לובלין, צוזאַמען מיטן סאָוועטישן מיליטער. ער איז אָבער געווען אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער. ווען לאָדזש איז פאַר־נומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, איז ער אַהין אַריבער און דאָרט זיך איינגעאָרדנט. מען האָט געשמועסט וועגן אים, אַז ער אַרבעט אין דער ב.ק.וו.ד., אָבער מען האָט נישט געהערט, ער זאָל עמעצן שלעכטס טאָן. אָפּט פלעגט ער פאַרשווינדן — ווי אין וואַסער אַריין. אין וואַרשע האָב איך אים איצט דערזען צום ערשטן מאָל.

— איר האָט גאָרנישט קיין מורא אַזוי שפּעט צו גיין איבער די גאַסן?

— האָב איך זיך געמאַכט תמעוואַטע און אים געפרעגט.

— איך? — האָט ער זיך צעלאַכט — איך האָב נישט קיין מורא פאַר קיינעם. אויב איר ווילט, קומט מיט מיר אַראָפּ אַביסל שפּאַצירן. איך פאַרזיכער אייך, אַז עס וועט אייך קיין האָר פונעם קאָפּ נישט אַראָפּפאַלן.

— און ווו איז דיאַנאַ? — פרעגט ער ווייטער.

— זי פאָרט אַרום מיט קאָנצערטן — האָב איך געענטפערט. איך האָב אים נישט געזאָגט, אַז מיין פרוי געפינט זיך שוין אין אויסלאַנד.

— אַ שאָד — זאָגט ער — איך האָב געבראַכט אַ פלעשל ריינע וואָדקאָ

און געוואָלט מאַכן צוזאַמען צוזאַמען מיט אייך ביידן אַ לחיים... נו, וועלן מיר שוין אַליין אויסטרינקען דאָס פלעשל — אויף פאַר איר.

— איר וועט פון מיר קיין נחת נישט האָבן — האָב איך געזאָגט. — איך בין אַ שוואַכער טרינקער.

— נישקשה, עס וועט שוין גוט זיין. איר וועט שוין נעמען אַ כוסה.

— ער האָט גענומען פון קיך צוויי גלעזער (נישט קיין קעלישקעס) און זיי אָנגעפילט מיט בראָנפן. ער האָט מיט איין שלונג אַריינגעגאָסן אַ האַלב גלאָז בראָנפן. צוביסלעך איז ער געוואָרן אויפגעלייגט, באַרעדעוודיק, און ער האָט מיר אָנגעהויבן צו דערציילן וואָס פאַראַ וויכטיקן פּאָסטן ער פאַרנעמט, און אויב עס וועט אים איצט געלינגען דורכצופירן די אויפגאַבע, וואָס מען האָט אים איבערגעגעבן, וועט ער ווערן גאָר אַ „וואַזשנע שישקע".

ער האָט צו מיר — זאָגט ער — צוטרוי, וועט ער מיר, בסוד סודות איבערגעבן וואָס פאַראַ וויכטיקע מיסיע ער האָט איצט דורכצופירן. מיט אַ שעה צוריק — זאָגט ער — איז ער געקומען פון מאָסקווע.

— איז ביי אייך קיינער נישטאָ? — האָט ער פּלוצים איבערגעריסן און זיך אויפגעשטעלט — אפשר איז עמיצער דאָ אין צווייטן צימער?...

— יאָ, דאָרט געפינט זיך דער באַלעבאָס פון דער דירה. ער איז אַ קריסט און ער פאַרשטייט נישט קיין יידיש. אַ חוץ דעם איז ער טויב און הערט נישט וואָס מען רעדט.

מיין אומבאַקאַנטער גאַסט האָט ווידער אָנגעגאָסן אַ האַלב גלאָז בראָנפן, אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך אָנגעהויבן צו דערציילן:

— געדענקט, טורקאָוו, דאָס, וואָס איך גיי אייך זאָגן, ווייסט קיינער נישט און קיינער טאָר דערפון נישט וויסן.

— טאָ צו וואָס דערציילט איר מיר עס, אויב עס איז אַזאַ סוד?

— ווייל איך וויל איר זאָלט וויסן ווער איך בין. איר קענט מיך פון ווילנע פאַר אַ יינגל — אַ גאָרנישט, און איר מיינט, אַז איך בין ווייטער דערזעלביקער. דערפאַר זאָג איך עס אייך, איר זאָלט זען צו וואָס איך בין דערגאַנגען אין מיין לעבן. מען האָט מיך געשיקט אַהער ספּעציעל פון מאָסקווע מיט אַ וויכטיקער שליחות. מען האָט זיך דערוווּסט, אַז אין פוילן געפינט זיך אַ יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אַרויס יידן פון לאַנד. איך דאַרף אויספאָרשן ווער עס געהערט אַלץ צו דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע;

ווער עס זיינען די אָנפירער, און גלייך איבערגעבן זייערע נעמען און אַד־רעסן דירעקט קיין מאָסקווע. ווי איר זעט, האָט מען צו מיר אַזוי פיל צו־טרוי, אַז מען האָט דעם ענין נישט איבערגעגעבן דער נ.ק.וו.ד., וואָס גע־פינט זיך אין פוילן, נאָר מיך געשיקט, ווי אַ ספּעציעלן שליח. דאָס אויס־צופאָרשן. איר קאָנט זיך אויף מיר פאַרלאָזן: אין אַ קורצער צייט אַרום וועט די גאַנצע באַנדע זיין אין מיינע הענט...

— הערט מיך אויס, — האָב איך געזאָגט, — אויב איר האָט טאַקע צו מיר, ווי איר זאָגט, אַזוי פיל צוטרוי, אַז איר האָט מיר אָנפאַרטרויט אַזאַ וויכטיקן סוד, וויל איך צו אייך רײדן מיטן זעלביקן צוטרוי. פרי׳ער וויל איך אייך אָבער שטעלן איין פראַגע: וואָס איז מיט אייערע עלטערן? ווו געפינען זיי זיך איצט?

— מיינע עלטערן? הלוואי געפינען זיך דאָרט די דייטשן מיט די פּאָליאַקן צוזאַמען... פון מיין גאַנצער משפחה בין איך געבליבן איינער אַליין. נישט קיין טאַטע־מאַמע, נישט קיין שוועסטער, נישט קיין שוואָגער מיט זייער קינד, נישט קיין ברודערל... אַלע זיינען זיי אומגעקומען. זיי האָבן זיך שוין געהאַט געראַטעוועט, — האָבן די פּוילישע שכנים זיי אויס־געגעבן און מען האָט מיין משפחה אַוועקגעפירט קיין פּאָנאַר...

— איך האָב זיי גאַרנישט געקאַנט העלפן.. .איך בין דאַך געווען אין רוסלאַנד — ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט. — ווען די סאָוועטן האָבן צוריק פאַרנומען ווילנע און איך בין אַהין געקומען, האָב איך זיך דערוווּסט וועגן מיין פינצטערע בראָך... גלייבט מיר, עס גייט נישט פאַרביי קיין נאַכט זיי זאָלן מיר נישט קומען צום חלום. האָב איך טאַקע באַשלאָסן נקמה צו נעמען פאַר זייער טויט... דער בראָנפן מאַכט מיך פאַרגעסן אין אַלע צרות... ווען נישט דאָס פלעשל, וואָלט איך זיך שוין לאַנג אויפגעהאָנגען...

— טאָ וואָס־זשע זענען ייִדן שולדיק וואָס די דייטשן און פּאָליאַקן האָבן געטאָן צו אייערע עלטערן? — האָב איך געפרעגט.

— ייִדן? חס וחלילה! איך האָב קיין איין ייִד קיין שלעכטס נישט גע־טאָן... אדרבה, איך העלף ייִדן מיט וואָס איך קאָן נאָר...

— טאָ וואָס אַרט אייך, אַז ייִדן ווילן אַוועק פון פּוילן? — האָב איך אים געפרעגט.

— מיך אַרט עס נישט, אָבער זיי דאַרפן פאָרן לעגאַל, נישט דורך אַ געהיימער אָרגאַניזאַציע, וואָס שמוגלט זיי אַרויס פונעם לאַנד.

— צי איז דען וויכטיק אויף וואָס פאַרא אופן זיי פאָרן אַרויס? וויכ־טיק איז דאָך דאָס, אַז זיי שטיקן זיך דאָ אין דעם לאַנד, וווּ מען האָט אויס־געמאָרדעט זייערע נאָענטסטע און מען מאָרדעט ווייטער די רעשטלעך מיט ניסים ביים לעבן־איבערגעבליבענע ייִדן. האַלט איר עס פאַר אַן עוולה, אַז נאָך די אַלע צרות און עינויים, ווילן ייִדן לעבן אַביסל רויִקער, אָן מורא פאַר כסדרדיקע פאַרפאָלגונגען און שטענדיקער טויט־סכנה?

— ניין, פאַרשטייט זיך, אַז ניין...

— נו קומט איר איצט און ווילט העלפן די פּאָליאַקן אין זייער אַרבעט קעגן ייִדן?

— איך — פּאָליאַקן?! איך קאָן זיי נישט אָנקוקן. איך אַרבעט פאַר מאָסקווע.

— אָבער אין דעם פאַל העלפט איר דערמיט נאָר די פּאָליאַקן און ברענגט שאָדן אייערע אייגענע ברידער און שוועסטער. איך בין זיכער, אַז ווען אייער משפחה וואָלט געלעבט, וואָלט איר אַליין געזוכט אַ וועג ווי אַזוי זיי אַרויסצובאַקומען פון פּוילן.

— מעגלעך, אָבער אויף אַ לעגאַלן וועג.

— אפשר קאָנט איר מיר זאָגן, וויפל ייִדן זענען ביז איצט אויף אַ לעגאַלן אופן אַוועק פון פּוילן?

— נו, ווייל... אַלץ גייט דורך דער געהיימער אָרגאַניזאַציע...

— און פאַרוואָס גייט אַלץ דורך דער געהיימער — ווי איר זאָגט — אָרגאַניזאַציע? — האָב איך געפרעגט, — ווייל לעגאַל לאָזט מען נישט אַרויס קיין מענטשן פונעם לאַנד, אַ חוץ אין געציילטע פאַלן. הערט, איך ווייס, אַז איר זענט אַ גוטער יונג, וויל איך צו אייך ריידן ווי אַ ייִד צו אַ ייִדן: לאָזט צורו דעם גאַנצן ענין. איר טאָרט נישט שאָדן ברענגען די ייִדן, וואָס זייער איינציקער חטא באַשטייט אין דעם, אַז זיי ווילן ראַטעווען זייער לעבן. זאָל אייך דאַכטן, אַז צווישן די מענטשן, וואָס גרייטן זיך אַוועקצו־פאָרן פון דאַנען, געפינען זיך אויך אייערע משפחה־מיטגלידער. טאַקע אין זייער אָנדענק טאָרט איר נישט שטערן די מענטשן וואָס טוען אַ גוטע זאַך. איך ווייס נישט פון אַזאַ געהיימער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט

אַרויסשמוגלען ייִדן, אָבער ווען אַפילו זי זאָל יאָ עקזיסטירן, טאָרט איר אין דעם נישט שטערן — פשוט ווי אַ ייִד. איר האָט דאָך פריִער אַליין געזאָגט, אַז איר האָט ביז איצט נאָך קיין איין ייִד נישט געטאָן קיין שלעכטס, ווילט איר איצט האָבן אַן אומריינעם געוויסן?

מײַן גאַסט האָט אַ לענגערע צײַט געשוויגן. ער האָט שוין נישט געטרינקען, נאָר אונטערשפּאַרנדיק זיין קאָפּ מיט די הענט אויפן טיש, האָט ער נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן: — יאָ, איר זענט גערעכט... איר זענט גערעכט... איך טאָר עס נישט טאָן. גוט, וואָס איך בין צו אייך געקומען. מאָרגן וואָלט שוין אפשר געווען צו שפּעט... איך וועל די מענטשן נישט נאָר נישט שטערן, נייערט זיי העלפן אין זייער אַרבעט... איך אַליין וועל זיי צוהעלפן... איך דאַנק אייך פריינט טורקאָוו. איר וועט זען: איך וועל מיט אַלע כוחות זיי העלפן...

ווען דער „מאָסקווער גאַסט" האָט זיך מיט מיר געזעגנט און פאַרלאָזט מיין וווינונג, איז שוין געווען גוט שפּעט. איך האָב ווייטער זיך אָוועקגעזעצט אַרבעטן איבער מיינע ראַדיאָ־פּראָגראַמען, ווייל איך האָב געדאַרפט צוגרייטן אַ גאַנצע סעריע, צוליב מיין נייער לענגערער רייזע, וואָס איך האָב געזאָלט מאַכן. צווישן אַנדערן האָב איך צוגעגרייט דעם פּראָגראַם וועגן מיניסטער קערניקס אַנטיסעמיטישן אַרויסטריט אויף אַ פּויערים־פאַרזאַמלונג, הינטער קראָקע. דאָס זענען געווען מיינע לעצטע ראַדיאָ־אַרבעטן. דעמאָלט האָב איך נאָך אָבער וועגן דעם נישט געוווּסט.

צומאָרגנס האָב איך זיך, בעת אַ זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן, געטראָפן מיט אַנטעקן, סטעפּאַנען און שקליאַרן און זיי איבערגעגעבן די געשיכטע מיטן מאָסקווער שליח. הגם איך בין געווען איבערצייגט, אַז נאָך מיין נעכטיקן געשפּרעך מיט אים, וועט ער קיין שום שלעכטס נישט טאָן, האָב איך דאָך געהאַלטן פאַר נייטיק זיי דאָס איבערצוגעבן און וואָרענען צו זיין פאָרזיכטיק, ווייל מען ווייסט קיינמאָל נישט וואָס מען קאָן דערוואַרטן פון מענטשן, וועלכע אַרבעטן אין די דאָזיקע „שטרענג געהיימע אינסטיטוציעס". היות דאָס איז געשען קורץ פאַר מיין פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווייס איך בכלל נישט וואָס עס איז געוואָרן מיט דעם מאָסקווער שליח.

מער האָב איך אים שוין נישט געזען.

**
*

איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ לענגערע רייזע איבערן לאַנד. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין טעכטערל אין אָטוואָצק, נישט זאָגנדיק איר, אַז איך קלייב זיך אַוועקצופאָרן אויף אַ לענגערער צייט.

אין קאַטאָוויץ, ווו איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, האָט מיך אויפגענומען זייער גאַסטפריינטלעך דער פאָרזיצער פונעם אויבער־שלעזישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, איגעל־איגליצקי. אין גליוויץ בין איך געווען דער גאַסט פונעם פאָרזיצער פונעם דאָרטיקן קאָמיטעט ישראל פיינער. די גאַסטפריינטלעכע מענטשן — י. פיינער און זיין פרוי האָבן באמת נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר. מיט ישראל פיינערן האָב איך זיך באַקענט אין לובלין, ווען ער האָט מיר געבראַכט פון פשעמישל דעם ערשטן בריוו פון אונדזער פריינט, דעם הומאָריסט משה נודעלמאַן. פיינער, וועלכער האָט זיך מיט זיין פרוי געראַטעוועט אין פשעמישל, זיינען שוין דאָרט געווען באַקאַנט פון זייער גאַסטפריינטלעכקייט. ביי זיי איז, נאָך דער באַפרייאונג, געווען אַן אָפן הויז, ווו מען האָט געקאָנט געפינען וואַרעמקייט און אַ יידישע אַט־מאָספערע. פיינער האָט אויסגעזוכט יידישע אָפיצירן און סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך צייטווייליק געפונען אין פשעמישל און פאַר זיי איינגעאָרדנט יום־טובדיקע סעודות. ער איז געווען זייער אַקטיוו געזעלשאַפטלעך. צוליב זיינע פאַרדינסטן, איז ער דורכן צענטראַל־קאָמיטעט באַשטימט געוואָרן פאַרן פאָרזיצער פונעם יידישן קאָמיטעט אין גליוויץ, ווו ער האָט געאַר־בעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט. ביי די פיינערס אין שטוב האָב איך אויך געוווינט די פאָר טעג וואָס עס איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין גליוויץ. פון דאָרט בין איך געפאָרן קיין וורצלאַוו (ברעסלאַו), וואַלבזשיך, ריכבאַך און לסוף — קיין פעטערסוואלדאו, ווו איך האָב געוווינט בעת מיין אויפהאַלטן זיך אין יענער געגנט.

דעם אינהאַלט פון דער רעדע, וואָס קערניק האָט געהאַלטן אויף אַ פויערים־פאַרזאַמלונג אין אַ שטעטל, הינטער קראָקע, האָט, לויטן פּלאַן, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט דער ספּיקערין אין וואַרשע, געזאָלט איבער־געגעבן ווערן דורכן ראַדיאָ זונטיק. איך בין אָנגעקומען קיין פעטערסוואל־דאו דינסטיק ביייטאָג. אין אָוונט האָב איך, אין דער באַשטימטער שעה, אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ אויף די פרעמדשפּראַכיקע אוידיציעס, כדי אויפ־

צוכאַפּן די ייִדישע פערטל שעה. די ייִדישע אוידיציע איז תמיד געגאַנגען נאָך דעם פּראָגראַם אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען נאָך דער פראַנצויזישער אוידיציע איז די ראַדיאָ באַלד איבערגעגאַנגען צו מוזיק און דורכגעלאָזט אונדזער ייִדישע פערטל שעה. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז די ספּיקערין איז קראַנק געוואָרן און דערפאַר איז די ייִדישע אוידיציע נישט געגעבן געוואָרן. האָב איך אָפּגע־וואַרט די דאָנערשטיקע אוידיציע — און ווידער דאָס זעלביקע. ווען שבת און זונטיק זענען אָבער אויך נישט געווען קיין ייִדישע ראַדיאָ־פּראָגראַמען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זיי אָפּגעשטעלט.

איך בין גלייך צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע און אַוועק צום דירעקטאָר פונעם מלוכה־ראַדיאָ, ביליג. די הויפּט־סטאַציע און די אָנפירערשאַפט האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אין אַ פּאַלאַץ אויף אַלעיע אויאַזדאָווסקע, וואָס איז איבער דער נאַכט מגולגל געוואָרן אין „אַלעיע פון סטאַלין". ביליג האָט מיר געזאָגט, אַז עס טוט זיך חושך צוליב דער ייִדישער ראַדיאָ־שעה. פון אויסערן־מיניסטעריום איז אָנגעקומען אַ פאַרבאָט צו געבן די ייִדישע שעה, ווייל מיר פירן דאָרט — ווי זיי האָבן געזאָגט — אַן אַנטימלוכהשע אַרבעט. ביליג האָט מיך געראָטן תיכף אַהינצוגיין צו יאַקוב בערמאַן (דע־מאָלסטיקער פאַרטרעטער פונעם אויסערן־מיניסטער ווינצענטי זשימאָווסקי, וועלכער האָט אין דער לובלינער צייטווייליקער רעגירונג פאַרנומען דעם אַמט פונעם מיניסטער פאַר קולטור און קונסט).

יאַקוב בערמאַן האָט מיך נישט אויפגענומען, נאָר — זיין סעקרעטאַרין גוז, אָדער — ווי מען האָט זי גערופן: גוזוווּנאַ.

— הער טורקאָוו, — האָט זי גלייך פון אָרט אָנגעהויבן — ס'איז נישט גוט. אין אייער אָפּוועזנהייט האָט זיך די ספּיקערין דערלויבט צו געבן אַן אוידיציע, וואָס איז בפירוש אַנטי־מלוכיש. דער מיניסטער האָט דעריבער געהייסן אָפּשטעלן אייערע פּראָגראַמען, ביז איר וועט צוריקקומען און געבן אַן אויפקלערונג וועגן דעם ענין.

— צי וואָלט איך געקאָנט ריידן מיטן מיניסטער זשימאָווסקי?

— דאָס האָט נישט צו טאָן מיט זשימאָווסקין, נאָר מיט בערמאַנען.

— צי וואָלט איך געקאָנט ריידן מיטן מיניסטער בערמאַן?

— דער מיניסטער איז היינט שטאַרק פאַרנומען מיט קאָנפערענצן...
— וועל איך ריידן מיט אים ווען ער וועט זיין פריי.

— דאָס איז איבעריק — האָט גוזוווּנאַ געענטפערט, פילנדיק זיך נישט היימלעך — דער מיניסטער האָט מיר געהייסן אייך איבערגעבן, אַז פון היינט אָן מוזט איר פריִער, איידער איר וועט געבן די פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ, מיר צושטעלן דעם גאַנצן טעקסט. ערשט ווען עס וועט ווערן אַקצעפּטירט, וועט איר קאָנען ריידן. דאָס איז נישט נאָר קעגן אייך געווענדט. די אָנפירערס פון די אַנדערע אויסלענדישע פּראָגראַמען טוען עס שוין לאַנג. ביז איצט האָבן מיר געקוקט אויף אייערע אוידיציעס דורך די פינגער. עס איז אָבער שוין צום צווייטן מאָל ווען איר גיט איבער זאַכן קיין אויסלאַנד, וואָס זענען נישט געוווּנטשן פאַר אונדזער אויסלענדישער פּאָליטיק.

— איך וועל אייך שטעלן אַ פראַגע: איר זאָגט, אַז מיר האָבן געגעבן צוויי פּראָגראַמען, וואָס זענען אַנטי־מלוכיש. איר מיינט אַוודאי די רעדע וואָס ד״ר זאַמערשטיין האָט געהאַלטן אין סיים און דעם מיניסטער קערניקס רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די פּויערים. איך האָב געמיינט, אַז אַ רעדע וואָס ווערט געהאַלטן אין פּאַרלאַמענט, מעג איך, פּונקט ווי זי איז דערשינען אין דער פּרעסע, אויך איבערגעבן דורכן ראַדיאָ. וואָס שייך דער צווייטער רעדע פונעם מיניסטער פאַר עפנטלעכער אַדמיניסטראַציע ד״ר וולאַדיסלאַוו קערניק, בין איך מיט אײַך מסכים, אַז זי איז אַנטי־מלוכיש, ווײַל קערניק האָט אין איר אַטאַקירט די ייִדישע מינדערהייט פונעם לאַנד. אָבער די רעדע איז דאָך געהאַלטן געוואָרן דורך אַ מיניסטער פון דער פּוילישער רעגירונג, איז אויב ער איז דערפאַר נישט באַשטראָפט געוואָרן, טאָ פאַרוואָס זאָל איך באַשטראָפט ווערן פאַרן בלויז איבערחזרן דעם אינ־האַלט פון זײַן רעדע? וואָס שייך ווידער דער צענזור וואָס איר גייט אײַנפירן פאַר דער ייִדישער ראַדיאָ־שעה, אינטערעסירט זי מיך שוין לגמרי נישט, ווײַל איך רעזיגניר פון מײַן פּאָסטן. נאָך הײַנט וועל איך איבערגעבן מײַן דימיסיע צום דירעקטאָר ביליג.

מיט דעם האָב איך פאַרענדיקט מיין אַרבעט אין דער ייִדישער ראַדיאָ־שעה.

יאָנאַס טורקאָוו

קאַפּיטל צווייאונצוואַנציק

# אַזוי פיל יידעלעך האָבן זיך געראַטעוועט

אין חודש סעפּטעמבער, 1944, האָט די צייטווייליקע פּוילישע רעגירונג, אין לובלין, פּאַנאַנדערגעשיקט צו אַלע סטאַראָסטעס (מלוכהשע פאַרשטייער) פון די באַפרייטע געביטן, אַ צירקולאַר אין וועלכן מען פאָדערט אויף תיכף צוריקצוגעבן דאָס יידישע פאַרמעגן (באַוועגלעכע און אומבאַוועגלעכע) צו זייערע געוועזענע אייגנטימער, וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה, און אויב אַזעלכע זענען נישט פאַראַן — זייערע געזעצלעכע יורשים. ווי געזעצלעכע יורשים ווערן באַטראַכט נישט נאָר פרויען, מענער, אָדער זייערע קינדער, נייערט אויך זייערע פעטערס און מומעס, און אַפילו פּלימיעניקעס און שוועסטער־קינדער.

אָבער צו דער גרעסטער פאַרוואונדערונג פון די יידן, איז דער דאָזיקער צירקולאַר נאָך איינעם זעלביקן חודש צוריקגערופן געוואָרן. די לאָקאַלע פּוילישע רעגירונג־פאַרשטייער האָבן נישט נאָר אָפּגעשטעלט דאָס אומקערן די פאַרמעגנס צו יידן, נייערט צוריקגענומען ביי די יידן אויך די פאַרמעגנס, וואָס זיי האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק שוין געהאַט איבערגעגעבן אין רשות פון די געזעצלעכע אייגנטימער.

ערשט דעם 2טן מערץ 1945, האָט זיך באַוויזן אַ דעקרעט, וועלכן מען האָט גערופן „העפקירוואַטיזאַציע־געזעץ״, לויט וועלכן די איינוווינער פון די ביי־צוריקגעוואונענע געביטן (פּויזנער געגנט, פּאָמערן און שלעזיע) האָבן גלייך געקענט צוריקבאַקומען זייערע פאַרמעגנס, וואָס זענען פריער קאָנפיס־קירט געוואָרן דורך די דייטשן. דאָס איז אָבער נישט חל געווען אויף יידן (הגם אָפיציעל — יאָ), וועלכע האָבן זייערע פאַרמעגנס בשום אופן נישט געקענט צוריקקריגן. אָבער דאָס דאָזיקע געזעץ האָט זיך, אַפּנים, אַרויס־געוויזן צו זיין צו מילד און איז באַלד געענדערט געוואָרן. דעם 6טן מאַי, 1945, האָט דער פּוילישער פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ נייעם געזעץ, וואָס האָט נאָך מער פאַרקלענערט די רעכט פון די יורשים (דאָס האָט שוין גאָר

שטאַרק אָנגערירט די ייִדן!). לויט דעם נייעם געזעץ האָבן נאָר דירעקטע יורשים, ווי טאַטע־מאַמע אָדער קינדער, געקענט געניסן פון אַ ירושה, אָבער נישט די ווייטערדיקע קרובים. און אויך אין דעם פאַל האָט מען די אומ־באַוועגלעכע פאַרמעגנס געקענט ערשט אָפּנעמען נאָכן אָפּלויף פון 10 יאָר. אויב אין משך פון דער דאָזיקער צייט וועלן זיך נישט מעלדן... די אייגנ־טימער אָדער די נאָענטסטע קרובים, וועט דאָס גאַנצע פאַרמעגן אַריבער־גיין, ווי אַן אייגנטום, צו דער מלוכה.

די גרויסע צאָל קריסטלעכע אייגנטימער, וואָס האָבן געירשנט די ייִדישע פאַרמעגנס, זענען, לויט דעם דעקרעט, באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון די פאַרמעגנס אויף אַ צייט פון 10 יאָר. די ייִדישע אייגנ־טימער וועלן קענען ווערן די רעכטלעכע יורשים ערשט נאָכן אָפּלויף פון 10 יאָר. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט נישט געשמעקט די אַלע, וואָס האָבן, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן, באַקומען ייִדישע פאַרמעגנס. דאָס נייע געזעץ האָט זיי געטראָפן ווי אַ דונער. זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז אין משך פון דער צייט קענען צוריקקומען פון די לאַגערן אָדער פון אויסלאַנד די געזעצלעכע יורשים און זיי וועלן אַזוי אַרום פאַרלירן זייערע נייע, אַזוי לייכט דערוואָר־בענע, אוצרות. עס איז אַנטשטאַנען אַן אמתע בהלה.

וואָס מער ייִדן עס האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען פון די לאַגערן, אַלץ מער האָט זיך געשטאַרקט ביי די נייע „גבירים" דער אויפברויז און צאָרן קעגן ייִדן.

— „טילו זשידקווו שיען יעדנאַק אוראַטאָוואַלאָ" (אַזוי פיל ייִדעלעך האָבן זיך דאָך געראַטעוועט)...

די דאָזיקע ווערטער האָבן נישט אויפגעהערט צו שטראָמען פון זייערע ליפּן. די אַנטיסעמיטן האָבן זיך גוט אָרגאַניזירט, אָנגעהויבן אַ פאַרשטאַרקטע אַנטיייִדישע־קאַמפּאַניע, מען האָט דורכגעפירט בלוטיקע אָנפאַלן, מאָרדן און געשאָפן ביי ייִדן אַ כסדרדיקן מורא־פּסיכאָז. צוביסלעך האָבן די כוליגאַנעס איבערגענומען די איניציאַטיוו אין לאַנד און די מלוכה־פירער האָבן נישט געקאָנט באַהערשן די געשאַפענע לאַגע. עס האָט ממש געדראָט מיט אַ טאָ־טאַלער אויסראָטונג פון די ביים לעבנאיבערגעבליבענע, אויף הפקר, ייִדן.

פאַר די ייִדן אין פּוילן האָט זיך, ליידער, דאָס בלוטיקע קאַפּיטל נאָך נישט געהאַט געענדיקט. אויף דער ערד פון דעם לאַנד, וווּ מיליאָנען ייִדן

זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורכן אָקופּאַנט, איז די „שפּיל" נאָך ווייטער אָנגעגאַנגען. דאָס מאָל דורך די פּוילישע באַלעבאַטים גופא. זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרענדיקן די אַרבעט, וואָס די דייטשן האָבן נישט באַוויזן אויסצופירן ביזן סוף.

די גרעסטע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען זענען פאָרגעקומען אין קעלצער ראַיאָן, און דאָס גראָד נאָכדעם ווי דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן האָט באַשטימט אַ טייל פון דער אַמעריקאַנער הילף, וואָס איז אָנגעקומען פאַר די יידן אין פּוילן, פאַר דער פּוילישער (קריסטלעכער) באַפעלקערונג פון 5 קרייזן פון קעלצער ראַיאָן, וועלכע האָבן אַמשטאַרקסטן געליטן פון דער מלחמה. ווער עס האָט אין נאָמען פונעם צענטראַל־קאָמיטעט אָנגענומען אַזאַ באַשלוס צו געבן הילף די גרעסטע פּאָגראָמשטשיקעס, ווייס איך נישט. איך בין ביי אַזאַ זיצונג, ווען דער ענין איז באַהאַנדלט געוואָרן, לגמרי נישט געווען. דערוווסט דערפון האָב איך זיך ערשט שפּעטער פון דער פּוילישער פּרעסע...

די רעזולטאַטן פון די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען (איך גיב דאָ אַי־בער בלויז געציילטע פאַלן) ריידן פאַר זיך אַליין.

אין סקאַזשיסקאָ האָט אַן אָרגאַניזירטע באַנדע דורכגעפירט כסדרדיקע מאָרדן איבער געראַטעוועטע יידן. די אָנפירער פון דער באַנדע: טשעסלאַוו פּולטאָראַק, מיטגליד פון דער אונטערערדישער אַרמיי בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, אויסגעצייכנט מיטן קרייץ „ווירטוטי מיליטאַרי" און קרייץ פאַר העלדישקייט; סטעפאַן טאָמאַשעווסקי — אַ מיליציאָנער פון סקאַזשיסקער מיליץ־פּאָסטן; מאַריאַן קעמפּאַ — מיליציאָנער פון סקאַזשיסקער מיליץ און קאַזשימיעזש גזימעק. זיי זענען, צווישן אַנדערע, באַפאַלן ראָזאַליאַ קאָפּעל און לערמאַן (צונעמענדיק ביי זיי 58 טויזנט זלאָטעס); אברהם הערשענפּוס מיט זיין משפחה; שמואל מילער; יצחק און סיאָמע וואַרשאַוער און חיה לעוויטע. די באַנדיטן האָבן געהייסן די יידן אויסציִען זיך אויף דער פּאָד־לאָגע און אָנגעהויבן אויף זיי צו שיסן. 5 מענטשן האָבן זיי דערהרגעט אויפן אָרט. טאָמאַשעווסקי האָט פאַרן פאַרלאָזן די שטוב אַריינגעשטאָכן אַ שער אין חיה לעוויטעס בויך. קאָפּעל און לערמאַן איז געלונגען צו אַנטלויפן און אַזוי אַרום האָט מען זיך דערוווסט ווער עס האָט אויסגעפירט דעם שוידער־לעכן מאָרד.

אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק האָט אויך געמאַכט אויף די ייִדן אין סקאַזשיסקאַ־קאַמיענאַ אַ נייער מאָרד. אין דער נאַכט פונעם 14טן אויפן 15טן מאַי 1945, צוריקפאָרנדיק פון דער באַן, איז דערשאָסן געוואָרן דורך אומבאַקאַנטע מערדער דער 25־יאָריקער שמחה בריקס און זיין 20־יאָריקע כלה סאָניע מילשטיין.ביידע זענען זיי שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. אויף די געוואַלדן פון די קרבנות איז אָנגעקומען די באַן־פּאָליציי, וואָס האָט די צוויי שווער־פאַרוואונדעטע אָפּגעפירט צו דעם פאַרבייפאָרנדיקן צוג, קיין קעלץ, אין שפּיטאָל אַריין. אין באַן איז שמחה בריקס געשטאָרבן. סאָניע מילשטיין האָט מען אין קעלצער שפּיטאָל אַרויסגענומען עטלעכע קוילן פון נעם בויך. צוליבן גרויסן בלוט־אָפּפלוס איז זי שפּעטער אין שווערע יסורים געשטאָרבן.

סאָניע מילשטיין האָט געשטאַמט פון סוכעדניאָוו. זי האָט, צוזאַמען מיט איר מוטער, איבערגעלעבט אַ ריי טויט־לאַגערן. שמחה בריקס, אַ ברודער פונעם שרייבער ירחמיאל בריקס, מחבר פון „אויף קידוש השם" און „אַ קאַץ אין געטאָ", האָט געקעמפט אין דער פוילישער אַרמיי קעגן די נאַציס. דריי טעג נאָך דעם באַנדיטישן אָנפאַל — ל"ג בעומר — האָט געזאָלט פאָרקומען די חתונה פון דעם דערמאָרדעטן פאָרל.

דעם 27סטן מאַי 1945, איז אין וואָנכאָצק, נישט ווייט פון סקאַזשיסקאַ, דערמאָרדעט געוואָרן חיים בינשטאָק. דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן אויף דער באַן־סטאַציע, ווען בינשטאָק האָט געוואַרט אויף אַ צוג קיין וויעזשבניק. דער דערמאָרדעטער איז געווען אַ פּאַרטיזאַן.

מיט אַ קורצע צייט פריִער זענען אינעם זעלביקן שטעטל דערמאָרדעט געוואָרן מענדל בליט און יוסף ווייסבלום, וועלכע זענען נאָר וואָס צוריקגעקומען אַהיים פונעם לאַגער אָשוויענטשים.

דעם 17טן יוני 1945, איז צוריקגעקומען פונעם לאַגער קיין וויעזשבניק אַ געוויסער רובינשטיין. אינעם זעלביקן טאָג איז ער דערשאָסן געוואָרן. היות דאָס איז נישט געווען דער ערשטער פאַל און אַ סך ייִדן קערן זיך אום פון די לאַגערן קיין וויעזשבניק־סטאַראַכאָוויצע, איז געווען אַ געפאַר, אַז זיי וועלן אויך ווערן דערמאָרדעט. האָבן מיר זיך פאַרשטענדיקט מיט די ייִדישע קאָמיטעטן אין לאָדזש, קאַטאָוויץ, בידגאָשטש, פּויזן און קראָקע, ווי די

הויפּט־עטאַפּן, אַז מען זאָל וואָרענען די ייִדן נישט צו קומען קיין וויעזשבניק־סטאַראַכאָוויץ.

דעם 28סטן יוני 1945, זענען אַרויסגעפאָרן מיט דער באַן פון לובלין קיין ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ די ייִדן זילבערשטיין, מאַגלינסקי און רבקה סטאַרע. זיי האָבן געפירט מיט זיך אַ טראַנספּאָרט מיט קליידער פאַר די ביאַלער ייִדן, רבקה סטאַרע איז געקומען פון אָשוויענטשים. פאַר דער סטאַציע מעזריטש האָבן באַן־באַאַמטע געהייסן די ייִדן אַרויסשפּרינגען פון צוג אין מיטן פאָרן. מאגלינסקי האָט נישט געוואָלט, האָבן אים די באַנדיטן דערשאָסן אויפן אָרט. ווען די באַן איז צוגעפאָרן צו מעזריטש, זענען זילבערשטיין און סטאַרע אַרויסגעשפּרונגען פונעם צוג. די באַנדיטן האָבן זיי נאָכגעשאָסן. רבקה סטאַרע איז דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט. זילבערשטיין איז שווער פאַרוווּנדערט געוואָרן. דעם טראַנספּאָרט מיט די קליידער, וואָס דער לובלינער קאָמיטעט האָט געשיקט פאַר די ביאַלער ייִדן, האָבן די באַנדיטן צוגערויבט.

ייִדן־מאָרדן זענען פאָרגעקומען אין ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ, קאַלושין, פּאָלאַניעץ־סאַנדאָמיערסקי, מראָזי, מאָרדי, לענטשנאַ, לובאַרטאָוו, טשענסטאָכאָוו, לאָדזש, וויעלון, אָפּאָטשנאָ, זשעלעכאָוו, ביעזשון, פשעוואָרסק א״אַ.

פון די 16 ייִדן, וואָס האָבן געוווינט אין וויעזשבניק־סטאַראַכאָוויצע, זענען 7 דערמאָרדעט געוואָרן.

אין קוטנע האָבן דאָרטיקע כוליגאַנעס אָפּגעטאָן אַ מעשה נבלה. די לעבנגעבליבענע קוטנער ייִדן האָבן געבראַכט אַ קעסטל אַש פון זייערע קרובים אין כעלמנאָ און באַגראָבן אויפן ייִדישן בית־עולם. אויפן סימבאָלישן קבר איז געשטעלט געוואָרן אַ דענקמאָל — אַ שטיינערנע מצבה, מיט אַ געהעריקער אויפשריפט.

ווען עטלעכע ייִדן זענען געקומען אויפן בית־עולם, האָבן זיי געטראָפן די מצבה צעהאַקט און דעם קבר צעשאָטן. דאָס קעסטל איז געווען צעבראָכן און אָנגעפילט מיט אומריינקייטן. אויף אַ גרויס שטיק פּאַפּיר איז געווען אָנגעשריבן מיט געכתיבהטע אותיות: „פּרעטש ז׳ זשידאָמי״ (נידער מיט די ייִדן).

דעם 19טן יוני 1945, איז אין שטעטל ריקי, הינטער גאַרוואָלין, אַריין אַן אָפּטיילונג פון עטלעכע הונדערט גוט־באַוואָפנטע סאָלדאַטן, אין מונדירן

פון דער פוילישער אַרמיי. אָנגעפירט מיט דער גרופּע האָט אַ פּרוי־קאַפּיטאַן און 2 פּאָרוטשניקעס (לויטנאַנטן). דאָס איז געווען 8.30 אָוונט. זיי האָבן אָנגעהויבן, אויפן באַפעל פון דער פרוי־קאַפּיטאַן, צו באַשיסן די געביידע פון זיכערהייט־אַמט פון וואַנען מען האָט געענטפערט מיט אַ שיסעריי פון מאַשין־געווער. די שלאַכט האָט געדויערט ביז 3.30 פאַרטאָג. די אָנפאַלער האָבן באַנוצט אין דער שלאַכט האַנט־גראַנאַטן און לייכטע האַרמאַטלעך.

נישט געקוקט אויף די כסדר אַרויסגעשיקטע רויטע ראַקעטן (הילף רוף־סיגנאַלן) צו די אָפּטיילונגען פונעם סאָוועטישן מיליטער, וואָס האָט זיך געפונען סך־הכל 6 קילאָמעטער פון ריקי — אין דער אָרטשאַפט סטאַווי, האָט מען פון דאָרט קיין הילף נישט צוגעשיקט. 4 אַזייגער פאַרטאָג האָט מען געפונען אויף דער גאַס 4 דערהרגעטע ציווילע יידן (צוויי מענער און צוויי פרויען): הערש נאַכטיילער, שאול מליטשקעוויטש, רחל אבעלשטיין און בעלאַ ראָזענקעוויטש, וועלכע די באַנדיטן האָבן אַרויסגעשלעפּט פון אַ הויז. די קערפּערס פון די יידן זענען געווען מאַסאַקרירט. רחל אבעלשטיין האָט מען געפונען מיט אַן אָפּגעשניטענעם קאָפּ.

די יידישע איינוווינער פון פּשעמישל האָבן דערהאַלטן וואָרענונגען תיכף צו פאַרלאָזן די שטאָט. די פאַרשפּרייטער פון די בריוו זענען נישט אַנטדעקט געוואָרן.

אין פּשעמישל האָט געזאָלט פאָרקומען דער שטאַנד־געריכט איבערן יאַן פּאָטאָמסקי מיט זיין פרוי, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין יידן־מאָרדן. דער משפּט איז נישט פאָרגעקומען, מחמת די ריכטער זענען נישט געקומען צו פאָרן פון זשעשאָוו. אינעם זעלביקן טאָג זענען פאָרגעקומען ווייטערדיקע אָנפאַלן אויף יידן אין פּשעמישל, אין צענטער פון דער שטאָט. צוויי יידן זענען געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט. אויפן וועג אין שפּיטאָל אַריין איז איין ייד געשטאָרבן. דער יידישער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט, וואָס האָט צוגעשיקט דעם באַריכט, גיט נישט אָן די נעמען פון די באַפאַלענע יידן.

דעם 21סטן יולי 1945, בין איך צוזאַמען מיט ד״ר עמיל זאָמערשטיין און ד״ר אַדאָלף בערמאַן אַוועק צום פּרעמיער־מיניסטער, ווי אויך צום פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער, כדי זיי צו אַלאַרמירן וועגן דער יידן־לאַגע אין לאַנד. זיי האָבן צוגעזאָגט אָנצונעמען די שטרענגסטע מיטלען בכדי אָפּצושטעלן די מאָרד־כוואַליע.

יאָנאַס טורקאָוו

דעם 25סטן יולי האָט דער הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער מלוכה־מיליץ, אין זיין באַפעל נר׳ 116, געשריבן אָט וואָס:

„עס איז דערגאַנגען צו מיר, אַז שאָוויניסטישע עלעמענטן פון אַ טייל פון אונדזער געזעלשאַפט האָבן, אונטער דעם אייגפלוס פון דער היט־לעריסטישער פּראָפּאַגאַנדע, אָנגעהויבן צו מאָרדן די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן. אין אַ סך פאַלן טראָגן די אָנפאַלן דעם כאַראַקטער פון געווייגט־לעכן רויב. אַזעלכע אַרויסטרעטונגען באַדראָען די זיכערקייט פון דער יידי־שער מינדערהייט און זענען אין קעגנזאַץ צו די פּרינציפּן פון אונדזער דעמאָקראַטישער מלוכה. זיי שעדיקן די אינטערעסן פון אונדזער פאָלקס־אחדות.

די בירגער־מיליץ וועט אין די ראַמען פון אַלגעמיינער זיכערקייט פון אונדזער באַפעלקערונג, צוטרעטן ענערגיש צום קאַמף, כדי צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן און פאַרמעגן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן.

אין שייכות דערמיט באַפעל איך: די וואָיעוואָדישע קאָמענדאַנטן פון דער בירגער־מיליץ דאַרפן וואַכן איבער דער זיכערקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג. זיי דאַרפן:

1) אין אַלע פאַלן פון פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, אויס־געפירטע אָנפאַלן, אָדער ביי פאַרגעזעצנע אָנפאַלן, דורכפירן אַן אויספאָר־שונג און פעסטשטעלן דעם הינטערגרונט פונעם פאַרברעכן. אויב דער מאָרד האָט נישט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ רויב־אָנפאַל, נאָר איז אַרויס־געדרונגען פון רעאַקציאָנערן אַנטיסעמיטיזם, — אויסגעפינען נישט נאָר דעם מערדער, נייערט אויך די אַלע, וואָס האָבן געהאַנדלט פאַרשטעקט, אין הינטערגרונט;

2) אין די ערטער ווו עס וווינען יידן, אָרגאַניזירן אַן אַלאַרם־סיסטעם צו דער מיליץ, בעת אַן אָנפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג;

3) פאַראָרדענען די פּאַטרולן און דיזשורן פון דער בירגער־מיליץ, אַז זיי זאָלן בעת זייער דינסט־פליכט אַכטונג־געבן אויף דער זיכערקייט פון די יידישע משפּחות אין זייערע ראַיאָנען, און, אין אַ נויט־פאַל — געבן באַל־דיקע הילף, הויפּטזעכלעך אויף די עטאַפּ־פּונקטן פון די צוריקגעקומענע פון דייטשער געפאַנגענשאַפט אָדער לאַגערן;

4) מיטגלידער פון דער בירגער־מיליץ דאַרפן אומעטום אַרויסטרעטן צו פאַרטיידיקן די יידישע באַפעלקערונג ווען עס דראָט זיי אַ פּערזענלעכע געפאַר אָדער — צו פאַרלירן זייער פאַרמעגן. אינטערוועני רן תיכף קעגן יעדער שיקאַנע אָדער פאַרפאָלגונג פון דער יידישער מינדערהייט.

## נאָך דער באַפרייאונג

פאַר דורכפירן דעם דאָזיקן באַפעל מאַך איך פאַראַנטוואָרטלעך די קאָמענדאַנטן פון דער וואָיעוואָדישער בירגער־מיליץ".

(—) אונטערגעשריבן: הויפטקאָמענדאַנט פון דער בירגער־מיליץ

וויטאָלד, בריגאַדע־גענעראַל.

באַשטעטיקט: „שעף פון דער קאַנצעלאַריע פון זיכערקייט־מיניסטעריום

(—) זשורעק, פּאָרוטשניק.

און דווקא נאָך די אַלע באַפעלן, אויפרופן, אאַז״וו, האָט זיך די לאַגע פון די ייִדן אין פוילן נאָך מער פאַרערגערט. נישט ריידנדיק וועגן פּאָגראָם אין קראָקע און אין אַנדערע ערטער, ווו די זעלביקע מיליציאָנערן, וואָס האָבן באַקומען באַפעלן פון זייער העכערער מאַכט צו שיצן די ייִדישע באַפעלקע־רונג, האָבן אַליין אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען אָדער זיך אין זיי באַטייליקט. פלוגבלעטלעך, אין וועלכע מען וואָרנט אויסצושעכטן די ייִדן האָבן דער־פירט דערצו, אַז ייִדן לויפן פון איין אָרט צום צווייטן. עס ווערט פאַר אַ ייִדן אוממעגלעך צו אָרגאַניזירן אַ נאָרמאַל לעבן. די דאָזיקע געשעענישן ברענ־גען נייע מאַסן היימלאָזע און דאַכלאָזע. נאָך די מאָרדן און רויבערייען אויף איינצלנע ייִדן אין די שטעטלעך און דערפער, האָט זיך די מאָרד־כוואַליע אַריבערגעטראָגן אין די גרעסערע שטעט און אָנגענומען אַ גוט־אָרגאַניזירטן מאַסן־כאַראַקטער פון מאָרד און אויסראָטונג, לויטן מוסטער פון היטלערן.

אָבער זאָלן די פאַקטן ריידן פאַר זיך:

דעם 29סטן יולי 1945, האָט דער ייִדישער קאָמיטעט אין יעדלינסק דערהאַלטן פאָלגנדיקן בריוו:

„ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז יידן אַרבעטן לטובת דער הייגטי־קער רעגירונג, וואָס איז אויף אונדז מיט געוואַלד און ברוטאַליטעט אַרויפ־געצוווּנגען געוואָרן. דערמיט ברענגען זיי שאָדן דער פוילישער געזעלשאַפט.

ווי דער, וואָס דריקט אויס דעם ווילן פון דער פוילישער געזעלשאַפט־לעכקייט, פאַראָרדן איך אַלע יידן זיך אַרויסצוטראָגן פונעם גאַנצן ראַדאָמער קרייז און פון דער שטאָט ראַדאָם ביז דעם 15טן אויגוסט 1945. איך וואָרן, אַז אויב דער טערמין, וועלכן איך גיב וועט נישט געהאַלטן ווערן, אָדער ס׳וועט געמאַכט ווערן אַ ווענדונג נאָך הילף צו די איצטיקע מלוכה־אָרגאַנען, וועט דאָס ברענגען מיט זיך שווערע קאָנסעקווענצן.

אונטערגעשריבן: "D. O. W. S." (סטעמפּל מיט דער דאַטע).

דער פּאַרטיזאַן אַרטור ראַטענשטרויך־טשערווינסקי, האָט נאָך דער באַ־פרייאונג געוואָלט אָרגאַניזירן די לעבנגעבליבענע ייִדן אין גדיניע. ער האָט געקראָגן צוגעשיקט אַ טויט־אורטייל, אויב ער וועט אין משך פון 24 שעה נישט פאַרלאָזן די שטאָט.

אין אַ בריוו, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פונעם ייִדישן קאָמיטעט אין כעלעם, שרייבט מען :

„זייט אַ לענגערער צייט קומען פאָר אין כעלעם אָנפאַלן אויף ייִדן מצד די אינוואַלידן פון פּוילישן מיליטער. די געהעריקע זיכערקייט־אינס־טאַנצן האָבן נישט אָנגענומען קיין שום ענערגישע שריט צו ליקווידירן די דאָזיקע כוליגאַנישע אַרויסטרעטונגען. דעם 13טן אויגוסט 1945, האָבן זיי פאַרטשעפּעט ייִדישע פאַרבייגייער און געפאָדערט פון זיי געלט. אין פאַל ווען מען האָט אָפּגעזאָגט, האָבן זיי אָנגעהויבן צו שלאָגן. זיי זענען אויך געקומען אין ייִדישן קאָמיטעט און צעשלאָגן דאָרט די אָנוועזנדיקע ייִדן, פאַרויסזאָגנדיק זיי אַ שנעלן סוף.

צומאָרגנס, דאָס הייסט, דעם 14טן אויגוסט, 12 אַזייגער בייטאָג, האָט די זעלביקע גרופּע פּוילישע מלחמה־אינוואַלידן, אונטער דער אָנפירונג פון אַ סאָוועטישן סערזשאַנט, אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם, וועלכער האָט געדויערט 6 שעה. זיי האָבן געשלאָגן ייִדן אויף דער גאַס, געגאַנגען איבער ייִדישע היימען — געשלאָגן און צוגערויבט אַלץ וואָס איז די כוליגאַנעס געקומען אונטער דער האַנט. עס זענען פאַראַן 5 שווער־פאַרוווּנדעטע און פיל לייכט־פאַרוווּנדעטע ייִדן. די פּאָגראָם־שטימונג ווערט נאָך אַלץ נישט אָפּגעשוואַכט און קיינער ציט נישט צו צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט די כוליגאַנעס. מיר האָבן מורא, אַז עס וועלן פּאַרקומען ווייטערדיקע פּאָגראָמען, ווייל די פינצטערע עלעמענטן פירן אַ שטאַרקע אַנטי־ייִדישע פּראָפּאַגאַנדע. אונדזערע ביז איצ־טיקע אינטערווענצן ביי דער זיכערקייט־מאַכט און ביי דער מיליץ, האָבן נישט געהאַט קיין שום פּעולה. דער ייִדישער קאָמיטעט אין כעלעם בעט תיכף צו אינטערווענירן״.

דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געשען נאָך דעם באַפעל פונעם הויפּט־קאָמענ־דאַנט פון דער מיליץ צו אַלע זיינע אונטערגעאָרדנטע איבערן לאַנד.

פון יאַדלאָוויעץ, הינטער דעמביצאַ, האָט מען אַלע ייִדן, אין צאָל פון 22 געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, אונטער דראָאונג פון טויט. דאָס איז געשען נאָך דעם „באַרימטן״ מיטינג וואָס די פּ. ס. ל. האָט איינגעאָרדנט מיטן אָנטייל פונעם מיניסטער קערניק, וועגן וואָס איך האָב מיט אים געהאַט

גערעדט און וואָס האָט דערפֿירט צו מיין דעמיסיע פֿונעם פּוילישן ראַדיאָ. אויפֿן דאָזיקן מיטינג האָט מען פּשוט גערופֿן צו פּאָגראָמען אויף יידן. די אַפּישן, וועלכע עס זענען אַרויסגעלאָזט געוואָרן, האָבן אַנטהאַלטן אַנטי־יידישע לאָזונגען. אויף דעם דאָזיקן מיטינג האָט, אַ חוץ קערניקן, זיך באַטייליקט דער לייטער פֿון דער שולע — יוזעף יורעק.

אין די שטעטלעך פֿון ראַדאָמער קרייז, האָבן זיך אויף אַלע עפֿנטלעכע פּלעצער באַוויזן געדרוקטע פּלאַקאַטן, מיט דער אויפֿפֿאָדערונג, אַז אַלע יידן מוזן פֿאַרלאָזן די געגנט אין משך פֿון 15 טעג. אין קעגנפֿאַל דראָט די יידן ווייטגייענדיקסטע קאָנסעקווענצן. ווען מען האָט אויף דעם אויפֿמערקזאַם געמאַכט די קאָמענדאַנטן פֿון דער מיליץ, האָבן זיי אַפֿילו נישט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו הייסן אַראָפּרייסן די פּלאַקאַטן.

אין פּראָטאָקאָל פֿונעם וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין קעלץ (פֿונעם 23־סטן אויגוסט) לייענען מיר:

„דעם 19טן אויגוסט 1945, איז פֿאַרשלעפּט געוואָרן פֿון זוואָלין (ראַדאָמער קרייז) אין וואַלד אַריין אברהם אהרן טייטעלבוים. מען האָט שוין מער נישט געפֿונען קיין שפּור נאָך אים. צומאָרגנס, דעם 20סטן אויגוסט זענען דריי זוואָלינער יידן אַרויסגעפֿאָרן אויפֿן מאַרק, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין קאַזאַנאָווע. אויפֿן וועג זענען זיי באַפֿאַלן געוואָרן און מען האָט זיי דערמאָרדעט. אַ חוץ זיי האָט מען נאָך צוויי יידן פֿאַרשלעפּט אין וואַלד אַריין און יעדער שפּור נאָך זיי איז פֿאַרשוווּנדן. ווען אייגער פֿון די זוואָלינער איינוווינער איז אַוועק צום קאָמענדאַנט פֿון דער מיליץ, כדי וועגן דעם צו מעלדן, האָט יענער אָפּגעזאָגט צונויפֿצושטעלן אַ פּראָטאָקאָל. זיין ענטפֿער איז געווען: „איך וועל זיך מיט דעם נישט פֿאַרנעמען, ווייל די געשעענישן האָבן נישט פּאַסירט אין זוואָלין גופֿא“...

אין ראַדאָם האָט מען פֿאַרשפּרייט פֿלוגבלעטלעך, אין וועלכע אַלע יידן ווערן אויפֿגעפֿאָדערט צו פֿאַרלאָזן די שטאָט ביז דעם 15טן סעפּטעמבער. דערווייל האָט מען שוין פֿריִער דאָרט אָנגעהויבן צו מאָרדן יידן. אין מיטן העלן טאָג איז מען באַפֿאַלן די דאָרטיקע שניידער און שוסטער־קאָאָפּעראַטיוון, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין צענטער פֿון שטאָט, אַקעגנאיבער דער סטאַראָסטווע (רעגירונג־פֿאַרשטייערשאַפֿט). עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן 4 יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפֿונען, ווי אויך אַ יידישער אָפֿיציר פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי. די יידישע באַפֿעלקערונג האָט אָנגעהויבן מאַסנווייז צו

פאַרלאָזן ראַדאָם און אַלע שטעטלעך פון דער אומגעגנט, ווי שידלאָוויעץ, זוואָלין א״אַ.

דעם 13טן אויגוסט האָבן פאָליאַקן אין מיליטערישע מונדירן דערשאָסן אין ראַטשיאָנזש, נעבן פלאָנסק, 5 ייִדן און 3 — פאַרוווּנדעט. דער סאָלדאַט זיגמונט טשעכאָוויטש פונעם 3טן שול־פולק פון טאַנקן, וואָס איז געווען סטאַציאָנירט אין מאָדלין, נעבן וואַרשע, אָגיטירט אָפן די פוילישע באַפעלקערונג צו מאָרדן ייִדן. קיינער האָט אים נישט באַשטראָפט דערפאַר.

אין וואָהין האָט מען ווידער דורכגעפירט אַ מאָרד איבער 6 ייִדן.

אין שענטשין האָט די באַנדע פון „שאַרי״ דערמאָרדעט 2 ייִדן. מיטגלידער פון דער באַנדע — יעזשי גאַדזשינאָווסקי און נאָרבערט מיכאַלסקי זענען אַרומגעפאָרן אויף די וועגן, געהרגעט און געמאָרדעט ייִדן.

ווען איך וואָלט געוואָלט אויסרעכענען אַלע מאָרד־פאַלן פון ייִדן, וואָלט איך דערצו געדאַרפט האָבן אַ גאַנצן בוך. קיין שום אינטערווענצן און פּראָטעסטן האָבן נישט געהאָלפן. די מאָרד־כוואַליעס האָבן זיך כסדר פאַרשטאַרקט און דערפירט צו די פּאָגראָמען אין קראָקע און שפּעטער — אין קעלץ, וווּ עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען 250 נפשות. עס זענען בעתן פּאָגראָם אין קעלץ דערהרגעט געוואָרן איבער 40 ייִדן און פאַרוווּנדעט — 50, צווישן זיי 30 — שווער. צווישן די דערהרגעטע איז געווען דער פאָרזיצער פונעם דאָרטיקן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, דער געוועזענער פּאַרטיזאַן, ד״ר סעווערין כהנא, ווי אויך איזאַק פּרײַס — אייגנטימער פונעם דאָרטיקן „האָטעל פּאָלסקי״, וווּ עס האָט זיך געפונען דאָס שטאָטישע טעאַטער.

צווישן די אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָרן פונעם קעלצער פּאָגראָם איז געווען מאַיאָר גוויאַזדאָוויטש, פאַרטרעטער פונעם וואָיעוואָדישן קאָמענדאַנט פון דער קעלצער מיליץ...

קאַפּיטל דרײַאונצוואַנציק

## צווישן האַמער און קאָוואַדלע

אַלס דער אָנפירער פון קולטור־ און פראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל ביים צענט־ראַל־קאָמיטעט פון פוילישע יידן, האָב איך געדאַרפט העלפן בויען און אָר־גאַניזירן דאָס יידישע קולטור־לעבן אין לאַנד.

איך בין מודה און מתוודה: די גוטע כוונות, וואָס איך האָב געהאַט באַלד נאָך דער באַפרייאונג, ווען איך האָב געשטרעבט מיטצווווירקן ביים אויפבויען אונדזערע חרוב־געוואָרענע יידישע קולטור־פּאָזיציעס אין פוילן, זענען מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אויב איך האָב פון אָנהייב געגלויבט, אַז אין נייעם פוילן — אין דעם דעמאָקראַטישן פוילן — וועט דער ייִד ענדלעך קענען פריי אָפּאָטעמען און פּטור ווערן פון די קאָשמאַרפולע צייטן פון דער נישט לאַנגער פאַרגאַנגענהייט, האָב איך גיך איינגעזען, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות. אויב איך האָב געגלויבט, אַז דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געליטן פון די נאַצישע אָקו־פּאַנטן, וועט ענדלעך ענדערן די שטעלונג לגבי די רעשטלעך פון זיינע פּילגעפּלאָגטע יידישע מיטבירגער, האָב איך געהאַט נאָך אַ גרעסערן טעות.

די פינצטערע רעאַקציע, וועלכע האָט געבושעוועט אין פּוילן פאַרן קריג און נישט אָפּגעשטעלט איר אַנטי־יידישע טעטיקייט בעתן קריג, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט נאָכן קריג. סיי די פריערדיקע „גראַנאַטאָוואַ פּאָלי־ציאַ", סיי די היינטיקע פאָלקס־מיליץ טוען די זעלביקע יידן־פרעסערישע און אויסראָטערישע אַרבעט. איין צד וואַרפט די שולד אויף דעם אַנדערן צד, און אין סך הכל טוען זיי אָבער דאָס זעלביקע. עס איז קלאָר: אין דער יידן־פראַגע האָבן זיי יאָ געשלאָסן יד־אחת, — מעגן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע באַקעמפן און אויסשפּילן זייער פּאָליטישן חשבון, וועלכן זיי פירן צווישן זיך. די דאָזיקע פינצטערע עלעמענטן האָבן אויף זייער געוויסן די לעבנס פון הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע זיי האָבן איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַציס, צו אויסגעמאָרדעט מיט זייערע אייגענע הענט. די דאָזיקע

באַנדיטן האָבן געלויערט אויף די טראַנספּאָרטן און געכאַפּט די ייִדן, וועלכע האָבן באַוויזן אַרויסצושפּרינגען פון די וואַגאָנען, וואָס האָבן זיי געפירט אויף זייער לעצטן וועג — צום טויט. די זעלביקע באַנדיטישע מעטאָדן באַנוצן זיי איצט אויך לגבי די לעבנגעבליבענע ייִדן.

זייענדיק אַ דירעקטער עדות פון די אַלע נאָכמלחמהדיקע אַנטי־ייִדישע געשעענישן אין באַפרייטן פוילן, הייבט זיך ביי מיר פשוט נישט די האַנט צו בויען ייִדישע שולן, אַ ייִדיש טעאַטער און אַנדערע קולטור־פּאָזיציעס. די פּרוּוון ווערן פשוט פּאַראַליזירט. זייענדיק אונטער דעם איינדרוק פון די כסדרדיקע מאָרדן און רשעותדיקער האַנדלונג לגבי די ייִדן, האָב איך איינגעזען, אַז דאָס בויען אַ ניי ייִדיש לעבן אין פוילן איז אַן אוטאָפּיע.

איך האָב זיך געווענדט צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן מיט דער בקשה מיך צו באַפרייען פון מיין אַרבעט און פון מיינע פונקציעס אין צענטראַל־קאָמיטעט. מיין ווענדונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אין אַ צייט אַרום האָב איך ווידער באַנייט מיין בקשה, און — ווידער באַקומען אַן אָפּזאָג. ערשט מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז עס מיר געלונגען דורכצופירן. ווי אַזוי און ביי וואָס פאַראַ געלעגנהייט וועט מיר נאָך אויסקומען צו שרייבן.

וועגן מיינע פּלענער, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיטן אַוועקפאָרן, האָב איך געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל מען האָט שוין געהאַט אויף מיר אַן אויג... געציילטע מענטשן האָבן נאָר געוווּסט, אַז איך קלייב זיך צו פאַרלאָזן פוילן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין באַקאַנטער, וואָס האָט געאַרבעט אויף אַ הויכן רעגירונגס־אַמט און צו וועלכן איך האָב געהאַט אַ גרונט צו האָבן צוטרוי.

אַגב, האָט אים די אַטמאָספערע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען און אין וועלכער עס איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן, אויך אָנגעהויבן צו שטיקן. איינמאָל איז ער געקומען צו מיר צו לויפן אַ שטאַרק אויפגערעגטער און מיר איבערגעגעבן, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק צו פאַרלאָזן זיין פּאָסטן און אַוועק קיין אויסלאַנד.

וואָס איז געשען?

היינט האָבן זיי אין „אובע״ געהאַט אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס איז אַרויסגעטראָטן זייער „ראַטגעבער״ — דער סאָוועטישער גענעראַל פון „נ.ק.ג.ב.״, וועלכן מען האָט ספּעציעל באַשטימט צו האַלטן אַן אויג אויף

זייער אינסטיטוציע. נאָך דער פאַרזאַמלונג איז דער סאָוועטישער גענעראַל אַרויס צוזאַמען מיט מיין באַקאַנטן און זיך געטיילט מיט אים מיט זיינע איינדרוקן.

— איר אַלע אַרבעט זייער גוט — האָט דער גענעראַל געזאָגט — איין חסרון האָט אָבער אייער אינסטיטוציע: עס זענען פאַראַן אין איר צו פיל ייִדן...

— איך האָב דערפילט — דערציילט מיין באַקאַנטער — ווי דאָס בלוט האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. איך האָב אים געזאָגט: — גענעראַל, זייט וויסן, אַז איך בין אַ ייִד.

דער גענעראַל האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן און געענטפערט:

— נו, אייך, פאַרשטייט זיך, מיין איך דאָס נישט. איך מיין עס די אַנדערע ייִדן, וואָס אַרבעטן מיט אייך... אָבער, איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, עס גלייבט זיך מיר פּאָרט נישט, אַז איר זאָלט זיין אַ ייִד... איר זעט נישט אויס ווי אַ ייִד... איר האָט נישט די יעווריייסקע מאַניערעס...

— אַ נס — רעדט ווייטער מיין באַקאַנטער, — וואָס איך האָב נישט געהאַט מיט זיך מיין הונט. איך בין געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז איך וואָלט זיך נישט איינגעהאַלטן און וואָלט זיכער אויסגערופן: — „היטלער"!...

דער הונט, וועגן וועלכן ער האָט גערעדט, איז געווען אַ ריזיקער וואָלף־הונט — אַ ירושה נאָך די דייטשן, וועלכע האָבן, אַנטלויפנדיק פון לובלין, אים איבערגעלאָזט אויף הפקר. דער הונט איז געווען אַזוי אויסדרעסירט, אַז ווען זיין באַלעבאָס (מסתמא — פון געשטאַפּאָ) האָט אויסגערופן: „יודע", האָט ער זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויפן אָנגעוויזענעם קרבן און געריסן פון אים שטיקער פלייש. ווען די נייע באַלעבאַטים פון דער זיכערקייט־מאַכט האָבן זיך דערפון דערוווּסט, האָבן זיי דעם הונט אויפסניי גענומען אין דער אַרבעט אַריין, כדי אים „איבערצודערציִען" און אַזוי אים אויסדרעסירט, אַז אַנשטאָט „יודע", האָט מען געדאַרפט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט: „היטלער", און דער כלב האָט זיך גלייך געוואָרפן אויף זיין קרבן, וואָס מען האָט אים אָנגעוויזן. דעם דאָזיקן הונט האָט מען צוגעטיילט צום דעפּאַרטאַמענט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דייטשן און פאָלקס־דייטשן.

איך האָב מיין באַקאַנטן געזאָגט, אַז איך וווּנדער זיך וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט פאַרלאָזט זיין פּאָסטן און איז נישט אַוועק קיין אויסלאַנד.

היות ער האָט זיך געוואָלט — ווי ער האָט מיך פאַרזיכערט — אָפיציעל באַפרייען פון זיין אַמט, האָט עס נאָך אַביסל געמוזט דויערן. איך האָב זיך דערוויילּ, אויף זיין בקשה, פאַרשטענדיקט מיט די מענטשן, וואָס האָבן אים געקענט העלפן קומען קיין ארץ־ישראל, וווהין ער האָט געוואָלט פאָרן. ער איז שפּעטער אַוועק אַהין, געקעמפט אין באַפרייאונגס־קריג, און געפינט זיך טאַקע דאָרט עד־היום, ווו ער פאַרנעמט אַ הויכן פּאָסטן אין דער ישר־אלדיקער פּאָליציי.

אין זיכערקייט־מיניסטעריום האָט זיך געהאַלטן ביים שאַפן אַ נייער אָפּטייל „פאַר אויסלענדישע ענינים". היות עס ווערן געעפנט וואָס אַמאָל מער פּוילישע קאָנסולאַטן אין אויסלאַנד, איז געוואָרן אַ געיעג נאָך יונגע מענטשן, וואָס קענען פרעמדע שפּראַכן. זיי האָבן געדאַרפט, נאָכן דורכמאַכן אַן אינס־טרוקציע־קורס פאָרן קיין אויסלאַנד אַלס באַאַמטע פון די דאָזיקע קאָנסולאַטן. זייערע באַריכטן האָבן זיי געדאַרפט איבערשיקן דירעקט צו דעם מיניס־טעריום אין וואַרשע. פאַר די דאָזיקע פּאָסטנס האָט מען געזוכט ציווילע יונגעלייט, און דווקא ייִדישע, ווייל צווישן די פּויערים און אַרבעטער האָט מען נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין געהעריקע קאַדרעס, וואָס זאָלן האָבן די נייטיקע קוואַליפיקאַציעס.

צי עס האָבן זיך געמאָלדן פיל קאַנדידאַטן אויף די „דיפּלאָמאַטישע" פּאָסטנס, ווייס איך נישט, דאַקעגן האָב איך זיך דערוווּסט, זייענדיק שוין אין אויסלאַנד, אַז פיל ייִדישע יונגעלייט האָבן אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאַג, כדי אַזוי אַרום צו קענען פאַרלאָזן פּוילן.

אויך די סאָוועטישע „נ.ק.וו.ד." האָט געזוכט קאַנדידאַטן צווישן ייִדן צו אַרבעטן פאַר זיי אין פּוילן. אין וואָס האָט געדאַרפט באַשטיין די דאָזיקע אַרבעט? — ברענגען צו זיי, פון צייט צו צייט, ידיעות וועגן די שטימונגען, וואָס הערשן אין לאַנד; וועגן אונטערגעהערטע שמועסן צווישן פּאָליאַקן, וועגן זייערע אָרגאַניזאַציעס, אאַז"וו. — מיט איין וואָרט: פאַרנעמען זיך מיט מסירה...

די „נ.ק.וו.ד." האָט דערביי אויסגענוצט דעם ייִדיש־פּוילישן מאָמענט. היות פּאָליאַקן מאָרדן אויס די רעשטלעך ייִדן — האָבן זיי געזאָגט — דאַרפן די ייִדן זיין פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען די באַנדעס און איבערגעבן זייערע נעמען און אַדרעסן דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון „נ.ק.וו.ד." די

דאָזיקע אָפּטיילונג האָט זיך געפונען אין פּראַגע, אין אַ פאַרוואָרפן געסל, אין אַ הויז, אויף וועלכן עס האָט זיך נישט געפונען קיין שום שילדל אָדער סימן, וואָס זאָל עדות זאָגן, אַז דאָרט געפינט זיך אַ געהיימע סאָוועטישע אינסטיטוציע. אינטערעסאַנט, אַז אין דעם פאַל האָט מען זיך אָנגענומען דעם ייִדישן כבוד און געקלאַפּט אויפן ייִדישן סענטימענט, אָבער ווען עס איז געקומען צו געבן די ייִדן קאָנקרעטע הילף און צו שיצן זיי פאַר די פּאָגראָמען, ווי, למשל, אין קראָקע, ריקי, כעלעם און שפּעטער אין קעלץ און אין אַנדערע ערטער, האָבן די זעלביקע „גוטע פריינט" זיי געענטפערט: „מיר מישן זיך נישט אין די אינערלעכע ענינים פון פּוילן"...

איך האָב באַשלאָסן, איידער איך פאַרלאָז דאָס לאַנד, צו באַזוכן דעם מיליאָנען־קברים־לאָזן און ביינערלאָזן בית־עלמין — טרעבלינקע, — ווו עס זענען פאַרגאָזט געוואָרן אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע; ווו עס איז פאַרגאָזט געוואָרן אַ וועלט מיט ייִדן פון דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, בולגאַריע, פּוילן, בתוכם כמעט דאָס גאַנצע וואַרשעווער ייִדנטום. איך האָב געוואָלט איינזאַפּן און מיטנעמען מיט זיך כאָטש אַביסל פון דער הייליקער לופט פון די קדושים, וואָס האָבן דאָרט אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם, און נישט געפונען זייער אייביקע רו. איך האָב געהאַט אַן אינער־לעכן דראַנג צו זיין אין טרעבלינקע און אין די געדאַנקען זיך דאָרט באַ־העפטן מיט די, וועלכע עס איז נישט באַשערט געווען איבערצולעבן די מלחמה.

צוויי מאָל האָב איך, מיט דער דעלעגאַציע פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, געזאָלט אַהינפאָרן און ביידע מאָל האָט מען אונדז צוריק אומגעקערט פון וועג: ס'איז אַ סכנה צו פאָרן אויפן דאָרטיקן וועג, ווו עס לויערן באַוואָפנטע באַנדעס און לאָזן נישט דורך קיין ייִד — אַ לעבעדיקן. אין יענער צייט איז אוממעגלעך געווען אַהין צו פאָרן.

פּולקאָווניק באָלעק (ג. אלעף), וועלכער איז בראש פון אַ גרעסערער אָפּטיילונג פון געוועזענע פּאַרטיזאַנער און שפּעטערדיקע מיליציאָנערן, באַ־שטימט געוואָרן אויסצורייניקן די געגנט פון מאַלקין (דער וועג — קיין טרעבלינקע) פון די באַוואָפנטע באַנדעס, האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך אַליין פירן מיט זיין מאַשין קיין טרעבלינקע. ער פאָרט איצט — זאָגט

ער — אויף אַ „רייניקונגס־אַקציע" און ווי נאָר ער וועט צוריקקומען, וועט ער מיך אַוועקפירן אַהין.

עס איז אַוועק אַ פּאָר טעג און באַלעק איז געקומען צו מיר אין שטוב אַריין. ס'האָט געקענט זיין אַרום זעקס אַזייגער פאַרטאָג.

— איך וויל נישט, — זאָגט ער, — איצט איבערוועקן מיין שוואַנגער־דיקע פרוי, האָב איך באַשלאָסן אַריינצופאָרן צו דיר און זיך דאָ אויסרוען אַ פּאָר שעה. איך בין טויט מיד. אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט.

אַרום 8 אַזייגער אין דער פרי איז אויף סאסקע קעמפּע, ווו באַלעק האָט געוווינט, צוגעפאָרן צו זיין דירה אַן אויטאָ, מיטן צייכן פון דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער מיליץ. עס זענען פון אים אַרויס דריי העכערע אָפיצירן אין מונדירן פון דער מיליץ. ווען זיי האָבן אָנגעקלונגען אין טיר און גע־זאָגט, אַז זיי קומען פון גענעראַל וויטאָלד מיט אַ ספּעציעלער אויפגאַבע צו באַלעקן, האָט די פרוי געזאָגט, אַז איר מאַן איז נישטאָ.

— אויב אַזוי — האָבן זיי געענטפערט — וועט ער זיכער אַ ליאַדע מינוט אָנקומען. מיר וועלן דאָ צוואַרטן אויף אים. ס'איז זייער וויכטיק.

באַלעקס פרוי האָט שנעל אַרויפגעוואָרפן אויף זיך דעם שלאָפראָק, גע־עפנט די טיר און אַריינגעלאָזט די 3 אָפיצירן. ווי נאָר זיי האָבן איבערגע־טראָטן די שוועל, האָבן זיי אַרויסגעכאַפּט די רעוואָלווערן און אָנגעהויבן צו זוכן איבער דער דירה און נישטערן אין אַלע ווינקלען, זידלענדיק דערביי די פרוי און באַלעקן מיט די שמוציקסטע גאַסן־ווערטער.

— דער הינטישער זון האָט שוין געזאָלט זיין צוריק פון זיין „רייני־קונגס"־אַקציע. דאָס מאָל וועט ער זיך שוין אָבער נישט אַרויסדרייען פון אונדזערע הענט. מיר וועלן צוואַרטן אויף אים. — זיי האָבן זיך אַוועקגע־זעצט, האַלטנדיק די רעוואָלווערן אָנגעשטעלט אויף דער פרוי, און דערביי געזאָגט:

— דיין מאַן, דער הינטישער זון, האָט געקריגן אַ טויט־אורטייל. מיר זענען טאַקע געקומען אים אויספירן. די פּוילישע לאַנדעס־אַרמיי קעמפט פאַר אַ פרייע פּוילן, אָן באַלשעוויקעס און אָן יידן. זיי מעגן שיקן קעגן אונדז טויזנטער עקספּעדיציעס, — זיי וועט נישט געלינגען אונדז איינצוברעכן. מיט אונדז איז דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק. אונדזערע מענטשן אַרבעטן אומעטום און מיר ווייסן פון יעדער באַוועגונג וואָס די זשידאָ־קאָמונאַ האָט

בדעה אונטערצונעמען. פונקט ווי מיר האָבן זיך באַפרייט פון די דייטשן, וועלן מיר זיך אויך באַפרייען פון די באָלשעוויקעס און פון די „ניעדאָפּאַל־קעס״ (אַזוי האָבן זיי גערופן די געראַטעוועטע ייִדן).

באָלעקס פרוי איז די גאַנצע צייט געזעסן און קיין וואָרט נישט אַרויס־גערעדט. זי האָט געציטערט, אַז עס זאָל זיך נאָר נישט עפּענען די טיר און באָלעק זאָל זיך פּלוצים נישט באַווייזן. דאָס וואָלט געהייסן פאַר אים — טויט.

נאָך אַ געוויסער צייט פון וואַרטן, האָבן זיך די אָפיצירן אויך אָנגעהויבן צו דענערווירן. זיי האָבן כסדר געקוקט אויפן זייגער, מורא האָבנדיק אַפּנים, אַז זייער אויטאָ מיט דעם געפעלשטן נומער פון דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער מיליץ, זאָל זיי נישט פאַרשיטן. זיי האָבן, ווייזט אויס, נישט געוואָלט צו פיל שטעלן אין קאָן. די אָפיצירן האָבן זיך שנעל אויפגעהויבן, אַריינגע־לייגט די רעוואָלווערן אין די שייטלען און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— גיב איבער דיין מאַן, דעם הינטישן זון, אַז ער וועט זיך פון אונ־דזערע הענט נישט אַרויסדרייען. מיר וועלן אים שוין כאַפּן, דעם פאַר־שיווי זשיד...

און די אָפיצירן זענען אין איילעניש אָפּגעפאָרן.

באָלעקס פרוי האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און אַוועק אויף דער קאַראָווע גאַס, אין דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער מיליץ. דאָרט האָט מען זיך אויך באַאומרויִקט, ווייל די גאַנצע אָפּטיילונג, מיט וועלכער באָלעק האָט אָנגע־פירט איז שוין געווען צוריק און באָלעק אַליין איז ערגעץ פאַרשוווּנדן.

פון דער הויפּט־קאָמאַנדע איז די פרוי געלאָפן צום צענטראַל־קאָמי־טעט, וווהין באָלעק פלעגט זייער אָפט אַריינקומען. אין יענער צייט איז ער געווען אַ מיטגליד פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן. דאָרט האָט זי מיך געטראָפן און זי האָט מיר דערציילט וועגן דעם פאָרפאַל. איך האָב איר געזאָגט ווו באָלעק געפינט זיך און אַז ער איז, צום גליק, מסתמא, פאַרשלאָפן. זי איז גלייך אַרויף צו אים. צוליב דער געשעעניש האָבן זיי באַשלאָסן, אַז ער זאָל נישט גיין אַהיים. אַ פּאָר וואָכן האָט ער נישט געזעב־טיקט ביי זיך אין דערהיים.

דערווייל איז פון מיין נסיעה קיין טרעבלינקע גאָרנישט געוואָרן. ווען איך בין געווען אין נידערשלעזיע, האָט אַ גרופּע זשורנאַליסטן און ליטע־ראַטן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אויך רחל אויערבאַך, געקריגן אַ

מיליטערישן אויטאָ און זיי זענען אַהין געפֿאָרן. שפּעטער האָבן זיי באַשריבן טרעבלינקע און די היענעס, וואָס האָבן דאָרט געזוכט ייִדיש גאָלד און ברילאַנטן, צווישן די בערג אַש און זאַמד.

ווען איך בין מיט אַ צייט צוריק געווען אין ישראל, אין הויז פֿון מיינע פֿריינט, און מיר האָבן גערעדט וועגן דער נישט לאַנגער פֿאַרגאַנגענהייט, האָט אַן אָפֿיציר פֿון דער ישראל־אַרמיי, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דעם שמועס, איבערגעגעבן אַ טרויעריקע געשיכטע פֿון דער נאָכמלחמה־צייט אין פּוילן, פֿון וועלכער ער איז געווען אַן עד־ראיה. דער ישראל־אָפֿיציר האָט אַליין געשטאַמט פֿון פּוילן און האָט געדינט אין דער ייִדישער בריגאַדע, וואָס האָט זיך צו יענער צייט, נאָך דער באַפֿרייאונג פֿון פּוילן, געפֿונען אין איטאַליע. דער שטאַב פֿון דער בריגאַדע האָט באַשלאָסן אים צו שיקן מיט אַ געוויסער מיסיע קיין פּוילן. געפֿאָרן איז ער ווי אַן ענגלישער סאָלדאַט, מיט די געהעריקע (געפֿעלשטע) דאָקומענטן. נאָכן באַזוכן זיין געבוירן־שטאָט אין פּוילן און אַ רייע אַנדערע שטעט אין לאַנד, האָט ער געהאַט אויסצופֿירן אַ שליחות אין ביאַליסטאָק. פֿאָרנדיק מיט דער באַן פֿון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק, האָבן באַנדיטן אין מיליטערישע מונדירן, מיט אַן אָפֿיציר בראָש, פֿאַרהאַלטן דעם צוג, נישט ווייט פֿון דער סטאַנציע לאַפּי, און געהייסן אַלע ייִדן פֿאַרלאָזן דעם צוג. די באַנדיטן זענען דורכגעגאַנגען אַלע וואַגאָנען און אַריינגעקוקט יעדן איינעם אין פּנים אַריין. אויף וועמען זיי האָבן געהאַט אַ חשד, אַז ער איז אַ ייִד, האָט מען אויך געהייסן אַרויסגיין פֿון צוג און זיך אויסשטעלן אין אַ ריי. באַמערקנדיק דעם „ענגלענדער", וואָס איז געזעסן אין וואַגאָן, האָבן די מיליטערלייט־באַנדיטן אים העפֿלעך סאַלוטירט און געגאַנגען ווייטער. ער האָט נישט פֿאַרראַטן, אַז ער קען פּויליש, ווייל דאָס וואָלט מסתמא אַרויסגערופֿן ביי זיי אַ חשד. ווען אַלע זענען שוין געווען אין דרויסן, האָבן די מיליטערלייט־באַנדיטן געהייסן די מענער עפֿענען זייערע הויזן, כּדי זיך צו איבערצייגן צי זיי מאַכן נישט קיין טעות.

גרופּנווייז האָבן זיי די ייִדן אָוועקגעפֿירט אין דערבייאיקן וועלדל, ווו זיי האָבן אַלע, אָן אויסנאַם, דערשאָסן. ווען זיי האָבן פֿאַרענדיקט זייער בלוטיק שטיקל אַרבעט, האָבן זיי געגעבן אַ צייכן דעם קאָנדוקטאָר, אַז ער קען ווייטער פֿאָרן. קיין איינציקע שטימע פֿון פּראָטעסט האָט זיך נישט געהערט

פון די איבעריקע נישט־ייִדישע פּאַסאַזשירן. די באַנדיטן האָבן באַלאַנגט צו די אָפּטיילונגען, וואָס האָבן טעראָריזירט די גאַנצע געגנט פון דער באַן־ליניע מאַלקין־ביאַליסטאָק און מאַלקין־טרעבלינקע. פּאַקטיש האָבן זיי דאָרט געהאַלטן די מאַכט אין זייערע הענט. די דאָזיקע באַנדעס האָבן געהאַט זייע־רע מענטשן אין מיליטער, אין די זיכערקייט־אָרגאַנען, אין דער מיליץ (ווי מיר האָבן געזען אין פּאַל מיט באַלעקן), אין באַן־מיניסטעריום און אין יע־דער איינער מלוכהשער און לאָקאַלער אינסטיטוציע. זיי האָבן געוווּסט פון יעדער באַוועגונג אָדער פון יעדער באַפאָרשטייענדיקער „רייניקונגס־אַקציע״ און אַזוי אַרום געקענט, אין די מערסטע פאַלן, אַנטעמען באַצייטנס פאַר־זיכט־מיטלען.

האָבנדיק בדעה אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד, האָב איך געמוזט טראַכטן וועגן אַ מאַנטל און אַן אַנצוג, אין וועלכע איך זאָל, פּיל־ווייניקער, אויסזען מענטשלעך. האָב איך אויסגענוצט די מתנות, וואָס זענען אָנגעקומען פון שוועדן צום צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן און געגומען פון מאַגאַ־זין אַ מאַנטל, אַן אַנצוג און אַ הוט — דעם ערשטן הוט, וואָס איך האָב אָנגעטאָן נאָך דער באַפרייאונג. קיין צו גרויסער אויסוואַל פון מלבושים איז שוין נישט געווען, וואָרום די בעסטע זאַכן האָט מען שוין לאַנג אויסגעכאַפּט. עס זענען פאַרבליבן אָדער גאָר גרויסע אָדער צו קליינע פאַר מיר מאָסן. האָב איך די זאַכן, וואָס כ'האָב באַקומען, געמוזט איבערמאַכן.

אַ געראָטעוועטער ייִד, וועלכער איז צוריקגעקומען פון אָשוויענטשים — אַ פּראַגער שניידער מיטן נאָמען פּאַלוך, האָט מיר אַלץ איבערגענייט אויף מיין מאָס, און געטאָן האָט ער עס ווי ער האָט פאַרזיכערט — פונעם גאַנצן האַרצן. ער איז געווען מיינער אַ פאַרמלחמהדיקער פּאַטריאָט. היינט געפינט זיך מיין פריינט פּאַלוך, וואָס האָט אין די שווערע צייטן „אויסגעמענטשלט״ מיינע קליידער, אין מעלבורן, אויסטראַליע, ווו ער פירט אָן מיט אַן אייגן, גרויסן קאָנפעקציע־געשעפט.

בין איך שוין געווען פאַרטיק צו מיין אויסלאַנד־נסיעה: געהאַט אַ הוט, אַ מאַנטל און אַן אַנצוג, אָבער עס האָט מיר געפעלט איין זאַך: די דערלויבעניש פון צענטראַל־קאָמיטעט.

יאָנאַס טורקאָוו

קאַפּיטל פּיראונצוואַנציק

# אַ פרייער מענטש

אין חודש אויגוסט 1945, איז אָפּגעפאָרן קיין ענגלאַנד אַ דעלעגאַציע פון פאָרשטייער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און אַרטיסטן און פון דער צענטראַלער היסטאָרישער קאָמיסיע, כדי אָנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ פון וועלט־קאָנגרעס אין לאָנדאָן.

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן האָט מיך באַשטימט אַלס אַ מיטגליד אין דער דאָזיקער דעלעגאַציע. פון לאָנדאָן האָב איך, צוזאַמען מיט אַ טייל דעלעגאַטן, בראש מיט ד״ר עמיל זאָמערשטיין, געזאָלט פאָרן קיין ניו־יאָרק. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן. איך האָב געוואָלט פאָרן קיין אויסלאַנד ווי אַ פרייער מענטש, נישט זייענדיק געבונדן מיט פאַרשיידענע התחייבותן.

איך האָב געוווּסט, אַז אַלס דער אָנפירער פון אַ וויכטיקן דעפּאַרטאַמענט ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, און ווי דער פּאָרזיצער פונעם שרייבער־ און קינסטלער־פאַראיין, וועט מיין ראָל אין דער דעלעגאַציע נישט קענען זיין קיין פּאַסיווע. איך וועל מוזן אויפטרעטן עפנטלעך, אָפּגעבן באַריכטן וועגן דער אויפבוי־אַרבעט אויפן יידישן קולטור־אָפּשניט, וואָס מיר האָבן דאַן געפירט, און זינגען לויבגעזאַנגען פאַר די פאַרהעלטעניש, וואָס הערשן אין נייעם פּוילן.

איך האָב פּשוט מורא געהאַט, אַז בעת מיינע אַרויסטריטן, וועלן אַרויסשרייען פון מיר די עוולות וואָס מען באַגייט לגבי אונדז יידן; וועגן דעם זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם, מיט וועלכן דאָס לאַנד איז אַרומגעכאַפּט, און נאָך און נאָך ענינים, וואָס וואָלטן מיר, נאָכן אומקערן זיך צוריק קיין פּוילן, קיין גוטס נישט געבראַכט. איך האָב זיך דעריבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו פאָרן. אויף דעם האָב איך באַקומען פאָלגנדיקן ענטפער: עס איז אָנגענומען געוואָרן אַזאַ באַשלוס און מיר קענען דאָ גאָרנישט העלפן. דו ביסט באַשטימט אין דער דעלעגאַציע און דו האָסט אַ באַפעל צו פאָרן. און פאַר

נישט אויספירן באַפעלן, ווייסטו דאָך וואָס עס דראָט... איך בין געשטאַנען פאַר אַ שווערן פּראָבלעם: מען וועט דאָך מיך נישט לאָזן פאָרן צוזאַמען מיט מיין קינד, דערצו נאָך ווען מיין פרוי געפינט זיך אין אויסלאַנד.

איך האָב געוואָרט אויף עפּעס אַ נס, וואָס זאָל מיך באַפרייען פון דער אויסלענדישער נסיעה מיט דער דעלעגאַציע, און דער נס איז טאַקע געקומען. בעת אַ רייזע, וואָס איך האָב געמאַכט קיין וראָצלאַוו (ברעסלאַו), איז פאָרגעקומען אַ קאַטאַסטראָפע מיט דעם אויטאָ, מיט וועלכן איך בין געפאָרן. דער נס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך בין בעת דער קאַטאַסטראָפע נישט דערהרגעט געוואָרן...

ווען מיר האָבן זיך געפונען אין אונדזער אויטאָ אויפן שאָסיי, איז פון דער קעגנאיבערדיקער ריכטונג אָנגעפאָרן אַ סאָוועטישע לאַסט־מאַשין, וואָס איז געווען איבערגעפולט מיט גרויסע פעסער בענזין. דער שאָפער פון דער מאַשין איז געווען, ווי דער שטייגער, טויט שיכור. ער איז געפאָרן זיג־זאַגיק און מיט אַ ווילדער שנעלקייט. דער שאָפער פון דעם אויטאָ, מיט וועלכן איך בין געפאָרן, האָט גלייך באַמערקט, אַז דער סאָוועטישער שאָפער האָט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט און עס דראָט אַן אומפאַרמיידלעכער צוזאַמענשטויס. ער האָט דעריבער זיך באַמיט, מיט אַלע כוחות, אויסצומיידן די קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף אונדז.

אונדזער שאָפער האָט זיך געהאַלטן, ווי ווייט מעגלעך, ביים ראַנד פונעם שאָסיי, כדי פריי צו מאַכן דעם וועג פאַר דער אָנפאָרנדיקער סאָוועטישער מאַשין, וואָס האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף אונדזערע סיגנאַלן. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. די לאַסט־מאַשין איז מיט דער גאַנצער שנעלקייט אַרויפגעפאָרן אויף אונדזער אויטאָ, אַוועקגעשליידערנדיק אים אין אַ זייט און אַליין — אַריינגעפאַלן אין דעם גרוב, ביים ראַנד פון שאָסיי. די פעסלעך בענזין האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצוקייקלען, איינס נאָכן אַנדערן, און איין פעסל האָט זיך מיט אימפעט געטראָגן גלייך אויף מיר. ליגנדיק אויף דער ערד, האָב איך, מיט די לעצטע כוחות, באַמיט זיך איינצוהאַלטן דאָס פעסל, וואָס האָט זיך געקייקלט אויף מיר, דראָענדיק מיך צו דערדריקן.

איך האָב אונטערגעשטעלט די האַנט, כדי אָפּצוהאַלטן דעם שווערן קלאַפּ פון דער משא. די דאָזיקע באַוועגונג האָט געראַטעוועט מיין קאָפּ,

און אפשר — אויך מיין לעבן, אָבער צו דער זעלביקער צייט האָט מיר דער פּאַס צעבראָכן מיין רעכטע האַנט. איך האָב דערפילט שטאַרקע יסורים. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז מיין האַנט איז צעשמעטערט. ביז עס איז געלונגען אַראָפּצושלעפּן פון מיר דעם פּאַס בענזין, האָב איך מיך ממש געקאַרטשעט פון ווייטיק.

צום גליק איז אין דער צייט פאַרבייגעפאָרן אויפן שאָסיי אַ מענטש אויף אַ וועלאָסיפּעד. דערזעענדיק די קאַטאַסטראָפע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן אונדז, וועלנדיק אונדז העלפן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דער צווייטער פּאַסאַזשיר (אַ מלוכה־באַאַמטער), וואָס איז צוזאַמען מיט מיר געפאָרן אין אויטאָ, שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אונדזער שאָפער איז אַרויס פון דער קאַטאַסטראָפע מיט לייכטע ווונדן. ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט געבעטן דעם פאַרבייפאָרנדיקן מענטש, ער זאָל מיט זיין וועלאָסיפּעד צופאָרן צו דער נאָענטסטער שטאָט אָדער שטעטל און פון דאָרט שיקן אונדז הילף. אונדזער אויטאָ איז שטאַרק באַשעדיקט געוואָרן, ס׳איז אוממעגלעך געווען מיט אים ווייטער צו פאָרן.

דער סאָוועטישער שאָפער, וועלכן ס׳איז, אַגב, גאָרנישט געשען, האָט שוין לעת עתה באַוויזן צו כאַפּן אַ דרימל. ער האָט זיך לגמרי נישט אינטערעסירט מיטן גאַנצן פאַרפאַל. ס׳האָט אים אויך נישט אינטערעסירט דער טראַנספּאָרט בענזין, וואָס ער האָט געפירט. זיין אויטאָ איז זיך געלעגן אויף אַ זייט, אין גרוב, ביי דעם שאָסיי, ווי ער וואָלט זיך אויך געוואָלט אָפּרוען און קומען צו זיך נאָכן ווילדן פאָרן פון זיין שאָפער.

ביז עס איז אָנגעקומען אַ מאַשין מיט אַ מיליציאָנער פון דער נאָענטסטער שטאָט, האָבן זיך דערוויל צונויפגעזאַמלט אַרום אונדז פויערטעם — דייטשקעס — מיט זייערע קינדער און זיך צוגעקוקט צו דער אויסטערלישער פּאַסירונג. אונדזער שאָפער האָט זיי געהייסן ברענגען קאַלט וואַסער צו טרינקען און צו קענען אָפּוואַשן די ווונדן פונעם צווייטן פּאַסאַזשיר. עס האָט גענומען אַ היפּש ביסל צייט און דער אויטאָ פון שטאָט איז אָנגעקומען. מען האָט אונדז פאַרזיכטיק אַריינגעזעצט אין דעם אויטאָ, וואָס איז געקומען נאָך אונדז און מיר האָבן ענדלעך געדירט פונעם אָרט, איבערלאָזנדיק דעם שיכורן סאָוועטישן שאָפער מיט די פאַנאַנדערגעוואָרפענע פעסער בענזין.

איידער מען האָט אונדז געבראַכט קיין אָפּעלן — אַזוי האָט געהייסן די

שטאָט, נישט ווייט פון וועלכער עס איז פאָרגעקומען די אויטאָמאָביל־קאַ־טאַסטראָפע, איז מיין האַנט אינגאַנצן געשוואָלן געוואָרן. אין שפיטאָל האָט מען מיר געגעבן די נייטיקע הילף און מיין האַנט האָט מען גיפּסירט.

דאָס גאַנצע פּערסאָנאַל פונעם שפּיטאָל איז באַשטאַנען פון בלויז דייטשן: דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטערס און באַדינער. זייער איבערגעטריבענע העפלעכקייט צו מיר האָט מיך געעקלט. איך האָב נישט געקענט קוקן אויף זייערע פּנימער. עס האָט זיך מיר אַלץ אויסגעוויזן, אַז איך האָב די זעלביקע פּנימער שוין געזען אין געטאָ, בעת דער אויסזידלונג. דעמאָלט זענען זיי נישט געווען אַזוי העפלעך, ווי איצט... איך האָב נישט געוואָלט פאַרבלייבן אין דער שווערער פאַר מיר אַטמאָספערע, וואָס האָט דערמאָנט די נישט ווייטע פאַרגאַנגענהייט. איך האָב וואָס גיכער געוואָלט אַוועק פון דאָרט. דעם קאָמענדאַנט פון דער מיליץ, וואָס איז געקומען אין שפּיטאָל אַריין, כדי צונויפצושטעלן אַ פּראָטאָקאָל וועגן דער געשעעניש, האָב איך איבער־געגעבן מיין נאָמען און געבעטן זיך תיכף צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן יידישן וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין ריכבאַך, און צוויסן געבן ווו איך געפין זיך און וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט. אין אָוונט איז שוין געווען אַ טע־לעפאָן פון י. עגידן — פאָרזיצער פונעם קאָמיטעט, מען זאָל אויף מיר גוט אַכטונג געבן. מאָרגן אין דערפרי וועט ער שיקן נאָך מיר אַן אויטאָ, וואָס וועט מיך נעמען קיין ריכבאַך.

עגיד האָט אויך גלייך טעלעפאָנירט קיין וואַרשע, צום צענטראַל־קאָמי־טעט, און איבערגעגעבן די ידיעה וועגן דער קאַטאַסטראָפע. איך האָב אויך געבעטן אין וואַרשע נישט איבערצוגעבן מיין טעכטערל וועגן דער קאַטאַסט־ראָפע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט. מאַרגאַריטקע איז סיי־ווי געווען אי־בערגעשראָקן צוליב מיינע כסדרדיקע נסיעות איבערן אומרויִקן לאַנד.

ווען איך האָב זיך שוין געפונען אין פּעטערסוואַלדאַו, אין „פּאַלאַצל נר' 100", האָב איך פריִער אָפּגעעטעמט: איך געפין זיך ווידער אין אַ היי־מישער, יידישער סביבה, כ'זע אַרום זיך איבערגעגעבענע, פריינטלעכע פּני־מער, און — וואָס די הויפּטזאַך — כ'וועל שוין מיט דער דעלעגאַציע נישט מוזן פאָרן קיין אויסלאַנד.

איידער די דעלעגאַציע האָט פאַרלאָזט פּוילן, האָט מען פון צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן טעלעפאָנירט קיין ריכבאַך צו עגידן, אין קאָמי־

טעט אַריין, אַז דער אויסלענדישער פּאַס איז צוגעגרייט פֿאַר מיר און גע־פינט זיך אין צענטראַל־קאָמיטעט. ווי נאָר איך וועל קומען צו די כוחות, זאָל איך גלייך פֿאָרן קיין וואַרשע, אָפּצונעמען דעם פּאַס מיט די רייזע־הוצאות פֿאַרן אַעראָפּלאַן, און קומען קיין פּאַריז (די וויזע איז געווען נאָר אַ פּראָוויזאָרישע). דאָרט, אויב איך וועל שוין די דעלעגאַציע נישט טרעפֿן, וועט וואַרטן אויף מיר די ענגלישע וויזע, און איך דאַרף גלייך קומען צו זיי קיין לאָנדאָן.

ס׳איז דאָך געווען פֿאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ צושטאַנד אין וועלכן איך האָב זיך געפֿונען, צוליב דער אויטאָ־קאַטאַסטראָפֿע, האָב איך נישט געקענט פֿאָרן. האָב איך טאַקע, אַ דאַנק דער קאַטאַסטראָפֿע, אויסגעמיטן די נישט געוווּנטשענע פֿאַר מיר רייזע.

אין ריכבאַך האָט דער קאָמיטעט צוגעגרייט פֿאַר מיר אַ פֿייערלעכע




זיצן (פֿון לינקס) י. עגיד — פֿאָרזיצער פֿונעם וואָיעוואָדישן קאָמיטעט; י. טורקאָוו און י. קוטשינסקי — קולטור־לייטער.

אויפנאַמע. דעלעגאַציעס פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס זענען געקומען אויפן קבלת־פנים־באַנקעט, וואָס מען האָט איינגעאָרדנט פאַר מיר אין יידישן קאָמיטעט, און מיר אַרויסגעוויזן אַ סך פריינטשאַפט און חברישע וואַרעמקייט. מען האָט מיך באַגריסט מיטן קומען צו זיי ווי אַ תושב און גע־ווונטשן מיר שנעל געזונט צו ווערן און צו קענען צוטרעטן צו אַ שעפערי־שער אַרבעט אין נידערשלעזיע, ווו איך האָב באַשלאָסן (ביז מיין אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד) זיך צו באַזעצן.

אין נידערשלעזיע, להיפוך צו אויבערשלעזיע און אַנדערע טיילן פונעם לאַנד, איז די יידן־לאַגע געווען צופרידנשטעלנדיק, נישט ריידנדיק וועגן איינצלנע אָנפאַלן מצד די סאָוועטישע מיליטערלייט. איז נישט קיין וווּנדער, אַז יידן האָבן געשטראָמט אַהין, האָבנדיק בדעה זיך צו באַזעצן אין שיינעם ווינקל פון די ניי־צוגעקומענע געביטן — אַזוי האָב איך להתחילה געמיינט. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז 90 פּראָצענט פון די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט, האָבן עס געטאָן מיט אַ כוונה. פון נידערשלעזיע האָט מען גיכער און זיכערער געקענט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. האָט טאַקע נידער־שלעזיע געווימלט פון פאַרשיידענע מאַכערס און גרענעץ־פירער, וואָס האָבן פאַר אַ געוויסן אָפּצאָל, אויסגעשטעלט פאַלשע פאַפּירן אָדער אַליין אַריבער־געפירט מענטשן איבער דער גרענעץ קיין טשעכיע, ווו עס האָט, אין יענער צייט, געהערשט בענעשעס דעמאָקראַטישע רעגירונג און מען האָט דאָרט נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט פון אַנטיסעמיטיזם.

דורך נידערשלעזיע זענען אויך געגאַנגען טראַנספּאָרטן קראַנקע, דורך דעם אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ (צווישן די קראַנקע האָבן זיך אַריינגע־קריגן אויך געזונטע), און אויך — גרופּעס יידן, וואָס זענען געפירט געוואָרן דורך דער „בריחה״.

בעת מיין זיין אין נידערשלעזיע זענען נאָך אָנגעגאַנגען אין די טשע־כאָסלאָוואַקישע בערג קאַמפן מיט די רעשטלעך פון גענעראַל וולאַסאָווס אַרמיי.

גענעראַל וולאַסאָוו, אַליין אַ געוועזענער קאָמוניסט, איז אָנגעגאַנגען אין רוסלאַנד פאַר אַ זייער פעיִקן מיליטערמאַן. אַ צייט לאַנג איז ער געווען דער סאָוועטישער מיליטערישער ראַטגעבער צו טשאַנג קיי טשעק אין כינע. אָבער באַזונדערס האָט זיך וולאַסאָוו אויסגעצייכנט ווי דער קאָמאַנדיר פון

דער 2טער רויטער שטורעם־אַרמיי, ביי דער פאַרטיידיקונג פון מאָסקווע. דערנאָך ווידער, האָט ער געקעמפט אין אוקראַינע, ווו ער איז, אין יאָר 1942, אַריינגעפאַלן אין דייטשישער געפאַנגענשאַפט.

מיט דער צושטימונג פון די דייטשן האָט וולאַסאָוו באַשלאָסן צו שאַפן אַ „פריי רוסלאַנד". צו דעם צוועק האָט ער אָרגאַניזירט רוסישע דיוויזיעס, וואָס זענען באַשטאַנען פון קריגס־געפאַנגענע אין די דייטשע אינטערנירונג־לאַגערן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו קעמפן קעגן ראַטנפאַרבאַנד און זיינע פאַרבינדעטע אַרמייען.

אין מאַי 1945, ווען די דייטשן האָבן שוין קאַפּיטולירט, האָבן די דאָזיקע מיליטערישע אָפּטיילונגען נאָך אַלץ געקעמפט אין טשעכאָסלאָוואַקיע, ביז גענעראַל וולאַסאָוו איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער רויטער אַרמיי. מען האָט אים געבראַכט קיין מאָסקווע ווו ער איז, ווי אַ פאַררעטער, פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הענגען. דעם 2טן אויגוסט 1946, איז פאָרגעקומען די עפנטלעכע עקזעקוציע איבער אים אין דערזעלביקער שטאָט — מאָסקווע — ווו ער האָט זיך אַמאָל געהאַט אַזוי אויסגעצייכנט, בעת איר פאַרטיידיקונג.

גענעראַל וולאַסאָוו האָט אין אונדז, יידן, אויך נישט פאַרגעסן. בעת אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ריגע (דעם 5טן יוני 1943), האָט ער, צווישן אַנדערס, געזאָגט: „דאָס באַפרייען רוסלאַנד פון סטאַלינען און באָלשעוויזם וועט ברענגען מיט זיך דאָס אויסרייניקן ס'לאַנד פון יידן... אין נייעם רוסלאַנד וועלן אַלע פעלקער קענען לעבן לויט זייער ווילן, נאָר פאַר יידן וועט דאָרט קיין אָרט נישט זיין".

די דאָזיקע רעדע איז געווען אָפּגעדרוקט אין דער בערלינער רוסישער עמיגראַנטן־צייטונג „רוסקאָיע סלאָוואָ", וואָס איז, נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פאַרשפּרייט געוואָרן אויך צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג אין וואַרשע.

אין משך פון דער צייט, וואָס איך בין געווען אין נידערשלעזיע, איז צוריקגעקומען פון לאָנדאָן די ערשטע טייל פון דער יידישער דעלעגאַציע. יהודה עלבערג, וועלכער איז מיטגעפאָרן מיט דער דעלעגאַציע, האָט מיר געבראַכט ענגלישן שטאָף אויף אַן אָנצוג — אַ מתנה פונעם לאָנדאָנער יידישן שרייבער־פאַראיין פאַר מיר.

## נאָך דער באַפרייאונג

ווען ד״ר יוסף שוואַרץ איז, אין חודש סעפּטעמבער 1945, געקומען צום ערשטן מאָל קיין פּוילן, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן אײַנגעאָרדנט פאַרן הויפּט־דירעקטאָר פונעם „דזשאָינט״ אין אייראָפּע אַ פייערלעכע זיצונג, פאַרבונדן מיט אַ גלעזל טיי. איך בין געקומען צופאָרן צו דער אויסערגעוויינלעכער זיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט מיט אַ צוגעגרייטן פּלאַן.

איך האָב אויסגענוצט די גוטע שטימונג, וואָס עס האָט געהערשט בעת דעם פייערלעכן צוזאַמענטרעף און נאָך אַמאָל איבערגעגעבן, אין ד״ר שוואַרצס קעגנוואַרט, מיין שריפטלעכע בקשה וועגן באַפרייען מיך פון מיינע פונקציעס און מיטגלידערשאַפט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. מיין בקשה האָב איך מאָטיווירט מיט דעם, אַז איך וויל זיך אומקערן צוריק צו מיין פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, וועלכע איך האָב, צוליב דער מלחמה און דערנאָך אין דער ערשטער פאַזע נאָך דער באַפרייאונג, געמוזט איבעררייסן. איצט אָבער, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און עס פעלן שוין נישט קיין מענטשן פאַר דער סאָציאַלער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, קען מען מיך, אָן שאָדן פאַר דער זאַך, באַפרייען פון מיינע פליכטן.

צי די גוטע שטימונג, וואָס עס האָט געהערשט ביים צוזאַמענטרעף, צי די אָנוועזנהייט פונעם אויסלענדישן גאַסט, מיט וועלכן מען האָט זיך דעמאָלט שטאַרק גערעכנט, און וועלכער האָט אויך געזאָגט אַ פּאָר ווערטער לטובת מיין גערעכטער פאָדערונג, האָט גורם געווען דערצו, אַז מען האָט אויפן אָרט אונטערגעשריבן מיין דעמיסיע און מיך באַפרייט פון אַלע פליכטן אין צענטראַל־קאָמיטעט.

איך האָב לייכטער אָפּגעעטעמט: ענדלעך בין איך אַ פרייער מענטש. איך בין שוין נישט געבונדן מיט קיין שום אַקטיוויטעטן. פונעם ראַדיאָ האָב איך זיך פריִער נאָך באַפרייט. די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב איצט געדאַרפט טאָן איז, צוצונעמען מיין קינד פון אָטוואָצק און אַוועקפאָרן מיט איר קיין נידערשלעזיע. דאָרט, האָב איך געטראַכט, וועלן מיר קענען רויִק באַשליסן וועגן דער לאַגע, ווי אַזוי און וויִ און וואָס פאַרא אופן אַוועקצופאָרן. איבעריקנס, האָט דיאַנאַ שוין געדאַרפט צוריקקומען פון איר קאָנצערט־טור אין אונגאַרן, און אַזוי אַרום וועלן מיר שוין צוזאַמען באַשליסן וווהין צו פאָרן.

מיר האָבן געהאַלטן פאַר נאַטירלעך, אַז מיר וועלן זיך איצט פאַראייניקן
מיט אונדזערע משפחות, וואָס האָבן זיך געפונען — אין דרום־אַמעריקע.

איך בין, קודם כל, אַרויסגעפאָרן צו מאַרגאַריטקען קיין אָטוואָצק און
איר מודיע געווען וועגן מיין באַשלוס. מיין טעכטערל האָט זיך שטאַרק דער־
פרייט מיט דער נייעס, און נאָך מער — מיט דעם, אַז מיר וועלן שוין פון
איצט אָן זיין צוזאַמען און זיך קירצלעך אויך פאַראייניקן מיט דיאַנען.

מאַרגאַריטקעלע האָט זיך געזעגנט מיט אירע „ברידער" און „שוועס־
טער" פון דער קינדער־היים, צו וועלכע זי האָט זיך שוין באַוויזן צוצובינדן.
אַ סך פון זיי האָבן אַריינגעשריבן אין איר אַלבאָם ווערטער צום אָנדענק
און פאַרשיידענע גוטע ווונטשן. אויף איינע אַזאַ צושריפט, וואָס איך האַלט
פאַר געטרײַ כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט, און וואָס שפּיגלט אָפּ די
שטימונגען, ווי אויך די מעטאַמאָרפאָזע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט מיין
קינד, וויל איך זיך יאָ אָפּשטעלן.

געשריבן האָט עס אַ מיידעלע, וואָס האָט נישט געהאַט מער קיין על־
טערן און איז, פונקט ווי מאַרגאַריטקעלע, דערצויגן געוואָרן ביי אַ קריסט־
לעכער משפחה. זי האָט זיך אָבער פריִער „צוריקגעפינען" ווי מיין קינד.
און אָט וואָס דאָס דאָזיקע מיידעלע שרייבט:

> „מאַריטאַ, זאָלסט קיינמאָל נישט פאַרגעסן וועגן דעם וואָס דו האָסט
> זיך דערוווּסט ביי אונדז: אַז דו ביסט אַ יידישע! געדענק, בייג זיך נישט
> פאַר די שוועריקייטן און גיי פאָרויס מיט אויסדויער, ביז דו וועסט דער־
> גרייכן דיינע אידעאַלן. געדענק גוט וועגן דעם און באַמי זיך אויך אַנדערע
> אַרויפצופירן אויף דעם וועג".
>
> אונטערגעשריבן „שוועסטער טאַמאַראַ בוכמאַן".

די קינדער האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיט מאַרגאַריטקען. די שטימונג
איז אָבער דאָך געווען אַ שווערע. הגם אַלע האָבן זיך געפרייט מיט מאַרגאַ־
ריטקעס גליק, האָבן אַ סך פון די קינדער זי מסתמא מקנא געווען: זי האָט
טאַטע־מאַמע, וואָס זאָלן פאַר איר זאָרגן, און זיי האָבן קיינעם נישט, קיין נאָ־
ענטן אויף דער וועלט. פיל פון די קינדער — בפרט די קלענערע — גע־
דענקען אַפילו נישט זייערע עלטערן, וואָס זענען אומגעקומען.

איידער מיר האָבן פאַרלאָזט וואַרשע אויף שטענדיק און זענען אָפּגעפאָרן
קיין נידערלענדער, זענען מיר געווען די געסט ביי אונדזערע גוטע פריינט

אַדוואָקאַט וואַרם און זיין פרוי לילי, וועלכע האָבן איצט פאַרנומען אונדזער דירה ביי האַלערן, וואָס איך האָב זיי איבערגעגעבן. און מאָדנע — מיט זיי האָט דער אַלטער בחור יאַ געלעבט בשלום. טאַקע דאָרט, ביי די וואַרמס, האָבן מיך באַזוכט ד״ר נעלאַ ראָסט־טאַהן, ווי אויך יוסף וואָלף און נחמן בליך, כדי אַרומצורײדן ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט אונדזער פאַראיין. זיי האָבן גישט געוווּסט וועגן מיין באַשלוס צו פאַרלאָזן פוילן.

פאַרן אָפּפאָרן פון וואַרשע, האָט מען מיר אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פוילישע ייִדן איבערגעגעבן אַ קאַרטל, וואָס איז אָנגעקומען פון שאַנכײַ (כינע) צום וואַרשעווער מאַגיסטראַט. דאָס קאַרטל איז געשריבן געוואָרן פון ר. שושנה־קאַהאַן צום מאַגיסטראַט אין וואַרשע, אין וועלכן זי פרעגט אָן ווו עס געפינט זיך איר מוטער, הינדע מאָזער. זי שרייבט, אַז אין יאָר 1941 האָט זיך איר מוטער געפונען אין גאָסטינין, נעבן קוטנע, אויף קאָשטשעלנאַ גאַס נר׳ 9. ווייטער פרעגט זי אָן ווו עס געפינען זיך די זשורנאַליסטן אלחנן צייטלין, (וואַרשע שליזקע נר׳ 8); מלך ראַוזענבערג, (נאָוואָליפּיע 20); הערש פּרילוצקי (באָניפראַטערסקאַ גאַס); מנחם קיפּניס (וואָליצאָוו); די אַרטיסטן יאָנאַס טורקאָוו און מאיר ווינדער (נאָוואָליפּיע 20).

פון די אַלע אויסגערעכנטע האָב איך איינער זיך געראַטעוועט. ווי ווייניק מען האָט אין דער ווייטער וועלט געוווּסט וועגן חורבן, וואָס איז פאָרגעקומען אין פוילן, און, בפרט, אין וואַרשע. דאָס איז געווען די ערשטע ידיעה, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון ווײַטן שאַנכײַ.

איך וויל נאָך איבערגעבן אַ פאַל, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַביסל עגמת־נפש און צעשטערט די גוטע שטימונג. פאַר מיין אָפּפאָרן פון וואַרשע איז צו מיר געקומען דער מאַיאָר וועבער־טעמקין און מיט טרערן אין די אויגן מיך געבעטן איך זאָל אים מיטנעמען מיט זיך. ער ווייסט — זאָגט ער — אַז איך פאָר אָפּ קיין אויסלאַנד, בעט ער מיך איך זאָל אים אויך העלפן אַרויסצובאַקומען זיך פון פוילן.

איך האָב פשוט געשטוינט: פון וואַנען האָט ער דאָס געקענט וויסן?! איך האָב עס דאָך געזאָגט בלויז געציילטע מענטשן, וועלכע האָבן עס אים זיכער נישט איבערגעחזרט. און ער אַרבעט דאָך אין זיכערקייט־מיניסטער־יום (אָנפירער פונעם תפיסה־דעפּאַרטאַמענט), — ווי אַזוי איז עס צו אים דערגאַנגען, אַז איך קלייב זיך צו פאַרלאָזן פוילן?! און אויב ער ווייסט עס,

ווייסן עס מסתמא אַנדערע אויך. עס איז מיר געוואָרן פּריקרע אויפן האַרצן: צי שפּירט מען מיך נישט נאָך? איך האָב וועבערן פאַרזיכערט, אַז די גאַנצע מעשה הייבט זיך נישט אָן און לאָזט זיך נישט אויס. איך פאָר קיין נידער־שלעזיע, וווּ איך דאַרף גרינדן אַ יידיש טעאַטער. איבעריקנס, פון וואַנען ווייסט ער, אַז איך פאָר אַוועק פון וואַרשע? ווער האָט עס אים געזאָגט?

אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט גאַנץ לאָגיש:

— אויב איר האָט רעזיגנירט פונעם מלוכה־ראַדיאָ און איצט פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע יידן, איז דאָך דער בעסטער סימן, אַז איר פאָרט אַוועק פונעם לאַנד. אַנדערש וואָלט איר נישט פאַרלאָזט אַזעלכע פּאָזיציעס...

— אַז איך פאָר אַוועק, דאָס איז אמת, אָבער נישט פונעם לאַנד — האָב איך אים געענטפערט. — איך פאָר זיך באַזעצן אין נידערשלעזיע און דאָרט אָנהייבן צו אַרבעטן אין טעאַטער, ווי איך האָב אייך געזאָגט.

וועבער האָט מיך אָבער נישט אָפּגעלאָזט:

— האָט צו מיר צוטרוי, הער טורקאָוו. איך פאָדער נישט פון אייך קיין דאַנק דערפאַר וואָס איך האָב אייך דערמעגלעכט נאָך דער באַפרייאונג פון וואַרשע מיטצופאָרן פון לובלין, מיט אונדזער אויטאָ, כדי צו זוכן אייער קינד. דאָס איז געווען מיין מענטשלעכער חוב. איך קען אייך גוט פון פאַר דער מלחמה. איר האָט געקענט מיין פאָטער און מיין ברודער, וואָס איז געווען אַסיסטענט ביי אייער פריינט ד״ר ע. לובעלטשיק אין וואַרשע. איך ווייס, אַז איר וועט זיך נישט באַזעצן אין אַזאַ עק ווי נידערשלעזיע, אָן געוויסע פּלענער להבא. איך ווענד זיך צו אייך, ווייל איך ווייס, אַז מען קען האָבן צו אייך צוטרוי. ראַטעוועט מיך. איך בין זיכער, אַז אויב נישט היינט, איז מאָרגן, צי אין אַ חודש אַרום — מען וועט מיך אַרעסטירן. עס הייבט זיך אָן אַ שטאַרקער אַנטיסעמיטישער קורס קעגן אונדז. מען וועט שוין געפינען עפּעס אַ חטא אויף מיר און מען וועט מיך אַרעסטירן. איך מוז אַוועק פון דאַנען. איך קען קיינעם נישט וואָס זאָל מיר העלפן. איר זענט דער איינציקער מענטש, אין וועמעס הענט איך וויל איבערגעבן מיין גורל. העלפט מיר!...

זעענדיק אַז מיין פאַרענטפערן זיך וועט גאָרנישט העלפן, האָב איך איינגעשטעלט און געזאָגט:

— הערט מיך אויס. איך פאָר קיין פּעטערסוואַלדאַו, נעבן ריכבאַך. דאָרט וועל איך וווינען. אויב איר ווילט, קומט אַהין צו מיר.

מיט דעם האָב איך זיך געזעגנט מיט וועבערן און געטראַכט: צי שטעלט מען נישט אויס קיין נעץ פאַר מיר? און אויב, ווידער, עס איז טאַקע אַזוי ווי וועבער זאָגט, גייט עס דאָך וועגן ראַטעווען אַ מענטשן. וועל איך עס טאָן מיט דער הילף פון ד״ר ציטראָן, דורכן רויטן קרייץ־שפּיטאָל. דעם חשבון האָב איך אָבער געמאַכט אָן דעם באַלעבאָס...

צומאָרגנס האָב איך גענומען מיין קינד און בין מיט איר אָפּגעפאָרן קיין נידערשלעזיע.

קאַפּיטל פינפאונצוואַנציק

## איך פאַרלאָז פוילן אויף שטענדיק

הגם איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דאָס מאָל פאַרלאָז איך וואַרשע אויף שטענדיק, איז מיר דאָס צעשיידן זיך מיט דער שטאָט פון מיין געבוירן נישט אָנגעקומען שווער. פאַרקערט, איך האָב — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען — לייכטער אָפּגעטעמט ביים פאַרלאָזן וואַרשע.

בעת מיין לעצטער רייזע קיין נידערשלעזיע האָב איך וועגן דעם פיל געטראַכט און געמאַכט אַ שטיקל סך הכל. איך האָב אָנגעהויבן מיט מיין ערשטער אויסלענדישער רייזע. איך בין דעמאָלט אַלט געווען נישט קיין גאַנצע פערצן יאָר. מיינע עלטערן האָבן באַשלאָסן מיר צו געבן אַן „אויס־לענדישע דערציִונג" און זיי האָבן מיך אַוועקגעשיקט לערנען זיך קיין עסט־רייך־אונגאַרן. וואָס פאַר אַ טראַגעדיע איז דאָס פאַר מיר דעמאָלט געווען! די אומגעהייערע בענקשאַפט אַהיים, קיין וואַרשע, האָט מיך ממש אויפגע־געסן. דאָס זעלביקע איז געווען מיט מיר אויך שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער און אָפט אַרומגעפאָרן. איך האָב געהאַט אַן אומבאַשרייבלעכע נאָסטאַלגיע נאָך מיין וואַרשע.

האָב איך טאַקע אַזוי געבענקט נאָך דער שטאָט אין וועלכער איך האָב זיך פון קינדוווייז אויף אַרומגעטראָגן מיט פּחד פאַר יעדן סטרוזשעס זינדל, וואָס איז אונדז, יידישע קינדער, באַפאַלן און געשלאָגן?

צי האָב איך געבענקט נאָך די יום־טובדיקע פּױלישע פּראָצעסיעס, װאָס פּלעגן אַרױס פון קאָשטשיאָל און, גײענדיק מיט די הײליקע בילדער איבער די גאַסן, געשלאָגן, בינו לבינו, ייִדן?

צי האָב איך געבענקט נאָך די אַנטיסעמיטישע לאָזונגען, װאָס זענען נישט אַראָפּ פון די פּױלישע מײלער, אָדער — גאָר די שטעכװערטלעך „בײליס״, „פּאַרשיװי זשיד״, „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני״ און אַנדערע אױס־רופן און עפּיטעטן, װאָס די פּױלישע כוליגאַנעס האָבן אונדז צוגעװאָרפן?

געװיס נישט.

איך האָב געבענקט נאָך מײנע עלטערן, נאָך מײן משפּחה, נאָך מײנע חברים און פרײנט און נאָך דער גאַנצער ייִדישער סביבה, מיט װעלכער איך בין געװען אַרומגערינגלט אין דעם ים פון רשעות פון דער פּױלישער װאַרשע.

נאָך װעמען האָב איך איצט געהאַט צו בענקען, אַז די אַלע, װאָס האָבן געשאַפן די װוּנדערלעכע ייִדישע סביבה, זענען שױן נישטאָ! איך אַלײן האָב דאָך, נאָך דער באַפרײאונג, שױן נישט געקענט זײן מער איך און גע־מוזט זיך אָנטאָן אין אַ פרעמדן מלבוש מיט אַ פּױלישן נאָמען, װאָס זאָל, מכלומרשט, פאַרשטעלן מײן ייִדישן אָפּשטאַם!

אַזאַ אַטמאָספערע האָט מיך נישט געקענט לאָקן; אַזאַ סביבה האָט נישט געקענט צוציִען און צובינדן צו זיך. דער הײנט אין װאַרשע האָט שױן נישט געהערט צו מיר; מײן נעכטן איז פאַרשניטן געװאָרן, און דער מאָרגן? — בעסער נישט צו טראַכטן װעגן דעם — דאָ. װעל איך בעסער אַװעק און מיטנעמען מיט זיך דעם באַגאַזש פונעם צאַפּלדיקן, װוּנדערבאַרן נעכטן, װאָס איז אַזױ אײנגעבאַקן אין מײן האַרץ און װאָס איז אַזױ אַרײן אין מײן בלוט. איך װעל שױן פאַרבלײבן צוזאַמען מיט מײן פאַרשניטענעם נעכטן און צוגױפבינדן אים מיטן הײנט און מאָרגן, װו עס װעט מיר נאָך באַשערט זײן אָפּצולעבן מײנע איבערגעבליבענע, געשענקטע יאָרן.

װאַרשע, מײן װאַרשע — פאַר מיר ביסטו געשטאָרבן!

***

מײן טעכטערל האָט שלעכט פאַרטראָגן אױטאָ־רײזעס. מיט דער באַן איז, אין יענע צײטן, געװען צו געפערלעך צו פאָרן. ציװיל־אַעראָפּלאַנען האָבן נאָך נישט קורסירט קײן ריכבאַך, האָבן מיר געמוזט פאָרן מיט אױ־

טאָס. איך האָב אָבער, צוליב מיין קינד, געמאַכט לענגערע אָפּשטעלן און איבעררייסן אין פאַרשיידענע פונקטן פון אונדזער רייזע קיין נידערשלעזיע.

אין אויבערשלעזיע האָבן מיר זיך, צווישן אַנדערס, אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף דרעווניצאַ. מיר האָבן געגעסן און געטרונקען אין אַ פּויערישער כאַטע. איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער דער נאָמען פונעם דאָרף איז מיר אויסגעקומען זייער באַקאַנט. איך האָב זיך אָבער, באַין אופן, נישט געקענט דערמאַנען וואָס עס האָט מיך געבונדן מיטן דאָזיקן דאָרף, ווו איך געפין זיך איצט צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן. וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט אויפצופרישן מיין זכרון, איז דער נאָמען „דרעווניצאַ" געבליבן פאַר מיר אַ רעטעניש. מיר זענען פון דאָרט אַוועקגעפאָרן און איך האָב שוין באַלד געהאַט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דעם דאָרף.

בעת דער לאַנגער און מאָנאָטאָנער רייזע האָב איך געהאַט גענוג צייט דורכצולופטערן דערינערונגען און צו דערמאַנען מיינע פריינט און באַקאַנטע, וואָס זענען געבליבן אין וואַרשע. ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ זענען פאַר מיר דורכגעגאַנגען די מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן. פּלוצים איז פאַר מיר אויפגעשווומען די געשטאַלט פונעם חזן יעקב ליכטערמאַן, וואָס האָט אויך געאַרבעט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון פּוילישע ייִדן, און די רעטעניש מיט „דרעווניצאַ" איז מיר גלייך קלאָר געוואָרן.

איך האָב זיך דערמאַנט אַ געשיכטע וואָס ליכטערמאַן האָט מיר דער־ציילט, נאָך זיין צוריקקומען פון די לאַגערן קיין וואַרשע: אין חודש יאַנואַר 1945, האָבן די דייטשן, אונטערן דרוק פון די סאָוועטישע אַרמייען, אָנגע־הויבן צו עוואַקויִרן דעם לאַגער אָשוויענטשים. אַ טראַנספּאָרט פון אַן ערך 15 טויזנט קאַצעטניקעס איז געטריבן געוואָרן צופוס קיין דייטשלאַנד. ליכ־טערמאַן, און אַ סך אַנדערע, זענען אויפן וועג אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. פיל קאַצעטניקעס זענען דאָרט פאַרפרוירן געוואָרן פון קעלט, — אַנדערע, ווידער, זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער.

ליכטערמאַן, מיט נאָך אייניקע קאַצעטניקעס האָבן געוואַנדערט איבערן געדיכטן, חושכדיקן וואַלד, אַן ערך 8 טעג. געגעסן האָבן זיי שניי. דאָס מזל האָט ליכטערמאַנען צוגעשפּילט. ער האָט פון דערווייטנס באַמערקט אַ פּויערישע כאַטע. מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך קוים צוגעשלעפּט אַהין.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַן אַלטער פּויער האָט אים געעפנט. ליכטער־מאַן האָט געבעטן דעם פּויער ער זאָל אים געבן עפּעס צו עסן און לאָזן אים אַביסל זיך אָנוואַרעמען אין דער כאַטע. ער וועט אים דערפאַר באַצאָלן — האָט ער געזאָגט — מיט צוויי גאָלדענע ציין, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין מויל. דער פּויער איז אויף דעם איינגעגאַנגען. באַלד נאָך דעם זענען אין דעם דאָרף אַריין די רוסן און ליכטערמאַן איז אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַרשע, מיט די גאָלדענע ציין אין מויל. די דאָזיקע געשיכטע האָט פּאַסירט מיט אים אין אויבערשלעזיע, טאַקע אין דעם זעלביקן דאָרף דרעווניצאַ, ווו איך בין געווען מיט מיין טעכטערל.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין וראָצלאַוו (ברעסלאַו) איז שוין געווען פאַרנאַכט. מיר האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט און צו מאָרגנס זענען מיר וויטער געפאָרן קיין ריכבאַך. מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין פּעטערס־וואַלדאַו, נעבן ריכבאַך, ווו מיין טעכטערל האָט אָנגעהויבן צו לערנען אין דער דאָרטיקער שולע, וואָס דער קאָמיטעט האָט געגרינדעט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך געהאַט ביי זיך אַ גאַסט. עס איז גע־קומען צו מיר פון וואַרשע דער מאַיאָר וועבער־טעמקין. דאָס מאָל איז ער געווען אין ציוויל־קליידער. עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלביקע גע־שיכטע וואָס אין וואַרשע, און ער האָט מיך טאַקע איבערצייגט, אַז ער מיינט עס ערנסט. איך בין אַוועקגעפאָרן צו ד״ר ציטראָן און געבעטן אים ער זאָל העלפן וועבערן אַריבערצוקריגן זיך די גרענעץ. כ׳בין צוריקגעקומען מיט גאָרנישט. אין משך פון דער צייט וואָס איך האָב געווילט אין וואַרשע, האָט זיך דאָרט די לאַגע געביטן. די טראַנספּאָרטן פון רויטן קרייץ האָבן אויפ־געהערט צו קורסירן. עס איז דעריבער געבליבן איין אויסוועג: וועבער זאָל זיך פאַרשאַפן פּאַפּירן דורך „מאַכערס״. ער האָט אָבער נאָר געוואָלט פאָרן צוזאַמען מיט מיר. מיינע פאַרזיכערונגען, אַז איך פאָר דערווייל נישט אין ערגעץ, האָבן גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט פאַר־לאָזן נידערשלעזיע און ער וועט וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז איך וועל אויך פאָרן. קיין וואַרשע — האָט ער געזאָגט — קען ער זיך שוין נישט צוריק־אומקערן! און ער איז פאַרבליבן אין ריכבאַך, אונטער אַ פאַלשן נאָמען.

דערווייל האָב איך דערוואַרט אַנדערע געסט: עס האָבן געזאָלט קומען צו מיר משה נודעלמאַן און נאָך אייניקע פריינט, וועלכע איך האָב געוואָלט

צוהעלפן אַריבערצוגיין די גרענעץ. אָבער איך האָב נישט געוווסט, אַז דער גרענעץ־פּאַרקער פון די רויטע קרייץ־טראַנספּאָרטן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

פון פּעטערסוואַלדאַו האָב איך אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו יהודה עלבערג קיין לאָדזש. ער איז דעמאָלט געווען דער סעקרעטאַר פונעם פאַראיין פון יידישע שרייבער און אַרטיסטן. אין דעם דאָזיקן בריוו האָב איך אים געבעטן ער זאָל מודיע זיין די פאַרוואַלטונג פונעם פאַראיין, אַז איך רעזיגניר פון מיין אַמט אַלס דער פאָרזיצער. איך אָרדן זיך איין — האָב איך געשריבן — אין נידערשלעזיע און כ'וועל העריבער נישט האָבן קיין מעגלעכקייט זיך צו באַטייליקן אין דער אַרבעט פונעם פאַראיין, וואָס געפינט זיך אין לאָדזש.

היות וועבער איז נאָך אַלץ געזעסן אין ריכבאַך און געוואַרט אויף מיר, האָב איך אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל פאָרן קיין אונגאַרן, ווייס איך פון אַן אָרט אין קאַטאָוויץ, וווּ מען אַרבעט אויס די געהעריקע דאָקומענטן. ער איז מסכים געווען צו פאָרן מיט מיר קיין קאַטאָוויץ, הגם ער האָט שטאַרק געציטערט, צי מען האָט נישט אַרויסגעשיקט נאָך אים קיין שטעק־בריוו.

מיר זענען אָנגעקומען קיין קאַטאָוויץ און איך האָב אים צונויפגעפירט מיט די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט אונגאַרן. זיי האָבן אויסגעאַרבעט פאַר אים די געהעריקע דאָקומענטן.

שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן פון קאַטאָוויץ, האָב איך זיך צופעליק און אומדערוואַרט אָנגעשטויסן אויף דעם זינגער דידיאַ עפּשטיין. איך האָב פּשוט נישט געגלויבט מיינע אייגענע אויגן.

— וואָס טוסטו דאָ, דידיאַ? — האָב איך אויסגערופן אַן איבערראַשטער.

— גוט וואָס איך האָב דיך געטראָפן — האָט ער געענטפערט, זייענדיק נישט ווייניקער איבערראַשט ווי איך — איך האָב נאָר וואָס געוואָלט פאָרן צו דיר קיין וואַרשע.

— וואָס איז געשען? — האָב איך געפרעגט שוין אַ דערשראָקענער.

— באַרויִק זיך און הער מיך אויס. איך קום נאָר וואָס פון בודאַפּעסט. דיאַנאַ האָט מיך געשיקט נאָך דיר און מאַרגאַריטקען. זי איז קראַנק. אַ קאַלטער שווייס האָט מיך באַגאָסן.

— וואָס איז מיט איר געשען?

— איצט איז איר שוין בעסער, אָבער זי איז געווען זייער קראַנק. זי וויל אייך אומבאַדינגט האָבן ביי זיך.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס שלעכטס האָט פּאַסירט, וואָרום אויב עס איז דיאַנען שוין בעסער, האָט זי דאָך געדאַרפט אַליין קומען און נישט שיקן קיין שליח נאָך מיר און דעם קינד. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין צייט אויף מעדיטאַציעס. איבעריקנס, האָט מיר אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן און איך האָב שוין גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט, וואָס מען האָט גערעדט צו מיר. קענענדיק מיין פרוי האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איר צושטאַנד מוז זיין זייער אַן ערנסטער, אויב זי איז אַליין נישט געקומען.

וואָס טוט מען? ווי אַזוי פאָרט מען אַהין ווי אַמשנעלסטן?

איך האָב געהאַט ביי זיך דעם אויסלענדישן פּאַס, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט מיר איבערגעגעבן. איך האָב אָבער נישט געוואָלט אויסניצן אַן אַמטלעכן, האַלב־דיפּלאָמאַטישן פּאַס. איך האָב אויך נישט געוואָלט ריזיקירן צו פאָרן דורך דער גרופּע אין קאַטאָוויץ, מחמת כ׳האָב חושד געווען, אַז די גרענעץ־וואַך האָט שוין מיין נאָמען ביי זיך און מען וועט מיך ביי דער גרענעץ גלייך אַרעסטירן. איז געבליבן אַן איינציקער אויסוועג: זיך ווענדן צו ד״ר ציטראָן, אַז ער זאָל אונדז אַריבערשיקן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע און פון דאָרט וועלן מיר ווייטער זען וואָס צו טאָן.

צוריקקומענדיק קיין פּעטערסוואַלדאַו (פּיעטראָלעשיץ), האָב איך אין די אויגן פון מיינע פריינט דערקענט עפּעס אַ פאַרבאַהאַלטענעם טרויער. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין די סיבה דערפון. האָבן זיי זיך שוין דערוווסט פון מיין פרויס קראַנקהייט? אויב יאָ — ווי אַזוי? דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געוווסט, אַז זיי האָבן געהערט אין פּוילישן ראַדיאָ אַן אוידיציע פון וואַרשע, אין וועלכער מען האָט אויפגעגעבן, אַז „די באַרימטע שוישפּילערין און אויסטייטשערין פונעם יידישן ליד, דיאַנאַ בלומענפעלד, איז נאָך אַ שווערער קראַנקהייט געשטאָרבן אין בודאַפּעסט"... אַגב, האָט מען די ידיעה — ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט — געהערט אויך אין אויסלאַנד.

איך האָב מיר געטראַכט, אפשר ווייזט זיך מיר נאָר אויס, אַז מיינע פריינט זענען טרויעריק. אפשר זענען דאָס בלויז אָפּשפּיגלונגען פון מיינע געפילן, וועלכע איך לייען אַרויס ביי יעדן איינעם...

איך בין גלייך אַריבערגעפאָרן צו ד״ר ציטראָן און אים איבערגעגעבן די גאַנצע טרויעריקע געשיכטע מיט מיין פרוי. ער האָט זייער באַדויערט, וואָס גראָד האָט זיך אָפּגעשטעלט דער טראַנספּאָרט דורכן רויטן קרייץ. ער האָט מיך אָבער געטרייסט, אַז ער וועט עפּעס זען צו טאָן פאַר אונדז. איך האָב דאָך, אויסער מאַרגאַריטקען, געמוזט אויך מיטנעמען דידיאָ עפּשטיין.

ד״ר ציטראָן האָט מיר, קודם כל, געהייסן קומען מיטן קינד צו זיך און זיין ביי אים, ביז עס וועט געלינגען אונדז אַריבערצושיקן אויף דער צווייטער זייט. ער וויל עס טאָן — זאָגט ער — דורך אַ באַקאַנטן סאָוועטישן שאָפער, וואָס פירט אַריבער קיין טשעכיע פּראָוויאַנט פאַר אַ געוויסער סאָ־וועטישער אָפּטיילונג, וואָס איז דאָרט סטאַציאָנירט. ער ווייסט אָבער נישט גענוי ווען דער שאָפער וועט קומען. עס קען זיין היינט, עס קען געשען מאָרגן אָדער אין אַ פּאָר טעג אַרום. איינס איז אָבער זיכער, אַז ער וועט זען דורכצופירן, אַז דער שאָפער זאָל אונדז מיטנעמען מיט זיך.

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיינע האַרציקע, טייערע פריינט אין פּע־טערסוואַלדאַו און ריכבאַך, וועלכע האָבן מיך און מיין קינד אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל ברידערלעכער וואַרעמקייט, וואָס עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. זיי האָבן געוווּסט, אַז איך פאָר אַוועק צו מיין קראַנקער פרוי. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט אויף וואָס פאַר אַן אופן איך טו עס. יעדנפאַלס זענען זיי געווען זיכער, אַז איך וועל נאָך צו זיי צוריקקומען.

דידיאָ עפּשטיין האָט דערווייל אויסגעאַרבעט, דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ „מאַכער״, פּאַסירשיינען פאַר אונדז. — „לאָמיר עס האָבן אויף יעדן פאַל״ — האָט ער געזאָגט. און גוט האָט ער געטאָן. כדי אַריבערצופאָרן די גרענעץ האָבן מיר שוין קיין דערלויבעניש נישט געדאַרפט האָבן, ווייל דער סאָוועטישער שאָפער האָט אונדז געזאָלט אַריבערפירן. די פּאַפּירן זענען אונדז אָבער שפּעטער צוניץ געקומען אין אויסלאַנד, און זיי האָבן אונדז דערמעגלעכט צו קריגן, אין אַ צייט אַרום, קאָנסולאַר־פּעסער אין איטאַליע.

אַדאַנק ד״ר ציטראָן האָבן מיר אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיט אַ טשעכישן יידישן יונגן מאַן, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט אין איינעם פון די נידער־שלעזישע לאַגערן און פּלעגט נאָך היינט קומען אַהין, כדי זיך צו טרעפן מיט זיינע געוועזענע גורל־חברים. דער דאָזיקער מענטש האָט געהערט צו דער טשעכישער אונטערערדישער באַוועגונג, און אַדאַנק אים האָבן מיר,

זייענדיק שוין אויף דער טשעכישער זייט, באַקומען די געהעריקע דאָקו־מענטן, אין וועלכע מיר האָבן זיך גענייטיקט, כדי צו קענען ווייטער פאָרן.

ד״ר ציטראָן האָט מיך און מיין קינד אַריינגענומען צו זיך אין זיין הויז, ווו מיר האָבן געדאַרפט איבערוואַרטן ביז דער באַקאַנטער סאָוועטישער שאָפער וועט קומען. אין משך פון דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך געפונען אין זיין היים, איז פאָרגעקומען אַ כאַראַקטעריסטישע, פאַר יענער צייט, פּאַסירונג.

נאָך דער באַפרייאונג, ווען ד״ר ט. ציטראָן האָט זיך געראַטעוועט פון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין נידערשלעזיע, האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן שפּורן פון זיין פרוי. אַלע זיינע באַמיִונגען אויסצוגעפינען עפּעס וועגן איר האָבן נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז פרוי ציטראָן האָט געטיילט דעם גורל פון די מיליאָנען אומגעבראַכטע.

אין אַ געוויסן טאָג איז אין לאָדזשער יידישן קאָמיטעט געקומען פון אַ לאַגער אַ יונגע פרוי. זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער ריי פון די צוריקגעקומענע פון די לאַגערן, וועלכע האָבן געוואַרט, כדי צו באַקומען הילף. נישט ווילנדיק האָט די פרוי זיך צוגעהערט צו אַ שמועס פון איי־ניקע קאַצעטלער, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט נעבן איר אין דער ריי. איינער פון זיי האָט דערציילט, אַז ער קומט איצט פון נידערשלעזיע, ווו עס האָט זיך געראַטעוועט אַ באַדייטנדיקע צאָל יידן. צווישן אַנדערן, האָט ער זייער געלויבט אַ יידישן דאָקטער פון ביאַליסטאָק, וועלכער האָט מיט מסירת נפש געהאָלפן קראַנקע קאַצעטלער. דער דאָזיקער ביאַליסטאָקער דאָקטער — האָט דער אומבאַקאַנטער געזאָגט — איז פּשוט אַ מלאך, נישט קיין מענטש.

די פרוי, וואָס איז געשטאַנען אין דער ריי, האָט אויך געשטאַמט פון ביאַליסטאָק. דערהערנדיק, אַז דער דאָקטער איז אַ ביאַליסטאָקער, האָט זי זיך פאַראינטערעסירט מיט דער געשיכטע. זי האָט דעם אומבאַקאַנטן געפרעגט, צי ער ווייסט נישט ווער עס איז דער דאָזיקער ביאַליסטאָקער דאָקטער און ווי ער הייסט.

— דאָקטאָר טוביה ציטראָן — האָט יענער געענטפערט.

די פרוי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף די פיס. דאָס איז געווען איר מאַן, וועלכן זי האָט געזוכט ווי נאָר זי האָט זיך באַפרייט פון קאַצעט־

לאַגער, און ביז איצט קיין שום שפּור פון אים נישט געקענט געפינען. זי האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די, וואָס האָבן געטיילט דעם גורל פון די מיליאָנען אומגעבראַכטע.

קומענדיק צו זיך נאָך דער אויפטרייסלונג צוליב דער וווּנדערלעכער, אומדערוואַרטער ידיעה, אַז איר מאַן לעבט, וווינט און פירט אָן מיט אַ שפּיטאָל אין נידערשלעזיע, איז פרוי ציטראָן, פאַרשטייט זיך, גלייך אַוועקגעפאָרן אַהין. אָט די דאָזיקע רירנדיקע סצענע, ווען דאָס ביאַליסטאָקער פּאָרפּאָלק האָט זיך באַגעגנט, האָב איך בייגעוווינט. עס האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

אַ קנאַפּע וואָך זענען מיר געווען די געסט פון ד״ר ציטראָן. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער אונדז מודיע געווען:

— היינט אָוונט פאָרט איר. דער שאָפער איז שוין דאָ. איר קענט זיין רויק. עס וועט אייך מיט אים קיין שלעכטס נישט געשען. איך קען אים שוין אַ צייט. ער האָט מיך ביז איצט נישט אַנטוישט. איך וועל אים אין אייער נאָמען געבן אַ פלאַש בראָנפן.

ווען איך האָב געוואָלט באַצאָלן פאַרן בראָנפן, האָט זיך ד״ר ציטראָן שיעור נישט באַליידיקט. — „איר דאַרפט נאָר פאָרן״ — האָט ער געזאָגט — „דאָס איבעריקע געהער צו מיר״.

עס איז מסתמא געווען 10 אַזייגער אין אָוונט ווען דער שאָפער, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן דער ריח פון בראָנפן, האָט אונדז אויפמערקזאַם באַטראַכט און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— לאַדנאָ. מיר׳ן באַלד פאָרן.

עס האָט געגאָסן אַ שלאַקס־רעגן — ממש אַ מבול. ד״ר ציטראָן האָט אונדז אַרויסבאַגלייט צו דער ריזיקער לאַסט־מאַשין, וואָס איז געווען איבערגעפּולט מיט קאַרטאָפל און צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט־פּלאַכטע. דער שאָפער האָט מיין קינד אַוועקגעזעצט נעבן זיך אין דער שאָפער־בודקע און אונדז האָט ער געהייסן אַרויפקריכן אויף דעם לאַסט־אויטאָ.

געזעגנט זיך מיטן האַרציקן פריינט ד״ר טוביה ציטראָן און צוזאָגנדיק פאַר אים עפּעס צו טאָן אין פּראָג, בין איך מיט דידיאָ עפּשטיין אַרויפגעקראָכן אויפן ריזיקן אויטאָ מיט קאַרטאָפל און זיך דאָרט אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג — אַזוי ווי דער שאָפער האָט געהייסן. ער האָט אונדז

אויך אָנגעזאָגט, אַז מיר מוזן ליגן רויִק און נישט רירן זיך פונעם אָרט, וואָס עס זאָל נישט געשען אויפן וועג. ער האָט אונדז גוט איבערגעדעקט מיט דער פלאַכטע, ר׳איז אַריין אין דער שאָפער־בודקע און געלאָזט דעם מאָטאָר אין גאַנג.

אָפּפאָרנדיק אפשר אַ צוואַנציק מינוט, האָט דער שאָפער צו אונדז אַרײַבערגעשריגן — מיר דערנענטערן זיך צו דער פוילישער גרענעץ־וואַך. רירט אייך נישט פון אָרט.

אַביסל שפּעטער האָט זיך דערהערט אַ פוילישער אויסרוף: „שטיין בלייבן״. דער שאָפער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, נייערט פאַרשטאַרקט די געשווינדקייט. ער איז געפאָרן שנעל ווי אַ וויכער. נאָך אַמאָל — אַן אויסגעשריי: „שטיין בלייבן, ווייל כ׳שיס״! און באַלד נאָך דעם האָט די פוילישע וואַך טאַקע אָנגעהויבן צו שיסן אין אונדזער ריכטונג. איך בין געבליבן ווי פאַרשטיינערט: צי האָט, חלילה, עפּעס נישט פּאַסירט מיט מיין קינד?! אָבער נאָך אַ ווייל, זענען מיר שוין געווען אויף דער צווייטער זייט גרענעץ — אין טשעכיע.

דער שאָפער האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין (די טשעכישע וואַך האָט אונדז נישט פאַרהאַלטן), צוגעגאַנגען צו אונדז און געפרעגט מיט אַ געלעכטער, צי אַ קויל האָט אונדז נישט געטראָפן...

אָנשטאָט צו ענטפערן האָב איך אים געפרעגט:

— וואָס איז מיט מיין קינד?

— אַלץ אין בעסטן אָרדענונג — האָט ער געענטפערט — איר זענט שוין אין טשעכיע.

אויף אַזאַ אופן האָב איך מיט מיין קינד פאַרלאָזט די גרענעצן פון אונדזער געבוירן־לאַנד, פוילן.

# רעגיסטער פון נעמען


**א**בעלשטיין רחל — 275
אַדוועגטאָוויטש קאַראָל — 207
אַוואָל אָסקאַר — 176, 177
אויערבאַך רחל — 98, 218, 287
אַטלאַס י. — 219
איגעל־איגליצקי ה. — 267
אייגער מאַריאַ — 76
אייזענבערג יעקב — 230
איינהאָרן מענדל — 83
אינפּלינג, ס״ס־מאַן — 158, 160
אָכאַב — 88
אָלאָמוצקי ב., אַדוואָקאַט — 165
אלטוסקי לוטעק — 165
אלטער לילקא — 248
אַלעף (באָלעק) ג., פּולק. — 82, 118, 171, 194, 285, 287, 289
אַנדערס, גענעראַל — 104
אַנטעק (זע: צוקערמאַן יצחק)
אָסובקאַ־מאָראַווסקי עדוואַרד — 82, 87, 106, 109, 194
אָסטראָווסקא, פּרוי — 202
אָפּפּעלבוים עמיל, ד״ר — 202, 203
אפרת, איגנאַץ. — 151
אַקערמאַן העניעק — 248
אַרבעספעלד האַניאַ — 248
אַרלאָווסקי וויטאָלד, ד״ר פּראָפ׳ — 202

**ב**אָדנער האַלינאַ — 248
באַומינגער, ד״ר — 170
באַומשטיין אלא — 248
באַטענשלעגער — 161, 162
באַי אַדעלאַ — 173, 174, 175
באַי הדסה — 175
באַי וויקטאָר — 175
באַי־ראָזענקראַנץ טאַמאַראַ — 175
באַי עמאַנועל — 175
באַי משה, ד״ר — 175
באַי רחל — 175
באַי שלמה — 174
באַליצקי שמעון — 230
באַקאַלטשוק־פעלין מלך — 165, 222
באַראל — 199
באָרוויטש מיכאל — 98, 124
באָרטשינסקא ס. — 242—250
באָריישאָ יעזשי, מאַיאָר — 47, 48
באַרסקי־גיטלער — 202
בויאַלסקי — 29
בויאַנסקי ר., ד״ר 123
בוים יחיאל — 191
בולגאַנין ניקאָלאַי, מאַרשאַל — 22, 29
בונין — 220
בוכמאַן יאַקוב — 248
בוכמאַן טאַמאַראַ — 248, 298
בזשאָזאַ פעלאַ — 248
ביטער מאַרק — 32, 68, 89, 98
בייער, ד״ר — 60
ביכאָווסקי יוזעף — 96
ביליג מ. — 34, 35, 36, 38, 117, 268, 269
בינענשטאָק (עקהייזער) אולא, ד״ר — 213
בינשטאָק חיים — 273
ביעלסקי טביה — 30, 31
ביערוט באָלעסלאַוו, פּרעזידענט — 106, 109

בירנבוים אברהם־בער — 153
בלאַנקע, ד״ר — 74
בלום אַבראַשאַ — 247
בלום וויעשיא — 247
בלום־ביעליצקא לובא — 61, 246, 247
בלומענטאַל נחמן, מגר. — 170, 220, 222
בלומענפעלד דיאַנאַ — 11, 12, 60, 76, 77, 170, 188, 189, 218, 256, 306
בליט וולאַדקאַ — 247
בליט לוציאַן — 247
בליט מענדל — 273
בליט בעלי — 247
בליט־הערצליך פעלאַ — 247
בליך נחמן — 218, 299
בעלערינאַ בעלאַ — 178
בערמאַן אַדאָלף — 33, 98, 202, 206, 227
בערמאַן־טעמקין באַשיע — 98, 200, 227
בערמאַן יאַקוב — 33, 38, 83, 109, 268, 275
בערקאָוויטש לעאָן, ד״ר — 165
בראַדערזאָן משה — 91
בריקס שמחה — 273
ברענער איטאַ — 153
ברענער העלענאַ — 248
ברענער ל. — 151, 153

גאַדיק וול. — 20
גאַדזשינאָווסקי יעזשי — 280
גאַטפריד ט. — 83
גאַל, פרוי — 157, 158
גאָלדבערג אברהם — 47
גאָלדבערג י. — 151
גאָלדבערג לוצינא — 248
גאָלדמאַן נחום, ד״ר — 96,
גאָלדמאַן, פרוי — 199
גאָלדשטיין בערנאַרד — 68
גאָלדשער פנחס — 163
גאָמולקאַ וויעסלאַוו — 22, 82, 88, 106, 115, 240
גאַרבאַזש, ברידער — 84
גוויאַזדאָוויטש, מאַיאר — 280
גוז, פרוי — 268, 269
גוזשיק דוד — 68, 70, 201, 237, 248, 256
גוטמאַן ג. — 165
גורעצקי, פראָפ׳ — 207
גזימעק קאַזשימיעזש — 272
גיטלער אירקא — 246
גיטערמאַן יצחק — 200
גינזבערג אירא, ד״ר — 70
גינזבערג יעקב — 165
גיפּס צעלינאַ — 248
גלאָס יורעק — 248
גלובע ש. — 219, 222
גלייכגעוויכט אַדאַם, ד״ר — 160 163
געט אמאַן — 130
געלבאַרט, ד״ר — 69
געלבאַרט אירקאַ — 248
גערטנער, פרוי — 199
גערער רבי — 128
גראַבסקי סטאַניסלאַוו — 26
גראַיעק (סטעפאַן) שלום — 33, 98, 266
גראָסמאַן משה — 91
גראַש וויקטאָר — 36, 37
גרובעצקי מיכאל — 106
גרינבוים יצחק — 42, 95, 96
גרינשטיין — 150
גריס נח — 165, 218, 220, 222

דאַטנער שמעון, ד״ר — 78
דאָמבראָווסקי קאָנסטאַנטי — 106
דייוויס רעימאָנט — 45
דייכעס הערשל — 214
דייכעס מוסיא — 214, 215, 218, 219
דיקשטיין האַנקאַ — 156
דעמבינסקא לילי — 248
דראַבנער באָלעסלאַוו — 23, 69, 106, 110
דראַבנער מיעטשיסלאַוו ד״ר — 23
דרענגער גוסטאַווא — 125

האַוזמאַן א., ד״ר — 70
האַופּטמאַן געראַרט — 228, 229
האַכבערג־מאַריאַנסקאַ מאַריאַ — 120, 121
האַלער יוזעף, גענעראַל — 184
האַלער — 184, 253, 299
האַנעמאַן יאַן — 106, 114
האַספּערל בינא — 237
האָפּמאַן אָבער־שאַרפּירער — 74
האַרטענמייער ווילהעלם — 73
האַריס אַלבערט — 34
האַריס מיעטשיסלאַוו — 34
העקלער — 170
הענדלער י. — 218
הערצאָג יצחק, רב הכולל — 96
הערציק, ד״ר — 165
הערשנהאָרן שלמה, ד״ר — 32, 61, 171, 176
הערשענפּוס אברהם — 272
העשעלעס יאַנקאַ — 125

וואָהל סאַמועל — 97
וואָליצקי טעאָפיל — 178
וואָלגאָוויטש רחלע — 248
וואסער הערש, מגר. — 256
וואָלפע, ד״ר — 90
וואָלף יוסף — 123, 125, 299
ווארכלאָווסקי, פּולק׳ — 194
ווארם מיעטשיסלאַוו, אַדוואָקאַט — 123, 202, 299
ווארם־באַנקער לילי — 123, 218, 299
וואַרשאַוער יצחק — 272
וואַרשאַוער סיאָמאַ — 272
וואַשילעווסקא וואַנדאַ — 99, 106
וויטאָלד (יוזשוויאַק) גענעראַל — 277
וויטאָס, אַנדזשעי — 114
ווייכערט מיכאל, ד״ר — 94
ווייסבלום יוסף — 273
ווייסקאָפּף, אַדוואָקאַט — 217, 220
ווייץ עמיל — 255
ווינדער מאיר — 299
ווינטער, פּרוי — 45
וויעזשגאַטש עדוואַרד — 123
וויעליקאָווסקי ד״ר אַדוו׳ — 123
וויצעק טשעסלאַוו — 106
ווישיוויאַנסקי שימאָן, ד״ר — 56
ווישליצקי וואַצלאַוו — 165
וולאַסאָוו, גענעראַל — 295, 296
וועבער־טעמקין — 299, 300, 305
וועגדע קאַראָל — 35, 36, 37
וועסבי איוואָ — 255
וועסבי לאָלאַ — 254, 255
ווערבלאָווסקי — 35, 36
ווערטה אַלעקסאַנדער — 45
ווערטהיים, אַדוואָקאַט — 98, 217
וורובעל יאַן — 178

זאַלאָשיצער רבי — 129
זאַלצבערג וואַצעק — 248
זאַלשופין, פּרוי — 199
זאַמעטשקאָווסקי הערש — 199, 251
זאָמערשטיין עמיל, ד״ר — 32, 33, 40, 49, 61, 76, 79, 85, 86, 91, 95, 98—110, 171, 206, 276, 290
זאָמערשטיין מירא — 99, 107, 108, 114, 116
זאַכאַריאַש שמעון — 98
זונשיין מ. — 32, 68, 98
זיגעלבוים (אַרטור) שמואל — 169
זיגעלבוים (אַרטורס זון) — 233
זיגעלבוים ראובן — 169, 170
זילאָוו יאַנינאַ — 55, 56
זילבערבערג מיכאל — 200
זילבערבערג נפתלי — 51
זילבערמאַן־קיכלער לענאַ —
זילבערשטיין — 274
זלאָטניצקי אברהם — 84
זנאַכאָר, מאַיאָר (זע: ד״ר מ. טעמטשין)
זעלווערעאָוויטש אַלעקסאַנדער — 207

זעליצקי פ. — 32, 68, 98, 171
זעלמאַנאָווסקי — 60
זרובבל יעקב — 42
זרובבל פרידאַ — 191
זשוראַווין אַדאַם — 71
זשורעק, פּאַרוטשניק — 277
זשימאָווסקי ווינצענטי — 23, 26, 83, 113, 268
זשימיערסקי (ראָלאַ) מאַרשאַל — זע: ראָלאַ־זשימיערסקי
זשעמיאַן (זיסמאַן) יוזשעק — 62

חפץ יאַשאַ — 175

טאַבאַטשניק־מירסקי מיכאל — 81
טאַטענגרעבער עלא — 248
טאַלקאַטשאָוו זינאָווי — 75, 76
טאַמאַשעווסקי סטעפאַן — 272
טאַפּעט גרשון — 170
טאַרנאָפּאָלער ל. — 97
טהאָן יהושע, ד״ר — 126
טהומאַן, אָבער־שאַרפירער — 74
טורקאָוו זיגמונט — 48, 70
טורקאָוו יצחק — 48, 70
טורקאָוו מאַרגאַריטאַ — 52, 53, 206, 215, 216, 242—250, 298, 302, 304
טורקאָוו מאַרק — 48, 49, 70
טורקאָוו רות — 70
טעמטשין (זנאַכאַר) מישאַ, ד״ר — 14, 21, 81, 112, 116, 194
טעמטשין סיאָמאַ — 61
טענטשינע יוסף — 84
טענענבוים יוסף, ד״ר — 97
טעמקין־ווּעבער, מאַיאַר —
טערנעס אַנטאַן — 73
טראַקענהיים גוטאַ — 247
טרילינג, משפחה — 56
טשאַרנע — 151
טשעכאָוויטש זיגמונט

יאַבלאָנסקי ל., ד״ר — 69
יאָזעפסאָן גוטא — 155, 156, 161, 163
יאָזעפסאָן רחל — 155, 160, 161, 163
יאַנאַס סטאַניסלאַוו — 248
יאַסקאָוויטש אהרן־נח — 128
יאַקאָוולעוו וויקטאָר — 30
יאַקובאָוויטש ראַפּאַל — 248
יאַראַטש סטעפאַן — 207, 208
יאַראָשיעסקי — 29
יאַרניצקא טאַניאַ — 248
יאַשונסקי גרישאַ — 77, 98, 118, 171, 203, 218
יוזשוויאַק (וויטאָלד, פּולק׳ — 14
יענדריכאָווסקי סטעפאַן — 106

כאַין, ד״ר — 209, 210, 211
כהנא דוד, ד״ר פּולקאָווניק — 64, 68, 112, 113, 152, 153, 203, 204
כהנא סטעפאַן, ד״ר — 280

לאַנדאַו לייב, ד״ר — 73
לובעטקין צביה — 33
לובעלטשיק ע., ד״ר — 300
ליבמאַן געניאַ — 248
ליבערמאַן מ. — 53
לידאָווסקי לייזער — 172
ליטאַוער יוזעף — 49
לייזעראָוויטש יאַדוושיאַ — 248
לייכטמאַן יעקב —
ליכטערמאַן יעקב — 152, 153, 199, 203, 303, 304
ליגקאָווסקי משה — 230
ליסבאַן יצחק — 165
לעדערמאַן יחיאל — 84
לעדערמאַן לייב־יוסף — 84
לעדערמאַן פנחס — 176, 177
לעהמאַן הוירבעריט —
לעוויטע חיה — 272
לעווין האַניאַ —237
לעווענשטיין העניאַ — 237

לעווערטאָוו איי־זיקל, ר׳ רבי —
לעווערטאָוו היגדזשיע —
לעווערטאָוו מנשה, רב — 125, 126, 128, 130, 131
לעמבערג אַנטאָש — 248
לעסעלבוים־טראָקענהיים — 191
לערמאַן — 272
לעשטשינסקי, פּראָקוראָר — 222

מאַגליעסקי — 274
מאַדזשעלעווסקי זיגמונט — 106
מאַזור אַלבערט, ד״ר — 212
מאַזור מ., ד״ר — 77
מאַזער הינדע — 299
מאַטושעווסקי סטעפאַן — 35, 36
מאַטיוויעצקי מנשה — (זע: נאַסטעק)
מאַיסקי י., — אַמבאַסאַדאָר — 103
מאַיעווסקי אַלעק — 248
מאָסדאָרף יאַן —
מאַלעטניק ס. — 136
מאַלאָטאָוו וו., מיניסטער —
מאַן מענדל — 220
מאַראַקאָ יעקב — 218
מאַרגולעס אַנאַ, ד״ר — 69
מאַרגולעס, ד״ר — 160, 163
מאַריאַנסקאַ־האָכבערג מאַריאַ —
מאַרק בער — 97
מאַרקיש פּרץ —
מאַשקאָוויטש (מאָס) פּאַולינאַ — 199
מודריק דוד — 248
מושקאַט מאַריאַן, ד״ר — 17
מייסטער ברוך — 230
מיכאַלסקי נאָרבערט — 280
מיכאַעלס שלמה — 147
מילער שמואל —
מילשטיין סאָניע — 273
מינץ (זאַלשופּין) טאַשיא — 199
מיעטקאָווסקי, פּולקאָווניק — 133
מיקאָלייטשיק סטאַניסלאַוו — 26, 82, 227
מירסקי־טאַבאַטשניק מיכאל — 217, 226
מליטשקעוויטש שאול — 275
מערענהאָלץ העלענאַ — 199

נאַדין (גומאַן) קאַפּיטאַן — 34, 36
נאַטאַנבליט, פּרוי — 60
נאַכטיילער הערש — 275
נאַסטעק (מאַטיוויעצקי מ.) מאַיאָר — **193**, 197
נודעלמאַן משה — 71, 267, 304
ניאַק סטאַניסלאַוו — 135
ניקעלבערג טאַדעאוש, ד״ר — 160, 161, 163
ניישטאַט מלך (בוי) — 193
ניעדזשוויעצקא צעלינאַ — 123

סאַוויצקי (רייזער) יעזשי, ד״ר — 73
סאַפּרין־פעלדשו ר., ד״ר — 68
סאַק יוסף — 33, 98
סטאַלין — 95, 97, 107
סטאַרע רבקה — 274
סטעפאַן (זע גראַיעק) —
סטראָאָפּ, ס״ס־גענעראַל — 192
סעגאַל לואיס — 96
סילקעס גענים — 220
סימכאָוויטש, ד״ר — 59
סעגאַלאָוויטש ז. — 188
סעגאַלין, משפחה — 76
סעמיאַטיצקי איגנאַצי, אינזש. — 70
סענטשילאָ, גענעראַל — 29, 45, 185
ספּיכאַלסקי מאַריאַן, גענעראַל — 167, 194, 206
ספּילקאָווסקי נאַטאַן, אַדוו׳ — 165
סקאָסאָוויסקי לעאָן — 71, 190
סקאַרבניק — 76
סקזשעשעווסקי סטעפאַן, ד״ר — 106
סרעברניק שמעון — 223, 224

עגיד יעקב — 231, 239, 294
עדעליסט י. — 153

עדעלמאַן סאַמועל, ד״ר — 97
עלבערג יהודה — 18, 78, 98, 118, 169, 217, 218, 296, 305
עפשטיין דידיאַ — 68, 170, 218, 256, 305, 307
עפשטיין, אַדוואָקאַט — 70
עקהייזער (ביענשטאָק) אולא ד״ר — 213
ערענפרוינד — 136

פּאַדלישעווסקי אברהם — 189
פּאַזנער — 191
פּאַזשאַריק אַלפרעד — 255
פּאַזשאַריק צעליעאַ — 255
פּאַנסקי יעזשי — 96
פּאַקאַרגי, משפחה — 246
פּולטאָראַק — טשעסלאַוו — 272
פּיזשיץ האַניאַ — 246
פּיזשיץ מענדל — 246
פּלוצער־סאַרנאַ טאַדעאוש — 122, 181, 183
פּעלטעל (וולאַדקע) פייגל — 218
פּעקער מאיר, ד״ר — 71
פּערלע יהושע — 196
פּראַווין יאַקוב, גענעראַל — 42, 43, 44, 45, 97, 98
פּרייס איזאַק — 280
פּרילוצקי צבי־הערש — 299

פֿאַגעל הערמאַן — 73
פֿאַלמאַן עדמונד — 73
פֿוקס טאַניאַ — 250, 251, 252, 254
פֿייבער ישראל — 71, 267
פֿינקעלשטיין אביבה — 246, 247
פֿינקעלשטיין הענריק — 191
פֿינקעלשטיין חיים — 246
פֿינקעלשטיין לעאַ — 91
פֿירשט האַלינאַ — 248
פֿישגרונט (הענריק) ש. — 33, 138
פֿעלדשו (סאפרין) בן־שם ראובן ד״ר — 112, 170
פֿעפער איציק — 147
פֿערשטענדיק מ., ד״ר — 53, 166, 169
פֿראַנק הערמאַן, ד״ר — 69
פֿרידמאַן פיליפ, ד״ר — 98, 112, 118, 170, 217, 222, 235
פֿרענקעל בראָניסלאַוו — 254, 255
פֿרענקעל האַלינאַ — 254, 255
פֿרענקעל לייבישל, ר׳ — 128

צוקערמאַן ברוך — 96
צוקערמאַן (אַנטעק) יצחק — 33, 98, 194, 197, 266
ציטראָן טביה, ד״ר — 241, 300, 304, 306, 307, 308, 309
ציטראָן, פרוי — 308, 309
צייטלין אלחנן — 299
ציעמפינסקי פּיאָטר — 177
צענטאַרסקא יאַשיאַ — 248

קאַגאַנאָוויטש לאַזאַר — 107
קאַגאַנאָוויטש משה — 165
קאהאן־שושנה ר. — 299
קאהאן (ריגער) שמעון — 170
קאָוואַלסקי וול. — 106
קאָוואַרסקי ז. — 53
קאַמיעסקאַ אסתר־רחל — 215
קאַמינסקאַ אידאַ — 12, 70, 98, 147
קאַמינסקי יאַן — 84
קאַמינסקאַ קאַטאַזשינאַ — 178
קאַמעראַז חיים — 82, 198, 199
קאַסאָווער מ. — 32, 68
קאַפּעל ראַזאַליאַ — 272
קאַציזנע אַלטער — 259, 260
קאַציזנע ח.ה — 260
קאַציזנע שולמית (מיטקע) — 259, 261
קאַציק — 178
קאַקאָשקא, ד״ר — 61
קוטנער סטעלאַ — 248
קוטשינסקי י. — 231, 294

קאָטשערא, ס״ס־גענעראַל — 15
קופּערבערג, ד״ר — 132, 133, 134
קוציק העניא — 248
קוראָווסקי (וואַרשאַווסקי) פּראָקוראָר — 222
קושניר מאָטל — 222
קיכלער־זילבערמאַן לענאַ — 62
קיפּניס מנחם — 299
קירשנבוים א. — 218, 219
קליינערמאַן י., אַדוואָקאַט — 202
קליינערמאַן יאַדוויגאַ — 202
קעמפּא מאַריאַן — 272
קערמיש יוסף, ד״ר — 165, 220, 222
קערניק וול., ד״ר — 50, 83, 88, 89, 267, 269, 278
קראָוויעץ, רב — 219
קראָוזע — 151
קרוקאָווסקי מאַיאָר — 17
קרינסקי ד״ר, פּולקאָווניק — 184

ראַבינאָוויטש — 170
ראַדקעוויטש סטאַניסלאַוו, מיניסטער — 88, 106, 107, 108, 133
ראָהאַטינער — 173
ראָזענבערג י., ד״ר 230, 237
ראָזענבערג מלך — 299
ראָזענטאַל חיהלע — 219
ראָזענקעוויטש בעלאַ — 275
ראָזענקראַנץ־באַי טאַמאַראַ —
ראָזשאַנסקי יאַצעק — 48
ראָטבלאַט לוטעק — 259
ראָטהאָלץ שעפּסל — 258
ראָטענשטרויך־טשערווינסקי אַרטור — 278
ראָכמאַן לייב — 19, 20, 172, 226
ראָלאַ־זשימיערסקי מיכאל, מאַרשאַל — 21, 22, 83, 106, 194, 240
ראַק, אַדוואָקאַט — 70
ראָקאָוער, אַדוואָקאַט — 70, 225.

ראַמער טאַדעאוש — 26
ראָסט־טהאָן בעלאַ, ד״ר — 125, 299
ראָקאָסאָווסקי ק., מאַרשאַל — 22, 238, 240
ראָשינסקי טשעסלאַוו — 29
רובין דאָראַ — 219
רובינליכט העניק — 16, 177, 182
רובינליכט לעאָן — 182
רובינשטיין פראַנקאַ — 178
ריטשקע אַנקאַ — 123
רינדפליש, ד״ר 74
רייגער מינאַ — 237
רעכעס שלום — 136
רעכניץ־לימנער ראַמאַן 163

שאָלען טעאָדאָר — 73
שאַפּיראָ העניק — 45, 46, 47
שאָר ז. — 117
שאָר משה, ד״ר פּראָפ׳ — 103
שוואַלבע — 106
שוואַרץ יוסף, ד״ר — 237, 238, 297
שוואַרצשטיין בער — 53
שווייצער־מילער רעניאַ — 237
שווייקין מיכאיל, קאַפּיטאַן — 136
שולדענפריי מאַריאַ, ד״ר — 60
שטאַלפּ הײנץ — 73
שטאַכעלסקי יעזשי — 106
שטאָקפעדער אַנגאַ — 165
שאָרכמאַן לאַריסא — 248
שטאַרקמאַן לינקאַ — 248
שטיינבערג משה, רב — 125, 131, 203
שטערנעס עדא — 248
שטשעקאַטש ל., רב — 171, 219, 220
שידעלסקי — 29
שיינבערג שיינע — 230
שיינפעלד, ד״ר ראַבאַי — 63
שינאָוולאַגא לילקא — 247
שינדלער אָסקאָר —
שיקאָרסקי וולאַדיסלאַוו, גענעראַל — 103, 104

שמוקלער באַטאַן — 248
שמעל האַליגאַ — 173
שנייבערג טעאָדאָר — 35
שנייבערג ד״ר — 35, 69
שעדלעצקי אפרים — 19, 118, 216
שעפנער העלענאַ — 220
שער יאָנאַס — 199
שפיגל ישעיה — 218, 220
שפילמאַן װלאַדיסלאַװ — 253
שפיגאַלסקי — 174
שפּיראָ ל. — 169
שקליאַר — 33, 266

פרעסע־שטימען וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום



**יעקב באָטאָשאַנסקי** שרייבט צווישן אַנדערן וועגן די צוויי בענד פון יאָנאַס טורקאָוו „פאַרלאָשענע שטערן", וואָס זענען פּרעמירט געוואָרן מיט דער צבֿי קעסל־ליטעראַטור־פּרעמיע („די פּרעסע", בוענאָס איירעס, דעם 2טן אַפּריל 1954):

די ביכער סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום", וואָס דער צענטראַל פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע גיט אַרויס אונטער דער רעדאַקציע פון מאַרק טורקאָוו און פאַרוואַלטונג פון אברהם מיטלבערג, דערנעענטערט זיך צו דעם פאַנטאַסטיש קיילעכדיקן נומער 100. עס זענען היינטיקע וואָך דערשינען די נומערן 95 און 96.

ביידע דערמאָנטע נומערן האָבן איין נאָמען — פאַרלאָשענע שטערן". זייער מחבר איז דער שוישפּילער יאָנאַס טורקאָוו, וועלכער האָט אין דער זעלבער סעריע פאַרעפנטלעכט אַ בוך א"ב „אין קאַמף פאַרן לעבן". דער מחבר גיט אין זיינע צוויי נייע ביבער קורצע סקיצן וועגן אַ גרויסער צאָל ייִדישע שוישפּילער און טעאַטער מענטשן, וועלכע זענען אומגעקומען און אומגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ און אין די לאַגערן. ער רופט זיי אַלע שטערן, כאָטש נישט אַלע האָבן טאַקע בפועל ממש געשיינט אויף דער בינע. פאַרלאָשן געוואָרן זענען כמעט אַלע אויף דעם זעלביקן אופן.

עס איז נייטיק דאָ באַלד צו באַמערקן, אַז ס'איז פאַראַן אַ געוויסע צאָל סקיצן וועגן אַנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן קיין דירעקטן שייכות צום טעאַטער נישט געהאַט, ווי: ד"ר יעקב וויגאָדסקי, דער אָנגעזעענער ציוניסטישער מנהיג און ראש הקהל פון ווילנע, לייב לאַנדוי, באַרימטער לעמבערגער אַדוואָקאַט, פאַרטיידיקער פון שטייגערן א"אַ. כאָטש די פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שייכות צום ייִדישן טעאַטער, פאַרבלייבן אין זכרון, זענען אָבער ביידע בענד פון י. ט. דאָך אַ טעאַטער־בוך. די אַטמאָספער און דער קלימאַט זענען אין דעם דאָס ייִדישע טעאַטער.

דער מחבר דערציילט אין אַ קור־צער הקדמה, וואָס הייסט „זייט מיר מוחל, וואָס איך לעב", ווי אַזוי ער איז געקומען צו שרייבן די צוויי בענד. ער שילדערט דעם וואַרשעווער אַקטיאָרן פֿאַראיין אויף לעשנאָ 2, וואָס איז בשעתו געווען אַ צווייטע, פּאָפּולערע גייסטיקע יידישע היים אין וואַרשע, נאָך טלאָמאַצקע 13. ער שיל־




דערט דעם דאָזיקן לאָקאַל ווען די דייטשן האָבן דאָרט שוין נישט דער־לויבט צו האָבן אַ פֿאַראיין און עס איז געווען אַ פֿאָלקס־קיך, טאָקע פֿאַר אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט צעטיילט אויף אָפּטימיסטן, וועלכע מען האָט גערופֿן „יחוא" און פּעסי־מיסטן, וועלכע מען האָט גערופֿן „שוואַרצע קראָען". אייזיק סאַמבערג איז געווען דער ראש פֿון די אָפּטי־מיסטן. פֿון די 360 יידישע שוישפּי־לער, וואָס פּוילן האָט געהאַט, זענען דעמאָלט דאָרט געווען 187. ער אַליין, דער מחבר, האָט זיך געראַטעוועט. „איך האָב נישט געטאָן, דערקלערט ער, קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיין קעגן אונדזער מאָראַל און עטיק". ער איז נישט שולדיק, דערקלערט ער, וואָס ער איז נישט געכאַפּט געוואָרן ביים טראָגן געווער אין דער יידי־שער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און ער איז נישט שולדיק, וואָס ער האָט איב־איינעם מיט זיין פֿרוי, די שוישפּילע־רין דיאַנאַ בלומענפֿעלד, זיך אויס־באַהאַלטן לעבן וואַרשע, גראָד אויף דעם אָרט, וווּ עס האָבן געגראָבן אָקאָפּעס נישט די דייטשן, נאָר די רויט־אַרמייער וואָס האָבן זיי געראַ־טעוועט. עס איז געווען אַ צופֿאַל, וואָס ער איז געבליבן לעבן און ער האָלט דאָס פֿאַר אַ חטא, וואָס ער וויל אויס־קויפֿן. און אויסקויפֿן וויל ער די זינד דערמיט, וואָס ער וועט ביז אין סוף פֿון זיין לעבן נישט לאָזן פֿאַרגעסן די אַלע קאָלעגן זיינע, וועלכע זענען אומגעקומען און זיין בוך וויל ער זאָל זיין „יזכור־בלעטלעך", אַ דענק־מאָל און אַ דערמאָנונג אין זייער נישט פֿאַרענדיקט לעבן.

דער ערשטער באַנד האָט 324 זייטן און 44 סקיצן און דער צווייטער — 308 זייטן און 45 סקיצן. אָבער אין די 89 סקיצן זענען באַשריבן מער ווי 89 פּערזאָנען. אין אייניקע

זאַכן זענען באַשריבן צוויי פּערזאָנען, אין אַנדערע גאַנצע משפּחות. וואַרשיינלעך זענען אין די צוויי בענד פאַראַן פּאָרטרעטן פון ווייט איבער הונדערט יידישע שוישפּילער און טעאַטער־מענטשן.

יאָנאַס טורקאָוו האָט זיינע „פאַרלאָשענע שטערן" נישט געזוכט צו ווייזן פאַרטיפט, אָדער דערהויבן. ער האָט זיך נישט געגריבלט אין דער פּסיכאָלאָגיע פון זיינע העלדן און ער האָט נישט געזוכט צו געבן גרינטלעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער קונסט פון די קדושים. ער איז קיין מאָל נישט סוביעקטיוו און ער לאָזט נישט זיינע העלדן זיך אָפּשפּיגלען אין זיין, דער מחברס פּריזמע. ער ווייזט זיינע העלדן דורך זייער אייגענעם גרעסערן, אָדער קלענערן שיין. ער מיידט נישט אויס דאָ און דאָרט צו ווייזן די שוואַכערע זייטן פון די באַשריבענע (אָט ווי אין פּאָרטרעט וועגן העברי לאַכטיגער), אָבער ער טוט דאָס מיט טאַקט און ער געדענקט שטענדיק, אַז ער באַשרייבט קדושים. די סקיצן ברענגען אַרויס דאָס נייטיקסטע פון דעם קינסטלערישן ווערט און פון דער מענטאַליטעט פון די באַשריבענע. פאַראַן דער צוגאַנג פון אַן אינטעליגענטן שוישפּילער און טעאַטער־קענער און דערפאַר פעלט נישט קיין מאָס. גרויסע קומען אַרויס גרעסער, קלענערע — קלענער, טראַגישע — טראַגיש און קאָמישע — כמעט קאָמיש...

און אייניקע גיבן אַ שיין אַרויס מיט זייער עכטער מענטשלעכקייט בשעת זייער אומקום. אָט באַשרייבט ער אין ערשטן באַנד די יונגע שוישפּילערין דאָראַ פאַקעל, וואָס איז וואַרשיינלעך געווען די שענסטע אַקטריסע אין יידישן טעאַטער (יעדנפאַלס די שענסטע פון די דאָזיקע, וואָס איך האָב געזען. י. ב.). זי איז צוגעקומען צום יידישן טעאַטער אין יאָר 1932, ווען זי האָט געענדיקט די טעאַטער־שול פון דער קולטור־ליגע. דער מחבר דערציילט, אַז כאָטש די אַקטריסע האָט געוווּסט, אַז ווי אַ פרוי אַ שיינהייט, דערוואַרטן זי גרויסע דערפאָלגן אין לעבן, האָט זי איר גאַנצע אַמביציע אַריינגעטאָן אין טעאַטער. אומגעקומען איז זי בעת אַ פּרווו צו ראַטעווען יידישע אַקטיאָרן און זיי צוריקברענגען אויף דער אַרישער זייט. זי איז דעמאָלט געכאַפּט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין לאַגער פון מאַידאַנעק. אַמאָל איז דער סוף פון אַ שוישפּילער אַן עכט טעאַטראַלישער, אָט ווי עס איז געשען מיט דעם גרויסן און בשעתו באַרימטן שוישפּילער שמואל לאַנדאַו. ער איז געשטאָרבן בעת ער האָט געשפּילט פּראָספּעראָן אין שעקספּירס „שטורעם". אין 2טן אַקט דערשיינט נישט פּראָספּעראָ, וואָס איז דער הויפּט־

העלד פון דער דאָזיקער וווּנדערלע־
כער טראַגעדיע, אויף דער בינע און
שמואל לאַנדאַו איז בעת דעם צווייטן
אַקט געשטאָרבן אין גאַרדעראָב און
„צוויי טעג איז זיין קערפּער געווען
אויסגעשטעלט אין שעקספּירס גרים
אין פּאָיע פון טעאַטער. ער האָט גע־
האַט די פּייערלעכסטע לוויה, וואָס
מ׳קען זיך נאָר פאָרשטעלן, מיט אָר־
קעסטערס, מיט קרענץ און צענד־
ליקער אינסטיטוציעס, מיט דעלעגאַ־
ציעס פון אַ סך שטעט".

און אָט ווי עס ווערט געשילדערט
דער סוף פון דעם באַרימטן אַדוואָ־
קאַט לייב לאַנדוי, וועלכער האָט אין
דער יוגנט, ווי דער מחבר דערציילט,
געטרוימט צו ווערן אַ יידישער אַק־
טיאָר. די דייטשן האָבן אים נישט
געפונען, אָבער די אוקראַינער, וועל־
כע לאַנדוי האָט אַזוי פיל מאָל פאַר־
טיידיקט און געראַטעוועט, האָבן אים
אויסגעגעבן. און אָט איז אַ ווערסיע
וועגן דעם ווי אַזוי די דייטשן האָבן
געמאַכט אַ סוף צו דעם לעבן פון
אָט דעם אויסגעצייכנטן מענטשן:

„ווען די דייטשן האָבן אים אַריינ־
באַקומען צו זיך, האָבן זיי אין געטאָ
אים אָנגעטאָן אַ רויט העמד, אויפ־
געבייט פון אַ פאָן און געצווונגען
אים, אונטער שווערע קלעפּ, צו טאַנ־
צן. דער אָרקעסטער פון דער יידי־
שער מיליץ האָט דערביי צוגע־
שפּילט".

צווישן די אומגעבראַכטע שוישפּי־
לער זענען פאַראַן אויך נישט יידן,
וואָס זענען געוואָרן יידישע שוישפּי־
לער. איינער פון זיי האָט אין פּוילן
געשפּילט א"נ שלמה ווײַנגאָלד און
ער איז פון דער היים אַרויס געווען
אַ רומענישער ציגיינער, וואָס האָט
פון געבוירן געהייסן ספּירידאָן
וואַיצאַ.

די מיינסטע פון די שוישפּילער,
שוישפּילערינס און טעאַטער מענטשן,
וואָס י. ט. באַשרייבט, האָב איך פער־
זענלעך געקענט, מיט אייניקע פון
זיי בין איך געווען נאָענט באַפריינ־
דעט. ראַשעל בערגער, וועלכע דער
מחבר באַשרייבט מיט אַ סך ענטו־
זיאַזם און ער דערציילט, אַז זי איז
געוואָרן אַ גרויסע פיגור אין קאָוונע,
האָט ווי אַ קינד געשפּילט אין מיי־
נער אַ רעווי אין בוקאַרעשט אין יאָר
1917. אָט ערשט נעכטן האָב איך זי
געלערנט דעקלאַמירן מאָריס ראָזנ־
פעלדס „דער יידישער מאַי".

דאָס בוך „פאַרלאָשענע שטערן" פון
יאָנאַס טורקאָוו איז נייטיק געווען אין
דער סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום"
און עס פאַרפילט אַ בלויז אין אונ־
דזער חורבן ליטעראַטור און סיי דער
מחבר און סיי די אַרויסגעבער דאַרפן
וואַרעם באַגריסט ווערן פאַר די דאָ־
זיקע צוויי ביכער, וואָס לאָזן נישט
פאַרלאָשן ווערן די שטערן פון יידישן
טעאַטער.

**וואָלף יאַסני** שרייבט וועגן **אברהם טענענבוימס — אַרזי׳ס בוך „לאָדזש און אירע ייִדן״** („לעצטע נייעס״, תל־אָביב, 21סטער דעצעמבער 1956):

אברהם טענענבוים־אַרזי אַ לאַנג־יעריקער ישראל תושב, נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער פּובליציסט און היסטאָריקער, האָט מיט זיין בוך — „לאָדזש און אירע ייִדן״ — געגעבן אַ חשובן צושטייער צו דער געשיכט־לעכער אויפשטעלונג פון אַנטוויק־לונגס וועג פון לאָדזשער ייִדנטום.




דער מחבר האָט אין זיין אַרבעט זיי־ער געלונגען קאָמפּילירט היסטאָרי־שע דאָקומענטן, פּערזענלעכע זכרו־נות מיט דערינערונגען פון זיינע קרוי־בים און פריינט, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין אַמאָליקן ייִדישן לאָדזש. פון דעם רייכן מאַטעריאַל האָט זיך באַקומען אַן אלזייטיק בילד פון אַ ייִדישן ישוב, וואָס האָט אין משך פון 150 יאָר געפירט אַ האַרט־נעקיקן קאַמף פאַר זיין עקסיסטענץ און גלייכצייטיק געבויט אַ ייִדיש לע־בן מיט אַן אייגנאַרטיק פנים און גע־שטאַלט.

דאָס ייִדישע לאָדזש האָט לײדער ביז היינט נישט קיין פולע געשרי־בענע געשיכטע אַזוי ווי עס האָט צו דעם זוכה געווען, למשל, דאָס וואַר־שעווער ייִדנטום, וואָס איז דורך ד״ר שאַצקי ז״ל פאַראייביקט געוואָרן אין די דריי בענדער „געשיכטע פון ייִדן אין וואַרשע״. דאָס וואָגיקסטע ווערק איבער דער געשיכטע פון ייִדן אין לאָדזש איז ד״ר פיליפּ פרידמאַנס — „דזעשיע זשידווו וו׳ לאָדזשי אָד פּאָ־טשאָנטקו אָסאַדניצטוואַ דאָ ראָקו 1863״ („געשיכטע פון ייִדן אין לאָדזש פון אָנהייב ישוב ביזן יאָר 1863״).

פרידמאַנס בוך אין פּויליש, גע־שריבן אין שווערן היסטאָריש־פאַר־שערישן סטיל, געשטיצט אויף אַ ברייטער מקורות־דאָקומענטאַציע — ברענגט אַרויס דאָס בילד גאָר פון דער ערשטער עפּאָכע פון לאָדזשער ייִדנטום. אין דער עפּאָכע האָט דער ייִדישער ישוב זיך מאַטעריעל פאַר־פעסטיקט אין דעם פּוילישן ניי־אַנט־שטאַנענעם טעקסטיל־צענטער און איז בראשו ורובו ארייננעוואָקסן אין

פוילישן אינדוסטריאַליזירונג־פּראָצעס. די שפּעטערדיקע גרויסע תקופה וואָס ציט זיך אויף אַ צייט־אָפּשניט פון איבער 7 צענדליק יאָר, ווען עס האָט זיך אויסגעבילדעט דאָס גייסטיק־קולטורעלע פּנים פון לאָדזשער ייִדנטום — האָט נאָך נישט זיין געשריבענע געשיכטע. פאַראַן בלויז קליינע פראַגמענטאַרישע אָפּהאַנדלונגען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע היסטאָרישע און פּובליציסטישע צייטשריפטן. אַן אויסנאַם בילדעט דאָס בוך — „געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש" פון א. וו. יאַסני, וואָס נעמט אַרום, היסטאָריש דאָס ייִדישע אַרבעטער־לעבן אין פוילישן טעקסטיל־צענטער פון זיין מאַסן־דערשיינען ביז נאָך די באַריקאַדן־קאַמפן אין יאָר 1905.

א. טענענבוים־אַרזי האָט אין ערשטן טייל פון זיין בוך ברייט אויסגענוצט די מאַטעריאַלן פון ד"ר פרידמאַנס — „געשיכטע פון ייִדן אין לאָדזש". דער מחבר פון „לאָדזש און אירע ייִדן" האָט פרידמאַנס מאַטעריאַלן נישט סתם איבערגעטראָגן אין ייִדיש, וואָס עס וואָלט אויך געווען אַ וויכטיקער אויפטו, נאָר האָט זיי פּאָפּולאַריזירט, באַאַרבעט און דערגאַנצט מיט זכרונות און מקורותדיקע דאָקומענטן, וואָס ער אַליין האָט געזאַמלט.

אין אַ פאָלקסטימלעכן ייִדיש שילדערט טענענבוים דעם שווערן געראַנגל, וואָס די ערשטע לאָדזשער ייִדן האָבן געמוזט פירן מיט די דייטשן, די ערשטע טעקסטיל־אינדוסטריעלער אין לאָדזשער ראַיאָן, האָבן מיט אַלע דעמאָלט מעגלעכע מיטלען נישט געוואָלט דערלאָזן דאָס וואַקסן און אַנטוויקלען זיך פון אַ ייִדישן אינדוסטריע־ישוב אויף דער פוילישער ערד. אין דעם דאָזיקן געראַנגל, האָט זיך, ווייזט אויס, אויסגעבילדעט דער ספּעציפיש־ייִדיש־לאָדזשערישער אונטערנעמונגס־גייסט. ייִדישע ענערגיע, פלייס, און ייִדיש קאַפּיטאַל האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער די דייטשן. אַפילו ייִדן־שונאים האָבן געמוזט אָנערקענען די באַדייטונג פון די דעמאָלסטיקע ייִדן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע.

ווי שוין דערמאָנט באַנוצט זיך א. טענענבוים אין זיין בוך זייער פיל מיט זכרונות, וואָס ער האָט געזאַמלט ביי לאָדזשער ייִדישע זקנים. אין די דאָזיקע דערינערונגען מישן זיך אָפט מאָל אויס פאָלקלאָר, לעגענדע מיט ווירקלעכע פאַקטן, וואָס זענען געשטיצט אויף דאָקומענטן אָדער אויף היסטאָרישע ווערק. פאַראַן אַ קאַפּיטל — די „קאָצק איזשביצער מחלוקה און איר איינפלוס אויף לאָדזש". דאָרט ווערט באַשריבן ווי אַזוי קאָצקער חסידים האָבן מורד געווען אין זייער

רבין און געקרוינט אַלס רבין „דעם למדן מופלג רבי מרדכי יוסף לייַ־נער פון שטעטל איזשביצע״.

די עצם מעשה פון קאַמף צווישן די קאָצקער און איזשביצער חסידים איז אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער לייען־שטאָף. דער מחבר מאַכט אָבער פון דער מעשה אַ נישט־היסטאָרישן אויספיר, — אַז דער קאַמף צווישן קאָצק און איזשביצע האָט אַרויסגע־רופן אַזאַ קריזיס אין דער אינדוסט־ריע, וואָס לאָדזש האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט. א. טענענבוים שרייבט:

„און כאָטש די היסטאָריקער און די אָפיציעלע רעגירונגס־באַריכטן רעג־גען אָן די סיבה פון דעם דאָזיקן גע־וואַלדיקן קריזיס, (וואָס האָט געדוי־ערט גאַנצע פינף יאָר — פון 1840 ביז 1845) דעם שרעקלעכן נישט־גערעטעניש, וואָס האָט אין יענע יאָ־רן געטראָפן צוליב דער גרויסער פאַרפלייצונג און דעם ריזיקן האָגל, וועלכער האָט חרוב געמאַכט די תבו־אות פון די פעלדער, ווי אויך דער כאָליערע־עפּידעמיע, וואָס האָט דאַן געהערשט אין פאַרשידענע שטעט פון פוילן, דאָך זענען מיינע אינפאָר־מאַטאָרס — די זקנים פון לאָדזש — פעסט איבערצייגט, אַז דער הויפּט־גורם פון דעמאָלטיקן לאָדזשער קרי־זיס איז געווען די „ייִדישע מלחמה״.

א. טענענבוים־אַרזי האָט אין זיין הקדמה געמאַכט די באַווארעניש, אַז מען זאָל זיין בוך נישט באַטראַכטן „ווי אַ פאַרמעסט צו שילדערן די גע־שיכטע פון ייִדן אין לאָדזש״. מען קאָן דעריבער פון דעם מחבר נישט פאַרלאַנגען קיין היסטאָריש־פאָרשע־רישע פינקטלעכקייט, אָבער יעדער ערנסטער פובליציסט — און אַזעל־כער איז אָן שום ספק א. טענענבוים — דאַרף זיך אויסהיטן פון גוזמא, ווען ער שרייבט וועגן אונדזער פאַר־גאַנגענהייט, וואָס איז אַזוי טראַגיש אָפּגעמעקט געוואָרן. און אין „לאָדזש און אירע ייִדן״ זענען אַזעלכע גוזמאס פאַראַן. מיר וועלן אויסרעכענען איי־ניקע פון די דאָזיקע גוזמאס: עס איז איבערגעטריבן, אַז די לאָדזשער ייִדן האָבן בעתן „וועבער־בונט״ אין יאָר 1861 זיך באַוואָפנט מיט העק און מעסערס, דרענגער, לאָפּאַטעס, שטיי־נער און ציגל, כדי צו באַשיצן פּרו־סאַקס מעכאַנישע וועבער, וועלכע זענען באַפאַלן געוואָרן פון האַנט־ווערקער.

ערגעצוווּ, אין אַ היסטאָרישן דאָ־קומענט, וואָלט אַזאַ געשעעניש נאָ־טירט געוואָרן. וועגן „וועבער־בונט״ אין לאָדזש איז פיל געשריבן געוואָרן און קיינער האָט נישט דערמאָנט ווע־גן אַ ייִדישער מאַסן־באַטייליקונג אין דעם קאַמף פון די לאָדזשער „מאַשי־נען־צעשטערער״. די צווייטע גוזמא איז — די גרויסע שמחה, וואָס ייִדן האָבן געמאַכט, ווען בלאוואט און

בערנצווייג האָבן אָפּגעקויפט אַ טייל פון באַלוט. לויט טענענבוימען זענען דעמאָלט זיך צוזאַמענגעקומען אַלע לאָדזשער ייִדן יום־טובדיק געקליידט. מען האָט געטאַנצט אויף די פעלדער, מוזיק האָט געשפּילט און מען האָט געטיילט לעקעך און בראַנפן. די היסטאָרישע פאַקטן ווייזן אָבער, אַז די צוויי ייִדן האָבן די היסטאָרישע טראַנזאַקציע דורכגעפירט בשתיקה, מורא האָבנדיק פאַרן צאָרן פון די שונאי ישראל.

די דאָזיקע גוזמאס זענען בכלל איבעריק, ווייל גרעסער ווי אַלע לעגענדעס און ווערסיעס זענען די עצם היסטאָרישע געשעענישן, וואָס טענענבוים ברענגט אַרויס אין דער פולער מאָס. בעמלעך: דער לאַנגיעריקער קאַמף פון לאָדזשער ייִדן פאַר זייער רעכט אויף לעבן און ווירטשאַפטלעכער עקזיסטענץ. פון דעם פולן נצחון אין דאָזיקן קאַמף איז געבוירן געוואָרן דאָס גרויסע ייִדישע לאָדזש, ייִדישע אינדוסטריע, אַרבעטער־באַוועגונג און פיל פאַרצווייגטע קולטור־לעבן, וואָס געהערן צו איינע פון די גרויסע וווּנדער אין ייִדישן גלות־לעבן.

אין די ווייטערדיקע טיילן פון זיין בוך וויקלט פאַר אונדז פונאַנדער דער מחבר אָט די מגילת לאָדזש: ייִדן פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, אין דער פי־

באַנץ־וועלט. דאָס ייִדישע לאָדזש ווערט דער מקום מקלט פאַר די אַרויסגעטריבענע ייִדן פון מאָסקווע. עס וואַקסט זיך פונאַנדער אַ ברייט־צעצווייגט ייִדישע קולטור און געזעלשאַפטלעך לעבן. תורה, חכמה, אַרבעט, פרומקייט און מאָדערן ייִדיש לעבן צעשטראַלט זיך איבער דעם דאָזיקן ייִדישן קיבוץ, וואָס וואַקסט מיט אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט. עס בילדעט זיך אויס דער טיפּ ייִדישער לאָדזשער מענטש, וואָס ציט צו די אויפמערקזאַמקייט פון די נאַציאָנאַלע פירער און שיינגייסטער פון ייִד׳ פאָלק. אויך הערצל, דער וויזיאָנער פון אַ זעלבסטשטענדיק ייִד׳ ארץ ישראל האָט פאַר זיין אידעאַל געזוכט אַן אָנשפּאַר אין לאָדזשער ייִדן.

אברהם טענענבוים־אַרזי, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם דאָזיקן מאַטעריעלן און גייסטיקן אויפשוווּנג פון ייִדישן לאָדזש; א. טענענבוים, וואָס האָט אויך געהאָלפן שאַפן דעם ייִדישן ליטעראַרישן צענטער אין לאָדזש דורך באַטייליקן זיך אין אויפשטעלן די ערשטע ייִדישע צייטונג — „לאָדזשער נאַכריכטן” — האָט אין זיין בוך „לאָדזש און אירע ייִדן” אַרויסגעברענגט די שענסטע שטריכן פון דער דאָזיקער מערקווירדיקער גרויסער לאָדזשער עדה, וואָס איז אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשע פעלקער־מערדער.

**מאיר בעזאָוויק** שרייבט וועגן מאַרק טורקאָווס „די לעצטע פון אַ גרויסן דור" („אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער", נומער 59—61, בוענאָס איירעס, 1958):

דאָס הונדערטסטע בוך פון דער סעריע „דאָס פוילישע ייִדנטום" געהערט צו דער פעדער פון איר רעדאַקטאָר מאַרק טורקאָוו — „די לעצטע פון אַ גרויסן דור".

די מאָנאָגראַפיע פון באַרימטע ייִדישע משפּחות, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון פּוילישן ייִדנטום, זענען געשריבן קלאָר פון אַן אינעווייניקסטן מענטש, וואָס האָט אַליין אָנטיילגענומען אין דער בויאונג און געשטאַלטיקונג פון ייִדישן קולטור־לעבן, צוזאַמען מיט די פון אים געשילדערטע פאַרשוווּנדענע יחוסדיקע משפּחות




כּלל־טוער־אידעאַליסטן. דער מחבר באַנוצט זיך מיט פאַרשיידענע מקורים, אָבער דאָס וויכטיקסטע, פאַרשטענדלעך, איז דער איינדרוק וואָס עס מאַכן אינעם בוך זיינע פּערזענלעכע זכרונות. ווי אַן עד־ראיה דערלאַנגט אונדז דער מחבר אויטענטיש מאַטעריאַל פון דער ערב חורבן־תקופה פון פּוילישן ייִדנטום פאַרן צוקונפטיקן היסטאָריקער וואָס וועט שרייבן די העראָיש־טראַגישע געשיכטע פון „חורבן־השלישי".

מיר האָבן פאַר זיך אַ שילדערונג פון ייִדישע משפּחה־דינאַסטיעס, וואָס זענען אויפגעקומען אין משך פון הונדערטער יאָרן אין מדינת־פּוילן, גבירים אַדירים און אויך גייסטיקע מנהיגים פון פּוילישן ייִדנטום, וואָס האָבן בייגעשטייערט צו דער גרויסקייט פון אַ סך ייִדישע דורות און זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע בני־דור וואָס זענען געשטאַנען אין בריען פון קאַמף פאַר ייִדישע רעכט, מאַטעריעלער פאַרבעסערונג און גייסטיקן קיום.

דער מחבר ברענגט אַרויס געשטאַלטן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אַן אינטעגראַל ייִדיש לעבן אויפן פּלאַץ, און אויך אַזעלכע, וואָס זייערע וועגן פירן נישט דווקא צו ייִדישער

מלוכה־שאַפּט — האַלב־אַסימילירטע כלל־טוער און פילאַנטראָפּן פון אַלטן שניט. מיר טרעפן אויך אייניקע וואָ־רעמע ייִדן, מיט ייִדישער טראַדיציע און פרומקייט. גאָר פאַרשיידן און רירנדיק זענען די קאַפּיטלען וועגן דער משפחה צייטלין און וועגן די קינסטלער, די פיר ברידער זיידנ־בייטל.

אינטערעסאַנט איז די באַגעגעניש פון מחבר מיט איינעם פון די ברי־דער, דעם סקולפּטאָר הערש זיידנ־בייטל אין דער בוענאָס אײַרעסער פּאַסאַ־שיל, דער קינסטלער איז דאָרט לאַנגע יאָרן געזוען שמש און האָט דאָ אין זיין חדרל געמייסטערט זיי־נע סקולפּטורן. אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט די פּרעמיע, וואָס ער האָט באַקומען אויף דער אויסשטעלונג אין דער נאַציאָנאַלער קונסט־גאַלעריע אין בוענאָס אײַרעס, פאַר זיין סקולפּ־טור „אַ קאָפּ פון אַ זקן". אַלע אַר־גענטינער צייטונגען האָבן רעפּראָ־דוצירט דאָס פּרעמירטע ווערק און געשריבן וועגן דעם מייסטער פול מיט לויב.

מיט אַ מוסר־השכל איז דאָס קאַ־פּיטל וועגן די באַוווּסטע וואַרשעווער ייִדישע באַנקירן, די ברידער מיכאל און רפאל שערעשעווסקי. פון זייער עליה און ירידה קאָנען ייִדן באמת אַ סך לערנען. גרויליק איז טורקאָווס שילדערונג פון זיין באַגעגעניש מיט מיכאל שערעשעווסקי דעם פּליט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ און מיטן צווייטן ברודער דעם גרויסן פילאַנטראָפּ, האַרציקן ייִד, סענאַטאָר און פּאָליטי־קער, באַנקיר און כלל־טוער — אין ניו־יאָרק — אין אַ שמאָלן צימערל פון דלד־אמות, מיט אַן אייזערן בעטל, ווו דער אַלטער מיליאָנער און גרוי־סער פילאַנטראָפּ האָט געוווינט אַן איינזאַמער, פאַראָרעמטער און פאַר־געסענער פון דער וועלט.

מאַרק טורקאָוו, וואָס האָט מקיים געווען די מצווה עשה שחזמן גרמה און געשטעלט אַ ביכער־מאָנומענט דאָס פאַרשניטענע אייראָפּעיִשע ייִדנ־טום, האָט אויך בייגעשטייערט מיט זיין פעדער אַ חורבן־ווערק פון „געַ־שיכטלעכע עפּיזאָדן און פערזענלעכע זכרונות", ווי עס שטייט אין אונטער־טיטל פון בוך, וועגן ייִדישע משפחות אין פוילן, וואָס האָבן געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין ייִדישן לעבן פון אונדזער עפּאָכע, פון וואָס ייִדן גבי־רים דאַרפן און קאָנען עפּעס אָפּלער־נען און טאַקע אויך זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל דערפון, ווי דער מחבר ווינטשט זיך עס אין זיין הקדמה, פאַר דער צוקונפט פון זייערע אייגענע משפחות. דער ייִדישער היסטאָריקער וועט שפּעטער אַ סך האָבן צו שעפּן פון דעם וויכטיקן מאַטעריאַל צו דער געשיכטע פון דער חורבן־תקופה פון אַמאָליקן גלאָררייכן פוילישן ייִדנטום.

**פון דעם זעלביקן מחבר ביז־איצט דערשינען:**

אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
בוענאָס־איירעס, 1948.

אין קאַמף פאַרן לעבן
בוענאָס־איירעס, 1949.

פאַרלאָשענע שטערן
(צוויי בענד), בוענאָס־איירעס, 1953.
(פרעמירט מיט דער צבי־קעסעל ליטעראַטור־פרעמיע, מעקסיקע 1954)

דזשאָו פאָול
בוענאָס־איירעס—ניו־יאָרק, 1959.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע**

**רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו**

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו — מלכה אָווּשיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג — י. ל. פרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־וויערניק — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פרץ גראַנאַטשטיין — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל — באַרג חורבן (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ח. שאָשקעס — פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באַלאַבאַן — די יידן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת — היימלאָזע יידן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) זאַמלונג פון דאָקומענטן — קינדער־מאַרטירלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע — פּליטים (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל — נע ונד (אויספאַרקויפט)
20) מרדכי שטריגלער — מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש — געבערענטע טריט (אויספאַרקויפט)
23) אברהם טייטלבוים — וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) לעאָ פינקלשטיין — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן — „אומלעגאַלע״ יידן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פאַט — הענעך
30) ד״ר י. קערמיש — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) **שמחה פאַליאַקיעוויטש** — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) **מרדכי שטריגלער** — אין די פאַבריקן פון טויט (אויספאַרקויפט)
33) **אברהם נחתומי** — אין שאָטן פון דורות
34) **יחיאל לערער** — מיין היים (אויספאַרקויפט)
35) **יוסף וואָלף** — לייענענדיק פרצן...
36) **צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו** — יצחק קאַצענעלסאָן
37) **י. הירשהויט** — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) **נחום סאָקאָלאָוו** — פערזענלעכקייטן
39) **רחל קאָרן** — היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) **א. אלמי** — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) **מנשה אונגער** — פשיסכע און קאָצק (אויספאַרקויפט)
42) **מ. בורשטין** — איבער די חורבות פון פלוינע
43) **מ. קיפּניס** — הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)
44) **ז. סעגאַלאָוויטש** — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב (אויספאַרקויפט)
45) **ד״ר ה. שאָשקעס** — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... (אויספאַרקויפט)
46) **שלמה וואַגאַ** — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) **אברהם זאַק** — יאָרן אין וואַנדער (לידער)
48־49) **ש. איזבאַן** — פאַמיליע קאַרפּ (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) **ד״ר א. מוקדוני** — מיינע באַגעגענישן (זכרונות)
51) **ר. שושנה־קאַהאַן** — אין פייער און פלאַמען (אויספאַרקויפט)
52) **י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) **יאָנאָס טורקאָוו** — אין קאַמף פאַרן לעבן (אויספאַרקויפט)
54) **יצחק פּערלאָוו** — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ (ראָמאַן)
55) **פּנחס ביזבערג** — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) **שלום אַש** — פּעטערבורג — וואַרשע — מאָסקווע
59) **ד״ר פיליפּ פרידמאַן** — אַשוויענטשים
60) **ב. ראָזען** — טלאָמאַצקע 13
61־62) **דוד פלינקער** — אין שטורעם (ראָמאַן)
63) **יאַנוש קאָרטשאַק** — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64־65) **מרדכי שטריגלער** — „ווערק צע״ (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים
יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1951)
66) **חיים גראַדע** — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) **רבקה קוויאַטקאָווסקאַ** — פון לאַגער אין לאַגער
68) **יואל מאַסטבוים** — מיינע שטורמישע יאָ . (זכרונות)
69) **אליהו טראָצקי** — גלות דייטשלאַנד
70) **ד״ר י. שאַצקי** — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספאַרקויפט)
71) **נחמן מייזיל** — געווען אַמאָל אַ לעבן... (אויספאַרקויפט)
72) **י. י. טרונק** — סימכע פלאָכטע פון נאַראָקאָווע (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־פאָנד, מעקסיקע, 1951)

73) **יהודה עלבערג** — אונטער קופערנע הימלען (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאַנד אין סאַן־פּאַולאַ, בראַזיל, 1951
74) **ד״ר א. מוקדוני** — אויסלאַנד
75) **זיגמונט טורקאָוו** — פראַגמענטן פון מיין לעבן
76) **יהושע פערלע** — ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן און ליטעראַטור־פרעמיע פון „בונד" אין פוילן, וואַרשע, 1937
77) **יעקב לעשצינסקי** — ערב חורבן
78) **דניאל טשאַרני** — ווילנע
79) **ז. סעגאַלאָוויטש** — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן
80) **יזכור־בוך** — בעלכאַטאָוו (אויספאַרקויפט)
81) **מ. י. שעליובסקי** — אויף אַ פולער וואָך
82—83) **יצחק פערלאָוו** — דער צוריקגעקומענער (ראָמאַן)
84) **יוסף אָקרוטני** — דאָס בוך פון די עלנטע
85—86) **מרדכי שטריגלער** — גורלות (אויספאַרקויפט)
87) **ד״ר יוסף טענענבוים** — גאַליציע — מיין אַלטע היים
88) **זלמן שזר** — שטערן פאַרטאָג (זכרונות)
89) **משה דוד גיסער** — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן (אויספאַרקויפט)
90) **ז. י. אנכי** — ר' אבא און אַנדערע כתבים
91—92) **עמנואל רינגעלבלום** — קאַפּיטלען געשיכטע
93) **שמעון האָראָנטשיק** — אין געדריש פון מאַשינען (ראָמאַן)
94) **גרשם באַדער** — מיינע זכרונות (קראָקע)
95—96) **יאָנאָס טורקאָוו** — פאַרלאָשענע שטערן (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראַטור־פאַנד, מעקסיקע 1954).
97—98) **אַלטער קאַציזנע** — שטאַרקע און שוואַכע (ראָמאַן)
99) **פּועה ראַקאָווסקי** — זכרונות פון אַ ייִדישער רעוואָלוציאָנערין
100) **מאַרק טורקאָוו** — די לעצטע פון אַ גרויסן דור (אויספאַרקויפט)
101) **י. הירשהויט** — ייִדישע נאָפּט־מאַגנאַטן
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאַליאַר־ליטעראַטור־פאַנד, ביי „די אידישע צייטונג", בוענאָס־איירעס, 1955).
102) **משה זאַנשייך** — ייִדיש וואַרשע
103) **פּ. מינץ (אַלעקסאַנדער)** — די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע
104) **י. י. טרונק** — די וועלט איז פול מיט נסים (ראָמאַן)
105־106־107) **מיכאל באָרוויטש** — אַרישע פאַפּירן
(פרעמירט דורכן ניימאַן־פאַנד, פּאַריז, 1958).
108—109) **מרדכי שטריגלער** — געאַרעמט מיטן ווינט (ראָמאַן)
110—111) **ד״ר א. מוקדוני** — וואַרשע און לאָדזש
(פרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאַנד, ניו־יאָרק, 1956).
112) **ברוך האָגער** — מלכות חסידות
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאַליאַר־ליטעראַטור־פאַנד, בוענאָס־איירעס, 1956).
113) **ב. שעפנער** — נאָוואָליפּיע 7 (אויספאַרקויפט)

114) **פנחס שטיינוואַקס** — ייִדן צום געדענקען
115) **ק. צעטניק** — דאָס הויז פון ליאַלקעס (**אויספאַרקויפט**)
116) **מאַקס וויינרייך** — פוןביידע זייטן פּלויט
117) **אליעזר וויזל** — און די וועלט האָט געשוויגן
118) **ש. בערלינסקי** — ירושה
(פּרעמירט דורכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957)
119) **ד״ר יוסף טענענבוים** — צווישן מלחמה און שלום
120) **יוסף אָקרוטני** — סוף קאַפּיטל
121) **זיגמונט טורקאָוו** — טעאַטער־זכרונות פון אַ שטורמישער **צייט**
122) **בער י. ראָזען** — פּאַרטרעטן
123) **אברהם טענענבוים־ארזי** — לאָדזש און אירע ייִדן
124—125) **משה קאַגאַנאָוויטש** — די מלחמה פון ייִדישע **פּאַרטיזאַנער** אין מזרח־אייראָפּע
126—127) **אברהם זאַק** — קנעכט זענען מיר געווען
(פּרעמירט דורך דער באָריס סוראַוויטש־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1957)
128) **יעקב גלאַטשטיין** — ווען יאָש איז געפאָרן
129—130) **דוד פלינקער** — נייע צייטן (**ראָמאַן**)
(פּרעמירט דורך דער מרדכי סטאָליאַר־פּרעמיע, בוענאָס־איירעס, 1958)
131) **משה יודל שעליובסקי** — אין דער וועלט אַריין
(פּרעמירט דורך דער האָפּער־לייב־פּרעמיע, ניו־יאָרק, 1958)
132) **ד״ר יצחק שוואַרצבאַרט** — צווישן ביידע וועלט־מלחמות
133) **לעאָן לענעמאַן** — דער חשבון בלייבט אָפן
134) **שלמה פראַנק** — טאָג־בוך פון לאָדזשער געטאָ
135) **מ. באַקאַלטשוק** — זכרונות פון אַ ייִדישן פּאַרטיזאַן
136) **פנחס וועלנער** — אין יענע טעג
137) **אלימלך ראַק** — זכרונות פון אַ ייִדישן **האַנטווערקער־טוער**
138) **הירש אַבראַמאָוויטש** — פאַרשווונדענע געשטאַלטן
139) **ב. טערקעל** — זכרונות פון דער מלחמה־צייט
140) **י. ל. וואַלמאַן** — פּוילישע ייִדן (**ראָמאַן**)
141—142) **נ. שמן** — דאָס געזאַנג פון חסידות
143—144) **צבי כהן** — שטורמישע דורות (**ראָמאַן**)
145) **יאָנאַס טורקאָוו** — נאָך דער באַפרייאונג

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

**העלענאַ שערעשעווסקאַ** — צווישן צלם און מזוזה
**ראובן בן־שם** — פּוילן ברענט...
**פנחס שטיינוואַקס** — ייִדישע מאַמעס צום געדענקען

## עס גרייט זיך צום דרוק

**שלמה פריזאַמענט** — בראָדער זינגער
**דוד דאַווידאָוויטש** — קונסט־געשיכטע פון שולן אין פּוילן
**שלמה בריינסקי** — זשעליכאָווער מענטשן

